מ. אלטשולער

H. A. Davis

ה. א. דייוויס

# אנטירעליגיעזער לערנבוך

צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פ. ס. ס. ר.
מאָסקווע
1929

# פאָרוואָרט

מיר האָבן אַ גאַנץ אַלטע און גרויסע אידישע רעליגיעזע ליטעראַטור אין העברעאיש, אָבער אַפילע אין דער אידישער שפּראַך איז די רעליגיע אויך אַריינגעגאַנגען ניט מיט קליינע טריט, נאָך מיט פיל יאָרן צוריק, און האָט שוין אויך אַ געשיכטע פון הונדערטער יאָרן — פון דער ערשטער איבערזעצונג פון „טילים“ אַף אידיש אין 1490 יאָר, דער „קב הישר“ (קאַוו-האַיאָשער) אין אידיש „צאנה וראנה“ (צענאַ-אורענאָ), הייליקע מאַיסעס פון באַלשעם און נאָך אַזעלכע באַבע מאַיסעס ווי „מעשה אלפּס“ (מאַיסע-אַלפּעס) און אויך כסידישע ליטעראַטור אין אידיש. וויכטיקער פון אַלץ איז, פאַרשטייט זיך, ניט די רעליגיעזע ליטעראַטור אַלס אַזוינע, נאָר דער פאַרצווייגטער אַפּאַראַט, וועלכער איז געווען דער רוקנביין פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט און וואָס זיין הויפּט-אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין פאַרשפּרייטן רעליגיע און פאַרשטאַרקן איר ווירקונג צווישן די אידישע מאַסן.

קיין עמעסע און ערנסטע אַנטירעליגיעזע ליטעראַטור האָבן מיר קימאַט ווי ניט געהאַט אַף דער אידישער שפּראַך. די אַזוי גערופענע אַפּיקאָרסישע ליטעראַטור פון אונזערע אַזוי גערופענע קלאַסיקער, וועלכע האָבן געשריבן אַף וועלטלעכע טעמעס אויך אין העברעאיש, האָבן הויפּטזאַכלעך געפירט אַ קאַמף ניט קעגן דעם מעהוס פון דער רעליגיע, ניט קעגן דער עקזיסטענץ פון אַן איינציקן איבערנאַטירלעכן גאָט, נאָר קעגן פאַנאַטיזם, אַבערגלויבנס, קעגן אַזעלכע ווילדקייטן, וואָס האָבן שוין צופיל געשלאָגן אין נאָז אַ היינטוועלטיקן מענטשן און האָבן אין אַ געוויסן זין אונטערגעריסן דעם אַווטאָריטעט פון רייניעם גלויבן. אַזעלכע ביכער, ווי פּערעץ סמאָלענסקינס „קבורת חמור“ (קווּראַס-כאַמויר) אָדער י. ל. גאָרדאָנס ליד „על קוצו של יוד“ אָדער לינעצקיס „דאָס פּוילישע אינגל“ און נאָך אַזעלכע, קעגן וועלכע עס האָט זיך געפירט אַ שטאַרקער קאַמף מיצאַד דער אידישער קלעריקאַלער קעהילע, זיינען אין טאָך אריין געווען ווייט ניט קיין אַנטירעליגיעזע. דער פּעריאָד פון די אידישע מאַסקילים האָט זיך אָנגעהויבן פון מענדעלסאָנס איבערזעצונג פונם טאַנאַך אין דייטש. ווי מע זעט, איז דאָס גאַנץ ווייט פון אַנטירעליגיעזער ליטעראַטור, האַגאַם מע האָט די מעכאַברים זייערע אָנגערופן אַפּיקאָרסים.

אין דער אידישער אַרבעטער-ליטעראַטור האָבן מיר נאָך געהאַט אַ געוויסע צאָל אַרטיקלען מיט אַ שאַרפערן אַנטירעליגיעזן כאַראַקטער, אָבער מיר האָבן ניט געהאַט קיין וויכטיקע ליטעראַטור, וואו עס זאָלן *סיסטעמאַטיש*, פון *מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט* באַלויכטן ווערן די פראַגן פון רעליגיע און באַזונדערס פון דער אידישער רעליגיע. דעם כ' אַלטשולערס אַנטירעליגיעזער בוך גיט צום ערשטן מאָל אַ מעגלעכקייט אַוועקצושטעלן סיסטעמאַטישע לימודים אין אידישע אַנטירעליגיעזע קרייזן. די דערפאַרונג וועט באַווייזן, אַף וויפל דער האַנט-בוך וועט זיין גענוג צוגעפּאַסט צו די

פאָדערונגען פון די מאַסן. די פראַגע פון אידישער אַנטירעליגיעזער פראָפּאַגאַנדע שטייט נאָך פאַר אונז אין דער גאַנצער ברייט.

מע דאַרף זאָגן, אַז באַטראַכטנדיק מאַרקסיסטיש די לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג אין מעשעך פון לענגערע היסטאָרישע יאָרן, זעען מיר, אַז זי האָט באַשאַפן אַ גאַנץ ברייטן באָדן פאַר רעליגיעזע דערשיינונגען און פאַר אַ שטאַנדהאַפטיקער רעליגיעזער סוויווע. דער אַלגעמיינער באָדן פון דער רעליגיע באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז נויטיק ווי לופט פאַר די הערשנדיקע קלאַסן פון יעדן פאָלק, קעדיי צו פאַרהייליקן, דאָס הייסט, פאַרפעסטיקן זייער מאַכט און לייכטער און באַקוועמער עקספּלואַטירן די ברייטע אומוויסנדיקע מאַסן. מע האָט געדאַרפט שאַפן אַ פאָרשטעלונג, אַז „מלכותא דערעה כמלכותה דרקיע“, אַז די הימלישע מעלוכע איז פונקט אַזוי געבויט, ווי די מעלוכעס אַף דער ערד, אַז דער מיילעך אין הימל באַשיצט דעם מיילעך אַף דער ערד, און ווער עס איז קעגן אים אָדער זיינע געזעצן, דער איז קעגן דעם אויבערשטן.

ווי באַוואוסט, איז ניט גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן „כדמותו ובצלמו“, נאָך זיין געזיכט און אויסזען, נאָר פאַרקערט, דער מענטש — אָדער אַ געוויסער קלאַס מענטשן — באַשאַפן זיך זייער גאָט נאָך זייער געזיכט און אויסזען. נאָר דאָס באַציט זיך צו די פאַרמעגלעכע קלאַסן. ווי אָבער שטייט די פראַגע באַ דער מערהייט, באַ די עקספּלואַטירטע? זיי האָבן ניט קיין עקאָנאָמישן אינטערעס אין דער רעליגיע, נאָר די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס מע עקספּלואַטירט זיי ניט נאָר מאַטעריעל, נאָר אויך גייסטיק און וואָס מער מע פאַרטונקלט זיי דעם קאָפּ, אַלץ לייכטער און באַקוועמער איז צו לעבן אַ גוטן טאָג אַף זייער כעשבן.

מער פון אַלץ עקספּלואַטירט מען דאָ דעם שוואַכן צושטאַנד פון דער אַלגעמיינער וויסנשאַפטלעכער מענטשלעכער אַנטוויקלונג און די גרעסטע אָפּגעשטאַנענקייט פון די מאַסן צו באַגרייפן אָט די גרויסע שריט פאָרווערטס, וועלכע די מענטשהייט מאַכט אין איר קאַמף צו אַנטפּלעקן די סודעס פון דער נאַטור. דער בעסטער און לייכטסטער באַווייז, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אַף דער וועלט, איז ווי מיר געפינען אין טאַלמוד באַ ר' אַקיווע, אַז ער האָט געענטפערט אַן אומגלויביקן: „ווען דו זעסט אַ שטוב, האַגאַם דו זעסט ניט דעם בויער, ביסטו איבערצייגט, אַז ס'איז דאָ אַ בויער. אַזוי איז אויך, אַז דו זעסט די וועלט, האַגאַם דו זעסט ניט איר באַשעפער, ביסטו איבערצייגט, אַז עס איז דאָ אַ שעפער“. אַזאַ ענטפער האָט אַ ברייטע פאַרשפרייטונג און האָט אַן אויבערפלעכלעכע איבערצייגונג, וועלכע האַלט ניט אויס דעם מינדעסטן קריטישן צוגאַנג. ס'איז גענוג פאָרצוזעצן דידאָזיקע פראַגע און זאָגן: ווען מיר זעען אַ בויער פון אַ הויז, ווייסן מיר, פון וואַנען דער בויער האָט זיך גענומען, אָבער אַז מיר דאַרפן גלויבן, אַז עס איז דאָ אַ שעפער פון דער וועלט, בלייבט באַ אונז אַ ניט פאַרענטפערטע פראַגע: ווער האָט באַשאַפן דעם שעפער פון דער וועלט. אין טאָך אַריין איז קיין שום כילעק ניטאָ, צי עס בלייבט ניט פאַרענטפערט די פראַגע, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען די וועלט, אָדער פון וואַנען ס'האָט זיך גענומען דער קויעך, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט. די רעליגיע גיט אַף דעם קיין ענטפער ניט און דער גלויביקער האָט ניט מיט וואָס צו שטאָלצירן, ער איז שטאַרק אָרעם אין וויסן. דער טאַלמוד זאָגט אַף דעם איין ענטפער „במופלא ממך אַל תדרוש ובמכוסה ממך אל תחקור (חגיגה ג). אַז אַלץ, וואָס דו פאַרשטייסט ניט, זאָלסטו זיך

ניט באמיען צו פארשטיין עס, ווייל גאט וויל ניט, דער מענטש זאל עס פארשטיין און ער איז אזוי פארמישפעט אף אייביקער פינסטערניש און בליגדן גלויבן.

די וויסנשאפט זוכט פארשט און עפנט וואס ווייטער אלץ מער און מער די אויגן פון דעם מענטשן אף דער וועלט, וואס רינגלט אים ארום. מיר האבן זיך שוין דערוואוסט אסאך פון דעם, וואס האט זיך פאר דעם גערעכנט פאר א הייליקן סאד, נאר צום באדויערן איז נאך ניט אלץ דערגאנגען ביז דער לעצטער קלארקייט. אן ערעך, מע האט אויסגעפארשט די אנטשטייאונג פון אונזער ערד-קיילעך ביז דער צייט, ווען ער האט זיך אפגעטיילט פון דער געפלדיקייט מיט הונדערטער מיליאנען יאר צוריק און האט זיך בעהאדראגע אויסגעבילדעט אין דער פארם, אין וועלכער אונזער פלאנעטע — די ערד — געפינט זיך בא היינטיקן טאג. אבער עס איז נאך ניט קלאר דער מעהום פון דעם געפל, פון וואנען עס נעמט זיך אונזער וועלט אינגאנצן. פונדעסטוועגן ווייסן מיר וועגן דער וועלט-באשאפונג פיל מער, איידער יעדער גלויביקער מיט זיין פארשטעלונג וועגן דעם, אז גאט האט אלץ באשאפן אין זעקס טעג, וואס דאס ווערט גאנץ דייטלעך דערוויזן איצטער פאר יעדערן מיט קלארע וויסנשאפטלעכע באווייזן, אז דאס איז ניט ריכטיק.

די קלעריקאלע און קאנסערוואטיווע עלעמענטן נוצן אויס דעם מאמענט, וואס עס איז נאך ניטא בא אונז קיין ענדגילטיקע קלארקייט אין דעם ערשטן קויעך פון דער וועלט-שאפונג אין זייערע אינטערעסן און מאכן דערפון גאנץ עקלהאפטע אויספירן, וועגן דער קליינקייט פונם מענטשן, וועגן זיין נישטיקייט, אז ער איז א ווארים, א שטיקל ערד א. א. וו. זיי טאינען, אז דעם מענטשנס עמעסע עקזיסטענץ הויבט זיך ערשט אן אף „יענער וועלט“. מיר ווייסן נאך ניט פינקטלעך די קויכעס פון דער נאטור און מיר קאנען נאך ניט אינגאנצן צווינגען זיי אונז צו דינען, ווי מיר ווילן עס, און דאס נוצט אויס דער גלויבן קעגן אונז.

עס איז קיין שום צווייפל ניט, אז אונזער מאכט איבער דער נאטור וואקסט שטארק פון יאר צו יאר. דאס זאגן אונז די נייע עלעקטרישע מאשינען, די גרויסע אנטדעקונגען אין דער כעמיע, מיר דרינגען אריין גאנץ טיף און דייטלעך אין יעדער דערשיינונג פון דער נאטור, מיר האבן באקעמפט ניט נאר די יאבאשע מיט די יאמען, נאר אויך די לופט, וואו די לופט-מאשינען שפאצירן ארום גאנץ זיכער און דרייסט. דער מענטש האט גענוג מיט וואס צו שטאלצירן אין זיינע וויסנשאפטלעכע דערגרייכונגען. אבער אין דער זעלבער צייט זיינען נאך דא אויך אזעלכע דערשיינונגען: דעם פויער איז נויטיק רעגן, א פאסנדער וועטער, וואס מיר קאנען נאך דערווייל ניט רעגולירן ווי נויטיק איז, האנאם וואס ווייטער און ווייטער באפרייען מיר זיך אלץ מער און מער פון דער אפהענגיקייט אין דער ערד-ארבעט פון די צופעליקע דערשיינונגען פון דער נאטור, דערווייל אבער איז דער פויער צוליב דעם מער רעליגיעז פון דעם שטאטישן איינוואוינער.

די אידישע באפעלקערונג האט געלעבט בא א פאר טויזנט יאר אין ניט נארמאלע באדינגונגען און האט מער פון אלץ געליטן פון גזיירעס, פון דעם ווילקיר פון דעם אדער יענעם מיילעך, פונם פויפסט, פון גרויסע פריצים אדער פון שלעכטע מיניסטארן און פון דער גאנצער סיסטעם פון דער ביוראקראטישער געץ. ניט פארשטייענדיק אפט די ריכטיקע סיבעס, האט זיך בא אידן געשאפן פון די אמאליקע יארן א האפענונג און א טפילע, אז גאט זאל ארייגלייגן ראכמאנעס אינם האריץ פונם קייסער, פון זיינע ראטגעבער, פון זיינע

האַרן. זיי זאָלן טאָן גוטס מיט אידן, ביז וואַנען דער אידישער מאשיעך וועט קומען און וועט זיי פון אויבן אויסלייזן. בא אַזאַ לאַגע איז בא די אידן געווען גאַנץ שטאַרק דער גלויבן, ווייל אַלץ האָט זיך געווענדעט, נאָך זייער מיינונג, ניט אָן זיי אַליין. זיי זיינען געווען פולשטענדיק הילפלאָז, מע האָט נאָר געקאָנט פאַרלאָזן זיך אַף גאָט, עפשער וועט ער ווייך מאַכן עמיצנס האַרץ, אַז אידן זאָלן קאָנען רואיק לעבן. דערצו האָבן געקאָנט העלפן די שפילעס פון ראַבאָנים, צאַדיקים, באַלשעם און נאָך אַזעלכע, אין וועלכע מע האָט געגלויבט, אַז זיי זיינען נאָענט צום אויבערשטן. די אומנאָרמאַלע לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט אויך מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג און עקזיסטענץ פון אַזעלכע אומגעלומפּערטע דערשיינונגען, ווי צאַדיקים און רעבייאים, וועלכע העלפן רייך ווערן, גיבן אקארעס און אקארים קינדער, היילן מיט קאַמייעס פון אַלע קראַנקייטן און מאַכן ריידנדיק שטומע, זעענדיק בלינדע, און טוען אַנדערע ניסים. נאָך ביז היינטיקן טאָג פאָרט מען צום רעבן, וועלכער איז הייליק אַלס אַן אור־אור־אייניקל פון אַ וועלכן ניט איז צווייפלהאַפטן געלערנטן ראָוו, מע צאָלט אים ח״י (18) רובל אָדער ח״י צענקאָפּקענע אָדער ענלעכע סומען און דאָס העלפט שטאַרק... פאַרשטייט זיך, דעם רעבן אַליין. אָט די צאַדיקים און רעבייאים זיינען עכטע שוואַרצע ראָבן, וואָס האָבן פיינט טאַכלעס־סינע יעדער ליכטיקן שטראַל, וואָס קאָן באַלויכטן זייער רעאַקציאָנערן פאַרצעף און באַווייזן, ווי ער איז עקלהאַפט. אַזעלכע „גוטע אידן״ האָבן מיר נאָך איצטער אויך, און דאָס באַווייזט, ווי ווייט מיר זיינען נאָך פון דער ענדגילטיקער באַפרייאונג פון די אידישע מאַסן פון אונטער דער שעדלעכער ווירקונג פון דער רעליגיע.

די צוציענדיקע קראַפט פאַר דער אָרעמסייט אין דער אידישער רעליגיע איז געווען איר אַלטע שטעלונג אַף רעכטפאַרטיקייט, אַף יושער, אַף פאַרטיידיקן אַלמאַנעס און יעסוימים און נאָך אַזעלכע סימפּאַטישע שטריכן. נאָר דאָס איז ניט נאָר דער ספּעציעלער כאַראַקטער פון דער אידישער רעליגיע. אַף ווערטער איז יעדע רעליגיע אַ שטיצע פאַר די שוואַכע קעגן די שטאַרקע, אַנדערש וואָלטן נאָך איר ניט געגאַנגען די ברייטע מאַסן (אין דער צאָל אָנהענגער איז די אידישע רעליגיע איינע פון די קלענסטע). דער הויפּט־ציל פון דער רעליגיע באַשטייט טאַקע הויפּטזאַכלעך אין דעם, אַז די אָרעמע מאַסן זאָלן מיינען, אַז זיי געפינען זיך אונטער דער שוץ פון דער רעליגיע, אַז אַף די אַלע אומרעכט, וואָס די רייכע טוען מיט זיי, אַף דער גאַנצער עקספּלואַטאַציע, פאַר אַלץ, וואָס זיי ליידן, דאַרף זיך נאָר גאָט אָפּרעכענען און באַשטראָפן. זיי, די אונטערדריקטע, דאַרפן אַליין ניט קעמפן מיט די הערשער. בא אַזעלכע באַדינגונגען איז מען גרייט צו דולדן גאַנץ לינקע אַרויסטרעטונגען פון אַמאָליקע גנוויאים אָדער פון אַנדערע רעליגיעזע אידעאָלאָגן, ווייל אָט די שיינע ווערטער, וועלכע האָבן אין זייער צייט געהאַט עפשער אַ וויכטיקע ווערט, וועלכע קלינגען, ווי גרייז־גראָע לעגענדעס, האָבן קיין שום טאַמאָשעס ניט אין אונזער ווירקלעכן אַלטעגלעכן לעבן. ווען גאָט ווערט אַרויסגעשטעלט אַפילע ווי אַ פאַרבינדעטער פון די אָרעמע און אונטערדריקטע, איז ער אינדערעמעסן פאַר זיי ניט מער ווי אַ שלאָפטרונק, וואָס שטערט זיי אויפצוּוועקן זיך פון זייער לעטאַרגישן שלאָף, אין וועלכן זיי געפינען זיך אין מעשעך פון לענגערע דוירעס און העלפט אין דערזעלבער צייט די אַלע בלוטזויגערס, קעגן וועלכע עס זיינען, דוכט זיך, געווענדעט אייניקע מאָמענטן אין דער רעליגיע.

ס'איז אינגאַנצן פאַלש דער געדאַנק, אַז די אידישע רעליגיע איז אַ פּראָגרעסיווע אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פון אונזער צייט. דער כ' אַלטשולער באַווייזט דאָס גאַנץ קלאָר אין זיין בוך. אינדערעמעסן, ווען אַ פרומער איד זאָל געמען אָפּהיטן אַלץ, וואָס מע דאַרף לויטן אידישן דין און לעבן נאָך די אַלע אידישע געזעצן, קאָן מען זיכער זאָגן, אַז אין אַ קורצער צייט וואָלט ער דערפון פון זינען אַראָפּ. ס'איז ניטאָ קיין איין מינוט אינם לעבן פון אַ אידן, וואָס זאָל ניט זיין רעגלאַמענטירט דורכן מאגאד, געמאָרע, שולכן=אָרעך אָדער קאַבאָלע. אַלץ איז פאָרויסגעזעען, און דער איד דאַרף אַלץ אויספילן, נאָר ווי אַן אַוטאָמאַט. ווי נאָר מע עפנט אינדערפרי די אויגן, דאַרף מען זיך דערמאָנען, צי ער איז געשלאָפן „אַלפּי דין". דאָס הייסט: נאָר אַף אַ זייט, און אַף וועלכער פריער און אַף וועלכער שפּעטער, אויב ס'איז ניט אַראָפּגעפאַלן באַנאַכט די יאַרמאָלקע פון קאָפּ, וואָס פאַר אַ כאָלעם האָט ער געזעען, עפשער דאַרף מען פאַר אים אַ תענית=חלום" *, עפשער האָט ער שוין לאַנג קיין כאָלעם ניט געזעען, דאַרף מען דערפאַר טשואווע טאָן, עפשער איז דאָס אַ כאָלעם, וואָס נויטיקט זיך, אַז מע זאָל אים גוט פוטער זיין (אויסטייטשן) אָדער זאָגן אַ ספּעציעלע טפילע. דער דין זאָגט אים, וואָסער שוך ער זאָל פריער אָנטאָן און וועלכן שנירל אַף וועלכן שוך ער דאַרף פריער פאַרבינדן, ער זאָל ניט גיין פיר טריט אָן נעגל=וואַסער, און דערנאָך, באָלילע, אָן אַ היטל אָדער אָן אַ יאַרמאָלקע, מע דאַרף דאַוונען פון „פאָרנט", מע זאָל ניט „איווער קרישמא" זיין **, דערנאָך דאַרף מען אַ קוק טאָן, אויב ער קאָן נאָך דער ליכטיקייט נאָך אונטערשיידן צווישן אַ הונט און אַ מענטש, אויב ניט, איז דאָס צו פרי אָנצוהויבן דאַוונען פון „פאָרנט". מע טאָר, פאַרשטייט זיך, ביזן דאַוונען ניט עסן, נאָר טרינקען טיי אָן צוקער מעג מען (וועגן צוקער איז דאָ כלוקעדייעם), דערנאָך אָנבינדן אַפן האַנט און קאָפּ פּעלענע קעסטעלעך (טפילן), בא כסידים נאָך צוויי פאָר קעסטעלעך (טפילן דרבינו תם) אַ ספּעציעלן דעקטוך מיט לאַמפּאַסן מיט פרענז (אַ טאַלעס) דאַרף מען אָנטאָן צום דאַוונען (אויב מע האָט שוין כאַסענע געהאַט), און בא אַזאַ ווילדן שטייגער האַלטן אַף אַ פרעמדער שפּראַך אַ ווילדע טפילע: בעטן רעגן אין מיטן ווינטער, באַשולדיקן אידן אין די ערגסטע פאַרברעכנס ווי גאַנוועניע, גאַזלענען (נאָכן אַלעפבייס די טפילע „אשאמנו"), אויסשפייען, ווען מע דערמאָנט פרעמדע פעלקער אין דאַוונען („אליינו"), „פאַרברענען" אקסן, שעפּסן מיטן דאַוונען, אַלס קאָרבאָנעם, און נאָך אַזעלכע ווילדע אומגעלומפּערטע זאַכן. אַפילע ווען דער פרומער איד גייט אַף זיינע מאָגן=באַדערפעניש, האָט ער אויך אַ וועלט מיט דינים, ווי דאָס דאַרף אַלץ פאָרקומען און ניט וועגן אַלץ מעג מען אַפילע אין די מאָמענטן טראַכטן. אַזוי איז דאָ דינים אַפן גאַנצן טאָג. און אַף יעדן טאָג באַזונדער. אַ שרעקלעכע זאַך איז מיטן אָפּהיטן שאַבעס=רו. מע קאָן זאָגן זיכער, אַז עס איז אומעגלעך פאַר אַ לעבעדיקן מענטשן אויסצופילן אַלץ, וואָס ס'איז נויטיק נאָך אַלע דינים וועגן שאַבעס. ניט אומזיסט זאָגט דער טאַלמוד: „ווען אידן וואָלטן אויסגעהיט צוויי שאַבאָסים, ווי דער דין, וואָלט גלייך געקומען מאָשיעך" (שבת, קי"ח), ווייל דאָס איז אַ זאַך, וואָס ס'איז אומעגלעך, אַזוי אַז מע קאָן זיכער זיין, אַז דאָס קאָן קיין מאָל ניט טרעפן: אַן ערעך, האָ האָט זיך אַ איד אַ קראַץ געטאָן אום שאַבעס און דערהאַרגעט אַ פלוי, דאָס איז גלייך ווי ער וואָלט

* פאַסטן צוליבן כאָלעם.

** ניט דורכלאָזן די צייט אַף זאָגן די טפילע „קריאַס-שמאַ". (קרישמע").

דערהאַרגענען אַ לייב אום שאַבעס; דאָ האָט ער אַ קוועטש געטאָן אַ נאַסע=פייע. און דאָס איז גלייך, ווי ער וואָלט געוואַשן גרעט אום שאַבעס; דאָ איז ער נעגאַנגען אַף גראָז און האָט מיטן פום אויסגעריסן אַ גראָז, דאָס איז גלייך, ווי ער וואָלט אָפּגעשניטן אַ פעלד מיט ברויט, אָדער ער האָט, בימכילע, מאַשטן געווען אַפן שניי און עס האָט זיך באַקומען עפעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך אַף אַ אָס; דאָס איז געגליכן, ווי ער וואָלט אָנ=געשריבן אַ בריוו אום שאַבעס. פאַר די אַלע אַווייִרעס קומט שיר גיט טויט=שטראָף, ווען עס איז געטאָן געוואָרן באַוואוסטזיניק, און ווען צופעליק, איז קאָרעס=יאָרן, דאָס הייסט אַ פרייצייטיקער טויט. ווי מע זעט איז דאָ ניט ווייניק ווילדע מאָמענטן, וועלכן מע גיט אַרויס פאַר אַ פראָגרעסיוון הייליקן שאַבעס, מיט זיין שעדלעכן טשאָלנט מיטן איבער=געזייערטן קוגל און אַלץ אין נאָמען פון אַ פראָגרעסיווער רעליגיע, וואָס ציט אין טאַט אירע גלויבער צוריק אַף טויזנטער יאָרן אין דער פינסטערניש און אָפּגעשטאַנענקייט פון די שקלאַפן=פעריאָדן. די אידישע רעליגיע איז פול מיט געזעצן, וועגן וועלכע עס רעדט ברייט אין זיין בוך דער כ׳ אַלטשולער — און זיי באַשטימען, ווי אַלץ דאַרף פאָר=קומען נאָכן דין אין לעבן, אַזוי, אַז דערמיט קאָן זיך באַשעפטיקן נאָר דער, וואָס לעבט פון פרעמדע מי און שוויים און זיין גאַנצע זאָרג איז נאָר ווי בעסער צו לעבן אַף דער וועלט און צוגרייטן פאַר זיך נאָך אַ גוטע יענע וועלט.

קעדיי אַ רייכער איד זאָל קאָנען פאַרדינען פאַר זיך אַ גוטן ביילעק אוילאָמהאַבע, דאַרף ער געבן צדאָקע, און קעדיי עס זאָל זיין וועמען צו געבן צדאָקע, האָט גאָט באַשאַפן ספעציעל אָרעמעלייט, וואָס נויטיקן זיך אין צדאָקע. ווי מע זאָגט, זיינען אָרעמעלייט אַ געוויסער צוגאָב צו די אַלע טאַיִנוגים, וואָס זיינען צוגעגרייט פאַר די רייכע און שטאַר=קע פון דער וועלט. דאָס באַווייזט אונז גאַנץ קלאָר, ווי ווייט און קעגנעריש עס איז די אידישע רעליגיע פון קלאַסנקאַמף און פון יעדער רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון אונטער=דריקטע קעגן זייערע אונטערדריקער. זי איז פולשטענדיק אַף דער זייט פון די רייכע. „רבי מכבד עשירים“ (נדרים ע׳), איינער פון די הויפט=זיילן פון דער אידישער רעליגיע=זער ליטעראַטור — רעבע, האָט געגעבן דעם לאָזונג, אַז מע דאַרף ערן די רייכע. צווישן אַזעלכע זאַכן, וועלכע זיינען ניט פאַרשטענדלעך פאַרן מענטשלעכן סייכל, האַלט דער טאַלמוד דעם פאַל, ווען אַן אָרימאַן האָט אין זיך שטאָלץ (דל גאה) (פסחים קי״ח). ער דאַרף דאָך וויסן, אַז ער איז געשטראָפט פון גאָט און דאַרף געדענקען, אַז „תחנונים ידבר רש“, אַז אַן אָרעמער בעט נאָר ראַכמאָנעס און קען קיין שטאָלץ ניט האָבן, אַף דעם האָט נאָר רעכט דער רייכער. גאָט איז פאַר די רייכע, און איצטער איז גאָט איינגעם מיט זיי באַנקראָט.

דער כ׳ אַלטשולער גיט זייער געלונגענע ביישפילן, ווי מע נאַרט אָפּ דעם האַמוין מיט אייניקע הויכע פראַזן, וואָס געפינען זיך אין דער טוירע, ווי דער לאָזונג פון „אהבת לרעך כמוך“ (דו זאָלסט ליב האָבן דיין פריינט, ווי זיך אַליין). ער באַווייזט, אַז דאָס איז נאָר אַ פוסטע פראַזע, וואָס האָט ניט קיין רעאַלן אָרט אין דערווירקלעכקייט פון דעם אידישן גלויבן. כ׳וועל דאָ נאָר ברענגען איין קליינעם צוגאָב צו דעם, וואָס עס זאָגט דער כ׳ אַלטשולער, קעדיי צו כאַראַקטעריזירן, ווי שלעכט עס האָבן זיך געפילט די אידישע פראַקטיקער מיט דעם לאָזונג פון „ואהבת לרעך כמוך“. איינער אַ מעכאַבער, — כ׳גע=דענק ניט פינקטלעך, אין „כתר תורה“ אָדער אין „אדרת אליהו“, — האָט אויסגעטייטשט

דעם „ואהבת לרעך כמוך“ אַזוי: „דו זאָלסט ליב האָבן דיין פריינט אַזוי, ווי ער האָט דיך ליב. אַף אַזאַ ליבע, אַף וויפל דער צווייטער פאַרדינט עס מיט זיין ליבע צו דיר, איז ניט שווער צו גיין. הגאָם דער מעכאַבער איז אַ קאַראַים, נאָר עס שפיגלט גוט אָפּ די שטי־מונג פון די גלויביקע אין דער פראַגע.

ס'איז פאַראַן איין פונקט, פאַר וועלכן די אידישע גלויביקע כאַפּן זיך אָן. דאָס איז די אַזוי גערופענע פראַגע פון „קיום האומה הישראלית“: ווי קומט עס, אַז דאָס אידישע פאָלק עקזיסטירט נאָך אַלץ, אין דער צייט, ווען עס זיינען שוין אומגעקומען אַזעלכע פעלקער, וואָס ווערן דערמאָנט אין טאַנאַך, ווי אַמוין, מואָוו, פלישטים, מידיאַן און אויך פיל אַנדערע. איז דאָס ניט דער בעסטער באַווייז, אַז „כי לא ינום ולא יישן שומר ישראל“, אַז גאָט דרימלט ניט און וואַכט אַף זיין הייליק פאָלק, די אַטאַ־בעכאַרטאַנוניקעס, קעדיי עס זאָל כאַסוועשאָלעם ניט אונטערגיין. ווען ניט, וואָלט פון אידן גאָרנישט ניט געבליבן. אַף דער פראַגע איז ניט לייכט צו ענטפערן, ווייל מיר האָבן נאָך ביז היינט ניט קיין גענוג מאַרקסיסטיש באַלויכטענע אידישע היסטאָריע און דערצו פאַרנעמט זיך זעלטן ווער מיט דער לאַנגער אידישער געשיכטע.

אָבער ווען מע מאַכט אַ קורצן, נאָר אַ מער טיפערן איבערבליק איבער די הויפּט־עטאַפּן פון דער אידישער געשיכטע, קאָן מען זיך איבערצייגן, אַז עס איז ניטאָ קיין שום ניסים אין דעם, וואָס אידן עקזיסטירן, און גאַנץ לאַנגע יאָרן, ווי אַ באַזונדער פאָלק אָדער רעליגיעזע סעקטע (איך גיי דאָ ניט אַריין אין דער פראַגע, אויב אידן זיינען אַ נאַציע), דערצו איז אינגאַנצן איבעריק די געטלעכע היפּאָטעזע. די גרעסטע מערהייט פונם אידישן פאָלק האָט זיך זינט דעם 1־טן גאָלעס פון די צען שוואָטים און פון יעהודאָ אָן שום צווייפל אַסימילירט צווישן אַנדערע פעלקער, פונקט ווי די פלישטים, מידיאָנים און אַנ־דערע און זיי האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין שום באַזונדערע נאַציאָנאַלע שטאַנדהאַפטיקייט. אויב די מערהייט געוועזענע אידישע שוואָטים איז אומגעקומען, איז דאָס געווען הויפּט־זאַכלעך דערפאַר, ווייל אין די לענדער, וואוהין זיי זיינען געקומען, האָבן זיי זיך אין זייער עקאָנאָמישער לאַגע, אין דער טאָג־טעגלעכער באַשעפטיקונג, הויפּטזאַכלעך אין ערד־אַרבעט, ניט אויסגעצייכנט פון דער באַפעלקערונג, צווישן וועלכער זיי האָבן גע־וואוינט. און די רעליגיע האָט דאָ גאָרנישט געהאָלפן.

גאַנץ אַנדערש האָט פּאַסירט מיט אַ טייל אידישע שוואָטים פון די אַזוי גערופענע „בניי יעהודאָ“. די היסטאָרישע באַדינגונגען האָבן זיך פאַר זיי באַקומען מער באַקוועמע און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז זיי זיינען טיילווייז אויסגעהיט געוואָרן פון אַסימי־ליאַציע. אין קורצן באַשטייט די זאַך אין דעם, וואָס די טיילן פון די פריווילעגירטע שיכטן פונם אידישן פאָלק, ווי אַריסטאָקראַטן, רייכע סאָכרים פון יעהודאָ, וועלכע זיינען פאַר־טריבן געוואָרן אין גאָלעס־באָוועל, האָבן זיך נאָך פון פריערדיקע צייטן פאַרנומען מיט האַנדל צווישן פאַלעסטינע, באָוועל און אַנדערע נאָענטע לענדער. ווען זיי זיינען אָנגע־קומען אין באָוועל, האָבן זיי זיך אין גיכן געקאָנט נעמען פאַר זייער אַלטער באַשעפטיקונג און בלייבנדיק אַלס אידן, האָבן זיי געקאָנט אַף אַ גאַנץ לאַנגער היסטאָרישער עפּאָכע אויסנוצן זייערע נאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען מיט אידישע סאָכרים פון אַלערליי לענדער און מאַכן גאַנץ גוטע געשעפטן. ווי מע זעט, האָט דאָ די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אָפּ־געזונדערטקייט געגעבן קאָנקרעטע פּאָזיטיווע ערפאָלגן דעם פריווילעגירטן טייל פון דער

אידישער באַפעלקערונג, און דאָס האָט געפירט דערצו, אַז זיי האָבן געהאַלטן אונטער זייער ווירקונג די ברייטערע מאַסן פון דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן געשטרעבט צו אַ בעסערן לעבן, און דאָס אַוועקגיין פון זייער פאָלק האָט זיי אַף דעם קיין האָפענונג ניט געגעבן. ווען פאַר אַנדערע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר בעסער אָפּצוזאָגן זיך פון זייער אידישקייט, האָבן מיר געהאַט גאַנץ גענוג פאַלן פון טיילווייזער אַסימילאַציע. ווען די „בניי יעהודא“ האָבן זיך אומגעקערט פון גאָלעס-באָוועל, — ווייל אין די אינטערעסן פון דער מעלוכע פּאָראַס, וואָס האָט באַזיגט באָוועל, איז געווען אָפּצושוואַכן די באַזיגטע אַראַמייער, צווישן וועלכע עס האָבן באַ 50 יאָר געלעבט די אידן, האָבן זיי אומגעקערט די אידן צוריק קיין פּאַלעסטינע, — האָבן זיך זייערע הענדלערישע פאַרבאַנדן נאָך מער פאַרשטאַרקט. ווען באַ די אידן פלעגן זיך נאָכדעם בייטן די פרעמדע הערשער (פּראָטעקטאָראַטן), ווי פּערסן, גריכן, און רוימער, האָבן זיך נאָך מער פאַרצווייגט זייערע פאַרבינדונגען מיט אַנדערע לענדער. אַ טייל אידן האָבן שוין געקענט פרעמדע שפּראַכן און זיינען געוואוינט געוואָרן צו האָבן צוויי שפּראַכן (דאָס איז אייגער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן, וואָס האַלט אָפּ פון אַסימילאַציע). אויסערדעם, זיינען שוין פון פריער געווען אין די לענדער, וואוהין אידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן, קליינע אידישע האַנדלס-קאָלאָניעס, און זיי זיינען עס געוואָרן דער צוציענדיקער צענטער, וועלכער האָט אָפּגעהאַלטן גרויסע טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג פון צונויפמישן זיך מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. דער אָרעמער טייל פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג האָט זיך געפונען אין אַ לאַגע פון שקלאַפעריי אָדער עטוואָס ענלעכעם דערויף, און זיי האָבן ניט געהאַט קיין צוציאונגס-קראַפט פאַר די אידישע מאַסן. די קאָנקורענץ צווישן דער אידישער באַפעלקערונג מיט די פאַרמעגלעכע טיילן פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי האָבן געוואוינט, האָט זיך פרי אָנגעהויבן, דערנאָך האָט זי גענומען אַלץ וואַקסן. די אידן האָבן געקאָנט ווידערשטיין, נאָר זייענדיק נאַציאָנאַל און רעליגיעז אָרגאַניזירט. דאָס האָט זיי געהאַלטן צוזאַמען. אויסער דעם האָבן געווירקט פאַרפאָלגונגען, וואָס זיינען געווען אין אַ גאַנץ ברייטער מאָס אין מעשעך פון דוירעס. זיי האָבן אויך אויסגעאַרבעט אַ שטאַרקן אינסטינקט פון ווידערשטאַנד, וועלכער האָט זיך אין דער זעלבער צייט באַזירט אויך אַף עקאָנאָמישע יעסוידעס. אָט דאָס זיינען אין קורצן גאַנץ סכעמאַטיש די סיבעס, וואָס האָבן איינגעהיט ביז אונזערע יאָרן גרויסע טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג פון אַסימילאַציע, און דאָ איז ניטאָ קיינע ניסים. די אידן האָבן געקאָנט בלייבן עקזיסטירן אויך ווען זיי וואָלטן געגלויבט ניט אין טוירעס-מוישע, נאָר אין בודע, קאָנפוציאוס אָדער אַנדערע אַזעלכע גלויבנס. דער גלויבן איז געווען ניט דער איקער, נאָר אַ בייזאַך אין אָפּהיטן אידן אַלס פאָלק, האַגאַם מע האָט אַרויסגעשטעלט, אַז אַלץ איז געווען איבערן גלויבן אין דער טוירע.

כ'האָב זיך דערמאָנט, ווי איינער אַ מעכאַבער פון די לעצטע הונדערט יאָר האָט גאַנץ פּאָשעט געפונען דעם טאַם, פאַר וואָס אידן זיינען ניט פאַרשוואונדן געוואָרן פאַר די עטלעכע טויזנט יאָר פון זייער געשיכטע. די זאַך איז באַשטאַנען, נאָך זיין מיינונג, אין דעם, וואָס אידן האָבן געביטן זייער נאָמען. אויב אין הימל איז ניגזער געוואָרן אַ גזיירע אַז אידן זאָלן אונטערגיין, איז דאָס געווען אונטערן נאָמען „עברים“ („איוורים“), האָבן

זיי געביטן דעם נאָמען אַף „יסראַייליִם“ און אַף די איז אין הימל קיין גזיירע ניט געווען. אַז עס איז געווען אַ גזיירע אַף „יסראָייליִם“, האָבן זיי געביטן דעם נאָמען אַף „יעהודים“, און פון יענער צייט האָבן זיך אידן פאַרשפרייט אין אַסאַך לענדער און טראָגן גאַנץ פאַרשיידענע נעמען, און עס איז דאָך באַקאַנט, אַז „שינוי השם“ (ענדערן דעם נאָמען) איז מאצל (ראַטעוועט) פון טויט. ווי באַקאַנט, גלויבן נאָך אידן און אידענעס אַפילע איצטער, אַז ווען מע בייט דעם נאָמען אַ געפערלעך=קראַנקן מענטשן, קאָן מען אָפּנאַרן דעם מאַלעך=אַמאָוועס, וואָס האָגאָם ער איז אַ מאַלעך, איז ער דאָך אַ שויטע און ער קאָן ניט געפינען וועמען צו קוילען. ווייל ביז וואַנען ער מאַכט דורך זיין לאַנגן וועג פון הימל ביזן קראַנקן, בייט מען דאָ אים דעם נאָמען, מע גיט אים אַ פאַלשן פאַס און דער פריסמאַוו — דער מאַלעך=האַמאָוועס קאָן אים ניט געפינען. קאַנטיק, אַז דער מעכאַבער, וועלכן מיר דערמאָנען, האַלט אויך דאָס אידישע פאָלק פאַר אַ גויסעסדיקן קראַנקן און ביז דער היסטאָרישער מאַלעך=האַמאָוועס דערקלייבט זיך צו אים, האָט ער שוין געביטן דעם נאָמען און צוגעפּאַסט זיך צו נייע באַדינגונגען. אין אונזער ציל גייט דאָ ניט אַריין צו באַטראַכטן, אַף ווי לאַנג וועלן אידן קאָנען אָפּנאַרן אַזוי זייער נאַציאָנאַלן מאַלעך=האַמאָוועס, נאָר דאָס איז אַ אינטערעסאַנטער שטריך אין אויסטייטשן די אידישע געשיכטע.

דער ציאָניזם, וואָס זוכט קלוימערשט אידישע אייביקייט, באַזירט זיך אויך אין אַ גרויסער מאָס אַף רעליגיעזע געפילן און פאָרשטעלונגען, און מיט דער אָפּשוואַכונג פון דער ווירקונג פון דער אידישער רעליגיע, ווערט ער אָן דעם באָדן. די אַלטע אידישע טפילעס פאַר אַ נייעם ביים האַמיקדאָש אין יערושאָלאַים, וואו מע וועט ברענגען ווייטער קאָרבאָנעס אָקסן מיט שעפסן, ווערן אַן זייער גאַנצן אינהאַלט. דאָס לאַנד פון די אַראַבער, וואו עס געפינט זיך יערושאָלאַים האָט ניט מער קיין צוציאונגס=קראַפט פאַרן יונגן דאָר, וואָס זוכט ניט קיין אַלטע בייסוילעמס, נאָר אַ ניי לעבן, און פאַר דעם איז אין פאַלעסטינע קיין אָרט ניטאָ. מע קאָן נאָך מער זאָגן, אַז ווען דער פאָרפירטער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין פאַלעסטינע, — ווען זיי וואָלטן געלעבט בא נאָרמאַלע באַדינגונגען, ניט זייענדיק דאָרט אַלס אומפאַרמיידלעכע אַגענטן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם, וואָלטן זיי זיך מיט דער צייט אַסימילירט גיכער ווי אין אַנדערע לענדער און גיכער, ווי אַלץ טאַקע אויך אַדאַנק דער העברעאישער שפּראַך, וואָס מע קולטיווירט דאָרט און וועלכע איז גאַנץ נאָענט צו דער אָרטיקער אַראַבישער. דאָס וואָלט פאָרגעקומען אויך אַפן באָדן פון אַלגעמיינער ערד=אַרבעט. דאָרטן וואָלט געגאַנגען אַ גיכע אַסימילאַציע, ניט געקוקט אַף דער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע פון די פירער. בא דער איצטיקער לאַגע אין פאַלעסטינע איז, פאַרשטייט זיך, אַזא פּראָצעס נאָך אומעגלעך. נאָר ווען דער ענגלישער אימפּעריאַליזם וועט פאַלן, וועט די אַסימילאַציע זיין דאָרטן אומפאַרמיידלעך, — אויב ניט אַנדערע געשעענישן וועלן פריער פאַרענדיקן דאָרט מיט דעם קליינעם אידישן אישעוו אינם לאַנד פון די אַראַבער, וואָס שטרעבן זיך צו פאַרייניקן אין אַ פעסטער מעלוכע. די אידישע רעליגיע, איניינעם מיט דער מוסולמאַנישער, לעבן אַף זייער וועלט און וועלן ניט שטערן דער אַסימילאַציע.

דעם כ׳ אַלטשולערס בוך איז דערווייל דער אייניציקער אַף דער אידישער שפּראַך, וואָס וועט געבן אַ מעגלעכקייט צו פאַנאַנדערקלייבן זיך גאַנץ גענוי און מאַרקסיסטיש

אין די פראַגן פון רעליגיע, באַזונדערס אין די קאָמפּליצירטע פראַגן פון דער אידישער רעליגיע. דער אַוטאָר שטעלט אַרויס אַלע וויכטיקסטע מאָמענטן פון דער אידישער רעליגיע און קלייבט זיי קריטיש פאַנאַנדער, אָפּשטעלנדיק זיך אַף די באַזונדערהייטן, וועלכע האָבן אַ שאַיכעס אויך צו אונזערע טעג. דער בוך איז זייער וויכטיק פאַר אונזערע אַקטיוויסטן אַף דעם אַנטירעליגיעזן פראָנט און אין דערזעלבער צייט איז ער אויך צוגעפּאַסט צו די, וועלכע אינטערעסירן זיך מיט די פראַגן פון רעליגיע און ווילן זיך ערנסט פאַנאַדערקלייבן אין די פראַגן פון רעליגיע אַף צו באַשטימען פאַר זיך אַליין זייער באַציאונג צו איר.

אַזאַ הילף=בוך פאַר אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע דאַרף אַריינדרינגען אין אידישן שטעטל, אין דער אידישער שול, צום לערער און אויך צו די עלטערע שילער. מיר דאַרפן מאַכן אונזער שול פאַר אַן אַקטיווע אַנטירעליגיעזע, זי זאָל ווירקן ניט נאָר אַף זיך אַליין, נאָר אויך אַף די, מיט וועמען זי קומט אין באַרירונג. אין דער פאַרשאַרפונג פונם קלאַסנקאַמף, וואָס קומט איצטער פאָר, איגם פעריאָד, ווען עס פאַרשטאַרקט זיך דער אָנגריף פון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן בא אונז אין לאַנד אַף די קאַפּיטאַליסטישע, רוקט אַרויס די בורזשואַזיע דעם רעליגיעזן מאָמענט גאַנץ בוילעט, קעדיי כאָטש אַף וויפל ניט אין לענגער איינצוהאַלטן אירע פריערדיקע פּאָזיציעס. דעם רעליגיעזן מאָמענט פאַרבינדט זי נאָך מיט נאַציאָנאַליסטישע מאָמענטן און צוזאַמען האָבן זיי אַ קענטיקע ווירקונג, קעגן וועלכער מיר דאַרפן קעמפן מיט דער גאַנצער ערנסטקייט, קעדיי צו באַפרייען אידעאָלאָגיש די אידישע מאַסן פון אַזעלכע פאַרקריפּלונגען.

מע דאַרף קענען גוט אַוועקשטעלן מעטאָדאָלאָגיש אונזער אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע און ניט קאָנצענטרירן זי, צום ביישפּיל, אַרום אָפּנעמען באָטעמעדראָשים, ווייל ניט געלונגענע און ניט גוט צוגעגרייטע אַדמיניסטראַטיווע מיטלען אַפן אַנטירעליגיעזן פראָנט ברענגען צו זייער היפּעך — צו פאַרשטאַרקן דעם רעליגיעזן געפיל בא די, וואָס קווענקלען זיך אין זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען, און עס שוואַכט אָפּ די סימפּאַטיע פון אַ קענטיקן טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג צו דער ראַטנמאַכט. דער איבערגאַנג פון באָטעמעדראָשים פאַר נוצלעכע צוועקן, ווי קולטור=הייזער, אָדער אַלס געווערק=הייזער פאַר אָרעמע קוסטאַרן, דאַרף זיין אַ **פויעל=יויצע** פון אַ גוט אַוועקגעשטעלטער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. אין אייניקע ערטער האָבן מיר, מעגלעך, אַזאַ לאַגע, אָבער ווייט ניט אומעטום. און פאַר אַ קליינעם אַנטירעליגיעזן קרייזל איז לייכטער צו שטעלן די פראַגע וועגן אָפּנעמען אַ בעסמעדרעש, ווי אַריינציען די מאַסן אין זייער אַנטירעליגיעזער אַרבעט, און דאָס איז ניט קיין ריכטיקער וועג.

פאַר אונז איז וויכטיקער פון אַלץ, אַז די **מאַסן** זאָלן פאַרשטיין דעם קלאַסן=כאַראַקטער פון דער רעליגיע, זיי זאָלן פאַרשטיין, אַז זי איז אַ אינסטרומענט אין די הענט פון דעם פּראָלעטאַריאַטס קלאַסן=סוינע, אַז זי ווערט אָפּט פאַרוואַנדלט אין אונזערע צייטן אין אַ קאָנטר=רעוואָלוציאָנערער אידעאָלאָגיע, וואָס ווערט ברייט אויסגענוצט. אָט דער געדאַנק ווערט דורכגעפירט גאַנץ לאָגיש אין דעם כ' אַלטשולערס בוך, און ער דאַרף זיין אין צענטער פון דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. מע דאַרף אויך וויסן, אַז רעליגיע און שאָוויניזם גייען האַנט בא גאַנט, ווייל אויב עס זיינען דאָ אויסדערוויילטע פעלקער, זיינען אויך דאָ שלעכטע פעלקער. פאַרן אַרבעטער=קלאַס טיילט

זיך די מענטשהייט הויפּטזאַכלעך ניט לויט דער נאַציאָנאַלער אָפּשטאַמונג, נאָר לויט דער סאָציאַלער, לויטן קלאַסן־באַשטאַנד. אונזער קאַמף מיט דער רעליגיע דאַרף טראָגן אַ בוילעט אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דער גאַלעך, דער ראָוו, דער מולא, דער קסיאָנדז — זיי זיינען אַלע אונזערע קלאַסן־פיינט און מיר באַקעמפן זייער ווירקונג אַף די מאַסן. מיט אונזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט דערציען מיר געזונטע אינטערנאַציאָנאַלע געפילן בא די ברייטע מאַסן און מיר באַקעמפן זייער נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקייט און אַלע קרענקלעכע דערשיינונגען, וואָס זיינען מיט דעם פאַרבונדן, ווי אַנטיסעמיטיזם, נאַציאָנאַלער האַס, אָפּגעזונדערטקייט א. א. וו. אונזער אַנטירעליגיעזע אַרבעט ציט אַריין די ברייטע מאַסן אין אונזער סאָציאַליסטישער בויאונג און איז איינער פון די וויכטיק־סטע טיילן פון אונזער פּאָליט־אויפקלער אַרבעט צווישן די ברייטע מאַסן. דאָס איז זייער אַן ערנסטער און פאַראַנטוואָרטלעכער אידעאָלאָגישער צווייג אין אונזער קאַמף מיט דער אַלטער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, און מע מוז דערפאַר אָפּגעבן איר די נויטיקע אַכטונג.

ש. דימאַנשטיין

## קאַפּיטל 1

# רעליגיע און די אַרבעטנדיקע

## וועלכע רעליגיע איז די בעסטע

זומער 1927 יאָר איז אין מיטל־אַזיע, אין אוזבעקיסטאַן, אין דער שטאָט נאַמאַנגאַן, פֿאָרגעקומען אַן ערד־ציטערניש. ווען די אָרטיקע איינוואוינער האָבן דערהערט אַ שרעקלעך ברומען אין דער ערד, האָבן דערזען, ווי די ערד ציטערט און די הייזער פֿאַלן, זײַנען זיי אַרויסגעלאָפֿן אַפֿן גאַס און האָבן מיט שטעקנס אָנגעהויבן שלאָגן די ערד. זיי האָבן געגלויבט, אַז די בייזע רוכעס, וואָס זײַנען דאָרט אין דער טיף באַהאַלטן, האָבן זיך צעהוליעט און טרייסלען די ערד. מיט די קלעפּ פֿון די שטעקנס האָבן זיי געוואָלט באַרויִקן די צעווילדעוועטע רוכעס.

ווען מע זאָל דערציילן אַ פֿרומען אידן אָט די געשיכטע, וועט ער געווים כויזעק מאַכן פֿון די אומוויסנדע, פֿינצטערע איינוואוינער פֿון נאַמאַנגאַן. ער וועט זיי געווים אָנרופֿן „געצנדינער“, זייער עמונע וועט ער דערקלערן פֿאַר אַ פֿאַרפֿירטע. און דער איד וועט שאַקע זײַן גערעכט. נאָר פֿינצטערע, פֿון דווירעס פֿאַרקנעכטע מענטשן, וואָס ווייסן ניט די יעסוידעס פֿון דער נאַטור, וואָס פֿאַרשטייען ניט אירע געזעצן, קאָנען האָבן אַזאַ פֿאָרשטעלונג וועגן אַן ערד־ציטערניש.

קיין איין פֿרומער איד גלויבט ניט, אַז מאַריע איז טראָגעדיק געוואָרן פֿון רועך האַקוידעש און האָט אַף אַזאַ אויפֿן געבאָרן יעזוסן. עס לייגט זיך עפּעס ניט אַפֿן סייכל. ער ווייסט, אַז יעדער מענטש ווערט געבאָרן פֿון מענטשלעכע פֿאָטער און מוטער.

די קריסטן ווידער וואָס גלויבן, אַז דער אַלטער אידישער גאָט האָט טראָגעדיק געמאַכט דאָס אידישע ווײַבל מאַריע, אַז מאַריע האָט געבאָרן און איז דאָך געבליבן אַ יונגפֿרוי, ווענלן בעשום אויפֿן זיך ניט לאָזן אײַנשמועסן, אַז — —

די מוטער פֿון דעם אַלטן עגיפּטישן גאָט ר אַ איז אויך „טראָגעדיק געוואָרן פֿון אַ גאָט“ און איז געבליבן אַ יונגפֿרוי. — אַזוי דערציילט אַן אַלטע עגיפּטישע לעגענדע.

זיי גלויבן ניט אין דער אַלטער דערציילונג פֿון די כינעזער וועגן דעם, ווי אַזוי עס איז געבוירן געוואָרן זייער „געטלעכער לערער“ ק אָ נ פֿ ו צ י. און עס איז בעעמעס שווער צו גלויבן אין אַזאַ מין מאַיסע:

די מוטער פֿון קאָנפֿוצי האָט אַמאָל דערזען די ווילדע אײַנהאָרנדיקע בריע כי־לין. די דאָזיקע בריע איז צוגעגאַנגען צו דער פֿרוי און האָט איר אַרויסגעוואָרפֿן פֿון מויל אַן עווען־טויוו. פֿון אָט דעם וואונדערבאַרן שטיין איז די פֿרוי טראָגעדיק געוואָרן און האָט געבוירן קאָנפֿוצי.

די בודיכמן דערציילן אויך אזא מין מאַיסע וועגן דעם, ווי בודא איז אַף דער וועלט געקומען: בודא האָט געוואוינט אַפן הימל. האָט ער געוואָלט באַפרייען אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן אַף דער ערד פון טויט און פון ליידן. און געטאָן האָט ער עס אַף אַזאַ אויפן: ער האָט זיך פאַרשטעלט אין אַ פינף־פאַרביקן ליכטיקן שטראַל און איז אַריינ־געדרונגען אין בויך פון דער פרוי מאַיע. די פרוי איז אַף אַזאַ אויפן טראָגעדיק געוואָרן און האָט געבוירן בודא.

און באַ די אַלטע גריכן איז געווען אַזאַ מיטוס (רעליגיעזע דערציילונג): באַ דעם גאָט זעוס האָט ווי געטאָן דער קאָפּ. האָט ער זיך געווענדעט נאָך אַ רעפוע צו אַ צווייטן גאָט וואולקאַן. וואולקאַן האָט גענומען אַ האַק און האָט געשפּאָלטן זעוסן דעם מויעך. איז פון זעוסעס קאָפּ אַרויסגעשפּרונגען די געטין (אַ פרוי אַ גאָט) אַפּינע.

איצט שטעלט זיך פאַר אַ מיניען אידן, וואָס זיצן ביין מינכע לעמאַירעוו אין בעס־מעדרעש באַ דער הרובע און דערציילן די וואונדער פון באַלשעמטויוו. פּרוואוט זיי דער־ציילן אַט די אַלע מאַיסעס וועגן קריסטוס, בודא, קאַנפוצי, רא, וועלן זיי פון אייך כוי־זעק מאַכן. און ווען איר וועט זיי וועלן דערציילן, ווי די פאַלינעזער שטעלן זיך פאַר די אַנטשטייאונג פון דער וועלט, וועלן זיי געוויס קייכן פון געלעכטער.

די דערציילונג פון די פאַלינעזער איז טאַקע בעעמעס אַזאַ, וואָס מע קאָן איבער איר לאַכן:

„גאָט איז געזעסן מיט אַ ווענטקע אַפן ברעג פון יאַם און האָט געכאַפּט פיש. טוט ער אַמאָל אַ צי די ווענטקע און שלעפּט אַרויס... די גאַנצע וועלט. אנשטאָט אַ פיש — די וועלט —

אין וואָס אָבער גלויבן די פרומע אידן? לאָמיר אַ קוק טאָן, ווי פירט זיך אוף אַ פרו־מער איד אין מעשעך פונם טאָג.

גלייך ווי ער שטייט אויף פון זיין שלאָף, גיסט ער אָפּ „נעגלוואַסער“ און זאָגט: „מוידע אַני“. אין דערדאַזיקער טפילע דאַנקט ער דעם רעבוינעשעלוילעם דערפאַר, וואָס ער האָט אים צוריק אומגעקערט די נעשאָמע נאַכדעם, ווי ער האָט זי געהאַלטן באַ זיך אַ גאַנצע נאַכט, ווען דער מענטש שלאָפט.

„גאָט מיינער, זאָגט ער ווייטער, די נעשאָמע, וואָס דו האָסט מיר אַריינגעטאָן, איז אַ ריינע. דו האָסט זי באַשאַפן, דו האָסט זי אין מיר אַריינגעטאָן, דו היטסט זי אין מיר, דו וועסט זי באַ מיר צוגעמען און דו וועסט זי מיר צוריק אומקערן אַף יענער וועלט. איך דאַנק דיר, גאָט מיינער, גאָט פון מיינע אָוועס, שעפער פון אַלע זאַכן, האַר פון אַלע נעשאָמעס. געלויבט זיי, גאָט, וואָס דו קערסט אום די נעשאָמעס צו טויטע פּעגאָרים“.

און דערנאָך גייט אַ גאַנצע ריי בראָכעס, דאַנקען דעם רעבוינעשעלוילעם פאַר אַלע זיינע וואונדער און כאַסאָדים: ער, גאָט, מאַכט זעענדיק בלינדע, ער קליידעט גאַקעטע, ער גיט קויעך מידע, ער האָט אויסגעשפּרייט די ערד איבער וואַסער.

„געלויבט ביזטו גאָט, אונזער האַר, קעניג פון דער וועלט, וואָס דו האָסט מיך ניט געמאַכט פאַר אַ גוי“.

„געלויבט ביזטו גאָט, אונזער האַר, קעניג פון דער וועלט, וואָס דו האָסט מיך ניט געמאַכט פאַר אַ קנעכט“.

„געלויבט ביזטו גאָט, אונזער האַר, קעניג פון דער וועלט, וואָס דו האָסט מיך ניט געמאַכט פאַר קיין פרוי“.

„געלויבט ביזטו גאָט, אונזער האַר, קעניג פון דער וועלט, וואָס דו האָסט אונז אויס־דערוויילט פון אַלע פעלקער“.

און נאָך אַסאַך, אַסאַך טפילעס, לויבגעזאַנגען דעם אַלמעכטיקן גאָט פאַר זיינע וואונדער.

נאָכדעם, ווי דער פרומער איד באַפרייט זיך פון דער שוועריקייט אין מאָגן און אורין־פענכער, זאָגט ער „אַשער יאָצער“. אין אָט דער טפילע לויבט ער גאָט — דעם האַר דערפאַר, וואָס ער האָט אַזוי קלוג באַשאַפן דעם מענטשן, וואָס ער האָט אין אים געשאַפן אַזויפיל אַריינגאַנגען און אַרויסגאַנגען, און וואָס זיי זיינען אַלע אין סיידער און אַרבעטן ווי געהעריק.

נאָך די אַלע אומצאָליקע בראָכעס און טפילעס, ווען עס ווילט זיך שוין נעמען עפּעס אין מויל, דאַרף מען ווידער דאַנקען גאָט:

טרינקסטו וואַסער, מאַך אַ בראָכע „שעהאַקל“, לויב גאָט דערפאַר, וואָס „אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן דורך זיין וואָרט“.

עסטו ברויט, לויב דעם רעבוינעשעלוילעם פאַר דעם, וואָס „ער ברענגט אַרויס דעם ברויט פון דער ערד“. עסטו אַ פרוכט, מאַך אַ ספּעציעלע בראָכע, דאַנק גאָט, וואָס „ער האָט באַשאַפן בוים־פרוכטן“.

הריי מאָל אַ טאָג דאַרף אַ איד דאַווענען, לויבן גאָט און בעטן באַ אים גוטס פאַר זיך און פאַר קאָל יסראָעל...

פאַרן שלאָף לייענט אַ גלויביקער איד קרישמע. ווידער טפילעס צו „גאָט באָרוכו“. דער, וואָס פוילט זיך ניט, לייענט די „לאַנגע קרישמע“ און באַוואָרנט זיך פאַרן איינ־שלאָפן מיט אַזאַ שמירע:

„פון מיין רעכטער האַנט זאָל שטיין דער מאַלעך מיכאָעל, פון דער לינקער האַנט — גאַווריעל, פון פאָרנט — אוריעל, פון הינטן — רעפועל און איבערן קאָפּ זאָל רוען גאָט אַליין“.

יעדער גלויביקער איד, ווי מיר ווייסן און זעען פון די אַלע טפילעס זיינע, גלויבט, אַז עס איז דאָ אַ גאָט, וועלכער האָט באַשאַפן די וועלט, וואָס פירט מיט איר אָן, וואָס זאָרגט וועגן זיינע באַשעפענישן, טוט זיי גוטס אָדער שלעכטס, טראַכט וועגן יעדן מענטשן באַזונדער און באַשטימט אים אַ גוט אָדער שלעכט לעבן. אויסער גאָט זיינען דאָ גוטע און שלעכטע רוכעס—מאַלאָכים, שיידים און מעכאַבאָלים. גוטע מאַלאָכים טוען דעם מענטשן גוטס, שלעכטע שעדיקן אים. און די מאַלאָכים אַליין זיינען שילוכים פון גאָט, וואָס פילן אויס זיין געבאָט.

וויל מען, אַז גאָט זאָל זיין גוט צו דעם מענטשן, דאַרף מען זיין פרום, אָפּהיטן גאָטס געבאָטן, לויבן זיין ליבן נאָמען, דאַווענען, לייגן טפילן, זאָגן בראָכעס, דאַנקען אים פאַר זיינע כסאָדים. איז אַ טריקעניש־יאָר, דאַרף מען בעטן גאָט, ער זאָל שיקן רעגן. גייט צופיל רעגן, זאָגט מען אַ ספּעציעלע טפילע פאַר „אַצירעס געשאָמים“ — גאָט זאָל אָפּ־שטעלן די רעגנס. ווערט קראַנק אַ קינד, דאַרף מען זאָגן טילים, בעטן באַ דעם ריבוינע־שעלוילאָם אַ רעפועַ שליימע. גייען ווייבער אַפן „הייליקן אָרט“ (אַפן בעסוילעם), מעסטן

ראַרטן קוואָרים און בעטן זייערע פאַרשטאָרבענע קרויווים, זיי זאָלן זיך „אַף יענער וועלט“ מיען פאַר גאָט, אַז ער זאָל געזונט מאַכן דעם קראַנקן.

דער גלויביקער איד, וואָס וועט כויזעק מאַכן פון די „פאַרפירטע“ אוזבעקער, וואָס שלאָגן די ערד בעאיים אַן ערד־ציטערניש, וועט אַליין אָבער דערקלערן די ערד־ציטער־ניש, אַלס גאָטס שטראָף פאַר דעם מענטשנס זינד. ער וועט ברענגען אַ ראַיע פון דער הייליקער טוירע, וואו עס ווערט דערציילט, אַז גאָט איז אין קאַעס געוואָרן אַף קוירעכן, האָט ער געשפּאָלטן די ערד און זי האָט איינגעשלונגען קוירעכן מיט זיין גאַנצער געמיינדע.

דער איד, וואָס לאַכט זיך אויס פון דער באַבע־מאַיסע וועגן קריסטוס געבורט, וועט אַליין אָבער ברענגען מאַיסעס פון כומעש, אין וועלכע עס ווערט דערציילט וועגן וואונ־דערלעכע פאַלן פון מעבערעס ווערן. אַווראָם איז אַלט געווען הונדערט יאָר, זיין פרוי סאָרע איז אַלט געווען נייַנציק יאָר און קיין קינדער איז באַ זיי ניט געווען. איז גאָט גע־קומען צו אַווראָמען און האָט אים געזאָגט: „איך וועל בענטשן דיין פרוי סאָרע און וועל דיר געבן אַ זון פון איר“... און גאָט האָט אויסגעפילט דאָס, וואָס ער האָט פאַרשפּראָכן: סאָרע איז טראָגעדיק געוואָרן און האָט געבוירען אַווראָמען אַ זון אַף דער עלטער פונקט אין דער צייט, ווי גאָט האָט געזאָגט: ניט דורך אַווראָמס מענערשע קראַפט און סאָרעס פרויען־טראַכט איז געבאָרן געוואָרן זייער זון איצכאָק. צו אַלט זייַנען זיי שוין געווען צו שאַפן אַ נייעם דאָר: הונדערט ער און נייַנציק זי! ניין, בלויז דורך גאָטס ווילן איז איצ־כאָק געבוירן געוואָרן.

מיט וואָס זשע שיידט זיך אָפּ דיזאָזיקע דערציילונג פון דער מאַיסע וועגן קריסטוס געבורט, אָדער פון דעם געבורט פון עגיפּטישן גאָט ראַ, אָדער אַפילע פון דעם וואונדער־לעכן געבורט פון קאָנפוצי? די נאַפּקעמינע איז דאָ נאָר אין פּראָטים, דער עצעם בלייבט אין די אַלע דערציילונגען דערזעלבער: איצכאָק, קריסטוס, ראַ, קאָפוצי זייַנען אַלע גע־בוירן געוואָרן ניט אַף אַ געוויינלעכן אויפן, ווי אַלע מענטשן, נאָר דורך גאָטס אַ וואונדער.

אַז קריסטוס איז געשטאָרבן און איז דערנאָך צוריק לעבעדיק געוואָרן גלויבן די אידן ניט. אַ גלויביקער איד וועט אייך אָבער דערציילן אַנדערע מאַיסעס וועגן טביעס האָמייסים, ד. ה. ווי געשטאָרבענע קאָנען דורך גאָטס וואונדער צוריק לעבעדיק ווערן.

באַ אַ פרוי איז געשטאָרבן אַ קינד. האָט זיך די פרוי געווענדעט צו גאָטס נאָווי — עלישע, ער זאָל איר העלפן אין איר צאָרע, ער מוז איר העלפן, זאָגט זי, ווייל ער אַליין איז שולדיק אין דעם, וואָס איר זון איז אַף דער וועלט געקומען: זי האָט קיין קינדער ניט געהאַט, נאָר ער, דער געטלעכער מענטש, האָט איר פאַרשפּראָכן, אַז זי וועט געבוירן אַ זון, און זי האָט אים געבוירן. אויב ער האָט געקאָנט שאַפן אַזאַ וואונדער, דאָס קינד זאָל געבוירן ווערן, דאַרף ער אויך זיין וואונדער באַווייזן דאָס קינד לעבעדיק צו מאַכן. דער נאָווי עלישע איז ניט געבליבן הינטערשטעליק. ער האָט געבעטן גאָט, ער האָט דורכ־געמאַכט פאַרשיידענע פּראָצעדורעס און דאָס קינד פון דער שונאַמיס איז לעבעדיק געוואָרן.

מיט וואָס שיידט זיך, אייגנטלעך, אונטער דער גאָטס־וואונדער, אין וועלכן עס גלויבט דער איד, פון דעם וואונדער, אין וועלכן עס גלויבט דער קריסט, אַז יעזוס איז „אויפ־געשטאַנען“?

און ביידע, סאַי דער גלויביקער קריסט, סאַי דער פרומער איד גלויבן, אַז עליאָהו הנבֿיא איז אַ לעבעדיקער אַרויף אַפן הימל אין אַ פייערדיקן רייט=וואָגן. דער נאָווי עלישע האָט עס אַליין מיט זיינע אויגן געזען. אַזוי ווערט עס דערציילט אין טאַנאַך.

און מיט וואָס שיידט זיך אונטער די באַציאונג פון אַ אידן צו זיין גאָט פון דער באַציאונג פון אַנדערע גלויבנדיקע צו זייערע געטער? דער איד איז מיטפּאַלעל צו זיין גאָט פונקט, ווי אַלע אַנדערע צו זייערע געטער. זיי אַלע בעטן זייער גאָט, אַז ער זאָל זיך מיט זיי גוט באַגיין; זיי אַלע ווילן געפינען חיין אין די אויגן פון זייער גאָט; זיי אַלע האָבן מוירע פאַר זיין שטראָף און וואַרטן פון אים באַלוינונג פאַר זייערע גאָטס=פאַרכטיקע מאַיסים; זיי אַלע גלויבן און דערציילן די וואונדער פון זייער גאָט.

דאַוונט דער איד און דער מאַכמעדאַנער דאַפקע אין אַ היטל אָדער אַ יאַרמעלקע און דער קריסט דאַפקע אָן אַ היטל, אָבער זיי אַלע בעטן גאָט. זיי אַלע פאַלן אַף די קני און מאַכן זיך אונטערטעניק פאַרן רעבוינעשעלוילאָם. גייען די קריסטן מיט „היילקע" טיכער איבער די פעלדער און בעטן גאָט, אַז ער זאָל שיקן רעגן, און די אידן וויקלען זיך איין אין טאַלייסים און שרייען „געשעם" צו זייער גאָט.

דער געצנדינער פאַרטרייבט די בייזע רוכעס מיט שטעקנס און די אידן דורך שאַלן און שויפער. דער געצנדינער ברענגט קאָרבאָנעס זיינע געטער, — דער פרומער איד שלאָגט קאַפּאָרעס און האָפט, אַז ווען גאָט וועט זיי ברענגען צוריק אין יערושאָלאָים, וועט ער דאָרט ווידער אויפבויען דעם ביימאָמיקדעש, וועט דאָרט אַוועקשטעלן אַ מיזבייעך און וועט, ווי אַמאָל אין די „גוטע" יאָרן, ברענגען קאָרבאָנעס דעם אַלמעכטיקן גאָט פון יסראָעל.

קריסטן, מאַכמעדאַנער, געצנדינער, אידן — אַלע האָבן זיי מוירע פאַר שיידים און רוכעס. שפּרעכן אידן אָפּ אַן איינהאָרע, פאַררעדט מען וואַסער, אַז אַ וואָלף זאָל ניט פאַרצוקן די בעהיימע, שטעקט מען אַריין צוגלייך מיט די „גאָיִם" אַ האַק=מעסער אין דער וואַנט פון שטאַל, אָדער מע לייגט קראָפּעווע אַפן שוועל פון שטאַל אין דער נאַכט פון איוואַן קופּאַלע, אַז קיין גיטגוטע זאָלן כאָלילע ניט אָפּנעמען די מילך פון דער קו.

די אַלע שיידים און רוכעס, גוטע און שלעכטע מאַלאָכים געפינען זיך אונטער דער אָנפירונג פון איין גאָט, ווי עס שטעלן זיך פאָר די אידן און קריסטן לעמאָשל, אָדער זיי אַלע זיינען געטער, גוטע און [illegible] ווי עס שטעלן זיך פאָר אַנדערע רעליגיעס.

## וואָס איז אַזוינס רעליגיע

נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך באַקענט מיט די אַלע ביישפּילן, קאָנען מיר זאָגן, אַז יעדער רעליגיע איז געבויט אַף דעם גלויבן, אַז עס עקזיסטירן אויסערנאַטירלעכע קרעפטן, און אַז צווישן אָט די קרעפטן מיט דעם גלויבנדיקן איז דאָ אַ פאַרבינדונג.

„דער הויפּט=סימען פון רעליגיע איז דאָס גלויבן אין אַ גאָט אָדער אין געטער" (פּלעכאַנאָוו).

דערדאָזיקער גאָט אָדער געטער זיינען לויט דער פאָרשטעלונג פון די גלויביקע עפּעס אַזעלכעס, וואָס הערשט איבער דער נאַטור.

אידן זאָגן יעדן אינדערפרי באַם דאַוונען: „דו (גאָט) ביזט געווען איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, דו האָסט די וועלט באַשאַפן, דו ביזט אַף דער וועלט און דו ביזט אַף יענער וועלט“.

יעדער גלויביקער ווייסט צו דערציילן וועגן זיין גאָט אָדער געטער וואונדערלעכע מאַיסעס, ניסים וועניפלאָעס.

יעדער גלויביקער פילט אַ ליבע צו זיין גאָט אָדער זייגע געטער, אָדער אַ שרעק פאַר זיי.

די אידישע רעליגיע שרייבט פאַר אירע אָנהענגער: „זאָלסט ליב האָבן דיין גאָט פונם פולן האַרצן, מיט דיין גאַנצן לייב און לעבן, מיט דיין גאַנצן פאַרמעגן“...

אויב גאָט איז דער הערשער פון דער גאַנצער וועלט, אויב אין גאָטס רעשות געפינט זיך יעדער מענטש און פון אים הענגט אָפּ דער שיקזאַל פון דעם מענטשן, מוז שוין יעדער מענטש, וואָס גלויבט אין גאָט, אויספילן זייגע געבאָטן.

דער גלויביקער דינט זיין גאָט, און דאָס דריקט זיך אויס אין פאַרשיידענע האַנדלונגען: דאַווגען, פאַלן קוירים, שלאָגן קאַפּאָרעס, פאַסטן, ברענגען קאָרבאָנעס, בענטשן, שלאָגן הוישאַנעס, שלאָגן מאַלקעס, גיין צו טאַשלעך, צושלאָגן אַ מעזוזע, זיצן שיווע, גיין האַקאָפעס, לייגן טפילן, שפרינגען קאָדעש, קושן די טוירע, גיין אין מיקווע, לייגן אַן איירעוו א. א. וו. א. וו. אַף אַזאַ אופן איז כוץ דעם הויפּט־סימען פון רעליגיע, דעם גלויבן אין אַ גאָט אָדער געטער, קאָנען מיר נאָך וועגן רעליגיע זאָגן, אַז רעליגיע איז „אַ מער אָדער ווייניקער געבונדענע סיסטעם פון פאָרשטעלונגען, שטימונגען און האַנדלונגען. די פאָרשטעלונגען שטעלן פאָר דעם מיטאָלאָגישן עלעמענט פון רעליגיע; די שטימונגען געהערן צו דעם געביט פון רעליגיעזע געפילן, און די האַנדלונגען — צו דעם געביט פון רעליגיעזער פאַרערונג, אָדער ווי מען זאָגט עס אַנדערש, פון רעליגיעזן „קולט“ (פלעכאַנאָוו).

## פון וואַנען נעמט זיך די רעליגיעזקייט פון די פויערים

ווען אַ פויער באַאַרבעט זיין פעלד מיט זיינע פרימיטיווע געצייג, באַמיסטיקט עס מיטן ביסל מיסט פון זיין ביסל פי, פאַרזייט עס מיט ניט אָפּגעקליבענע קערנער, קאָן ער האָפן אַף אַ גערעטעניש נאָר דאַן, אויב עס וועט זיין רעגן אין דער צייט און מיט אַ מאָס. פון דעם רעגן הענגט אָפּ דער שיקזאַל פון דעם פויער און פון זיין פאַמיליע. די געזעצן פון דער נאַטור ווייסט דער פויער ניט. די הערשנדיקע קלאַסן האָבן אים געהאַלטן און האַלטן אים נאָך אַדאַיעם אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אין פינסטערניש און אומוויסנהייט. ווי צו באַאַרבעטן די ערד אַזוי, אַז זי זאָל קאָנען געבן אַ גוטע גערעטעניש, ווען עס וועט אַפילע ניט זיין גענוג רעגן, ווייסט ער ניט. די אַנטוויקלטע טעכניק, וואָס ווערט אָנגעווענדעט אין דער שטאָט־אינדוסטריע, איז ער נאָך ניט בעקויעד אָנצואווענדן אין זיין לאַנדווירטשאַפט. גלויבט דער פויער, אַז זיין מאַזל איז אָפּהענגיק נאָר פון דעם רעבוינעשעלוילאָם: וועט גאָט שיקן רעגן, וועט ער אים ניט שטראָפן מיט האָגל, וועט ער אַרויסלאָזן די זון צו דער צייט, וועט ער ניט שיקן קיין פרעסט אין די פרילינג־נעכט, דאַן וועט ער, דער פויער, וואָס האָט אַריינגעלייגט אַזויפיל מי אין

דער ערד און האָט עס באַגאָסן מיט זיין שוייס, האָבן זיין בעיונגע. ווען אָבער גאָט פאַרמיידן זיין גענאָד פון דעם פויער, דאַן איז ער פאַרמישפּעט צו הונגער, נויט און ליידן. קוקט דער פויער אַפן הימל און בעט באַ זיין גאָט רעגן. לויפט ער צום גאַלעך און בעט, ער זאָל מיט די „הייליקע בילדער“ אַרוים אַפן פעלד און בעטן גאָט, ער זאָל ניט אָפּטאָן זיין גנאָד פון זיינע זינדיקע קנעכט און ניט שטראָפן זיי מיט הונגער. בעט דער אידישער פויער זיין גאָט, זאָגט „געשעם“, פאַסט, גיט אַף מייער באַלנעם.

פון קיין קינסטלעכן רעגן ווייסן נאָך דער פויער ניט. אויסנוצן אָט די הילף פאַר זייער פעלד, די הילף פון דער אַנטוויקלטער טעכניק, קאָן ער נאָך ניט. האָפט ער אַף גאָט.

## פאַרוואָס איז רעליגיעז דער האַנטווערקער

גייט דער שוסטער שטיוול, שמידט דער שמיד העק, פּאָדקאָוועס, גראָב=אייזנס און וואַרט, אַז גאָט זאָל אים צושיקן גוטע קוינים. ניט אַלעמאָל איז אָבער דאָס מאַזל פון קוסטאַר, פונם באַלמעלאָכע גוט. ס'טרעפט ניט זעלטן, אַז דער שוסטער האָט זיינע אָנגעהאָרעוועטע גראָשנס אַריינגעלייגט אין לעדער, האָט אויפגענייט שטיוול און קוינים אַפן מאַרק קומען ניט אָדער זיי לייגן פאַר שפּאָט=ביליקע פּרייזן. דער שניידער, דער טאַנדעטניק, האַלט זיך באַ זיינע אויפגענייטע קליידער און „גאָט“ שיקט ניט צו קיין קוינים. דער שמיד זיצט מיט זיינע העק, די טעפּער מיט זיינע טעפּ, דער טישלער מיט זיין מעבל. זיי אַלע מוזן אַראָפּזעצן די פּרייזן, קעדיי צוציען דעם קוינע. סטאַיעט אָבער ניט צום לעבן, מוז מען אַרבעטן שפּעט אין דער נאַכט אַריין און אויפשטיין פאַרטאָג, מוזן העלפן אַרבעטן אַפילע די קליינע קינדער, און לעבן ווערט אַלץ שווערער און שווערער. פון וואַנען נעמען זיך די שווערע צייטן, ווייסט דער באַלמעלאָכע ניט. ער ווייסט ניט די נאַטור פון דער סכוירע=ווירטשאַפט, פאַר אים זיינען פאַרבאָרגן די געזעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. ער זעט, אַז אַ קליין הייפעלע באַלמעלאָכעס ווערן „צו לייטן גלייך“, שלאָגן זיך אַרויף אַף אַ וואַרשטאַט מיט „מענטשן“ און באַ דעם גרעסטן טייל באַלמעלאָכעס גייט אַלץ מיט דער פוטער אַראָפּ. ער ווייסט ניט די סאָציאַלע סיבעס פון זיין דאַלעס און ער גלויבט, אַז די רייכע האָבן מאַזל און אים האָט גאָט קיין מאַזל ניט געגעבן. ער איז אָנמעכטיק אַליין צו פאַרבעסערן זיין מאַזל, האָפט ער, אַז נאָר גאָט אין הימל קאָן אים העלפן. פונקט ווי דער פויער, וואָס ווייסט ניט די געזעצן פון נאַטור און איז אָנמעכטיק קעגן סטיכישע קרעפטן, וואַרט אַף זיין ברויט פון הימל, האָפט אויך דער קוסטאַר אַף דעם רעבוינעשעלוילאָם, ווייל ער ווייסט ניט די נאַטור פון דער סכוירע=געזעלשאַפט און די געזעצן פון קאַפּיטאַליזם.

דער פּראָלעטאַריער, וואָס אַרבעט אַף אַ פאַבריק זעט אַרום זיך שטענדיק הוילע וואונדער. ער זעט, ווי בלויז איין צוזאַמענשלוס פון עלעקטרישע דראָטן ברענגט אין באַוועגונג קאָלאָסאַלע מאַשינעס. ער זעט, ווי קאָלאָסאַלע מאַשינעס, קונציק געבויטע, דינען דעם מענטשן און זיינען פון דעם מענטש געשאַפן. ער זעט, ווי די נאַטור ווערט אָפּהענגיק פון דעם מענטשן און ניט די מענטשן פון דער נאַטור. ער זעט, ווי די מענטשן

דערגייען די סוידעס פון דער נאַטור און נוצן זי אויס צוליב זייערע צילן. דער פאַבריקאַנט וואַרט ניט, אַז גאָט זאָל אים צושיקן אַ ווינט, וואָס זאָל באַוועגן די רעדער פון די פאַבריק-מאַשינעס, ער וואַרט ניט אַף דער זון, זי זאָל טריקענען זיינע פייכטע רוישטאָף. טריקן-מאַשינעס פאַרבייטן די זון-קראַפט. ליכט, היץ און קעלט — אַלץ איז פונם מענטשן געשאַפן.

ווען די מאַשין רייסט אָפּ אַ האַנט אָדער אַ פוס דעם אַרבעטער, דאַרף ער ניט זוכן אין דעם קיין גאָטס-שטראָף. אויב ער פאַרשטייט אַליין ניט, וועט אים זיין כאַוועריאַשאַפט אַ ... קלאָר דערקלערן, ווער עס איז שולדיק אין זיין אומגליק. דער באַלעבאָס וויל וואָס מער פאַרנאָסע באַקומען, זאָרגט ער ניט וועגן אַוועקשטעלן ווי געהעריק די שוץ פון די אַרבעטער, שטייען די מאַשינעס ענג, ניט אַרומגעצוימט. ווערט דער אַרבעטער מיד פון פילשאָעדיקן אַרבעטס-טאָג, שלאָפט ער זיך ניט אויס גענוג, קאָן ער זיך ניט אייגהיטן פון אומגליקס-פאַלן. עס איז קלאָר, אַז אין די אומגליקן איז שולדיק דער באַלעבאָס.

זיין שלעכט לעבן, זיין דאַכקעס און נויט דאַרף דער אַרבעטער אויך ניט זוכן אין גאָטס ווילן. ער זעט, ווי דער באַלעבאָס זויגט אויס דאָס בלוט פון זיינע אָדערן, ווי דער קאַפּיטאַל זויגט אויס דעם מאַרך פון זיינע ביינער. ער זעט, ווי זיין באַלעבאָס נוצט אויס דאָס, וואָס הינטער די טויערן פון זיין פאַבריק שטייען גאַנצע מאַכנעס אַרבעטסלאָזע, און זעצט אַראָפּ דעם אַרבעטס-לוין, פאַרערגערט די אַרבעטס-באַדינגונגען. ער ווייסט, אַז דורך קאַמף מיטן באַלעבאָס, וועט ער העכערן זיין אַרבעטס-לוין, וועט ער פאַרקירצן זיין אַרבעטסטאָג. אַלץ מער און מער הויבט אָן דער אַרבעטער צו פאַרשטיין, אַז קעדיי צו פאַרבעסערן זיין לאַגע, דאַרף ער זיך פאַראייניקן מיט זיינע כאַווייריםֿ-אַרבעטער צום געמיינזאַמען קאַמף. די קאָלעקטיווע אַרבעט אַף דער פאַבריק לערנט אים, אַז אַ גרויסע ווערק קאָן געשאַפן ווערן בלויז דורך געמיינזאַמער אַרבעט. קיין איינצלנער אַרבעטער וועט קיין לאָקאָמאָטיוו ניט אויפבויען. אַ טורבינע איז אַ ווערק פון טויזנטער אַרבעטער אַפן זאַוואָד. אויך אַ שטרייק קאָן ניט דערקלערן יעדער אַרבעטער באַזונדער.

דער אַרבעטער פילט זיין קראַפט, די קראַפט פון זיין קלאַס. ער זעט וואו איז זיין סוינע און ווער עס זיינען זיינע פריינט. ער זעט, אַז זיין שיקזאַל איז אָפּהענגיק פון אים אַליין. **דעריבער איז דער פּראָלעטאַריאַט אַ קלאַס — אַן אַפּיקורעס.** דאָס הייסט, פאַרשטייט זיך, ניט אַז אַלע פּראָלעטאַריער גלויבן שוין ניט אין גאָט. עס זיינען נאָך פאַראַן זייער אַסאַך אַרבעטער, וואָס זייען נאָך פרומע קריסטן, אידן, מאַכמעדאַנער אָדער פון אַנדערע עמונעס. די קאַפּיטאַליסטן געפינען נאָך גענוג מיטלען ווי אָפּצוהיטן זיי פון אַפּיקאָרסעס. דער אַוואַנגאַרד אָבער פון דעם פּראָלעטאַריאַט, זיין פּאַרטיי, וואָס דריקט אויס די אידעאָלאָגיע פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז דער קאַמע אַפּיקאָרסישער. אונטער דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי, וואָס ווייזט דעם וועג צו פרייהייט און פירט זיי אין קאַמף, ווערן אַלץ גרעסערע מאַכנעס פּראָלעטאַריער קלאַסן-באַוואוסטזיניק און צוגלייך דערמיט שוין אויך אַפּיקאָרסים, די באַדינגונגען פון זיין אַרבעט און דער וועג פון זיין באַפרייאונג לערנען דעם אַרבעטער צו זיין אַן אַפּיקוירעס.

# די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן נוצן אויס די רעליגיע צוליב זייערע קלאַסן-צילן

און ווי באַציען זיך צו רעליגיע די הערשנדיקע עקספּלואַטירנדיקע קלאַסן?

אין פראַנקרייך האָט אַמאָל געלעבט אַ באַרימטער פריידענקער וואָלטער. אַמאָל האָבן זיינע געסט אָנגעהויבן ריידן אין דער אָנוועזנקייט פון זיינע דינער קעגן גאָט. האָט וואָלטער טייקעף אַרויסגעשיקט זיינע דינער, זיי זאָלן ניט הערן די רייד פון זיינע פריינט. אַז די דינער זיינען אַוועק, האָט וואָלטער געזאָגט צו זיינע געסט: „איצט קאָנט איר, מיינע הערן, פאָרזעצן אייערע רייד קעגן גאָט: איך וויל ניט, אַז מיינע דינער זאָלן מיך קוילען אָדער באַגאַנווענען טאַקע היינט באַנאַכט, דעריבער וויל איך ניט, אַז זיי זאָלן הערן אייערע רייד“. דערזעלביקער וואָלטער האָט אַמאָל געזאָגט וועגן דעם באַרימטן אַטעאיסט בעיל: „ווען ער וואָלט נאָר באַדאַרפט פאַרוואַלטן מיט פינף אָדער זעקס הונדערט פויערים, וואָלט ער זיי שוין דערקלערט, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אַף דער וועלט, וואָס באַלוינט און באַשטראָפט“. אָט די ווערטער וואָלטערס באַווייזן אונז, פאַרוואָס די הערשנדיקע עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן האַלטן פון רעליגיע, פאַרוואָס זיי איז נוצלעך, אַז דער האַמוין, דער פּראָסטער אוילעם זאָל גלויבן אין גאָט, ער זאָל גלויבן, אַז גאָט קאָן אים שטראָפן און באַלוינען. וואָלטער האָט טאַקע דעריבער געזאָגט: „ווען קיין גאָט וואָלט ניט געווען, וואָלט מען אים גענדאַרפט אויסטראַכטן“. און די רוסישע קייסערינע יעקאַטערינע „די גרויסע“, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ אָנהענגערין פון וואָלטערן, האָט אַמאָל געזאָגט אַזוי: „רעליגיע איז נייטיק פאַר די פינצטערע מאַסן, און פאַר אונז איז נייטיק פילאָזאָפיע“.

פרומע אידן זאָגן שאַבעס אין פּירעק: „אַקאַוויע דער זון פון מאהאַלאַלעל זאָגט: טראַכט זיך איין אין דריי זאַכן, וועסטו ניט קומען צו קיין אַווירע. וויס פון וואַנען די ביזט געקומען, וואוהין די גייסט און פאַר וועמען די וועסט דאַרפן אָפּגעבן דינווערעכשבן. די ביזט געקומען פון אַ פאַרשמעקטן טראָפּן, די גייסט אין דער ערד, וואָס איז פול מיט ווערים און אָפּגעבן דינוועכעשבן וועסטו דאַרפן פאַרן קעניג איבער אַלע קעניגן, פאַר דעם אַקאָדעש באָרעכו“. ווייטער: „רעב כאַנינע דער עלטסטער פון די קויהאַנים זאָגט: בעט גאָט פאַרן געזונט פון דעם קייסער דערפאַר, ווייל ווען דער מענטש זאָל קיין מוירע ניט האָבן, וואָלט איינער דעם אַנדערן איינגעשלונגען לעבעדיקערהייט“...

דער עקספּלואַטירטער מענטש דאַרף זיך פילן נישטיק און קליין, ער דאַרף גלויבן, אַז ער וועט מוזן אָפּגעבן רעכענונג פאַר דעם רעבוינעשעלוילאָם; ער דאַרף וויסן, אַז גאָט פירט די וועלט, ווי ער וויל; ער מוז גלויבן, אַז רייכקייט און אָרעמקייט איז אַ גאָט-זאַך; ער דאַרף זיך אונטערטעניק מאַכן פאַר דער מאַכט פון זיינע אונטערדריקער און מיםפאַלעל זיין פאַר דעם געזונט פון זיינע דעספּאָטן; ער דאַרף האָפן, אַז גאָט וועט אים געבן אַ גוט לעבן, ווען ער וועט עס באַ אים פאַרדינען דורך אונטערטעניקייט, טפילעס, טאַנייסים, ווען ער וועט אַלץ אָנעמען פאַר גוט, ווען ער וועט מעקאַבל זיין בעאַהאַווע זיינע יעסורים אַף דער וועלט און וועט גלויבן, אַז גאָט וועט אים באַצאָלן אַף יענער וועלט.

די עקספלואַטאַטאָרס האָבן מוירע, אַז ווען זייערע קאָרבאָנעס — די עקספלואַטירטע אַרבעטער און פויערים — וועלן אויפהערן צו גלויבן אין גאָטס האַשגאָכע, ווען זיי וועלן פאַרשטיין, אַז ניט דער רעבוינעשעלוילאָם באַשטימט זייער שיקזאַל, אַז זיי אַליין קאָנען זיך אויסקעמפן אַ פריי לעבן אָן עקספלואַטאַציע, וועט עס האַלטן שמאָל מיט דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס די בורזשואַזיע פאַרפאָלגט אַזוי אַפיקאָרסעס, פאַרוואָס זי קעמפט אַזוי האַרטנעקיק קעגן דער מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג. עס איז גענוג צו דערמאָנען זיך וועגן דעם „מאַלפע־פראָצעס“, וואָס איז מיט אַ פאָר יאָר צוריק פאָרגעקומען אין אַמעריקע, קעדיי צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ קאַדאָכעס עס הויבט אָן צו טרייסלען די בורזשואַזיע, ווען זי דערזעט, אַז די ווירקלעכע וויסנשאַפט הויבט אָן אַרויסצושטויסן דעם גלויבן אין דער „הייליקער טוירע“. דערדאָזיקער באַרימטער פראָצעס איז באַשטאַנען אָט אין וואָס: דער אַמעריקאַנער געריכט האָט געמישפעט און פאַרמישפעט אַ לערער, וואָס האָט געוואַגט צו לערנען זיינע טאַלמידים, אַז דער מענטש שטאַמט פון אַ מאַלפע. אויב אַזוי, האָט געזאָגט דער געריכט, לייקנט דאָך דער לערער אין דער טוירע האַקדוישע, ווייל דאָרט איז דאָך בעפיירעש געזאָגט, אַז גאָט האָט באַשאַפן אָדעמען פון ערד און זיין ווייב כאַווע האָט ער געשאַפן פון אָדעמס ריפ. לייקענען אָבער אין דער טוירע באַטייט לייקענען אין גאָטס אַלמעכטיקייט, אין גאָטס האַשגאָכע איבער יעדן מענטשן, און דאָס איז אַ גרויסע געפאַר פאַר דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג.

דער ענגלישער מיליאָרדער דעטערדינג איז שטאַרק ברוגעז אַף דער סאָוועטן־מאַכט, פאַרוואָס זי האָט נאַציאָנאַליזירט זיינע נאַפט־קוואַלן און האָט זיי געמאַכט פאַרן אייגנטום פון די אַרבעטנדיקע. קערט ער וועלטן אַף דער סאָוועטן־רעגירונג, זאָגט, אַז זי איז ערגער פאַר אַ וואַלד־גאַזלען און אַז קיין אָרנטלעכער מענטש דאַרף מיט איר קיין געשעפטן ניט האָבן. אין דערזעלביקער אַמעריקע, וואו מע באַשטראָפט פאַר לערנען דאַרווינס לערע, לעבט אַ מיליאָרדער ראָקפעלער, זייער אַ נאָטספאָרכטיקער מענטש. איז אָט דער ראָקפעלער קויפט דאַווקע יאָ באַ דער סאָוועטן־מאַכט איר נאַפט. ניט כאָלילע, ווייל ער וויל געבן צו לייזן דער אַרבעטער מעלוכע, נאָר ווייל אַף נאַפט קאָן מען פאַרדינען אַ רעכטע מאַטבייע. פירט דעטערדינג אַ קאַמף קעגן ראָקפעלערן. צוערשט האָט ער אָבער גערעכנט ווירקן אַף ראָקפעלערן מיט גוטן. האָט ער אים אָנגעשריבן אַ בריוו וואו ער האָט אים מאַסרע געווען, אַז ער זאָל ניט האָבן קיין געשעפטן מיט דער סאָוועטן־רעגירונג, ווייל זי... פירט אַן אַנטירעליגיעזע פראָפאַגאַנדע. דער בריוו האָט אָבער געהאָלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס: ראָקפעלער איז טאַקע אַ פרומער קריסט, ער ווייסט אָבער, אַז די פרומקייט איז נוצלעך נאָר דאַן, ווען זי העלפט צו באַרייכערן זיך, אַרויסלאָזן רעוואַך. אָבער צוליב פרומקייט, דאָס ווידערשפרעכט דער רעליגיע פון קאַפיטאַל. ראָקפעלער ווייסט זייער גוט, אַז אין דער יעוואַנגעליע איז געשריבן קריסטוסעס געבאָט: האָב ליב, ווי זיך אַליין ניט נאָר דיינע פריינט, נאָר אויך דיינע פיינט. פונדעסטוועגן האָט ער געהאַלטן פאַר אַ גאָטסווירדיקע זאַך צו טויטן סאַקאָ און וואַנצעטי, צו שיסן אין שטרייקנדיקע אַרבעטער, צו פאַרטיליקן פעלקער, וואָס ווילן זיך ניט לאָזן רויבן פון די אַמעריקאַנער מיליאָרדערן. ער ווייסט, אַז ליב האָבן די פיינט — דאָס איז אַ געבאָט פאַר קנעכט, פאַר אַרבעטער, פויערים, באַלמעלאָכעס, וואָס קרעכצן אונטערן יאָך פון זייערע עקס־

פלואטאטאָרם; זיי דאַרפן ליב האָבן זייערע אונטערדריקער, זיי דאַרפן פאָלגן גאָטס געבאָטן. פאַר די עקספּלואַטאַטאָרס האָט גאָט אַזעלכע געזעצן אָבער ניט געשריבן. פאַרקערט, די טוירע זאָגט: „לא יחדל אביון מן הארץ“, ד. ה. אָרעמעלייט וועלן אייביק זיין אַף דער וועלט. פאַר די רייכע איז אַזאַ טוירע די בעסטע און זיי זיינען פאַרינטערעסירט, אַז די אָרעמע זאָלן גלויבן, אַז גאָט האָט אַזוי די וועלט באַשאַפן, אַז עס זאָלן זיין רייכע און אָרעמע. און בעעמעס, קומט אויס ניט זעלטן יעדן פון אונז צו הערן, ווי אַן אָרעמאַן, וואָס גלויבט אין גאָט, זאָגט מיט אַ זיפץ:

„וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב קיין מאַזל ניט“... „מיסטאָמע איז מיר ניט באַשערט“... „מיסטאָמע וויל אַזוי גאָט“... „גוואַלד, פאַרוואָס שטראָפט מיך אַזוי דער רעבוינעשעלוילאָם“.

די הערשנדיקע עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן נוצן אויס זייער גאָט אַף צו האַלטן אין נעהאָרכזאַמקייט די עקספּלואַטירטע, איינצורײדן זיי, אַז די וועלט פירט זיך לויט גאָטס ווילן, אַז אַלע, וואָס גלויבן אין איינעם און דעמזעלבן גאָט זיינען ברידער און צווישן זיי טאָר קיין קלאַסנקאַמף ניט זיין. די פּראַוואָסלאַוונע נעמען זיך קריסטוסן אין מאָנאָפּאָליע און דערקלערן, אַז זיי זיינען די עמעסע געטרייע גאָטס קינדער, אַז פּראַוואָסלאַוונע מענטשן דאַרפן מיט לייב און לעבן שיצן דאָס פּראַוואָסלאַווישע פאָלק. די רוסישע פּריצים און קאַפּיטאַליסטן פלעגן מאַכן די פּראַוואָסלאַוויע פאַר אַ מיטל פון קאַמף קעגן זייערע קאָנקורענטן — ניט פּראַוואָסלאַוונע עקספּלואַטאַטאָרן, זיי פלעגן אויסנוצן די רעליגיע אַף אָנצוהעצן די רוסישע אַרבעטער קעגן די אידישע, טאָטערישע, פּוילישע, אַרמענישע אַרבעטער. בעאיים אַ מילכאָמע האָבן די רוסישע סאָלדאַטן געדאַרפט הארגענען זייערע ברידער אַרבעטער און פּויערים פון אַנדערע פעלקער אין נאָמען פון גאָט, צו פאַרהיטן די פּראַוואָסלאַוויע. דאָס רוסישע צאַרישע מיליטער איז דעריבער באַקרויגט געוואָרן מיטן נאָמען „דער קריסטוס־ליבנדיקער כאַיל“.

די דייטשישע בורזשואַזיע האָט אָבער אויך אַ גאָט אין הימל און רעדט איין אירע דייטשישע אַרבעטער, אַז זיי דאַרפן פאַרגיסן זייער אייגן בלוט און דאָס בלוט פון זייערע ברידער אין נאָמען פון גאָט. אַף די ספּראָנזשקעס פון די דייטשישע סאָלדאַטן איז בעאיים דער מילכאָמע געווען אָנגעשריבן: „גאָט מיט אונז“.

די אידן, ווידער, דאַרפן גלויבן, אַז נאָט האָט זיי אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער, אַז „אַלע אידן זיינען כאַווײרים“, אַז בראָדסקי איז אַ ברודער פון לעקערטן, פאָזנאַנסקי אַ ברודער באָטווינען, גאָט, הייסט עס, האָט דיזאָזיקע ברידער נאָר אַ פאַרשיידענעם מאַזל געגעבן. דער אידישער האָרעפּאַשניק דאַרף גלויבן, אַז אַלע אידן האָבן איין פאָטער אין הימל, אַז אַלע „גאָים“ דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי סאָנים פון די אידן, ווייל זיי גלויבן ניט אין דעם איינציקן אידישן גאָט. דער „איינציקער גאָט“ דאַרף אַף אַזאַ אויפן פאַרייניקן אַלע אידן און קעגנשטעלן זיי אַלע „גאָים“. ווען די אידן האָבן אין אַמאָליקע יאָרן געפירט מילכאָמעס, האָבן זיי געטאַינעט דאָס זעלבע, וואָס אין דער לעצטער מילכאָמע די דייטשן: „גאָט איז מיט אונז“. באַ די אידן האָט עס געהייסן: „אדוני ילחם לנו“ — גאָט האַלט פאַר אונז מילכאָמע. און אין נאָמען פון גאָט האָבן זיי אויסגעהאַרגעט פעלקער פון גרויס ביז קליין, ניט לאָזנדיק קיין לעבעדיקן נעפעש אין דעם סוינעס לאַנד.

אַזוי ווערט דער נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם איינגעהילט אין אַ טאַלעס פון עמונע.

ווייל די רעליגיע איז אַ מיטל אין די הענט פון די עקספּלואַטאַטאָרן צו האַלטן אין געהאָרכזאַמקייט די אַרבעטנדיקע מאַסן, זאָרגן טאַקע די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים, אַז די אַרבעטער זאָלן זיין פרום. דערפאַר האָבן באַ אונז די רוסישע קאַפּיטאַליסטן געבויט קלויסטערס באַ די פאַבריקן אַפן אַרבעטערס כעשבן און די אידישע קאַפּיטאַליסטן פלעגן באַזאָרגן די האָרעפּאַשניקעס מיט שולן, טאַלמעדטוירעס א. א. וו. אין 1898 יאָר האָט אין ביאַליסטאָק אַפילע אויסגעבראָכן אַ שטרייק באַ די שטעפּער דערפאַר, וואָס די באַלעבאַטים האָבן געפאָדערט, אַז די אַרבעטער זאָלן אין וואַרשטאַט דאַפקע טראָגן יאַרמעלקעס. אַסאַך פאַבריקאַנטן פלעגן רעווידירן, צי טראָגן די אַרבעטער ציצעס.

לענין זאָגט: „רעליגיע איז איינע פון די סיבעס פון גייסטיקן דרוק, וואָס ליגט אומעטום אַף די פּאָלקס-מאַסן, וואָס זיינען דערשטיקט דורך שטענדיקער אַרבעט אַף אַנדערע, דורך נויט און עלנד. די מאַכטלאָזיקייט פון די עקספּלואַטירטע קלאַסן אין קאַמף מיט די עקספּלואַטאַטאָרן געבערט אומפאַרמיידלעך דעם גלויבן אין אַ בעסער לעבן „אַף יענער וועלט“, פונקט ווי די מאַכטלאָזיקייט פון דעם ווילדן מענטשן אין זיין קאַמף מיט דער נאַטור געבערט דעם גלויבן אין גאָט, אין שיידים, אין וואונדער א. א. וו. יענעם, וואָס אַרבעט און ליידט נויט דאָס גאַנצע לעבן, לערנט די רעליגיע האַכנאָעדיקייט און געדולדיקייט דאָ אַף דער וועלט, טרייסטנדיק אים מיט דער האָפענונג צו באַקומען סכאַר אַפן הימל. און די, וואָס לעבן פון פרעמדער אַרבעט, זיי לערנט די רעליגיע צו געבן צדאָקע דאָ אַף דער ערד, פאַרלייגנדיק זיי זייער אַ ביליקע באַרעכטיקונג פאַר זייער עקספּלואַטאַטאָרישער עקזיסטענץ און פאַרקויפנדיק „פאַר גלייכן געלט“ בילעטן אַף גאַניידן. רעליגיע דאָס איז אַ מין גייסטיקער שיקרעס, אין וועלכן די קנעכט פון קאַפּיטאַל דערטרינקען זייער מענטשלעכן ווערט, זייערע פאָדערונגען פון אַ ווייפל ניט איז מענטשלעכן לעבן.

„דער קנעכט אָבער, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ קנעכט און וואָס איז אויפגעשטאַנען צום קאַמף פאַר זיין באַפרייאונג, הערט שוין אויף אַף העלפט צו זיין אַ קנעכט. דער איצטיקער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער, וואָס איז דערצויגן דורך דער גרויסער פאַבריק-אינדוסטריע, וואָס איז אויפגעקלערט דורך דעם שטאָטישן לעבן, וואַרפט אָפּ פון זיך מיט פאַראַכטונג די רעליגיעזע פאָרורטיילן; ער לאָזט איבער דעם הימל אין רעשוס פון די גאַלאָכים און רעליגיעזע צוואַקעס, דעראָבערנדיק פאַר זיך אַ בעסער לעבן דאָ אַף דער ערד. דער איצטיקער פּראָלעטאַריאַט שטעלט זיך אַף דער זייט פון סאָציאַליזם, וועלכער באַנוצט די וויסנשאַפט צוליבן קאַמף מיטן רעליגיעזן נעפל און באַפרייט דעם אַרבעטער פון דעם גלויבן אין אוילעמהאַבע דורך דעם, וואָס זי פאַראייניקט אים צוליב אַ ווירקלעכן קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן דאָ, אַף דער ערד“. (לענין. „סאָציאַליזם און רעליגיע“).

## קאָמוניזם האָט קיין שום געמיינזאַמעס ניט מיט רעליגיע

פון דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבן דאָ גערעדט, קאָנען מיר שוין פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ מאַמאָשעס עס האָבן די רייד פון אַזעלכע מענטשן, וואָס ווילן אונז איינשמועסן,

אַז קאָמוניזם איז אויך אַ מין רעליגיע. עס זיינען, עמעס, פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס פֿאָרן צוזאַמען סאָציאַליזם מיט רעליגיע. דער „סאָציאַליסט“ מאַקדאָנאַלד האַלט זיינע דראָשעס וועגן סאָציאַליזם אין קלויסטער און פֿאַרענדיקט זיי מיט אַ פּאָסעק: „ברענג אונז רעבוינעשעלוילאָם סאָציאַליזם אַף דער ערד“. צו אַזאַ מין טפֿילע וועגן סאָציאַליזם וועלן צושטימען אַלע קאַפּיטאַליסטן. ווען דער אַרבעטער זאָל זיך נאָר באַנוגענען מיט בעטן גאָט וועגן סאָציאַליזם, וועלן זייערע באַלעבאַטים זיי קיין שלעכט וואָרט ניט זאָגן, זיי וועלן זיי נאָך שענקען סידורימלעך מיט אָט דער פֿיינער טפֿילע. די קאָמוניסטן זיינען אָבער ניט קיין בעוורע טילים-זאָגער. זיי גלויבן ניט אין קיין שום אויסערנאַטירלעכער קראַפֿט, וואָס זאָל הערשן איבער דעם מענטשן. די קאָמוניסטן באַגרינדן וויסנשאַפֿטלעך די נויטיקייט צו קעמפֿן פֿאַר דער באַפֿרייאונג פֿון אַלע אונטערדריקטע. דער וויסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליזם פֿון מאַרקס און ענגעלס לערנט אונז די געזעצן פֿון דער געזעלשאַפֿט. ער לערנט אונז, וועלכע סטירעס ווערן געשאַפֿן אין גאַנג פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט און באַווייזט אונז, אַז דער קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל מוז זיך ענדיקן מיטן זיג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיין דער באַגראָבער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט און דער בויער פֿון דער נייער קאָמוניסטישער געזעלשאַפֿט. דער פּראָלעטאַריאַט גלויבט ניט און האָפֿט ניט, אַז גאָט וועט אים באַפֿרייען, אָדער אַז גוטע מאַלאָכים וועלן פֿאַר אים קעמפֿן; ער האָפֿט ניט, אַז דער סאָציאַליזם וועט קומען פֿון זיך אַליין. מיר ווייסן, אַז י ע ד ע רעליגיע איז געבויט אַף דעם גלויבן אין אויסערנאַטירלעכעם, דער קאָמוניזם גלויבט אָבער ניט אין קיין שום אויסערנאַטירלעכעם. דער קאָמוניזם איז אַ וויסנשאַפֿטלעכע רעוואָלוציאָנערע טעאָריע. און אָט די טעאָריע זאָגט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן באַפֿרייען זיך און אַלע אַרבעטנדיקע נאָר דורך פֿאַרכאַפּן מיט גוואַלד די מאַכט אין די אייגענע הענט, נאָר דורך דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט. נאָר אַף אַזאַ אויפֿן וועט ער אויפֿבויען די קאָמוניסטישע געזעלשאַפֿט.

## ליטעראַטור


Я р о с л а в с к и й, Ем. „Религия и РКП (б)“, изд. „Безбожник“, 1925 г стр. 12-16, 29, 32-36.

П л е х а н о в, Г. „Вторая статья о религии“, первая глава, изд. ГИЗ, 1925 г. стр. 63-67·

Л е н и н, „Социализм и религия“, т. VII. ч. I.

Л е н и н, Об отношении рабочей партии к религии“, т. XI, ч. I.


## פֿראַגן צו איבערכאַזערן

1. וואָס איז דער הויפּט-סימען פֿון רעליגיע?
2. פֿאַר וואָס איז פֿאַלש די מיינונג, אַז קאָמוניזם איז אַ מין רעליגיע?
3. אין וואָס דריקט זיך אויס די ראָל פֿון דער רעליגיע, אַלס געווער פֿון קלאַסן-אונטערדריקונג?
4. פֿאַרוואָס איז דאָס פֿויערטום מער רעליגיעז, איידער דער פּראָלעטאַריאַט?
5. מיט וואָס דערקלערט זיך די רעליגיעזקייט פֿונם האַנטווערקער?
6. פֿאַרוואָס איז דער פּראָלעטאַריאַט אַ קלאַס—אַן אַפּיקוירעס?
7. מיט וואָס שטערט די רעליגיע דער סאָציאַליסטישער בויאונג?
8. פֿאַרוואָס דאַרפֿן מיר קעמפֿן קעגן רעליגיע?

## קאַפּיטל 2

# צי דאַרף מען אָנקומען צו גאָט אַף צו דערקלערן די נאַטור-דערשייַנונגען

## נאַטור-וואונדער, וואָס זייַנען גאָר קיין וואונדער ניט

בעאיים די נאַמאַנגאַנער איינוואוינער האָבן געשלאָגן די ערד מיט שטעקנס, קעדיי צו באַרואיקן די בייזע רוכעס, איז אין פּולקאָווע, נעבן לענינגראַד, גלייך פאַרצייכנט געוואָרן, אַז אין מיטל-אַזיע, אַף אַ מעהאַלעד פון 4400 קילאָמעטער פון לענינגראַד קומט פאָר אַן ערדציטערניש. קיין נעוויאים זיצן ניט אין פּולקאָווע, און קיין געהיימע באַציאונגען מיט די נאַמאַנגאַנער רוכעס געפינען זיך ניט די פּולקאָווער געלערנטע. ניט דורך רואַכהאַקוידעש האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז אין אוזבעקיסטאַן איז אַן ערדציטערניש. זיי האָט עס דערציילט זייער סייסמאָגראַף — אַן אַפּאַראַט, וואָס פאַרצייכנט ערדציטערנישן. קיין איין מענטש אין לענינגראַד האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געפילט דעם אָפּקלאַנג פון דער וויטער ערדציטערניש. בלויז דער סייסמאָגראַף—אָט דער אַפּאַראַט, וואָס איז צוגעטראַכט פון אַ מענטשן — האָט מעכאַניש פאַרשריבן, אַז ערגעץ וויַיט ציטערט די ערד. מענטשן האָבן דעם סייסמאָגראַף מיט זייערע הענט געמאַכט און מענטשן לייענען זיין שריפט. און דערציילן דערציילט ער ניט בלויז וועגן דעם, אַז אַן ערדציטערניש איז ערגעץ וואו געשען, ער דערציילט אויך, ווי וויַיט און פון וואָס פאַר אַ קראַפט די ערדציטערניש איז.

פון פּולקאָווער אָבסערוואַטאָריע קלינגט מען דורכן טעלעפאָן אַף דער טעלעגראַף-סטאַנציע וועגן דער קאַטאַסטראָפע, וואָס קומט פאָר ערגעץ וויַיט אין מיטל-אַזיע. דער טעלעגראַף גיט איבער טייקעף אין אַלע עקן וועלט די בסורע, און אין איינינקע מינוטן ווייס מען שוין אַף דער גאַנצער וועלט וועגן דעם אומגליק אין אוזבעקיסטאַן. דיזעלבע בסורע ווערט איבערגעגעבן איינצייטיק פון פאַרשיידענע ערטער, וואו עס געפינט זיך נאָך אַ סייסמאָגראַף. ביז וואַנען דיראָזיקע יעדיעס וועלן אָפּגעדרוקט ווערן אין דער צייטונג, קאָן דויערן עטלעכע שאָ, רופט די ראַדיאָ-סטאַנציע פון מאָסקווע אַף טויזנטער קילאָמעטער, און דערציילט וועגן דער געשעעניש. און וואו עס שטייט נאָר אַ ראַדיאָ-אופנעמער הערט מען, וואָס מאָסקווע דערציילט.

אויב מע זאָל רעכענען די ערדציטערניש פאַר אַ וואונדער, איז ניט קיין קלענערער וואונדער אויך דאָס, וואָס פאַר טויזנטער קילאָמעטער, ווערט די ערדציטערניש פאַרצייכנט, וואָס אין משעך פון איייניקע מינוטן ווערט די יעדיע וועגן דער ערדציטערניש

פאַרשפּרייט איבער גאָר דער וועלט. אויב אין נאַמאַנגאַן זיינען אין דער ערד באַהאַלטן „בייזע רוכעס“, דאַן זיצן אין פֿולקאַווער אָבסערוואַטאָריע „גנוויאים“, אַפּן טעלעגראַף „קישעפמאַכער“ און אַף דער ראַדיאָ-סטאַנציע „גאָטס-מאַלאָכים“. מיר ווייסן אָבער, אַז סיי אין אָבסערוואַטאָריע, סיי אַפּן טעלעגראַף, סיי אַף דער ראַדיאָ-סטאַנציע זיצן איינ-פאַכע מענטשן, וואָס ווייסן זיך ווי צו באַגיין מיט די אַפּאַראַטן, וואָס מענטשן האָבן דערפונדן. מענטשן האָבן דווירעס-לאַנג געפאָרשט די נאַטור און האָבן אַנטדעקט אירע געזעצן. זיי האָבן געפאָרשט און זיינען דערגאַנגען, אין וואָס עס ליגט דער סייכל פון קלאַנגען, ווי זיי ווערן פאַרשפּרייט, מיט וואָס פאַר אַ גיכקייט, און זיי האָבן געפונען, אַף דעם סמאַך, די מיטלען ווי איבערצוגעבן קלאַנגען אַף ווייטע שטרעקעס. קיינער וועט ניט קאָנען זאָגן, אַז די געלערנטע פאַנטאַזירן בלויז און באַרימען זיך גאָר, אַז זיי ווייסן די סוידעס פון דער נאַטור. אַז זיי האָבן די געזעצן פון דער נאַטור גרינדלעך און פּינקטלעך דערלערנט, באַווייזן זיי מיט דעם, וואָס זיי ווענדן אָן זייערע קענטעניש אין פּראַקטישן לעבן. מיטן דערפינדן פון טעלעגראַף, טעלעפאָן, ראַדיאָ באַווייזן זיי, אַז זיי ווייסן בע-עמעס דעם מעהוס און די געזעצן פון דער נאַטור. דערציילן אונז די געלערנטע אויך וועגן דעם, פון וואַנען עס נעמען זיך ערדציטערנישן.

## ערדציטערניש און וואולקאַנען

ווען דער מענטש גראָבט טיפע גראָבנס אין דער ערד, פילט ער, אַז וואָס טיפער ער לאָזט זיך אַראָפּ, אַלץ וואַרימער ווערט דאָרטן. גענויע אויסמעסטונגען האָבן באַוויזן, אַז אַף יעדע 34 מעטער די טיף ווערט די טעמפּעראַטור העכער אַף 1 גראַד (לויט צעל-סיוס). ווען מע האָט געגראָבן דעם סען-גאָטאַרדישן טונעל אין די אַלפּן-בערג, איז אַף דער טיף פון 2200 מעטער די טעמפּעראַטור דערגאַנגען ביז 53 גראַד. אין שלעזיע האָט מען געגראָבן אַ שאַכט 2000 מעטער די טיף, איז די טעמפּעראַטור דאָרט דערגאַנגען ביז 69 גראַד. ווען מע זאָל קאָנען גראָבן אַ שאַכט ביזן צענטער פון דער ערד, וואָלט מען געדאַרפט גראָבן אין 3200 מאָל מער, ווי מע האָט געגראָבן אין שלעזיע; מע וואָלט, הייסט עס, געדאַרפט גראָבן 6400 קילאָמעטער. וואָס פאַר היץ דאַרף זיין דאָרט אין צענטער פון דער ערד! ווען מע זאָל רעכענען די וואַרעמקייט פון דעם אויבערפלאַך פון דער ערד פאַר 10 גראַד, דאַן דאַרף אין טיף פון 50 קילאָמעטער, (ניט 6400, נאָר בלויז 50!) זיין די טעמפּעראַטור 1800 גראַד. מיר ווייסן, אַז אייזן ווערט געשמעלצט באַ 1500 גראַד. הייסט עס, אַז אין דער טיף פון 50 קילאָמעטער מוז אייזן און אַסאַך אַנדערע מעטאַלן און מינעראַלן זיין אין אַ פליסיקן צושטאַנד.

מיר ווייסן, אַז עס זיינען פאַראַן פייער-שפּייענדיקע בערג, וועלכע מען רופט וואול-קאַנען. ווען אַזאַ באַרג הויבט אָן צו „שפּייען“, פליען פון אים אין דער הויך גליענדיקע שטיינער, דאַמף, אַש און אַ פייערדיקע לאַווע, וואָס באַשטייט פון צעשמאָלצענע באַרג-מאַטעריאַלן. דידאָזיקע פייערדיקע לאַווע פאַרברענט אַלץ אַף איר וועג. ניט איין מאָל האָט זיך באַרעוו געמאַכט גאַנצע שטעט און געגנטן. ווען זי קילט זיך אָפּ, ווערט זי אַף דער אויבערפלאַך פון דער ערד פאַרוואַנדלט אין געוויינלעכן שטיין. דידאָזיקע פייערדיקע לאַווע גייט פון דער טיף פון דער ערד. דאָרט באַשטייט אונזער ערד פון אַזעלכע צע-

שמאָלצענע פײערדיקע מאַסן. אין די אונטערשטע שיכטן פֿון דער ערד געפֿינט זיך אױך אַסאַך װאַסער. װען דאָס װאַסער קומט אין באַרירונג מיט אָט די צעגליטע מאַסן, פֿאַרװאַנדלט זי זיך טײקעף אין דאַמף. דאַמף פֿאַרנעמט אָבער אַ גרעסערן אָרט װי װאַסער; הױבט ער אָן שטאַרק צו דריקן אַף דער מאַסע, און זי רײַסט זיך אַרױס אין דרױסן מיט אַ שרעקלעכער קראַפֿט, װאַרפֿט שטײנער, אַש, דאַמף און אַז. װ. די װאָלקאַנען באַװײַזן אונדז באַשײַמפּערלעך, װאָס פֿאַר אַ היץ עס איז אין דער טיף פֿון דער ערד.

װען מיר װעלן אין קומענדיקן קאַפּיטל רײדן װעגן דעם, װי אַזױ איז די װעלט אַנטשטאַנען, װעלן מיר זען, אַז די ערד, אַף װעלכער מיר װױנען איז אַמאָל, מיט הונדערטער מיליאָנען יאָרן צוריק געװען אַ גליענדיקע קױל, אַז זי איז ביסלעכװײַז אָפּגעקילט געװאָרן און אַז דאָס אָפּקילן זיך קומט נאָך פֿאָר אַדהאַיעם. די שאָלעכץ פֿון דער ערד איז אָפּגעקילט געװאָרן און דער יאָדער גליט נאָך אַלץ. באַם אָפּקילן זיך װערט דער פֿאַרנעם פֿון ערד-קײלעך אַלץ קלענער. דעמדאָזיקן פֿיזישן געזעץ, אַז זאַכן װערן קלענער אין פֿאַרנעם, װען זײ קילן זיך אָפּ, זעען מיר טאָג-טעגלעך. ניט אַלע זאַכן פֿאַרקלענערן זיך אָבער באַם אָפּקילן אין דערזעלבער מאָס. אַזױ װי די ערד באַשטײט פֿון פֿאַרשײדענע מינים, ענדערן זײ זײער פֿאַרנעם ניט גלײַכמעסיק. אַזױ אַרום באַקומט זיך אַנטער דער ערד-שאָלעכץ קאָלאָסאַלע הײלן. אין אַזעלכע ערטער קאָן זיך אָפּט די ערד-שאָלעכץ ניט אײַנהאַלטן און זי לאָזט זיך אַראָפּ נידעריקער; זי פֿאַלט אײַן, װי אַ באַלקן, װאָס איז ניט גענוג פֿעסט אונטערגעשפּאַרט. די טיפֿענישן פֿון די אָקעאַנען האָבן זיך אױסגעבילדעט פֿון אַזאַ מין אײַנזינקען פֿון דער ערד. אין אײניקע ערטער פֿון גרױסן און אַטלאַנטישן אָקעאַן דערגײט די טיפֿקײט ביז 10 קילאָמעטער. די אָפּקילונג פֿון דעם ערד-קײלעך האָט זיך אָבער נאָך װײט ניט פֿאַרענדיקט, דעריבער האַלט ער נאָך אַלץ אין פֿאַרקלענערן זיך. דאָס אַראָפּלאָזן זיך פֿון דער ערד-שאָלעכץ קומט נאָך אַלץ פֿאָר אין דעם אָדער יענעם אָרט. אַמאָל קומט עס פֿאָר לאַנגזאַם, אַמאָל פּלוצים, קאַטאַסטראָפֿאַל. נאָך דער ערדציטערניש, װאָס איז פֿאָרגעקומען אין 1908 יאָר אין איטאַליע, אין מעסינאַ, איז דאָרט די דעק פֿון יאַם באַם ברעג אַראָפּגעזונקען אַף עטלעכע מעטער טיף.

מיר האָבן דאָ ערשט געזאָגט, אַז די אָקעאַנען האָבן זיך אױסגעבילדעט דורך דעם, װאָס די ערד-שאָלעכץ איז אין דידאָזיקע ערטער אַרונטערגעזונקען. די ערד-שאָלעכץ האָט זיך דאָ אַף אַזאַ אױפֿן אָנגעצױגן און האָט געדריקט אַף די זײַטן פֿון דעם אױסגעבילדעטן טאָל. פֿון אָט דעם דרוק האָבן זיך אַף דער ערד-שאָלעכץ אױסגעבילדעט פֿאַלדן — גאַנצע בערג-קײטן. אַזעלכע פֿאַלדן זײַנען אין אײראָפּע די קאַװקאַזער בערג, די אַלפּן; אין אַמעריקע זײַנען עס די קאָרדילערן, אין אַזיע — די הימאַלאַיער בערג. אין די ערטער, װאו עס זײַנען פֿאָרגעקומען אַזעלכע בראָכן אין דער ערד-שאָלעכץ איז דער גלײַכגעװיכט אַדהאַיעם ניט אײַנגעשטעלט. דערפֿאַר קומען דאָרט פֿאָר ערדציטערנישן.

אַף אַזאַ אױפֿן זעען מיר, אַז די ערדציטערנישן זײַנען אַ פֿועל-יוצא דערפֿון, װאָס די ערד-שאָלעכץ זינקט אַראָפּ; און אַז דאָסדאָזיקע זינקען קומט פֿאָר דערפֿאַר, װאָס דער ערד-קײלעך װערט אָפּגעקילט. פֿון דערזעלבער סיבע שטאַמען אױך װאָלקאַנען.

די געאָלאָגן, ד. ה. די געלערנטע, װאָס דערלערנען די ענדערונגען אין דעם ערד-קײלעך, די װאָס פֿאָרשן די געשיכטע פֿון דער ערד, דאַרפֿן אַבסאָלוט ניט אָנקומען צו גאָט, צו

קיין שיידים און רוכעס, אַפ צו דערקלענערן די סיבעס פון אַן ערדציטערניש. זיי דערקלערן דאָס ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, פּונקט ווי אַנדערע געלערנטע דערקלערן אונז די אַנדערע דערשיינונגען פון דער נאַטור: אַ דונער, אַ בליץ, רעגן, האָגל, זון-פינסטערניש, לעוואָנע-פינסטערניש און ד. גל.

## דונער, בליץ, עלעקטרע

גלויבנדיקע אידן און קריסטן זעען אַפ די גאַסן פון מאָסקווע, לענינגראַד, קיעוו, אָדעס, כאַרקאָוו, ווי עס באַוועגן זיך טראַמוויי-וואַגאָנען אָן פערד, ווי עס צינדן זיך אָן מיט אַמאָל די לאַמטערנעס אין די גאַסן „פון זיך אַליין“; זיי ריידן דורך עפּעס אַ טרייבל מיט באַקאַנטע, וואָס וואוינען עטלעכע קילאָמעטער ווייט פון זיי, און וואונדערן זיך אַפילע ניט. זיי זעען אָט די אַלע וואונדערלעכע זאַכן און זיי פאַלט גאָר ניט איין צו ציילעמען זיך אָדער צו מאַכן אַ בראָכע, ווען אַ טראַמוויי גייט ווען דאָס לעמפּל צינט זיך אָן. זיי זייגען שוין געוואוינט צו די אַלע איינריכטונגען פון אַ גרויסער שטאָט. זיי ווייסן, אַז דער טראַמוואַי באַוועגט זיך מיט דער קראַפט פון עלעקטריע, אַז די גאַסן און הייזער ווערן באַלויכטן דורך עלעקטרישע ליכט. זיי האָבן געזען, אַז אין די יאָרן פון בירגער-קריג, ווען די עלעקטרישע סטאַנציע האָט ניט געהאַט קיין הייצונג, זייגען אָפּגעשטעלט געוואָרן די טראַמוואַיען, זייגען די גאַסן פון די גרויסע שטעט געווען שלעכט באַלויכטן, און אין שטוב האָט דאָס עלעקטריש לעמפּל אָפּט געשטרייקט. אָן דער אַרבעט פון מענטשן איז קיין עלעקטרע ניטאָ. דער מענטש גראָבט די קוילן, באַקומט אַרויס נאַפט, האַקט האָלץ, טראָגט צו מאַשינעס, בויט מאַשינעס, ברענגט זיי אין באַוועגונג און שטעלט זיי אָפּ דורך אַן אַפּאַראַט, וואָס ער, דער מענטש, האָט דערפונדן און געבויט. איז ניטאָ קיין הייצונג אָדער עס שטרייקן די אַרבעטער, שטעלן זיך אָפּ די מאַשינעס, איז ניטאָ קיין עלעקטריע, גייען ניט די טראַמוואַיען, לייכטן ניט די לאָמפּן. אַלץ איז אַזוי פּאָשעט און פאַרשטענדלעך. זאָל זיך אָבער באַווייזן אַ בליץ און דערהערן אַ דונער, און דער גלויביקער קריסט וועט זיך איבערציילעמען, דער איד וועט מאַכן אַ בראָכע, ער וועט לויבן גאָט פאַר די גרויסע וואונדער, וואָס ער טוט, פאַר דער גרויסער קראַפט זייגער, וואָס ער אַנטפּלעקט אין דונער.

דער קאַלמיקישער דיכטער אַמור-סאַנאַן דערציילט אַזאַ מאַיסע: מיט יאָרן צוריק איז ער אַוועקגעפאָרן פון זיין פאַרוואָרפן דאָרף אין מאָסקווע. אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט ער זיך אומגעקערט צוריק צו זיך אין דאָרף. זיינער אַן אַלטער פעטער איז געקומען אָפּגעבן אים שאָלעם-אַלייכעם און פרעגן, וואָס הערט זיך דאָרט אין דער גרויסער שטאָט. דער יונגער אַמור-סאַנאַן האָט אים דערציילט וועגן די פאַרשיידענע וואונדער, וואָס ער האָט דאָרט געזען. צווישן די אַלע וואונדער האָט ער אויך דערציילט, דעם פעטער, אַז דאָרט, אין מאָסקווע, פאָרן אום איבער די גאַסן גרויסע וועגענער אָן פערד. געמיינט האָט ער — טראַמוואַיען, אַוטאָמאָבילן. דער אַלטער האָט אויסגעהערט די וואונדערלעכע דערציילונג פון זיין פלימעניק, האָט גוטמוטיק אַ קלאַפּ געטאָן אים איבערן פּלייצע און מיט אַ פּאָנים פון אַ געניטן מענטשן געזאָגט: „אַך, מיין קינד, דו ביסט נאָך יונג און לייכטגלויביק! ניט אַלץ האָסטו דאָרט געזען אין מאָסקווע. ווען דו וואָלסט זיך גוט איינ-

געקוקט, וואָלסטו געזען, אַז דאָרט אין גרויסן וואָגן איז ערגעץ באַהאַלטן אַ פערד. גלויב מיר, איך בין עלטער פאַר דיר און געניטער: אָן קיין פערד וועט קיין וואָגן ניט פאָרן. עס איז בלויז אַ פאַרבלענדעניש“.

דער אַלטער קאַלמיק קאָן זיך בעשום אויפן ניט פאָרשטעלן, אַז אַ וואָגן קאָן זיך באַוועגן אָן פערד, און גלויביקע אידן, קריסטן, מאַכמעדאַנער ווילן זיך ניט לאָזן איינשמועסן, אַז אַ דונער און בליץ קאָן פאָרקומען אָן גאָט. אַז אַ טראַמוואַי קאָן גיין אָן פערד, אַז אַ לאָמפ קאָן ברענען אָן נאַפט, דאָס איז פאַר זיי שוין קיין וואונדער ניט. אָבער אַ דונער, אַ בליץ — דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך. זיי ווייסן ניט, אַז אַ בליץ און דונער זיינען פּאָשעטע עלעקטריע-ערשיינונגען.

אין אַמעריקע האָט דער געלערנטער פראַנקלין שוין מער ווי מיט אַנדערהאַלבן הונדערט יאָר צוריק דערגאַנגען, וואָס עס איז אַזוינס אַ דונער און בליץ. פראַנקלין האָט געמאַכט אַ גרויסע שלאַנג, אַזאַ ווי קינדער לאָזן פליען הויך אין דער לופט, צוגעבונדן אַף אַ שטריקל. פון צוויי גרויסע קינעלעך האָט ער געמאַכט אַ ציילעם, אַפן ציילעם האָט ער אָנגעצויגן זייד (קינדער מאַכן עס פון פּאַפּיר), האָט צוגעמאַכט אַן עק, און צום קאָפּ האָט ער צוגעפעסטיקט אַ שפּיציקן דראָט. צוגעבונדן צום „שלאַנג“ אַ לאַנגע שטריק, איז ער פאַר אַ געוויטער אַרויס אַפן גאַס און האָט געלאָזן דעם שלאַנג פליען. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגן מיט אַ שטורעם. פראַנקלין האָט זיך געשטעלט אונטער אַ סטרעכע. עס האָט געבליצט און געדונערט. פראַנקלין האָט זיך צוגערירט מיטן פינגער צום נאַסן שטריקל. איז אַרויסגעשפּרונגען אַ פונק און עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַק. דאָס איז געווען אַ קליינער בליץ און דונער. פראַנקלין האָט זי אַראָפּגעבראַכט פון הימל אַף דער ערד. שפּעטער האָט דער געלערנטער באָמאַס געמאַכט אַזאַ „שלאַנג“ ווי פראַנקלין, נאָר אַ גרעסערן און האָט צו אים צוגעבונדן אָנשטאָט אַ שטריק — אַ דראָט אַרומגעדרייט מיט זייד. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער געוויטער זיינען פון דראָט געפלויגן פונקען אַ פאָר מעטר די לענג און בעשאַס מאַיסע האָט זיך געהערט אַ שרעקלעכער קנאַק. דאָס זיינען געווען עמעסע בליצן און דונערן: די פונקען וואָס זיינען געפלויגן פון דראָט זיינען ניט קיין פייערדיקע, נאָר עלעקטרישע.

בעאַיס אַ געוויטער איז אין די וואָלקנס זייער אַסאַך עלעקטריע. דער בליץ איז אַ גרויסער עלעקטרישער פונק. דער ענגלענדער וואָל האָט אַזוי אַרום באַקומען קליינע בליצעלעך: ער האָט אין אַ פינצטערן צימער געריבן ברוסטין מיט אַ וואָלענעם טיכל, און פון ברוסטין זיינען געפלויגן פונקען. די דייטשישע פיזיקער בראַש, לאַנגע און אורבאַן האָבן ניט לאַנג איינגעשטעלט אין איטאַליע, אַפן באַרג מאָנט-שענעראָז אַ גרויסע דראָטן-נעץ מיט שפּיצן. דורך דער דראָזיקער נעץ האָבן זיך באַקומען בעאַיס אַ געוויטער פונקען פיר מיט אַ האַלב מעטר די לענג. אין משך פון 30 מינוט זיינען אַזעלכע פונקען דורכגעשפּרונגען רעגולער איינע אַ סעקונדע. די אָנשטרענגונג פון עלעקטריע האָט אין דער נעץ דערגרייכט ביז צוויי מיליאָן וואָלט.

איצט האָבן זיך מענטשן אויסגעלערנט באַקומען עלעקטריע אין אומגעהויערע מאָסן. דורך דראָטן לאָזן זיי די עלעקטרע שטראָמען ווי וואַסער דורך טרובעס. עלעקטרע באַ-

וועגט טראַמוואַיען, באַנען, קאָלאָסאַלע מאַשינען אַף פאַבריקן. זאָל זיך אַ מענטש אָנרירן אָן אַזאַ דראָט, וועט ער דערהאַרגעט ווערן אַפן אָרט.

ניט מיט טפילעס ראַטעוועט זיך איצט דער מענטש פון בליץ — אַ בליץ=אָפציער האָט ער צוליב דעם צוגעטראַכט. גאָר אַ פּאָשעטע זאַך איז אָט דער בליץ=אָפציער: אַן אייזערנער רוט, וואָס איין עק זיינער דערהויבט זיך איבערן דאַך און דער אַנדערער איז איינגעגראָבן טיף אין דער ערד. אָט דער אייזענער רוט שלינגט איין אין זיך די עלעקטרע, געמט צו דעם בליץ=פונק און שיקט אים אַוועק אין דער ערד אַריין.

נו דאַרף מען מאַכן אַ בראָכע „שעקויכוי אוגוואוראסוי מאָלע אוילאָם“?

## רעגן, טריקעניש, האָגל

גייט זומער לאַנג קיין רעגן ניט, און די טוואוע אַף די פעלדער הויבט אָן פון דאָרשט פאַרטריקנט צו ווערן, קוקט דער פרומער פויער אַפן הימל און בעט דעם ריבוינע=שעל=אוילאָם ער זאָל שיקן אַ רעגן. גייט צו פיל רעגן און שאַדט דער טוואוע, אָדער לאָזט זי ניט אַראָפּנעמען פון די פעלדער, בעט ווידער דער גלויביקער פויער זיין גאָט ער זאָל די רעגנס פאַרהאַלטן. פון וואַנען נעמען זיך רעגנס? „גאָט שיקט זיי“, — אַזוי רעכנט דער גלויביקער. און די וויסנשאַפט דאַרף גאָר ניט אָנקומען צו גאָט אַף צו דערקלערן פון וואַנען עס נעמט זיך רעגן, וואו איז די סיבע פון טריקעניש, פאַר וואָס קומט אַ האָגל.

יעדערער פון אונז זעט, ווי פון אַ קאָכנדיקן סאַמאָוואַר גייט אַרויס דאַמף. די וואַסער פון סאַמאָוואַר ווערט פון היץ פאַרוואַנדלט אין דאַמף. דער דאַמף ווערט פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן צימער און מע זעט אים ניט. מיר באַמערקן אָבער, אַז די קאַלטע שויבן פונם פענסטער הויבן אָן צו שוויצן. קיין טיי האָבן זיי ניט געטרונקען, און שוויצן געבעך. דאָס האָט זיך דער דאַמף, וואָס איז אָקאָרשט פון סאַמאָוואַר אַרויס, אָפּגעקילט און איז צוריק וואַסער געוואָרן. מיר זעען אויך, ווי שנעל עס ווערן אויסגעטריקנט אין אַ הייסן טאָג בלאָטעס, ווי עס ווערט פלאַכער דער טייך אין אַ הייסן זומער. די וואַסער פונם טייך, פון דער בלאָטע ווערט פון היץ פאַרוואַנדלט אין דאַמף. ניט אָפּגעקילטן דאַמף זעען מיר ניט. דער דאַמף וואָס מיר זעען יאָ, איז שוין אַביסל אָפּגעקילט, און דאַן זעט ער אויס ווי אַ נעפּל, אָדער ווי אַ וואָלקנדל. קוקן מיר זיך צו, ווי דער דאַמף גייט אַרויס פון אַ קאָכנדיקן קעסל דורך אַ דינעם טרייבל, זעען מיר, אַז צווישן דעם אַרויסגייענדיקן דאַמף, וואָס מיר זעען מיט אונזערע אויגן און דעם טרייבל, איז דאָ אַ שטיקל ליידיק אָרט. דאָס „ליידיק“ אָרט איז אָבער אין דער עמעסן פאַרנומען מיט דאַמף וואָס האָט זיך נאָך ניט אָפּגעקילט. די זון וואַרעמט אָן די מוירעדיקע יאַמען. די אָנגעוואַרעמטע וואַסער ווערט פאַרוואַנדלט אין דאַמף, וואָס הויבט זיך אויף הויך אין דער לופט. ווינטן טראָגן אַוועק דעם דאַמף ווייט פון יאַם. דער דאַמף ווערט אָפּגעקילט, און פון אים ווערן וואָלקנס. און ווען די וואָלקנס ווערן נאָך מער אָפּגעקילט, ווערט פונם דאַמף וואַסער און עס גיסט אַ רעגן.

פון וואַנען נעמען זיך אָבער נוטע און שלעכטע וועטערן? פאַר וואָס שטייען עס אַמאָל טרוקענע טעג אַ וואָך נאָכאַנאַנד און מערער, און אַמאָל „וויינט דער הימל“ מיט ביטערע טרערן גאַנצע טעג און נעכט. ווענדט זיך עס טאַקע פון דער פריילעכער אָדער טרויעריקער

שטימונג פון הימל? אַפּאָנים — ניט. אָט גיסן אין מאָסקווע רעגנס און אין קרים איז אַ טריקעניש. אין אַרכאַנגעלסק פרירט מען אין פעלצן און אין קרים, אין קאַווקאַז ליידט מען פון דער ברענענדיקער זון. פון דעם, וואָס ניט אומעטום אַף דער ערד איז אייגע און די זעלביקע טעמפּעראַטור, פון דעם, הייסט עס, וואָס אין איין אָרט איז וואַרעם און אין דעם אַנדערן איז קאַלט, באַוועגט זיך די לופט. עפענען מיר אויף ווינטער די טיר אָדער די פענסטער, פילן מיר ווי די קאַלטע לופט רייסט זיך אַריין אין צימער, און פון צימער אַנטלויפט אין דרויסן די וואַרעמע לופט. אַ גרויסע באַוועגונג פון לופט שאַפט ווינטן. אַ שטראָם קאַלטע לופט ברענגט קאַלטע ווינטן; וואַרעמע לופט טראָגט וואַרעמע ווינטן. אָט די ווינטן זיינען די הויפּט-סיבעס פון גוטע אָדער שלעכטע, טרוקענע אָדער נאַסע וועטערס. אָבער ניט די ווינטן, וואָס בלאָזן דאָ אַף דער ערד, נאָר יענע ווינטן, וועלכע טראָגן זיך הויך אין דער לופטן, אין דער הויך, פון פיר ביז צען קילאָמעטער. אויב הויך איבער ווייסרוסלאַנד לאָמיר זאָגן, טראָגן זיך ווינטן פון פאַרשיידענע זייטן, זאַמלען זיך דאָרט אָן אויבן גאַנצע בערג לופט. דידאָזיקע לופט-בערג דריקן אַף די אונטערשטע שיכטן פון דער לופט און זיי ווערן אַלץ מער צונויפגעפּרעסט. ווען מיר וועלן דריקן פון אויבן אַף אַ קופּע זוימען וועט זיך די קופּע פאַנאַנדערשיטן אין פאַרשיידענע זייטן, אויב זי איז ניט פאַרצוימט מיט ווענט. די לופט איז פריי, קיין צוימען האָט זי ניט; דריקט מען אַף איר פון אויבן, אַנטלויפט זי אין פאַרשיידענע זייטן. לויפט זי פון ווייסרוסלאַנד אין פוילן, אין מאָסקווע, אין צאָפן און דאָרעם. אַנטלויפט די אונטערשטע לופט, ווערט דאָ אַף דער ערד, פרייער, לאָזט זיך אַראָפּ די אויבערשטע לופט אַלץ נידעריקער. אַזוי ברענגען די הויכע ווינטן אין דער הויך גאַנצע בערג לופט, וועלכע לאָזט זיך אַראָפּ אַף דער ערד. אין דער הויך איז אָבער זייער קאַלט, און באַ גרויסער קעלט איז אין דער לופט פאַראַן ווייניק דאַמף — די לופט איז דאָרט אַ טרוקענע. ווען די לופט לאָזט זיך אַראָפּ פון דער הויך, שרומפּט זי זיך איין און וואַרעמט זיך אָן; דערפון ווערט זי נאָך טריקענער. פון טרוקענער לופט קאָן קיין רעגן ניט גיין. האַלט זיך דעריבער אַ טרוקענער, שיינער וועטער. פאַראַן אַ ספּעציעלער אינסטרומענט, וואָס מעסט דעם דרוק פון דער לופט, ער הייסט באַראָמעטער. אָט דער באַראָמעטער באַווייזט אין אַזאַ טרוקענער צייט, אַז דער דרוק פון דער לופט איז אַ שטאַרקער. „אַ הויכער לופט-דרוק“ — הייסט עס.

מיט אַמאָל זעען מיר אָבער אַפן באַראָמעטער, אַז דער ווייזער הויבט אָן פאַלן, דאָס באַטייט, אַז דער דרוק פון דער לופט הויבט אָן צו ווערן קלענער. וואַרטן מיר דאַן אַף אַ רעגן, און ער קומט טאַקי. וואָס אַזוינס איז דאָ פאָרגעקומען אין דער לופט? אָט וואָס. הויך אין דער לופט, פון פיר ביז צען קילאָמעטער די הויך, בלאָזן שטאַרקע ווינטן, וואָס טרייבן אַוועק די לופט פון איבער דעמזעלבן ווייסרוסלאַנד. ווערט דאָרט אויבן אַ ליידיק אָרט און די לופט פון אונטן טוט זיך אַ לאָז אַף אַרויף צו פאַרנעמען דעם אָרט. פון דעם גאַנצן אַרום, וואו דער דרוק פון דער לופט איז אַ גרעסערער הויבט אָן די לופט צו שטראָמען אַהער וואו די לופט דריקט ווייניקער, ווערט דאָ דער לופט ענג, און זי שטרעבט אַלץ אַרויף און אַרויף, וואו עס איז נראַמער. די לופט, וואָס טראָגט זיך אַהער איז אָבער פול מיט דאַמף, וואָס זי האָט אין זיך אַריינגענומען פון די יאַמען, טייכן, סאַזשעלקעס, בלאָטעס און וועלדער. ווען אָט דער דאַמף הויבט זיך אויף מיט דער לופט אַרויף, קילט ער זיך דאָרט אָפּ, ווערט פאַרוואַנדלט אין וואָלקנס. די וואָלקנס זיינען אָפּגעקילטע דאַמף. זיי

באַשטייען פון קליינינקע טראָפּנס וואַסער. וואָס קעלטער עס ווערט, אַלץ געדיכטער ווערט דער וואָלקן. די טראָפּנס וואַקסן אַלץ מער און מער. ווען זיי ווערן אַזוי גרויס, אַז די לופט קאָן זיי מער ניט איינהאַלטן, ווייל זיי זיינען פאַר איר צו שווער, פאַלן זיי אַראָפּ אַף דער ערד אין דער פאָרם פון אַ רעגן.

אָט אַזאַ באַוועגונג פון די ווינטן כאַפּט אַרום אַמאָל גאַנצע געגנטן און אַפילע גאַנצע לענדער. אין דער צייט פון אַ טריקעניש דערזעט אַמאָל דער גאַלעד, אַז דער באַראָמעטער הויבט אָן שנעל צו „פאַלן“. ווייס ער, אַז אינגיכן וועט זיין אַ רעגן. לויפט ער גלייך צו די פויערים און רעדט זיי איין, אַז מען מוז בעטן גאָט וועגן רעגן, מע דאַרף נעמען די „הייליקע“ בילדער און טיכער פון קלויסטער און אַרומגיין די פעלדער, וועט עפּשער גאָט ראַכמאָנעס האָבן. די פויערים גלויבן אים, און מע גייט אַוועק אין אַ הייליקן טפילע-גאַנג אַרום די טרוקענע פעלדער. און אין עטלעכע שאָ אַרום, אָדער אין אַ טאָג אַרום באַווייזן זיך טאַקי וואָלקנס און „די הימלען הויבן אָן צו גיסן“. די טפילעס האָבן געהאָלפן גלויבן די פויערים. דער הייליקער פאָטערל, דער פּאָפּ, ווייסט אָבער פאַר זיך, אַז ער האָט דאָ געשפּילט אַ קאָמעדיע, אַז ער האָט באַשווינדלט גאָטס שעפעלעך, ער האָט באַהאַלטן פון די פויערים דעם אינסטרומענט, וואָס די וויסנשאַפט האָט געשאַפן. ער האָט זיך באַנוצט מיט די פרוכט פון דער וויסנשאַפט קעדיי צו פאַרפינצטערן דאָס פאָלק מיט רעליגיע, וועלכע איז דער הייפעך פון דער וויסנשאַפט.



הארמאַטן, מיט וועלכע מע שיסט אין די האָגל-וואָלקנס

אַ האָגל איז אַן אומגליק פאַרן פויער, און ער רעכנט, אַז דאָס איז אַן אָנשיקעניש פון גאָט, אָדער פונם טייוול, וואָס שטראָפן אים פאַר זיינע זינד. די אָבערגלויביקע פויערים גלויבן, אַז מע קען מיט טפילעס, און אַנדערע סגולעס ווירקן אַפן ניגנוטן ער זאָל אָפּשטעלן דעם האָגל. איינע אַזאַ סגולע ווערט אָנגעווענדעט אויך אין אייניקע אידישע שטעטלעך: בעאייסן האָגל וואַרפט מען אַרויס פון שטוב אַ לאָפּעטע. דער האָגל קריגט אָבער ווייניק היספּאַילעס פון דער לאָפּעטע. אַ גרעסערע ווירקונג אַף אים האָט די דערפינדונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן בעאַיים דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. מע האָט באַמערקט, אַז דאָס שיסן פון הארמאַטן ווענדעט אָפּ דעם האָגל. האָבן די געלערטע צוגעטראַכט ספּעציעלע הארמאַטן, מיט וועלכע מע שיסט אין די האָגל-וואָלקנס.

פון די וואָלקנס גייט דעמאָלט אַ רעגן, און קיין האָגל איז נישטאָ. קעדיי צו פאַרשטיין די ווירקונג פון דידאָזיקע האַרמאַטן, דאַרף מען וויסן פון וואַנען עס נעמט זיך דער האָגל.

מיר ווייסן אַלע, אַז אַ האָגל פאַלט אין הייסע זומערדיקע טעג. פון דער ערד הויבט זיך אויף אין אַזעלכע הייסע טעג די אָנגעוואַרעמטע לופט אַרויף אין דערהויך. אַזאַ אויפשטייגנדיקער ווינט איז אָפט זייער אַ שטאַרקער. אויב אין זיין שטראָם פאַלן אַריין טראָפנס רעגן, טראָגט ער זיי אַרויף שנעל אין דער הויך, וואו עס איז שטאַרק קאַלט. אַרום די ראַנדן פון דעם לופט־שטראָם, וואָס הויבט זיך אויף, בילדן זיך אויס שטאַרקע ווינטן, וואָס דרייען שטאַרק די לופט. די טראָפנס פאַלן אַריין אין דידאָזיקע דרייענדיקע לופט־שטראָמען און ווערן דאָרט פאַרפראָרן. ווען דער ווירבל־ווינט ווערט אָפגעשוואַכט, פאַלן די פאַרפראָרענע טראָפנס אַראָפ אַף דער ערד. דאָס איז דער האָגל.

ווען מע שיסט אין די וואָלקנס, ווערט די לופט דערשימערט און די וואַסער־טראָפנס פאַלן אַראָפ אַף דער ערד, איידער זיי ווערן פאַרפרוירן. די געלערנטע האָבן אויך באַ־



קינסטלעכע באוואסערונג פון פעלדער

מערקט, אַז האָגלען פאַלן דערהויפט אַף גלאַטע ערטער, וואו עס זיינען נישטאָ קיין וועלדער, דעריבער איז פלאַנצן וועלדער איינער פון די מיטלען צו קעמפן קעגן האָגלען.

די ווּיסנשאַפט האָט געפונען מיטלען צו קעמפן קעגן צופיל וואַסער אינם באָדן און אויך קינסטלעך צו באַוואַסערן פעלדער, וואָס ליידן פון טריקעניש. די גרוים פון דער גערעטעניש איז אָפהענגיק פונם מענטשן און ניט פון גאָט. אָט וואָס עס שרייבט אַ מיטגליד פון קאָמונע־ראַט „טרוד“ ג. אַטאַמאַנאַוו פון דאָנער קרייז:

„אונזער קאָמונע „טרוד“ האָט דורכגעפירט אין 1926 יאָר פאָלגנדיקן פרואוו. דעם 25 אַפריל האָבן מיר אויפגעאַקערט אַ שעטאַך ערד, 2 העקטאַר גרוים. נאָכן אויפאַקערן האָבן מיר די ערד אַביסל דורכגעבאַראַנאַוועט מיט אַ דיסקן־באַראַנע. אין אַנדערהאַלבן באַדאָשים אַרום, ווען עס האָט זיך באַוויזן ווילדע גראָז, האָבן מיר דראָבנע דורכגעאַקערט מיטן קולטיוואַטאָר און האָבן ווידער דורכגעבאַראַנאַוועט. אַף אַזאַ אויפן האָבן מיר איינגעהיט דעם „פאָר“ אַ ריינעם ביזן זייען. דעם 2־טן סענטיאַבר האָבן מיר פאַרזייט דאָס

פעלד מיטן ווייץ „קאַפּעראַטאָרקע“. דעם ווייץ האָבן מיר פריער אָפּגעסאָרטירט דורך אַ טריער און האָבן אים דעזינפעצירט אין פאָרמאַלין. געזייט האָבן מיר מיט אַ ריי=זייער. בעאייםן זייען איז די ערד געווען ווייך און פייכט. די ערשטע שפּראָצן האָבן זיך באַוויזן דעם 10=טן סענטיאַבר. אין אַנדערהאַלבן כאָדאָשים אַרום זיינען די שפּראָצן געווען אַזוי געדיכט, אַז מע האָט די ערד ניט געזען. בליען האָט די טוואוע אָנגעהויבן דעם 15=טן יוני. שניידן האָבן מיר אָנגעהויבן דעם 5=טן יולי.

וואָס פאַר אַ רעזולטאַט האָט געגעבן דערדאָזיקער פּרואוו? מיר האָבן באַקומען אַ פ י נ ף מ אָ ל ה ע כ ע ר ע גערעטעניש איידער די אַרומיקע פויערן. די פויערים האָבן באַקומען דורכשניטלעך 5 צענטנער פון העקטאַר, און מיר 23—24 צענטנער. דערצו איז אונזער טוואוע פון אַסאַך אַ בעסערער קוואַליטעט“.

דערגרייכט איז עס געוואָרן אָן „גאָטס“ הילף. מיט די אייגענע הענט. מיט מאַשינען. אַפן וויסנשאַפטלעכן אויפן.

קיין גאָט אַף צו דערקלערן נאַטור=דערשיינונגען דאַרפן מיר ניט. מיר לערנען די נאַטור און באַזיגן זי. די נאַטור דאַרף דינען דעם מענטש.

# ליטעראטור


Рубакин — О великих и грозных явлениях природы.
Гремяцкий — Гром, молния и электричество.
Гурев — Хрестоматия молодого безбожника, отделы II, III и IV
Б. М. Завадовский — Естествознание и религия.
Фридман — Библейские чудеса и законы природы.
А. Логинов — Существует ли бог. Гл. I. Вера и знание.
כ אַ צ ק ע ל ע ס — גרויסע דערפינדונגען און אנטדעקונגען.


# פראגן צו איבערכאזערן

1. וואָס איז די סיבע פון ערדציטערנישן ?
2. פון וואַנען נעמט זיך געוויטער, רעגן, האָגל, טריקעניש ?
3. וואָס איז די סיבע פון לעוואָנע-פא פינסטערונג און זון-פארפינסטערונג?
4. מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס, וואָס עס בייטן זיך די צייטן פון יאָר ?
5. פון וואנען נעמט זיך א דונער און א בליץ ?
6. דערווייזט, אז אף צו דערקלערן די נאַטור-דערשיינונגען דארפן מיר ניט אָנקומען צו קיין אוי-סערלעכן קויעך.
7. דערווייזט די ניטריכטיקייט פונעם גרונט-טעזיס פון רעליגיע, אז „גאָט איז דער שעפער פון דער נאַטור און די סיבע פון אלע אירע דערשיינונגען“.

# קאַפּיטל 3

# די „שייִשעס יעמיי בעריישיס” און די נאַטור-געזעצן

## צוויי דערציילונגען אין דער טוירע וועגן דער וועלט-באַשאַפונג

צוויי דערציילונגען זייַנען פאַראַן אין דער טוירע וועגן דעם, ווי אַזוי די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. מיט דער ערשטער דערציילונג הויבט זיך אָן דער כומעש „בעריישיס“. די צווייטע דערציילונג איז אין צווייטן קאַפּיטל פון זעלבן כומעש.

„פון אָנפאַנג האָט גאָט (עלאָהים) באַשאַפן דעם הימל און די ערד. און די ערד איז געווען פּוסט און וויסט, און אַ פינצטערניש האָט באַדעקט דעם טהאָם. און גאָטס גייסט האָט געשוועבט איבערן וואַסער. האָט גאָט געזאָגט: זאָל זיין ליכט, איז געוואָרן ליכט. האָט גאָט דערזעען די ליכטיקייט, אַז זי איז גוט, האָט גאָט געמאַכט אַן אָפּשייד צווישן דער ליכטיקייט און דער פינסטערניש. און גאָט האָט אָנגערופן די ליכטיקייט טאָג, און די פינסטערניש האָט ער אָנגערופן נאַכט. און עס איז געווען אָוונט און עס איז געווען פרימאָרגן: איין טאָג.

„און גאָט האָט געזאָגט: זאָל זיין אַ שייד-וואַנט (ראָקיאַ) אין וואַסער, און זאָל זי אָפּטיילן וואַסער פון וואַסער. און גאָט האָט געמאַכט די וואַנט און האָט אָפּגעטיילט צווישן די וואַסער, וואָס אונטער דער וואַנט און צווישן די וואַסער, וואָס איבער דער וואַנט. און אַזוי איז געשען. האָט גאָט אָנגערופן די וואַנט — הימל. און עס איז געווען אָוונט און עס איז געווען פרימאָרגן: צווייטער טאָג.

„און גאָט האָט געזאָגט: זאָלן זיך צונויפזאַמלען די וואַסערן, וואָס אונטערן הימל אין איין אָרט, און זאָל דערשיינען די יאַבאָשע. איז אַזוי געשען. האָט גאָט אָנגערופן די יאַבאָשע „ערד“, און די זאַמלונג פון די וואַסערן האָט ער אָנגערופן יאַמים. און גאָט האָט דערזעען, אַז עס איז גוט.

„און גאָט האָט געזאָגט: זאָל די ערד אַרויסוואַקסן געוויקסן: גראָז, וואָס שפּרייטן פאַנאַנדער זוימען, לויט זייער מין, און פרוכט-בוימער, וואָס ברענגען פרוכטן לויט זייער מין, וואָס זייערע זוימען זייַנען אַף דער ערד. און אַזוי איז געשען. און די ערד האָט אַרויסגעוואַקסן געוויקסן: גראָז, וואָס שפּרייטן פאַנאַנדער זוימען לויט זייער מין, און בוימער, וואָס ברענגען פרוכטן, וואָס האָבן אין זיך זוימען לויט זייער מין. און גאָט האָט דערזען אַז עס איז גוט. און עס איז געווען אָוונט, און עס איז געווען פרי-מאָרגן: דריטער טאָג.

„און גאָט האָט געזאָגט: זאָלן דערשייַנען לייכטער אין הימל, קעדיי אונטערצושיידן צווישן טאָג און נאַכט. און זאָלן זיי זיין פאַרצייכנט אי פאַר צייטן אי פאַר טעג אי פאַר

יאָרן. און זאָלן זיי זיין אַלס לייכטער אַפן הימל, זיי זאָלן לייכטן איבער דער ערד. און אַזוי איז געשעען. און גאָט האָט געמאַכט די צוויי גרויסע לייכטער: דעם גרויסן לייכטער צו פאַרוואַלטן איבערן טאָג, און דעם קלענערן לייכטער צו פאַרוואַלטן איבער דער נאַכט, און די שטערן. און גאָט האָט זיי אַריינגעטאָן אין הימל, צו לייכטן אַף דער ערד און צו פאַרוואַלטן בא טאָג און באַנאַכט, און אָפּצושיידן צווישן ליכט און פינסטערניש. און גאָט האָט דערזעען, אַז עס איז גוט. און עס איז געווען אָוונט און עס איז געווען פרי־מאָרגן: פערטער טאָג.

„און גאָט האָט געזאָגט: זאָלן זיך די וואַסער ווידמען מיט לעבעדיקע באַשעפענישן און פויגלען זאָלן פליען אַף דער ערד איבערן הימל. און גאָט האָט באַשאַפן די גרויסע וואַל־פישן און אַלע לעבעדיקע בריעס, וואָס קריכן, וואָס די וואַסער ווידמעט, לויט זייער מין, און אַלע פעדער־פויגלען, לויט זייער מין. און גאָט האָט דערזעען אַז עס איז גוט. און גאָט האָט זיי געבענטשט, אַזוי צו זאָגן: פרוכפּערט זיך און מערט זיך און פילט אָן די וואַסער אין די יאַמען און די פויגלען זאָלן זיך מערן אַף דער ערד. און עס איז געווען אָוונט, און עס איז געווען פרימאָרגן: פינפטער טאָג.

„און גאָט האָט געזאָגט: זאָל די ערד אַרויסברענגען לעבעדיקע באַשעפענישן לויט זייער מין, בעהיימעס, קריכעדיקע, כאַיעס לויט זייער מין. איז אַזוי געשעען. האָט גאָט באַשאַפן די כאַיעס לויט זייער מין. די בעהיימעס לויט זייער מין, און אַלע קריכנדיקע איבער דער ערד לויט זייער מין. און גאָט האָט דערזעען אַז עס איז גוט. און גאָט האָט געזאָגט: לאָמיר באַשאַפן אַ מענטשן, לויט אונזער געשטאַלט און אונזער גלייכן, און זאָלן זיי געוועלטיקן איבער די פיש פון יאַם און איבער די פויגל אין הימל, און איבער די בעהיימעס, און איבער דער גאַנצער ערד און איבער אַלע קריכנדיקע באַשעפענישן, וואָס קריכן איבער דער ערד. און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן לויט זיין געשטאַלט, לויטן געשטאַלט פון גאָט האָט ער אים באַשאַפן: אַ זאָכער און נעקייווע, האָט ער זיי באַשאַפן... און גאָט האָט דערזעען אַלץ, וואָס ער האָט באַשאַפן, אַז עס איז זייער גוט. און עס איז געווען אָוונט און עס איז געווען פרימאָרגן. זעקסטער טאָג“.

אַזוי ווערט דערציילט אין ערשטן קאַפּיטל „בערײשים“ וועגן דעם, ווי גאָט האָט אין זעקס טעג די וועלט באַשאַפן:

ווען מע זאָל די גאַנצע דערציילונג איבערכאַזערן בעקיצער, וואָלטן מיר געזאָגט:

1. צוערשט איז געווען אַ קאָלאָסאַלער יאַם איינגעהילט אין פינצטערניש. איבער דעם־דאָזיקן יאַם האָט געשוועבט גאָטס גייסט.

2. האָט גאָט געהייסן אַז עס זאָל זיין ליכט. די ליכט איז אים געפעלן געוואָרן. האָט ער אָפּגעשיידט די ליכטיקייט פון דער פינצטערניש. די ליכטיקייט האָט ער אָנגערופן „ט אָ ג“ און די פינצטערניש — „נ אַ כ ט“.

3. דערנאָך האָט גאָט געמאַכט אַ וואַנט אין מיטן וואַסער. די־דאָזיקע וואַנט האָט ער אַ נאָמען געגעבן „ה י מ ל“. אַף אַזאַ אויפן איז געבליבן אַ טייל וואַסער אַפן הימל און אַ טייל אונטערן הימל.

4. די וואַסער, וואָס אונטערן הימל האָט גאָט צונויפגעזאַמלט אין איין אָרט. האָט זיך דאָן אַרויסבאַוויזן די טריקעניש. די צונויפגעזאַמלטע וואַסער האָט גאָט אָנגערופן „יאַם“ און די טריקעניש — „ערד“.

5. דערנאָך האָט גאָט געזאָגט, אַז די ערד זאָל פון זיך אַרויסוואַקסן גראָזן און פרוכט־בוימער.

6. ווייטער האָט גאָט באַשאַפן די זון, די לעוואָנע און די שטערן און האָט זיי צוגע־פעסטיקט צום הימל.

7. שפּעטער באַשאַפט גאָט צוערשט יאַם־באַשעפעניש, דערנאָך פויג־לען און צולעצט באַיעס און בעהיימעס.

נאָכדעם, ווי גאָט האָט שוין באַשאַפן אַלע באַשעפענישן, האָט ער באַשאַפן דעם מענטשן: אַ זאָכער און נעקייווע צוגלייך.

פון דער צווייטער דערציילונג דערוויסן מיר זיך שוין עפּעס אַנדערעס:

1. אין דעם טאָג, ווען גאָט יאַהווע האָט באַשאַפן די ערד און דעם הימל, איז אויף דער ערד קיין שום גראָז נאָך ניט געווען, ווייל גאָט־יאַהווע האָט נאָך ניט געשיקט קיין רעגן אויף דער ערד, און עס איז ניט געווען קיין מענטש, וואָס זאָל די ערד באַאַרבעטן.

2. האָט גאָט־יאַהווע באַשאַפן דעם מענטשן פון ערד, און האָט אים אַריינגעבלאָזן אין נאָז אַ נעשאָמע פון לעבן.

3. דערנאָך האָט גאָט געפלאַנצן אַ גאָרטן אין עדן און האָט דאָרט באַזעצט דעם מענטשן, ער זאָל אים באַאַרבעטן און היטן.

4. ווייטער האָט גאָט געזאָגט: עס טויג ניט אַז דער מענטש זאָל זיין אַליין: איך וועל אים שאַפן אַ געהילף וואָס זאָל אים אַנטשפּרעכן. „האָט גאָט באַשאַפן פון ערד אַלע פעלד־כאַיעס און אַלע הימל־פויגלען און האָט זיי געבראַכט צו דעם מענטשן, כדי צו זעען וואָס וועט ער זיי זאָגן, און אַלץ וואָס דער מענטש וועט זיי זאָגן, אַזוי וועלן זיי הייסן. האָט דער מענטש געגעבן נעמען אַלע בעהיימעס און פויגלען און אַלע פעלד־כאַיעס. און פאַר דעם מענטשן האָט זיך ניט געפונען קיין געהילף, וואָס זאָל אים אַנטשפּרעכן.

5. האָט גאָט אָנגעוואָרפן אויף דעם מענטשן אַ שלאָף, האָט בײַ אים אויסגעשניטן אַ ריפּ און געמאַכט פון ריפּ אַ פרוי.

ווען מיר פאַרגלייכן ביידע דערציילונגען, וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן דאָס, וואָס דער סיידער פון שאַפן איז פאַרשיידן אין ביידע דערציילונגען: אין דער ערשטער דער־ציילונג איז דער מענטש געשאַפן געוואָרן דער לעצטער — נאָך דעם, ווי עס זיינען באַ־שאַפן געוואָרן געוויקסן און אַלע אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן. אין דער צווייטער איז עס פאַרקערט — צוערשט איז באַשאַפן געוואָרן דער מענטש און דערנאָך געוויקסן, כאַיעס און אויפעס. אין דער ערשטער דערציילונג ווערט געזאָגט, אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן גלייך אַ זאָכער און אַ נעקייווע, אין דער צווייטער — צוערשט אַ זאָכער און דערנאָך ערשט פון זיין ריפּ — נעקייווע.

אָבער ניט אין דעם אַליין באַשטייט דער אונטערשייד פון ביידע דערציילונגען. ווען מיר קוקן זיך גוט צו צו זיי, זעען מיר אַז די ערשטע דערציילונג איז פול מיט וואַסער, די צווייטע ליידט פון טריקעניש. לויט דער ערשטער דערציילונג איז פון אָנפאַנג געווען וואַסער און פינסטערניש. אין וואַסער איז דורכגעפירט אַ וואַנט, וועלכע גאָט

האָט אַ נאָמען געגעבן הימל. פון וואַסער האָט זיך אַרויסבאַוויזן די טריקעניש. די ערשטע לעבעדיקע באַשעפענישן זיינען געווען וואַסער־באַשעפענישן. לויט דער צווייטער דערציילונג איז די ערשט־געשאַפענע ערד טרוקן, אָן וואַסער, עס איז קיין איין וואָרט דאָרט ניטאָ, וועגן יאַמים. עס ווערט דאָרט גאָרנישט ניט גערעדט וועגן וואַסער־באַשעפענישן.

איז וועלכער פון די צוויי דערציילונגען גלויבט אַ פרומער איד אָדער קריסט? — אין ביידע. האָגאָס זיי ווידערשפרעכן איינע דער צווייטער.

## ווי דערקלערט די וויסנשאַפט די אַנטשטייאונג פון די ביידע דערציילונגען

און ווי באַציט זיך די וויסנשאַפט צו די ביידע דערציילונגען? — זי באַטראַכט זיי ביידע, ווי מאַיסעס, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען אין פאַרשיידענע ערטער, באַ פאַרשיידענע פעלקער, וואָס זיינען געשטאַנען אַף אַ גאַנץ נידעריקער שטופע פון אַנטוויקלונג. כדיי צו פאַרשטיין, ווי אַזוי האָבן זיך געקאָנט אוי סבילדן אַזעלכע מאַיסעס, לאָמיר אַ קוק טאָן, ווי האָבן זיך פאַרגעשטעלט די אידישע „כאַכאָמים“ די אַנטשטייאונג פון דער וועלט:

אין מעדרעש ווערט אַזוי געשריבן: „די טוירע זאָגט, איך בין געווען דער פּלאַן פון דער וועלט־באַשאַפונג. אַ קייסער אַז ער בויט אַ פּאַלאַץ, לאָדט ער איין אַן אַרכיטעקטאָר. דער אַרכיטעקטאָר שטעלט צוזאַמען פּלענער, צייכענונגען: וואו זאָלן זיין די קאָרידאָרן, וואו די זאַלן. אַזוי האָט גאָט אַריינגעקוקט אין דער טוירע און האָט באַשאַפן די וועלט (בראשית רבה א׳).

אין דעמזעלבן מעדרעש ווערט געבראַכט אַ שטרייט צווישן צוויי ריכטונגען אין טאַלמוד — צווישן בייס־שאַמאַי און בייס־הילעל (די שול פון שאַמאַי און די שול פון הילעל). די ערשטע זאָגן: פריער איז באַשאַפן געוואָרן דער הימל, דערנאָך די ערד. די צווייטע זאָגן — פריער די ערד, דערנאָך דער הימל. ביידע מאָטיווירן זייערע שטאַנדפּונקטן אַזוי: „די בייס־שאַמאַי זאָגן: דאָס איז געגליכן צו אַ קייסער, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ שטול און נאָך דעם האָט ער זיך געמאַכט אַ פוס־בענקעלע. די בייס־הילעל זאָגן: עס איז געגליכן צו אַ קייסער, וואָס האָט געבויט אַ פּאַלאַץ — פריער די אונטערשטע שטאָקן דערנאָך די אויבערשטע“.

ווייטער ווערט אין דעמזעלבן מעדרעש איבערגעגעבן אַ שטרייט צווישן צוויי „כאַכאָמים“ — רעב יעהודא און רעב נעכעמיע. „רעב יעהודא זאָגט: די ליכט איז באַשאַפן געוואָרן פריער, און דערנאָך די וועלט. אַ מאָשל צו אַ קייסער, וואָס האָט געוואָלט בויען אַ פּאַלאַץ. דער אָרט איז אָבער געווען אַ פינצטערער. וואָס האָט ער געטאָן? האָט ער אָנגעצונדן פאַקעלן און האָט געבויט. רעב נעכעמיע זאָגט: די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פריער. אַ מאָשל צו אַ קייסער, וואָס האָט אויפגעבויט אַ פּאַלאַץ, און דערנאָך האָט ער אים אויסגעפּוצט מיט ליכט און שיינע לאָמפּן“.

„צו רעב אַקיוועז איז געקומען אַן אַפּיקוירעס און האָט געפרעגט: ווער האָט באַשאַפן די וועלט? ענטפערט ער אים: גאָט. זאָגט דער אַפּיקוירעס: דערוויז דאָס מיר. ענטפערט

אים רעב אַקיווע: קום צו מיר מאָרגן. אַף מאָרגן איז ער געקומען. זאָגט צו אים רעב אַקיווע: אין וואָס ביסטו אָנגעטאָן? ענטפערט ער: אין אַ בעגעד. פרעגט רעב אַקיווע: ווער האָט אים געמאַכט. ענטפערט ער: אַ וועבער. זאָגט אים רעב אַקיווע: איך גלויב דיר נים; דערווייז עס מיר. זאָגט ער: וואָס דאַרף איך דיר עס דערווייזן, ווייסטו דען נים, אַז דער וועבער האָט עס געמאַכט? זאָגט צו אים רעב אַקיווע: און דו ווייסט דען נים, אַז גאָט האָט באַשאַפן זיין וועלט? איז דער אַפּיקוירעס אַוועק. פרעגן די טאַלמידים באַ רעב אַקיווען: אָט דאָס איז טאַקי די ראַיע? זאָגט ער זיי: קינדער מיינע, אַזוי ווי דאָס הויז זאָגט איידעם אַפן בויער און דער בעגעד אַפן וועבער, אַזוי זאָגט איידעם די וועלט, אַז גאָט האָט זי באַשאַפן".

וואָס באַווייזן אונז דידאָזיקע דערציילונגען פון מעדרעש? זיי זאָגן אונז, אַז די אידישע „כאַכאָמים" אין דער צייט פון טאַלמוד, האָבן געשעפּט זייערע פאָרשטעלונגען וועגן דער שאַפונג פון דער וועלט אין דעם לעבן, וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט. אָדער אַנדערש גערעדט — זייערע פאָרשטעלונגען וועגן גאָט אין דער וועלט האָבן אַנטשפּראָכן די סאָציאַל=עקאָנאָמישע פאַרהעלטעגישן פון זייער צייט.

רעב אַקיווע דערקלערט די וועלט=באַשאַפונג אַפן גרונט פון דער טאָג=טעגלעכער דערפאַרונג. אַלץ ווערט פון עמיצן געמאַכט: דאָס הויז—פון בויער, דער בעגעד—פון וועבער, און דעריבער האָט אויך די וועלט געמוזט פון עמיצן געמאַכט ווערן. ווען עס שטרייטן צווישן זיך „כאַכאָמים" וועגן דעם, אין וואָס פאַר אַן אָרדענונג גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, באַרופן זיי זיך אַף ביישפּילן וועגן אַ קייסער. גאָט איז אין זייער פאָרשטעלונג אַ הערשער, ווי אַ קייסער, און דעריבער האָט ער באַם באַשאַפן די וועלט געטאָן אַזוי, ווי אַ קייסער טוט, ווען ער בויט זיין פּאַלאַץ. אַפילע די אומגעלומפּערטסטע פון די מאַיסעס, אַז גאָט האָט אַריינגעקוקט אין דער טוירע, אַלס אַ פּלאַן, ווען ער האָט געשאַפן די וועלט, באַרופט זיך אַף דער דערפאַרונג פון בויען געביידעס באַ מענטשן.

די טאַלמודיסטן האָבן אָבער געלעבט שוין אין אַ צייט פון אַ פאַרהעלטניסמעסיק הויכער ציוויליזאַציע. ווי האָבן זיך געדאַרפט פאָרשטעלן די אַנטשטייאונג פון דער וועלט די ווילדע און האַלב=ווילדע מענטשן?

דעם ווילדנס וועלט איז באַגרעניצט מיט דעם אָרט, וואו ער וואוינט. דאָס, וואָס ער זעט אַרום זיך, דאָס איז, לויט זיין האַסאָגע, די וועלט. זיינע פאָרשטעלונגען וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער וועלט אַנטשפּרעכן דעריבער דער נאַטור=סוויווע, אין וועלכער ער לעבט און פון דעם, אין וואָס פאַר אַ מאָס און אַף וואָס פאַר אַן אויפן ער קאָן דידאָזיקע נאַטור באַהערשן. אָט וואָס די איינוואוינער פון די אינזלען סאַמאָאַ, האוואַי, טאַהיטי דערציילן וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער וועלט:

פריער פאַר אַלץ איז געווען אַ יאַם, וואָס האָט קיין סאָף נים. איבערן יאַם איז געווען דער הימל, און אַפן הימל האָט געוואוינט גאָט טאַנגאַלאָא מיט זיינע קינדער. האָט געשיקט טאַנגאַלאָא זיין טאָכטער, אין געשטאַלט פון אַ יאַם=פויגל, דערוויסן זיך, וואו איז פאַראַן אַ טרוקן אָרט. האָט זי אָבער קיין טרוקן אָרט נים געפונען און איז אַ טרויעריקע געקומען צוריק. האָט איר פאָטער זי נאָך אַמאָל געשיקט זוכן. און זי האָט זיך ווידער אומגעקערט מיט גאָרנישט. דאַן האָט טאַנגאַלאָא אַראָפּגעוואָרפן פון הימל אַ גרויסע מאַסע ערד, און

עס איז געוואָרן טריקעניש. פון איין שטיק ערד — דער אינזל סאַוואַי, פון דעם אַנדערן — אופּײלן. דאַן האָט טאַנגאַלאָא ווידער געשיקט זיין טאָכטער, אין געשטאַלט פון אַ יאַמפויגל, מיט אַ פלאַנצונג זי זאָל זי אַריינזעצן אין דער בלאָטיקער ערד. די פלאַנצונג האָט זיך פאַרמערט, און אַף אירע וואָרצלען זיינען דערנאָך אין דער וואַרימער, פייכטער ערד אַנטשטאַנען מילבן און ווערים. — די ערשטע לעבעדיקע באַשעפענישן אַף דער ערד. מיט דער צייט זיינען פון זיי אַנטשטאַנען נאָך אַנדערע באַשעפענישן, און סאָפּקאָלסאָף האָט זיך פון די באַשעפענישן אַנטוויקלט דער מענטש.

אַזעלכע לעגענדעס וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער וועלט זיינען פאַראַן זייער אַסאַך באַ די איינוואוינער פון אינזלען. זיי שיידן זיך אונטער איינע פון די אַנדערע מיט אייניקע פּראָטים. זיי האָבן אָבער אַלע איין אַלגעמיינעם שטריך — זיי אַלע שטעלן זיך פאָר, אַז די יאַבאָשע איז אַנטשטאַנען פון וואַסער. און דאָס איז גאַנץ דערקלערלעך. דער איינוואוינער פון אינזל זעט אַרום זיך אומבאַגרענעצטע וואַסער-שעטאַכן און אין מיטן דעם וואַסער אַ קליין טרוקן אָרט — דער אינזל. און דער ווילדער איז מעשאַער, אַז די רוכעס האָבן דעם אינזל געמאַכט: פון הימל אַראָפּגעוואָרפן, אָדער מיט כוואַליעס געבראַכט אַסאַך שלאַם און דערנאָך אויסגעטריקנט עס. די פאָרשטעלונג, אַז אַפן הימל זיינען אויך דאָ מאַסן וואַסער, אַזוי ווי עס ווערט דערציילט אין כומעש, באַגעגענען מיר באַ אַסאַך פעלקער. די איינוואוינער פון ניי-זעלאַנד האָבן אַזאַ לעגענדע וועגן אַ מאַבל. גאָט, וואָס וואוינט אין הימל איז אַמאָל ארוים פון די קיילים און האָט אַזוי שטאַרק אַ טופּע געטאָן מיטן פוס אין הימל, אַז דער הימל האָט זיך דורכגעבראָכן און דער אויבערשטער יאַם האָט זיך דורך דעם דורכבראָך אין הימל אַרויסגעגאָסן אַף דער ערד.

די איינוואוינער פון סטעפּעס און מידבאָריעס דערציילן שוין גאָר אַנדערע שאַפונגלעגענדעס. די מ אַ ז אַ נ ע ר, (אַ שייוועט אין מיזרעך אַפריקע) דערציילן, לעמאָשל, אַזוי: פון אָנפאַנג איז די ערד געווען אַ וויסטער, טרוקענער מידבער, וואָס איז באַוואַקסן געוואָרן פון אַ שלאַנג. איין מאָל איז אַראָפּ פון הימל נ ג אַ י, דער אורפאָטער פון אָט דעם שייוועט, און האָט באַזיגט די שלאַנג. פון דער שלאַנגס קערפּער האָט זיך אויסגעגאָסן אַסאַך בלוט אַף דער ערד. דערפון איז די ערד פרוכטבאַר געוואָרן, און אין מידבער האָבן אָנגעהויבן וואַקסן שיינע פלאַנצונגען. דאַן האָט נגאַי באַשאַפן די זון, די לעוואָנע און שטערן און לעסאָף די מענטשן. דעם זאָכער האָט נגאַי געמאַכט אַפן הימל און האָט אים אַראָפּגעלאָזן אַף דער ערד, און די נעקייווע האָט ער געמאַכט פון ערד. נגאַי האָט זיי ביידן אָנגעוויזן אַלס וואוין-אָרט דעם אָאַזיס, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַפן אָרט, וואו עס איז פאַרגאָסן געוואָרן דאָס בלוט פון דער שלאַנג. די מענטשן-פּאָר האָבן אָבער ניט געפאָלגט נגאַיס געבאָטן, און ער האָט זיי אַרויסגעטריבן אין מידבער. נגאַי האָט צעשניטן אַ גרויסע פעל פון אַ רינד אַף פאַסן און האָט אַף זיי אַראָפּגעלאָזן אַף דער ערד רינדער, אייזלען ציגן און שעפּסן. אַזוי האָבן די מאַזאַיער באַקומען פי און זיינען געוואָרן פי-ציכטלער.

די לעגענדעס פון די סאַמאָער, האַוואַיער איינוואוינער, אַזוי אויך די לעגענדע פון די מאַזאַיער ווייזן אויס זייער נאַיוו, אַפילע לעכערלעך. זיי אונטערשיידן זיך אָבער ניט לויט זייער פרימיטיווקייט, פון די טוירע-דערציילונגען וועגן דער וועלט-באַשאַפונג, וועלכע פרומע אידן און קריסטן האַלטן פאַר הייליק. פרומע אידן גלויבן, אַז יעדער אָס אין

דער טוירע איז הייליק, שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז עס איז ניטאָ קיין איין איבעריק וואָרט אין איר. די טוירע, גלויבן זיי, איז געגעבן געוואָרן פון גאָט מוישען אַפן באַרג סינאַי, און געשריבן געוואָרן איז זי... איידער גאָט האָט נאָך די וועלט באַשאַפן. ווען מיר באַטראַכטן אָבער דידאָזיקע דערציילונגען, אַלס איינע פון די פיל לעגענדעס וועגן דער וועלט=אַנטשטייאונג, זעען מיר ווען, ווי אַזוי, בײַ וועמען אַזעלכע דערציילונגען האָבן געקאָנט אַנטשטיין.

די ערשטע דערציילונג פון בערײשים איז אַנטשטאַנען בײַ מענטשן, וואָס האָבן געוואוינט אין דער אַרומרינגלונג פון גרויסע מאַסן וואַסער; אַף אינזלען, אָדער בײַם ברעג פון יאַם. די צווייטע דערציילונג האָט געקענט אויפקומען נאָר בײַ מענטשן, וואָס האָבן געוואוינט אין סטעפּעס אָדער אין מידבאַר.

מענטשן וואוינען אָבער ניט שטענדיק אַף איין אָרט. צוזאַמען מיט די מענטשן וואַנדערן זייערע לעגענדעס. אַפן נייעם אָרט גיבן איבער די אָנגעקומענע זייערע לעגענדעס און באַקומען נייע פון די אַלטגעזעסענע. די מאַיסעס, וואָס ווערן געשאַפן אין איין אָרט, פלעכטן זיך צוזאַמען מיט לעגענדעס פון אַן אַנדער אָרט, און עס באַקומט זיך אַ געמיש, אין וועלכן איין טייל קלעפּט זיך צום צווייטן, אָפּט ווי אַרבעס צום וואַנט, אַזאַ געמיש האָבן מיר טאַקע אין דער טוירע. דאָ זיינען צענויפגעמישט צוויי דערציילונגען פון פאַרשיידענע פעלקער פון פאַרשיידענע ערטער, וועלכע האָבן געהאַט פאַרשיידענע געטער. ניט נאָר די דערציילונגען פון ערשטן און צווייטן קאַפּיטל „בערײשים“ זיינען פאַרשיידן, אַפילע די נעמען פון גאָט זיינען דאָ פאַרשיידענע. אין דעם ערשטן קאַפּיטל ווערט גאָט באַצייכנט מיטן וואָרט „עלאָהים“, וואָס עס באַטייט אייגנטלעך „געטער“ (אל—גאָט. אלהים—געטער). אין צווייטן קאַפּיטל ווערט גאָט באַצייכנט מיט די ווערטער יאָהו—עלאָהים. ווידערשפּרוכן זיינען דאָ ניט נאָר צווישן איין דערציילונג און דער צווייטער, נאָר אויך אין יעדער דערציילונג גופע, אַף זיי וועלן מיר זיך אָבער ניט אָפּשטעלן. דידאָזיקע ווידערשפּרוכן און ביכלאַל אומגעלומפּערטקייטן אין דער מאַיסע בערײשים האָבן פאַרשאַפט ניט ווייניק זאָרג גאָטס דינער ווי עס איז זיי צו דערקלערן, אָבער די דערקלערונגען זיינען האָסראָוו ניט ווייניקער לעכערלעך, ווי די עצעם מאַיסע.

איין ביישפּיל.

אין דער טוירע ווערט דערציילט אַז דאָס ליכט איז געשאַפן געוואָרן אין ערשטן טאָג פון דער וועלט=שאַפונג און די זון ערשט אַפן פערטן טאָג. אַז אַזאַ דערציילונג האָט געקאָנט אויפקומען בײַ ווילדע פעלקער, איז גאַנץ נאַטירלעך: ניט אַלע מאָל האָבן די מענטשן פאַרשטאַנען דעם צוזאַמענהאַנג צווישן ליכט און דער זון. זיי האָבן געזעען, אַז ליכטיק ווערט איידער די זון ג״ט נאָך אויף און ניט גלייך ווי די זון פאַרשווינדט ווערט פינסטער. דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דער זון און ליכטיקייט איז אַנטשטאַנען שפּעטער, איידער די לעגענדע וועגן דער אַנטשטייאונג פון ליכט. ווי דערקלערט אָבער אַ אידישער „באָכעם“ אין דער געמאָרע דידאָזיקע ניט גלאַטיקייט אין דער טוירע?

„רעב שימען האָט געפרעגט בײַ רעב שמועלן: איך האָב געהערט אַז דו ביזט אַ באַלאַגאָדע — זאָג מיר פון וואַנען איז באַשאַפן געוואָרן די ליכטיקייט? האָט אים רעב שמועל

געגנטפערט: גאָט האָט זיך איינגעוויקלט אין אַ ווייסן טאַלעס, וואָס האָט געלאָזט ליכ־טיקע שטראַלן פון איין עק וועלט ביזן צווייטן". (מדרש בראשית פ"ג).

ווי ווייט, אַגעוו, עס זיינען געווען די האַסאַגעס פון די טאַלמודיסטן וועגן דער נאַטור, וועט אונז באַווייזן פאָלגנדיקע דערציילונג פון מעדרעש: „די ראָד פון דער זון האָט אַ שייד. פאַר דער שייד איז אַ סאַזשעלקע וואַסער. איידער די זון גייט אַרויס אינדערפרי, טונקט זי גאָט אָפּ אין וואַסער, זי זאָל ניט פאַרברענגען די וועלט. ווען די זון וואָלט געווען אין ערשטן הימל, וואָלט קיין באַשעפעניש ניט געקאָנט אויסהאַלטן די היץ. עס וועט קומען אַ צייט, אַז גאָט וועט אויסוויקלען די זון פון דער שייד און וועט מיט איר פאַרברענגען די רעשאָים" (בראשית ר' ו').

מיר ווייסן אָבער, אַז די אידן האָבן ניט געוואוינט ניט אַף קיין אינזלען, ניט אַף קיין יאַם־ברעג, פון וואַנען האָט זיך באַ זיי געקאָנט נעמען די ערשטע דערציילונג וועגן דער וועלט־באַשאַפונג? די פאָרשונגען פון די געלערנטע באַווייזן, אַז די „בערייִשים"־דערציילונג האָבן די אידן איבערגענומען באַ די וואַווילאָ־נער, און אַז די וואַווילאָנער, ווידער, האָבן זי באַקומען באַ די שאָמרוינים, וועלכע האָבן אַמאָל געמוזט וואוינען באַ די ברעגן פון קאַספּישן אָדער אַראַבישן יאַם.

## די וויסנשאַפט וועגן דער וועלט-אַנטשטייאונג

### פאַרוואַנדלונגען פון שטאָפן

צי איז פאַראַן האַרטע וואַסער? עס קאָן זיך אויסדוכטן, אַז שטעלן אַזאַ פראַגע הייסט כוויזעק מאַכן. ווען מע באַטראַכט זיך אָבער, וועט יעדער ענטפערן: האַרטע וואַסער איז אייז. און פליסיקע אייזן האָט ווער פון אייך געזען? ניט אַלע. די אַרבעטער פון מעטאַל־זאַוואָדן וועלן אייך אָבער דערציילן, ווי זיי גיסן שיטערע אייזן פונקט ווי וואַסער. הייסט עס, אַז אייזן און דערזעלבער קעגנשטאַנד קאָן זיין סאַי אין האַרטער פאָרם, סאַי אין אַ שיטערער. נאָר ניט בלויז די־דאָזיקע צוויי פאָרמען קאָן האָבן דער קעגנשטאַנד. ווען מיר קאָכן וואַסער אין אַ קעסל זעען מיר, אַז וואָס לענגער עס קאָכט דאָס וואַסער, אַלץ ווייני־קער ווערט עס. אָדער ווען וואַסער שטייט אַפן זון טריקנט עס אויס. וואוהין איז דאָס וואַסער אַהין געקומען? דאָס וואַסער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גאַז. ווען עס האָט לאַנג געקאָכט דער סאַמאָוואַר און אין אים איז געבליבן אַ העלפט וואַסער, וואָס הע האָט אין אים אַריינגעגאָסן, איז די צווייטע העלפט גיט פאַרפאַלן געוואָרן, זי באַהאַלט זיך נאָר פון אונז און לאָזט זיך ניט טרינקען. אין דער פאָרם פון דאַמף געפינט זיך דאָס וואַסער פון סאַמאָוואַר אין צימער. אויב עס איז קאַלט אַפן גאַס, זעצט זיך אָפּ דער דאַמף אַף די שויבן פון פענצטער און זיי הויבן אָן צו שוויצן. דער דאַמף איז אַף די שויבן צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וואַסער.

דער צושטאַנד פון קעגנשטאַנד — האַרט, פליסיק, גאַז — איז, ווי מיר האָבן דאָ געזען, אָפּהענגיק פון דער טעמפּעראַטור. וואַסער ווערט פאַרהאַרטעוועט פון קעלט און פאַרוואַנדלט זיך אין דאַמף פון היץ. אייזן ווערט געשמאָלצן באַ אַ גרויסער היץ און ווערט באַ אַ הויכער טעמפּעראַטור פאַרוואַנדלט דערנאָך אין גאַז.

ווען מיר גיבן אופמערקזאַם אכטונג אַף דער נאַטור, וואָס רינגלט אונז אַרום, זעען מיר אַז ניט נאָר אַזעלכע פאַרוואַנדלונגען קומען אין איר פאָר. מיר זעען, אַז פון אַ קערנדל, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער ערד, וואַקסט אויס אַ בוים. פון וואַנען האָט דער בוים גענומען מאַטעריאַל פאַר זיין שטאַם, פאַר זיינע צווייגן, בלעטער און פרוכטן? פון דער ערד האָט ער דעם מאַטעריאַל געזויגט, פון לופט האָט ער אים איינגע-אָטעמט. ווען מע באַמיסטיקט גוט די ערד, באַקומט זיך אַ גוטע גערעטעניש. הייסט עס, אַז אין די קאָרן און ווייץ האָט אַ ביילעק אויך די מיסט. דער בוים, דאָס קאָרן און ווייץ באַשטייען, ווי מיר זעען, פון אַזעלכע באַשטאַנדטיילן, וואָס געפינען זיך אין דער ערד, אין מיסט, אין לופט. פון מיסט איז געוואַקסן האָבער, דעם האָבער האָט געגעסן דער פערד, דער פערד שיידט אויס צוריק מיסט. אַ קינד זויגט זיין מוטערס מילך און וואַקסט. די מילך פון דער מוטער פאַרוואַנדלט זיך אין פלייש, ביינער, מאַרך פון דעם קינד.

אַזעלכע פאַרוואַנדלונגען מאַכט ניט נאָר די נאַטור. מענטשן האָבן געפונען מיטלען, ווי אַזוי אַליין אַזעלכע פאַרוואַנדלונגען צו מאַכן. אַזוי פאַרוואַנדלען מיר בוריקעס אין צוקער, האָלץ און פאַפיר. עס קומען אויך פאַר פאַרוואַנדלונגען פון ענערגיע: אַזוי ווערט וואַסער-קראַפט פאַרוואַנדלט אין ליכט, אַזוי ווערן קוילן פאַרוואַנדלט אין אַ קראַפט, וואָס באַוועגט מאַשינעס, באַנען, שיפן.

## די אורשפּרינגלעכע נעפּלקייט

ווען מיר זעען איצט די ערד און אַלץ, וואָס אַף איר, דאַרפן מיר וויסן, אַז ניט אַלע מאָל איז די ערד און די גאַנצע וועלט בכלל געווען אַזעלכע, ווי מיר זעען איצט.

פון קאַפיטל 2 ווייסן מיר שוין, אַז די טיפעניש פון דער ערד באַשטייען פון צע-גליטע מאַסן. הייסע זאַכן ווערן אָבער אָפּגעקילט, אויב זיי געפינען זיך אין אַ סוויווע, וואָס איז קעלטער פון זיי. דאָס זעען מיר טאָג-טעגלעך. אַזוי ווערט אָפּגעקילט די אייוון וועלכע מיר האָבן היים אָנגעהייצט; עס ווערט אָפּגעקילט דער צעגליטער גוס-אייזן אָפּן זאַוואָד, אין קוזנע. אָט אַזוי ווערט אויך אַלץ מער אָפּגעקילט דאָס צעגליטע אינגעווייד פון דער ערד. די היץ גייט אַוועק פון הייסן קעגנשטאַנד צו דעם קאַלטן אַרום. די ערד געפינט זיך אין קאַלטן רוים פון דער וועלט. די שאָלעכץ פון דער ערד-קויל איז שוין אָפּגעקילט. די היץ פון צעגליטן אינעווייניק גייט אַלץ ווייטער אַריבער צו דער פאַרהעלט-ניסמעסיק קאַלטער שאָלעכץ און פון דער שאָלעכץ צום קאַלטן רוים. און מיר קאָנען זיך פאָרשטעלן אַזאַ ווייטע צייט, ווען די גאַנצע ערד-קויל ביז סאַמען צענטער וועט אָפּגעקילט ווערן. אַזוי וועט זיין אין דער ווייטער צוקונפט. און אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן פאַרקערט: אינעווייניק איז די ערד געווען נאָך הייסער, ווי איצט; די שאָלעכץ וואַרעמער און דינער; און גאָר גאָר אַמאָל איז קיין שאָלעכץ אויך ניט געווען: די גאַנצע ערד איז געווען אַ פליסנדיקע גליענדיקע מאַסע. און נאָך פריער איז זי געווען נאָך הייסער און איז באַשטאַנען פון אַ פייערדיקער גאַז-אַרטיקער מאַסע.

די ערד איז אין דעם פראַט ניט קיין באַסיעכידע. עס זיינען נאָך איצט פאַראַן אַסאַך אַזעלכע פייערדיקע גאַז-אַרטיקע קערפערס, ווי אַמאָל איז געווען די ערד. איינע פון זיי איז די זון.

מיט אַסאַך מיליאָנען יאָרן צוריק, ווען די ערד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גאַז=ארטיקן קערפּער איז זי געווען ניט אין פאַרגלייך גרעסער אין פאַרנעם, ווי איצט. שפּעטער איז זי אַלץ קלענער און קלענער געוואָרן, ווייל יעדע זאַך, ווי מיר ווייסן, ווערט באַם אָפּקילן זיך קלענער אין פאַרנעם. אויך די זון איז דאַן געווען הייסער און איז געווען גרעסער אין פאַרנעם ווי איצט. די קאָלאָסאַלע לויטן פאַרנעם זייער שיטערע גאַזן פון דער ערד און פון דער זון זיינען ניט געווען אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנדערע. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די אַנדערע פּלאַנעטן. עס איז ניט געווען ניט קיין ערד, ניט קיין זון, ניט קיין פּלאַנעטן — עס איז געווען נאָר איין קאָלאָסאַלער, אַזאַ גרויסער, אַז מיר קאָנען זיך עס גאָר קוים פאָרשטעלן, גאַז=ארטיקער וואָלקן. די וויסנשאַפט רופט אָן אָט דעמדאָזיקן גאַז=ארטיקן וואָלקן—די אורשפּרינגלעכע נעפּלקייט. אורשפּרינגלעכע הייסט זי דערפאַר, ווייל פון איר האָט זיך דערנאָך אויסגעבילדעט די ערד, די זון און אַלע פּלאַנעטן. נעפּלקייט ווערט עס אָנגערופן דערפאַר, ווייל לויט איר געדיכטקייט איז דידאָזיקע מאַסע געווען ענלעך אַף אַ נעפּל.

ווי אַזוי אָבער קאָן די וויסנשאַפט מעשאַער זיין אַזאַ זאַך? קיינער איז דאָך דאַן אַף דער וועלט ניט געווען, ווער עס זאָל דידאָזיקע אורשפּרינגלעכע נעפּלקייט זעען? די געלערנטע זיינען געקומען צו דער וויסנשאַפטלעכער האַשאָרע אַפן גרונט פון די באַאָבאַכטונגען, וואָס זיי מאַכן איצט איבער די פאַרשיידענע קערפּערס אין דער גאַרוועלט. דורך ספּעציעלע אַסטראָנאָמישע טרובעס — רעפראַקטאָרן און רעפלעקטאָרן קוקן זיי אַף די קערפּערס אין דער גאַרוועלט. דורך אַזעלכע אינסטרומענטן פאָרשן זיי, וואָס עס טוט זיך אין דעם גרויסן וועלט=רוים. און זיי זעען, אַז ווייט אַף אַסאַך מיליאָנען קילאָמעטער זיינען דאָ אַזעלכע נעפּלקייטן ווי די, פון וועלכע מען איז מעשאַער עס איז אַנטשטאַנען די ערד. דידאָזיקע נעפּלקייטן וועלכע זעען אויס דורכן רעפראַקטאָר גאָר קליינינקע האָבן אַ פאַרנעם פון מיליאָנען קילאָמעטער. זיי האָבן גאַנץ פאַרשיידענע פאָרמען. גאָר צווישן זיי איז פאַראַן אַ נעפּלקייט פון אַזאַ פאָרם, וואָס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט. אין רעפראַקטאָר זעט זי אויס, ווי אַ קליין רעדל, אין מיטן פון וועלכן עס זעט זיך אַ קליין שטערנדל. דאָס שטערנדל אין מיטן פון דער נעפּלקייט דאָס איז אַ זון, וואָס הייבט זיך אָן אויסצובילדן. אין מיליאָנען יאָרן אַרום קאָן זיין וועט זיך פון דער נעפּלדיקער מאַסע, וואָס רינגלט אַרום דעם שטערנדל, אויסבילדן אַ ערד, פּלאַנעטן, וועלכע מיר זעען איצט. אַזוי זעען די געלערנטע דורכן רעפראַקטאָר, ווי עס ווערט געבאָרן אַ וועלט. עפּעס גאָר ניט ענלעך אַף דעם, ווי אין דער טוירע.

אָבער ווי קאָן זיך פון אָט דער נעפּלקייט אויסבילדן אַ זון, אַ ערד און פּלאַנעטן.

אָט ווי די וויסנשאַפט דערקלערט דאָס:

די באַאָבאַכטונגען נאָך די נעפּלקייטן האָבן באַוויזן, אַז זיי שטייען ניט אַף איין אָרט אין דעם וועלט=רוים. זיי דרייען זיך אַרום זיך אַליין, אַזוי ווי עס דרייט זיך אַרום זיך אַליין די ערד אין מעשעך פון אַ מעסלעס. ווייל די נעפּלקייט דרייען זיך אַרום זיך אַליין, האָבן זיי די פאָרם ניט נאָר פון אַ קיילעכדיקער קויל, נאָר אַביסל צונויפגעדריקט פון די זייטן, ווי לעמאָשל, פון אַן אַפּעלסין.

## ווי אזוי די וועלט איז אנטשטאנען פון דער אורשפּרינגלעכער נעפּלקייט

קעדיי צו פאַרשטיין, ווי אזוי פון אזעלכע נעפּלקייטן האָט זיך געקאָנט אויסבילדן די זון, די ערד און די פּלאַנעטן, לאָמיר באַטראַכטן אַ פּרואוו, וואָס האָט געמאַכט דער בעלגישער געלערנטער פּלאַטאָ.

אייל איז לייכטער ווי וואַסער. אויב מיר זאָלן אַריינטריפן אייל אין וואַסער, וועט דער אייל אַרופשווימען אַרויף. אויב מיר זאָלן דעמזעלבן אייל אַריינטריפן אין ספּירט, וועט דער אייל אַראָפּלאָזן זיך אַפן דעק, ווייל אייל איז שווערער ווי ספּירט. מע קאָן אָבער



דער פּרואוו פון פּלאַטאָ

מאַכן אַזאַ געמיש פון וואַסער און ספּירט, אז ווען מיר וועלן אַריינטריפן א טראָפּן אייל אין דעמדאָזיקן געמיש, וועט דער טראָפּן ניט ארופשווימען אַרויף און וועט זיך ניט אַראָפּלאָזן אַפן דעק — דער טראָפּן אייל וועט בלייבן אַפן אָרט, וואו מיר וועלן אים אַריינטריפן. מיר וועלן לייכט קאָנען אונטערשיידן דעם אייל־טראָפּן פון דעם געמיש, ווייל דער טראָפּן וועט זיין געלב און דער געמיש איז פאַרבלאָז. פּלאַטאָ האָט געמאַכט טאַקע אַזאַ געמיש און האָט אף דעם אויפן, ווי מיר האָבן באַשריבן, אריינגעלאָזן אין מיטן פון געמיש א קייקל אייל. דערנאָך האָט ער גענומען אַ שפּילקע, האָט זי אַריינגעלאָזן אין דעם געמיש און האָט מיט איר ווי דורכגעשטאָכן דעם קייקל. פּלאַטאָ האָט אָנגעהויבן דרייען די שפּילקע. צוזאַמען מיט דער שפּילקע האָט זיך אָנגעהויבן דרייען דאָס אייל־קייקל. באם דרייען זיך האָט דער טראָפּן אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין פריערדיקן אויסזעען. פריער האָט ער אויסגעזעען נאָר קיילעכדיק, איצט האָט ער באַקומען דעם אויסזעען פון אַן אַפּעלסין: אין איין ריכטונג איז ער אַלץ מער צונויפגעדריקט געוואָרן און אין דער אַנדער ריכטונג — אַלץ ברייטער געוואָרן. ווען פּלאַטאָ האָט אָנגעהויבן צו דרייען די שפּילקע אַלץ גיכער און גיכער, האָט דער טראָפּן אָנגעהויבן אַלץ מער צונויפגעדריקט ווערן, און סאָפּ־קאָלסאָף האָט זיך פון מיטן קייקל אָפּגעטיילט אַן אייל־רונג. דאָס קייקל האָט זיך אַף אַזא אויפן צעריסן און פון אים איז געוואָרן אַ קייקל, אַ קלענערס ווי פריער, און אַרום אים אַ

רונג. דער רונג האָט זיך געדרייט צוזאַמען מיטן קייקל אין דערזעלבער ריכטונג. דער רונג האָט זיך אָבער ניט לאַנג געהאַלטן. ער איז צוריסן געוואָרן, און פון אים איז געוואָרן עטלעכע טראָפּנס. די טראָפּנס האָבן זיך געיאָגט איינע נאָך די אַנדערע און האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין אייל-קייקל. אָט דאָס נייע אייל-קייקל האָט פאָרגעזעצט צו דרייען זיך אַרום דעם ערשטן גרעסערן קייקל — אַרום זיין מוטער. אין דערזעלבער צייט האָט זיך דאָס נייע קייקעלע אויך געדרייט אַרום זיך אַליין.

פּלאַטאָ האָט פאָרגעזעצט ווייטער צו דרייען די שפּילקע, און מיטן ערשטן קייקל איז פאָרגעקומען גאָכאַמאָל דאָס וואָס פריער: אַרום אים האָט זיך, ווידער אויסגעבילדעט אַ ראָד, די ראָד האָט זיך צעריסן, עס האָבן זיך ווידער געיאָגט איינע נאָך די אַנדערע די



ווי מע שטעלט זיך פאָר די אויסבילדונג פון דער זון-סיסטעם לויט קאַנט און לאַפּלאַס

טראָפּנס און האָבן ווידער אויסגעבילדעט אַ נייעם קייקל. דרייען זיך שוין דריי קייקלעך: אַ „מוטער“ מיט צוויי „קינדער“. פּלאַטאָ דרייט מיט דער שפּילקע די „מוטער“, די „קינדער“ דרייען זיך שוין פון זיך אַליין אַרום דער מוטער און אַרום זיך אַליין. — אַלע אין איין ריכטונג. סאָפקאָלסאָף האָבן זיך אַף אַזאַ אויפן אויסגעבילדעט אַסאַך קייקלעך, יעדע האָט זיך געדרייט ארום זיך און אַלע ארום דעם ערשטן קייקל — זייער „מוטער“. יעדע קייקל איז געווען אַף אַ פאַרשיידענער ווייטקייט פון זיין מוטער.

אָט אַף אַזאַ אויפן האָט זיך אויך פון דער אורשפּרינגלעכער נעפּלקייט אויסגעבילדעט די זון, די ערד און פּלאַנעטן, וואָס דרייען זיך אַרום דער זון.

די נעפּלקייט האָט זיך געמוזט אָפּקילן, ווייל אַרום איר איז געווען דער קאַלטער וועלטרוים. באַם אָפּקילן האָט זיך די נעפּלקייט אַלץ מער און מער איינגעשרומפּט (קלענער געוואָרן אין פאַרנעם). איינשרומפּנדיק זיך, האָט זי זיך אַלץ שנעלער געדרייט אַרום זיך, ביז עס האָט זיך פון איר אָפּגעטיילט אַ רונג. דער רונג איז צעפאַלן געוואָרן אַף שטיקלעך, די שטיקלעך האָבן זיך באַהעפט און געבילדעט אַ קויל-אַרטיקן נעפּל. און ווייטער איז

פאַרגעקומען אַזוי ווי אין דעם עקספּערימענט פון פּלאַטאָ. סאָפּקאָלסאָף איז דער צעגטער פון דער נעפּלקייט, אָפּקילנדיק זיך אַלץ מער און מער, געוואָרן געדיכט, אַז פון אים האָט זיך שוין ניט געקאָנט אויסבילדן קיין נייע ראָד. פון אָט דעם צענטער פון דער נעפּלקייט האָט זיך אויסגעבילדעט די זון. די קוילן, וואָס האָבן זיך פון דער נעפּלקייט אָפּגעשיידט — דאָס זיינען די פּלאַנעטן. אין איינע פון אָט די פּלאַנעטן, און אָפּגעקילטע פון אויבן, איז אונזער ערד.

די וויסנשאַפטלעכע השערה וועגן דער אנטשטייאונג פון דער וועלט, וועלכע מיר האָבן דאָ באַשריבן, געהערט די געלערנטע קאַנט און לאַפּלאַס. זיי זיינען געקומען צו



ספּיראַלע נעפּלקייטן.



די אויסבילדונג פון דער זון-סיסטעם לויט מולטאָן און טשעמבערלין

דעמדאָזיקן אויספיר זעלבשטענדיק איינער פון דעם אַנדערן אין אַכצנטן יאָר־הונדערט.

אין 1905 יאָר האָבן צוויי אַמעריקאַנער געלערנטע מולטאָן און טשעמבערלען פאַר־עפנטלעכט אַ נייע וויסנשאַפטלעכע השערה וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער וועלט. אויך לויט דער מיינונג פון דידאָזיקע געלערנטע איז די וועלט (די זון־סיסטעם) אַנט־שטאַנען פון נעפּלקייטן. די נעפּלקייט האָט געהאַט לויט זייער מיינונג, אַ ספּיראַל־ארטיקע פאָרם. אַזעלכע נעפּלקייטן זיינען פאַראַן זייער אַסאַך—ביז 150 טויזנט, און זיי באַשטייען, ווי מולטאַן און טשעמבערלען מיינען, פון מעטעאָריטן (הימל שטיינער), וואָס זיינען צעשפּרייט אין דעם וועלט־רוים. עס איז פאַראַן נאָך אַ דריטע טעאָריע פון דזשינס.

## די אייביקייט פון דער מאַטעריע

עס אַנטשטייט אָבער אַ פראַגע: פון וואַנען האָבן זיך גענומען די נעפּלקייטן? אין דער וויסנשאַפט זיינען פאַראַן פאַרשיידענע האַשאָרעס וועגן דעם, אָבער קיין גענויעם ענטפער גיט דערווייל די וויסנשאַפט אַף דער פראַגע ניט. מיר וועלן דאָ ניט ברענגען די פאַרשיידענע האַשאָרעס וועגן דעם. איין זאַך שטעלט אָבער פעסט די וויסנשאַפט קלאָר: פון גאָרנישט האָט די וועלט ניט געקאָנט אַנטשטיין. די מאַטעריע, פון וועלכע עס באַשטייט די וועלט האָט עקזיסטירט אייביק, נאָר די פאָרמען פון דערדאָזיקער מאַטעריע בייטן זיך שטענדיק.

## קיין מאַטעריע ווערט אַף דער וועלט ניט פאַרפאַלן

אָפט מאָל דוכט זיך אונז, אַז אַ קעגנשטאַנד, וואָס מיר האָבן געזען פאַר די אויגן, האָט אופגעהערט צו עקזיסטירן. אונז דוכט זיך, אַז פון פון אים איז גאָרנישט געוואָרן. דאָס איז אָבער אַ טאָעס. ווען עס ברענט אויס אַ ליכט, בלייבט פון איר דאַכט זיך, קיין זייכער ניט. אין דערעמעסן איז פון איר גאָרנישט ניט געמינערט געוואָרן. אַלע אירע באַשטאַנדטיילן האָבן זיך בלויז פאַנאַנדערגעטראָגן אין דער לופט, זיי זיינען אָבער אַלע געבליבן עקזיסטירן. אָט לאָמיר נעמען אַ גרויסע גלעזערנע קיילע, אין וועלכער עס איז דאָ גענוג לופט, אַז אַ ליכט זאָל דאָרט קאָנען ברענען. די קיילע צוזאַמען מיט דער ליכט וועלן מיר אָפּוועגן איידער די ליכט האָט אויסגעברענט און גאָך דעם, ווי זי האָט אויסגעברענט און פון איר איז דאַכט זיך גאָרנישט ניט געוואָרן. די וואָג וועט זיין פּינקטלעך אייגע און דיזעלבע. דאָס הייסט, אַז די מאַטעריע, פון וועלכע די ליכט איז באַשטאַנען, איז ניט פאַרשוואונדן, נאָר זי האָט אָנגענומען אַן אַנדער פאָרם, וועלכע מיר זעען ניט מיטן אויג. דאָסזעלבע קאָנען מיר זען טאָג-טעגלעך, ווען מיר וואַרפן אַריין צוקער אין אַ גלאָז טיי. דער צוקער איז צעגאַנגען און פון אים איז דאַכט זיך גאָרנישט געבליבן, די וואָג פון גלאָז מיטן טיי איז אָבער געבליבן גענוי דיזעלבע ווי דאַן, ווען דער צוקער איז נאָך ניט צעגאַנגען.

לאָמיר נעמען צוויי גאַזן — זויערשטאָף און וואַסערשטאָף. אַלס גאַזן זעען מיר זיי ניט. ווען מע פאַרייניקט זיי אָבער אין אַ געוויסער פראָפּאָרץ באַקומען מיר וואַסער. אָדער לאָמיר נעמען סולימאַ — אַ שטאַרקער סאַם. סולימאַ באַשטייט פון קוועקזילבער און כלאָר. די פראָפּאָרץ פון דיביידע באַשטאַנדטיילן איז 1:2; נעמען מיר העמזעלבן קוועקזילבער און כלאָר אין דער פראָפּאָרץ 2:2 באַקומען מיר שוין ניט קיין גיפט — סולימאַ, נאָר קאַלאמעל, וואָס מע באַנוצט אַלס אָפּפיר-מיטל.

קיין מאַטעריע ווערט אַף דער וועלט ניט פאַרפאַלן. זי קאָן בלויז אָננעמען פאַרשיידענע פאָרמען. פון פאַרשיידענע פאַרייניקונגען פון פאַרשיידענע עלעמענטן אין פאַרשיידענע פראָפּאָרצן באַקומען זיך גאַנץ פאַרשיידענע קעגנשטאַנדן. די ערד און אַלץ, וואָס אַף דער ערד איז אַנטשטאַנען, האָט זיך אַנטוויקלט פון מאַטעריע, וואָס איז שוין געווען אין וועלט-רוים. די מאַטעריע איז געווען אייביק.

ווער האָט אָבער אָט די מאַטעריע באַשאַפן? — פרעגן די טעאָלאָגן. די מאַטעריע, זאָגן זיי, האָט ניט געקאָנט אייביק עקזיסטירן, ווייל יעדע זאַך האָט אַן אָנהויב, אַלעס וואָס עס עקזיסטירט האָט אַ סיבע א ו י ס ע ר זיך. דעריבער, האָט געמוזט זיין אַ סיבע פון דער וועלט, אַ שעפער פון דער מאַטעריע. ד אָ ס א י ז ג אָ ט. „אַזוי ווי די הויז זאָגט אײדעם אַפן בויער און דער בעגעד אַפן וועבער, אַזוי זאָגט אײדעם די וועלט, אַז גאָט האָט זי באַשאַפן“. ניטאָ, זאָגן זיי, קיין אייביקע זאַכן אויסער גאָט. בלויז ער איז געווען, ער איז פאַראַן און ער וועט זיין. ער איז אייביק.

דער ענטפער פון גאָטס דינער פאַרענטפערט אָבער גאָרנישט. אין דערמעסן: אויב אייביקייט איז מעגלעך, פאַר וואָס זאָל מען ניט רעכענען, אַז מאַטעריע איז אייביק? אויב אייביקייט איז ניט מעגלעך, פאַר וואָס איז עפּעס מעגלעך די אייביקע עקזיסטענץ פון גאָט? אויב יעדע זאַך מוז האָבן איר סיבע א ו י ס ע ר זיך, וואו איז די סיבע פון גאָט? אויב עמיצער האָט געמוזט באַשאַפן אַלץ, טאָ ווער האָט באַשאַפן גאָט? אויב מע זאָל רעכענען, אַז גאָט האָט געקאָנט עקזיסטירן אייביק און קיינער האָט אים ניט געשאַפן, פאַר וואָס קאָנען מיר ניט רעכענען, אַז אויך די מאַטעריע איז געווען אייביק און קיינער האָט זי ניט באַשאַפן, אַז די סיבע פון דער מאַטעריע ליגט אין דער מאַטעריע גופע?

ניין, דער ענטפער: „גאָט“ איז קיין ענטפער ניט. ענטפערן „גאָט“ הייסט זאָגן: „איך וויים ניט“. פאַר דער אומוויסנקייט, אַמעראַצעס, פינסטערקייט איז גאָט אַן ענטפער אַף אַלץ. וויבאַלד עס איז פאַראַן אַ גאָט אַף דער וועלט, דאַרף מען ניט פאָרשן, ניט זוכן. אַלץ, וואָס מע וויים ניט, לייגט מען אַרוף אַף גאָט.

ווער האָט באַשאַפן די וועלט? — גאָט! ווער האָט באַשאַפן פלאַנצן, כאַיעס, אויפעס, מענטשן? — גאָט! פון וואַנען נעמט זיך כאָליערע, טיפוס, פאָקן? — גאָטס אַ שטראָף! פאַר וואָס זיינען פאַראַן אָרימע און רייכע? — גאָט וויל אַזוי! פון וואַנען נעמען זיך מילכאָמעס? — גאָט וויל עס! פאַר וואָס האָבן די אידן געליטן רעדיפעס באַם צאַריזם? — גאָט האָט זיי געשטראָפט! פאַר וואָס געבאָרט די פרוי דאָס קינד דורך שמערצן? — גאָט האָט זי פאַרשאָלטן! קיין איין האָר פאַלט ניט פון מענטשנס קאָפּ אָן גאָטס ווילן. אַ פליך אַפן קאָפּ אַפילע איז אויך גאָטס אַרבעט.

ווען מע וואָלט געפרעגט מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק אַ גלויבנדיקן איד, קריסט, מאַכמעדאַנער א. א. וו., פאַר וואָס קאָן אַ מענטש ניט פליען, פאַר וואָס הערט ער ניט אַף ווייטע שטרעקעס, וואָלטן מיר באַקומען אַן ענטפער: גאָט האָט אים אַזוי באַשאַפן. פליען קאָנען נאָר פויגלען און מאַלאָכים. הערן וואָס מע רעדט אַף אַ מעהאַלעך פון טויזנטער קילאָמעטער קאָן נאָר גאָט אַליין און זיינע הייליקע, וואָס שאַפן וואונדער אין זיין ליבן נאָמען.

האָבן אָבער מענטשן געפאָרשט די נאַטור, ערלערנט אירע געזעצן און האָבן די נאַטור אונטערגעטעניקט. פליען שוין מענטשן אין דער לופטן טויזנטער קילאָמעטער וווייט. הערט אַ מענטש אין אייראָפּע דורכן טעלעפאָן, וואָס מע רעדט אין אַמעריקע. מאַכט די ראַדיאָ אונז הערנדיק אַף טויזנטער קילאָמעטער. קיין שום ניסים איז דאָ ניטאָ.

# געזעצן פון דער נאַטור

„גאָט פירט אָן מיט דער וועלט“. און מענטשן זאָגן פאָרויס מיט יאָרן, ווען עס וועט זיין ליקע כאַמע אָדער ליקע לעוואָנע און טרעפן פינקטלעך אין דער מינוט. די מענטשן האָבן געפאָרשט און האָבן דערגאַנגען גענוי די געזעצן, ווי עס באַוועגן זיך די פּלאַנעטן, און דעריבער קאָנען זיי פאָרויס באַשטימען, ווען וועט די ערד אין איר באַוועגונג זיין צווישן דער זון און צווישן דער לעוואָנע און פאַרשטעלן פאַר דער לעוואָנע די זונס שטראַלן. די מענטשן האָבן גענוי פעסטגעשטעלט, אַז די לעוואָנע שיינט ניט מיט איר אייגענער ליכט, אַז די לעוואָנע איז אַן אָפּגעקילטע פּלאַנעטע און אַז נאָר די שטראַלן פון דער זון באַלייכטן זי. פאַרשטעלט די ערד פון דער לעוואָנע די שטראַלן פון דער זון, הערט זי אויף צו לייכטן, עס קומט פאָר דאָס, וואָס מיר רופן ליקע לעוואָנע. פאַרקערט, באַקומט זיך אין דער באַוועגונג די לעוואָנע צווישן דער ערד און דער זון, פאַלן דאַן ניט די שטראַלן פון דער זון אַף דער ערד, און עס באַקומט זיך ליקע כאַמע.

דאָס, וואָס די געלערנטע זאָגן פינקטלעך פאָרויס די צייט פון ליקע כאַמע און ליקע לעוואָנע זאָגט אייִדעס, אַז זיי האָבן ריכטיק אויסגעפאָרשט די געזעצן פון דער נאַטור. נאָר אומוויסנדע מענטשן און מענטשן, וואָס ווילן אָפּנאַרן אַנדערע, קאָנען זאָגן, אַז די דערציילונג פון ביבל וועגן דעם, אַז יעהוישוע בין-נון האָט אָפּגעשטעלט די זון, איז אַ ריכטיקע. די געזעצן פון דער נאַטור קאָן קיינער ניט ענדערן. אויב גאָט, וואָלט קאָנען טאָן מיט דער נאַטור, וואָס ער וויל, דאַן וואָלט דאָך קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן געזעצן פון דער נאַטור. אויב די גלויבנדיקע רעכענען, אַז גאָט קאָן שטראָפן די מענטשן דורך דעם, וואָס ער שיקט האָגל, טריקעניש, קראַנקייטן, הייִשעריקן, פאַר וואָס זאָל גאָט ניט פאַרוועלן שטראָפן די מענטשן מיט אָפּשטעלן די זון, פאַר וואָס איז ניט צו גלויבן, אַז גאָט זאָל באַווייזן זיין קראַפט דורך דעם, וואָס ער וואָלט צו נישט געמאַכט די פאָרויסזאָגונגען פון די אַסטראָנאָמען און די ליקע כאַמע און ליקע לעוואָנע זאָל ניט פאָרקומען אין דער צייט, ווען עס האָבן פאָרויס געזאָגט די געלערנטע. אויב מע זאָל גלויבן אַז גאָט האָט געשאַפן און פירט אָן מיט דער וועלט, דאַן וואָלט ער דאָך בעעמעס געקאָנט אָפּשאַפן די פעסטגעשטעלטע נאַטור געזעצן, ווי אַ טעאַטער-דירעקטאָר שאַפט אָפּ אַ שוין באַשטימטן ספּעקטאַקל.

אויב גאָט שטראָפט מיט קרענק, וואָס וואָלט דאַן געהאָלפן שטעלן פּאָקן, מאַכן איינשפּריצונגען קעגן דיפטעריט און ד. גל? די וויסנשאַפט האָט אָבער געפונען די באַקטעריעס, וואָס רופן אַרויס פּאָקן, דיפטעריט, און האָט געפונען מיטלען, ווי אַזוי די קרענק אויסצומיידן. ניט פון גאָט ווענדט זיך אָפּצוהיטן זיך און היילן די קרענק, נאָר פון מענטשן, וואָס דערלערנט און באַקעמפט די קרענק. ניט קיין גאָט און ניט קיין רוכעס, ניט קיין צופעליקייטן און ניט קיין ניסים, נאָר געזעצן פון דער נאַטור, געזעצן, וואָס ליגן אין דער נאַטור פון דער מאַטעריע.

# די אנטשטייאונג פון לעבן*

די אַנטשטייאונג פונם לעבן אַף דער ערד דערקלערן די געלערנטע אַף אַזאַ אופן. אין יענער צייט, ווען די ערד האָט זיך אָפּגעקילט איז איר טעמפּעראַטור און צושטאַנד געווען אינגאַנצן אַנדערע, ווי איצט.— און אָט דאַן איז פון דער טויטער מאַטעריע געבאָרן געוואָרן אַ לעבעדיקס וועזן. דאָס לעבעדיקע איז אָבער מיט קיין זאַך ניט ענלעך געווען אַף אַ וועלכן ס'איז כאָטש סאַמע פּרימיטיווסטן אָרגאַניזם פון אונזער צייט. דאָס איז נאָר געווען אַן אָנפאָרמיק שטיקל לעבעדיקע מאַטעריע — און גאָר.

באַ וואָסערע באַדינגונגען האָט דאָס דאָזיקע לעבעדיקע וועזן געקענט דערשיינען?

אַ לעבעדיקער קערפּער שיידט זיך אונטער פון אַ טויטן מיט זיין קאָמפּליצירטקייט. אין דער כעמיע איז באַוואוסט, אַז אַפילו אין דער טויטער נאַטור קומען פאָר באַ געוויסע באַדינגונגען פאַרשיידענע קאָמפּליצירטע פאַרייניקונגען פון באַזונדערע קערפּערס. ווען, למשל, מיר מישן צונויף אין איין קיילע צוויי גאַזן — וואַסערשטאָף און כלאָר — און מיר שטעלן עס אַוועק אין דער פינצטער, וועט קיין פאַרייניקונג פון זיי קיינמאָל ניט פאָרקומען. אויב אָבער מיר וועלן דידאָזיקע קיילע מיט די גאַזן אַרויסשטעלן אַף דער העלער שיינענדיקער זון, וועלן די גאַזן אויפרייסן און עס וועט זיך פון זיי באַקומען אַ גאָר נייער שטאָף — שיטערער זאַלצזויער. הייסט עס, אַז די באַדינגונגען אַף צו באַקומען דעם שיטערן זאַלצזויער איז — די זונענשיין.

די פאַרייניקונג, וועלכע עס בילדן די אַזוי גערופענע אָרגאַנישע, אָדער לעבעדיקע, קערפּערס קומט פאָר אַסאַך שווערער און פאָדערט מער קאָמפּליצירטע באַדינגונגען. קעדיי צו פאַרייניקן, למשל, קוילנשטאָף און זויערשטאָף פאָדערט זיך אַ הויכע טעמפּעראַטור און נאָר דאַן פאַרייניקן זיי זיך און בילדן אויס אַ נייעם מין שטאָף. און טאַקע אָט די צוויי גאַזן — קוילנשטאָף און זויערשטאָף — ליגן אין יעסאָד פונם באַשטאַנד סיי פון לעבעדיקער מאַטעריע און סיי פון לעבעדיקן אָרגאַניזם.

פון די געבראַכטע ביישפּילן זעען מיר, אַז קעדיי צו בילדן אַ געוויסע כעמישע פאַרייניקונג פאָדערט זיך אין איין פאַל שיין, אין אַ צווייטן פאַר — טעמפּעראַטור. נאָר כויץ דידאָזיקע באַדינגונגען קענען זיך נאָך אין אַנדערע פאַלן פאָדערן אַ באַשטימטער דרוק, פייכטקייט א. א. וו.

פאַר קאָמפּליצירטע כעמישע פאַרייניקונגען פאָדערן זיך אָפט עטלעכע באַדינגונגען מיטאַמאָל. דאָס געבורט פון לעבעדיקע קערפּערס אַף דער ערד איז אַ קאָמפּליצירטע כעמישע אויסבילדונג. פאַרשטייט זיך, אַז אויך די באַדינגונגען פאַר דערדאָזיקער אויסבילדונג האָבן זיך געפאָדערט קאָמפּליצירטע.

מיטן וואוקס פון דער ערד בייטן זיך אירע אייגנשאַפטן: עס פאַרקלענערט זיך די טעמפּעראַטור, עס בייטן זיך די אייגנשאַפטן פון די קערפּערס, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די טויטע נאַטור. פאַרשטייט זיך, אַז אויך די באַדינגונגען אַף צו אויסבילדן געוויסע

* פונם רויט-אַרמייאישן אַנטירעליגיעזן לערנבוך

כעמישע פאַרייניקונגען האָבן זיך געביטן. עס פאָהערן זיך שוין איצט גאָר אינגאַנצן אַנדערע באַדינגונגען, ווי אין די אוראַלטע צייטן. אָט בא יענע באַדינגונגען, וועלכע זיינען שוין איצט ניטאָ איז געבאָרן געוואָרן דער ערשטער לעבעדיקער קערפּער, וועלכער האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט אין אַ לעבעדיקן וועזן.

דער ערשטער לעבעדיקער קערפּער האָט געקענט געבאָרן ווערן נאָר אין וואַסער, אַפן גרונט פון יאַם. מיר ווייסן, אַז אויך איצט לעבן די סאַמע פּרימיטיווסטע אָרגאַניזמען דאַפקע אין וואַסער. די לעבנס-באַדינגונגען זיינען אין וואַסער פאַשעטערע, ווי אַף דער יאַבאַשע און דעריבער האָבן אויך די ערשטע פּרימיטיווע לעבעדיקע וועזנס געמוזט באַ-ווייזן זיך אין וואַסער און ניט אַף דער יאַבאַשע.

אָט אַזוי דערקלערט די וויסנשאַפט די אַנטשטייאונג פונעם לעבן אַף דער ערד.

## וויאַזוי זיינען אַנטשטאַנען די פאַרשיידנאַרטיקע לעבעדיקע וועזנס

מיר האָבן אויבן געזען, ווי אַזוי ס'איז אַנטשטאַנען דער לעבן ביכלאַל, אָבער ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען די גאַנצע פאַרשיידנאַרטיקייט פונעם לעבן, וועלכע מיר זעען איצט? צי איז שטענדיק געווען אַף דער ערד אַזאַ פאַרשיידנאַרטיקייט צווישן די לעבעדיקע וועזנס?



אויסגעגראָבענע קרעפּסאַרטיקע

אַף דער פראַגע ענטפערט די וויסנשאַפט וועגן די אויס-געגראָבענע באַלעכאַים.

גאַנץ אָפט געפינען מיר אין די טיפע ערד-שיכטן פאַרשיידענע באַלעכאַים און גע-וויקסן, וועלכע האָבן געלעבט אין די אוראַלטע צייטן: ביינער, סקעלעטן א. א. וו. (זע צייכ.), אַסאַך פון זיי זיינען אינגאַנצן ניט ענלעך אַף אַ וועלכע ס'איז איצט לעבעדיקע

וועזנס, אַסאַך האָבן גאָר אַ ווייטע ענלעכקייט מיט זיי. דאָס דערציילט אונז וועגן דעם, אַז דער אַמאָליקער לעבן אַף דער ערד איז געווען גאָר אַן אַנדערעד ווי איצט. וואָס טיפער אין דער ערד מיר געפינען די באַלעכאַים און געוויקסן, אַלץ ווייניקער זיינען זיי ענלעך אַף אונזער הייניטיקן לעבן. כוצדעם, זעען מיר, אַז וואָס עלטער עס איז דער אָרגאַניזם, אַלץ פּאָשעטער און פּרימיטיווער איז זיין געבוי. וואָס טיפער אין דער ערד מיר געפינען דעם באַלעכאַי אַלץ איינפאַכער און פּרימיטיווער איז ער געבויט.

דערלערנענדיק די אויסגעגראָבענע באַלעכאַים און געוויקסן זעען מיר, אַז דער לעבן אַף דער ערד האָט זיך געביטן אין מעשעך פון דוירעס. די אַלע אָרגאַניזמען, וואָס לעבן איצט האָבן זיך אַנטוויקלט פון מער פּרימיטיווערע וועזנס. ס'איז געווען אַ צייט, ה'ען אַף דער ערד איז אינגאַנצן ניט געווען קיין זויג=באַלעכאַים. גרויסע יאַשטשערקעס האָבן באַפּעלקערט די ערד, די וואַסער און די לופט. נאָך פריער זיינען געווען צייטן, ווען קיין יאַשטשערקעס און אַנדערע שעדרעקדיקע באַלעכאַים זיינען אויך ניט געווען, עס האָבן געלעבט בלויז אַזעלכע, ווי די איגזעקטן, קרעבס=אַרטיקע און אַגד. פון יענע ווייכלייביקע באַלעכאַים, וועמעס קערפּערס האָבן קיין האַרטע טיילן ניט פאַרמאָגט, האָט קיין זייכער ניט געקענט בלייבן, ווייל בלויז האַרטע טיילן היטן זיך איין אין דער ערד.

דער לעבן פון דידאָזיקע פּרימיטיווע און אייגאַרטיקע באַלעכאַים האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער און מער אַנטוויקלט אין קאָמפּליצירטע און פאַרשיידנאַרטיקע וועזנס. גייע סימאָנים האָבן זיך באַ די באַלעכאַים אָנגעקליבן לאַנגזאַם, ביסלעכווייז. אַסאַך צייטן און דוירעס זיינען אַדורך ביז עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ גייער מין באַלעכאַים.

אַזוי דערקלערט די וויסנשאַפט די אָפּשטאַמונג און אַנטוויקלונג פונם לעבן אַף דער ערד.

## די אָפּשטאמונג פונם מענטשן

לאָמיר זען, וואָס זאָגט די וויסנשאַפט וועגן דער אָפּשטאַמונג פונם מענטשן?

איידער זי גייט ענטפערן אַף דער פראַגע, טוט די וויסנשאַפט אָט וואָס: 1) זי פאָרשט אוים דעם געבוי פונם הייניטיקן מענטשן, 2) זי פאַרגלייכט די ענלעכקייט אין דער פאַרשיידנאַרטיקייט פונם געבוי פון מענטשן און אַנדערע באַלעכאַים, 3) זי דערלערנט די אַנטוויקלונג פונם קינד און דער מוטערס טראַכט, 5) זי זוכט אונטער די אויסגעגראָבענע אורעלטער=זיידעס פונם מענטשן און אַפן יעסאָד פון דעמדאָזיקן גאַנצן מאַטעריאַל מאַכט זי אירע אויספירן.

אַלע פאַקטן, וואָס די וויסנשאַפט האָט צונויפגעקליבן וועגן מענטשן און די נאָענטע צו אים באַלעכאַים, איבערהויפּט מאַלפּעס, זאָגן איידעס וועגן דער נאָענטקייט פונם מענטשן מיט אַלע באַלעכאַים.

## וואָס דערציילט אונז די אנאטאָמיע וועגן דער אָפּשטאמונג פונם מענטשן

אַנאַטאָמיע הייסט — די וויסנשאַפט וועגן דעם קערפּער=געבוי פונם מענטשן און באַלעכאַים. אָט דידאָזיקע וויסנשאַפט דערציילט אונז, אַז דער געבוי פונם מענטשלעכן

קערפּער און מענטשאַרטיקע מאַלפּעס זײַנען דיזעלבע (זע צײַכ. סקעלעטן) די זעלביקייט אינם געבוי פון די מוסקולן, צײַנער, נערוון־סיסטעם און אינערלעכע אָרגאַנען דערווייזן נאָך מער ענלעכקייט פונם מענטשן מיט דער מאַלפּע.

## וואָס דערציילט אונז דאָס קינד אין דער מוטערס טראַכט

דער מענטשלעכער עמבריאָן הויבט זיך אָן אַנטוויקלען פון אַ מיקראָסקאָפּיש קלײנעם אייעלע. אַלע באַלעבאַים אַנטוויקלען זיך אויך פון אַן איי. דער מענטשלעכער עמבריאָן דערמאָנט לויט זײַן געבוי די מער פּרימיטיווערע באַלעבאַים. הייסט עס, אַז דער מענטש אַנטוויקלט זיך אַפן זעלבן אויפן ווי אַלע אַנדערע באַלעבאַים.



סקעלעטן פון א מענטשן און פון א גאָרילע (מאלפּע).
פון דער צייכענונג איז צו זען, אז לויט זייער גרונט-געבוי, זיינען זיי אלציינס

אַף דער געמעל (ז. 57) קענען מיר זען, אַז די עמבריאָנען פון אַ קאַץ, מאַלפּע און מענטש זײַנען אַזוי ענלעך צווישן זיך, אַז ס'איז מאַמעש שווער זיי אונטערשיידן. קוקט זיך צו צו די פּאַסעקלעך באַ אַלע עמבריאָנען נעבן קאָפּ. דאָס מערקן זיך אָן זשאַברעדיקע שפּעלטעלעך. באַ פיש אַנטוויקלען זיך פון זיי שפּעטער זשאַברעס. באַ אַלע אַנדערע באַ־לעבאַים ווערן דידאָזיקע זשאַברעדיקע שפּעלטעלעך פאַרוואַקסן. צוליב וואָס האָט דאָס

גאָט דער האַר געדאַרפט צווינגען דעם מענטשלעכן עמבריאָן צו איבערכאַזערן אין זיין געבוי די אַנטוויקלונג פון די מער פרימיטיווערע באַלעבאַים? פאַרשטייט זיך, אַז די רעליגיע קען עס ניט דערקלערן, אָבער פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפונקט איז עס גאַנץ




די עמבריאָנען פון קעץ (לינקע ריי, פון אויבן אראָפּ), מאלפעס (מיטעלע ריי, פ״ן אויבן אראָפּ) און פונם מענטשן (רעכטע ריי, פון אויבן אראָפּ). וואָס איינגער עס זייב״ן די מבריאָנען, אלץ מער זייב״ן זיי ענלעך איינער אפן צווייטן.

קלאָר. יעדער עמבריאָן כאַזערט אין קורצן איבער די געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון זיינע אורעלטער־זיידעס. אָט פאַרוואָס עס זיינען לעכאַטכילע אַזוי ענלעך די עמבריאָנען

פון פאַרשיידענע באַלעבאַים און ערשט שפּעטער הויבן זיי זיך אָן אונטערצושיידן איינע פון די אַנדערע.

## די באלעבאים-שטריכן באם מענטשן

מיר האָבן דערוויזן די ענלעכקייט פונם מענטשן מיט באַלעבאַים אין זיין עמבריאָ-נעלער אַנטוויקלונג. מיר קענען וויזן אָנשוילעכע פאַלן.

גיט אַ קוק אַף די געמעלן (ז. ז. 58—59). דאָ זעט איר, אַז האָריקע מענטשן מיט עקעלער, מענטשן מיט אַסאַך זויג-קנאַספּן, באַוואַקסענע מיט האָר, מענטשן, וועלכע האָבן סימאָנים פון באַלעבאַים איז גאָרניט אזא זעלטנקייט. נאָר דידאָזיקע סימאָנים זיינען צופעליקע, וועלכע באַווייזן זיך באַ אייניקע מענטשן.



אן אינגל, וואָס איז געבאָרן געוואָרן מיט אן עקעלע



סימאָנים פון באלעבאים באם מענטשן: א מענטש מיט אסאך אויג-קנאָפּסן

אַבוצדעם, עקזיסטירן אויך באַ יעדער מענטשן שטענדיקע סימאָנים, וועלכע דער-נענטערן אים מיט דער באַלעבאַים-וועלט. באַם מענטשן איז פאַראַן אַ בלינדע קישקע מיט אַ וואָרעמארטיקן אויסוואוקס. באַ אייניקע באַלעבאַים איז דידאָזיקע קישקע גוט אַנט-

וויקלט און איז גוטיק פאַרן שפּיין־פּאַרדיי. באַם מענטשן פילט זי ניט אוים קיינע פונק־ציעס און דאָך האָט יעדער מענטש אַ בלינדע קישקע. דאָס קען דערקלערט ווערן נאָך מיט דעם, וואָס ער האָט זי אַלס יערושע פון זיינע באַלעבאַימדיקע אורעלטער־זיידעס. שפּריים פאַנאַנדער ברייט די פינגער און קוקט זיך צו פון דער אינוועניקסטער זייט. איר באַמערקט באַם אָנהויב פון די פינגער, וואו זיי גרענעצן זיך מיט דער דלאָניע שווים־הייטלעך. — דאָס, איז אַ יערושע פונם מענטשנס ווילדן אורעלטער־זיידן, ווען ער איז נאָך געווען אַ וואַסער־באַלעבאַי. אַט די אַלע סימאָנים און צופאַלן זאָגן אײדעס וועגן דער נאָענטסייט פונם מענטשן מיט דער איבעריקער באַלעבאַים־וועלט.



א פאָטאָגראַפיש בילד פון א מענטשן, וואָס איז דורכויס באַדעקט מיט האָר

## די בלוט-נאָענטקייט פונם מענטשן מיט די באַלעבאַים

פאַראַן נאָך אַ מיטל, ווי אַזוי פעסטצושטעלן די נאָענטקייט פון די באַלעבאַים מיטן מענטשן.

אויב מע זאָל צונויפמישן די בלוט פון צוויי נאָענטע באַלעבאַים, לעמאָשל, פון אַ האָז מיט אַ קראָליק, אָדער פון אַ פערד מיט אַן אייזל, וועלן ביידע טיילן בלוט בלייבן אומ־פאַרענדערלעך. די בלוט פונם אייזל קען מען איבערגיסן אין די בלוט־געפעס פונם פערד און דאָסזעלבע פאַרקערט, אָן קיין שום שאָדן פאַרן באַלעבאַי.

אויב אָבער מע זאָל צונויפמישן די בלוט פון צוויי וווייטע באַלעבאַים, ווי, לעמאָשל, פון אַ הונט מיט אַ קאַץ, וועט די בלוט פון איינעם אַזוי ענדערן זיך, אַז זי וועט ווערן שעדלעך פאַר דעם באַלעבאַי, ווענען מע האָט זי אַריינגעגאָסן. הייסט עס, אַז מע קען קלאָר מאַכן די קרוווישאַפט פון באַזונדערע באַלעבאַים דורכן צונויפמישן זייער בלוט.

מע האָט געפּרוּווט צונויפמישן די בלוט פון אַ מענטשן מיט די נאָענטע צו אים מאַלפּעס: גאָרילא, אָראַנג־אוטאַנג, שימפּאַנזע. האָט זיך באַקומען, אַז סיי דעם מענטשנס בלוט און סיי דער מאַלפּעס זיינען געבליבן אומפאַרענדערלעך. דאָס דערווייזט אַף דער נאָענטער קרוווישאַפט זייערער.

הייסט עס דען, אַז די וויסנשאַפט באַשטייט אַף דעם, אַז דער מענטש שטאַמט פון דידאָזיקע מאַלפּעס? בעשום אויפן ניט.

## דער מענטש אָון די מאלפּע האָבן אלגעמיינע אורעלטער-זיידעס

דער מענטש שטאַמט ניט פון דער היינטיקער מאַלפּע, נאָר סיי דער מענטש און סיי די היינטיקע מאַלפּע האָבן זייער אַלגעמיינע אורעלטער־זיידעס. די אוראייניקלעך פון דידאָזיקע זיידעס האָבן לאַנגזאַם און בעהאַדראָגעדיק געביטן זייער אויסזען אַף פאַרשיידנאַרטיקע אויפאַנים, באַ איינע האָבן זיך באַוויזן סימאָנים, וועלכע פירן זיי אַפּן וועג צום היינטיקן מענטשן, באַ אַנדערע האָבן זיך אויסגעבילדעט סימאָנים פון מאַלפּעס. און פאָרגעקומען איז עס דערפאַר, וואָס זיי האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע באַדינגונגען, וואָס אַף אַ פאַרשיידענעם אויפן האָבן זיי געמוזט קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ. לאַנגזאַם, און מעשעך פון פיל דורעס האָבן זיך אָנגעקליבן מענטשלעכע סימאָנים באַ אונזערע מאַלפּעסאַרטיקע עלטערזיידעס, ביז עס האָט זיך אויסגעאַרבעט דער היינטיקער „קלוגער מענטש“.



שאַרבנס פון אוראַלטע מענטשן

מיט וואָס זשע קען מען אָבער דערווייזן, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי און ניט אַנדערש? אַלס באַווייז קענען דינען די ביינער פון די אוראַלטע מענטשן, וואָס מע געפינט אין דער ערד. דידאָזיקע ביינער זאָגן איידעס, אַז זייערע אייגנטימער, האָבן זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פון די היינטיקע מענטשנאַרטיקע מאַלפּעס, אָבער אויך פונם היינטיקן מענטשן האָבן זיי זיך אונטערגעשיידט מיט אַסאַך סימאָנים.

אָט דאָס זיינען יענע פאַקטן, אַף וועמעס יעסאָד די וויסנשאַפט קומט צום אויספיר וועגן דער קרווועשאַפט אין דער אָפּשטאַמונג פון דער גאַנצער באַלעבאַים־וועלט און, פאַרשטייט זיך, פונם מ ע נ ט ש ן בעסויכאָם.

# ליטעראטור


Гурев — Хрестоматия молодого безбожника, отд. VII и VIII.
Гурев — Мироведение безбожника.
Скворцов — Обновленная земля.
Джинс — Новейшее учение о происхождении мира.
Якобсон — Происхождение мира.
טימיריאזעוו — דארווין און זיין לערע.
זשוקאָוו — די אפשטאמונג פונם מענטשן.
Анучин — Происхождение человека.
Гессе Рихард — Учение о происхождении видов и дарвинизм.
Сементковский — История органического мира на земле.


## פראגן צו איבערכאזערן

1. ווי דערקלערט די וויסנשאפט די אפשטאמונג פון די ביבלישע דערציילונגען וועגן דער באשאפונג פון דער וועלט ?
2. וואָס פאר א ווידערשפרוכן זיינען פאראן צווישן דער ערשטער און צווייטער דערציילונג אין כומעש וועגן דער וועלט-באשאפונג ?
3. ווי האָבן זיך פאָרגעשטעלט די אידישע טאלמודיסטן די באשאפונג פין דער וועלט ?
4. וואָס פאר א פאָרשטעלונגען וועגן דער וועלט-באשאפונג איז געווען בא די אוראלטע פעלקער ?
5. דערווייזט, אז קיין שום מאטעריע ווערט ניט פארפאלן ?
6. ברענגטביישפילן פון דעם, ווי איין מין ענערגיע ווערט פארוואנדלט אין אן אנדער מין.
7. אין וואָס באשטייען די היפאָטעזן פון קאנט-לאפלאס, מולטאן און טשעמבערלין ?
8. ווי אזוי איז אנטשטאנען דער מענטש ?
9. פארוואָס איז אין אסאך קאפיטאליסטישע לענדער פארווערט צו לערנען אין די שולן דארווינס לערע ?

## קאפיטל 4

# צי איז פאראן א נעשאָמע

## די פאָרשטעלונג פון גלויבנדיקע אידן וועגן גוף און נעשאָמע

„און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן פון ערד און האָט אים אַריינגעבלאָזן אין די נאָזלעכער דעם אָטעם פון לעבן“, — אַזוי דערציילט די טוירע אין בערייֵשים. גלויבן פרומע אידן, און לערנען זייערע קינדער אַזוי צו גלויבן, אַז דער מענטש באַשטייט פון אַ גוף און פון אַ נעשאָמע.

האַלטן גלויבנדיקע אידן פאַר אַ מיצווע צו שטיין בעאיים דער גסיסע פון אַ אידן, בעאיים „יעציעס נעשאמע“ — ווען די נעשאָמע פאַרלאָזט דעם גוף. אין די הייזער, וואָס געפינען זיך בישכיינעס מיטן הויז, וואו עס איז עמיצער געשטאָרבן, מוז מען אויסגיסן דאָס וואַסער פון די דייזשקעס. פרעגט באַ דער אידענע, פאַרוואָס גיסט זי אויס דאָס וואַסער, וואָס זי האָט מיט מאַטערניש געבראַכט צעטראָגן פון ברונעם, וועט זי אייך ענטפערן, אַז דאָס וואַסער איז אומריין, און מע טאָר ניט נוצן. אומריין איז עס דערפאַר, ווייל דער מאַלכאַמאָוועס האָט אין אים אָפּגעוואַשן דעם מעסער, מיט וועלכן ער האָט אומגעבראַכט דעם אָקאָרשט געשטאָרבענעם מענטשן.

איידער מע וועט דעם געשטאָרבענעם באַגראָבן, וועלן זיך מיט אים געזעגענען זיינע פריינט, שביינים, באַקאַנטע. מאַנסביל זאָגן טילים, ווייבער גייען „אייביקע קליידער“ — טאַכריכים. מע באַקלאָגט דעם געשטאָרבענעם, מע גיט מיט אים איבער גערוסן אַף יענער וועלט און מע בעט אים אויספילן דאָרט אייניקע שליכעס. אַ ווייבל אַן אַלמאָנע זאָגט אים אָן — ער זאָל לעמאַנאַשעם דאָרט איבערגעבן איר מאַן, אַז אירע קינדער גייען נאַקעט און באָרוועס ,אַז זיי הוסטן און קרענקען אָפּט. זאָל ער, איר מאַן און פאָטער פון אירע קינדער, דאָרט מיען זיך פאַר דעם ריבוינע שעלאָוילעם, ער זאָל לינדערן איר נויט און געבן איר די מעגלעכקייט צו האָדעווען אירע בידנע יעסוימימלעך. אַן אַנדער אידענע בעט — ער זאָל דאָרט איבערגעבן איר פאָטער דעם ראָוו, אַז איר טאָכטער, זיין אייניקל, זיצט ביזן גראָען צאָפּ אַריין, און קיין שידעך מאַכט זיך ניט, ווייל קיין נאַדן איז ניטאָ. באַ דער דריטער שפּייט דער מאַן מיט בלוט, זאָל דער באַרמענער, אַליין טאַקי דאָרט, אַף יענער וועלט, אויסבעטן באַ גאָט אַ רעפוע שלוימע. קיין לעבעדיקן מענטשן וואָלט קיינער ניט וואַגן צו געבן אַזויפיל אויפטראָגן. דער טויטער פּראָטעסטירט אָבער ניט און מע לאָדט אים אָן מיט פּעק ביטעס און הישטאַדלעס צו לאַנג פאַרשטאָרבענע קרויווים, צו פאַרשטאָרבענע גוטע אידן, צו מאַלאָכים און צו גאָט אַליין. די זין פון דעם פאַרשטאָרבענעם, אויב זיי זיינען נאָך גלויבנדיקע, וועלן עלף כאַדאָשים זאָגן קאַדעש נאָכן

פּאָטער. דער קאַדעש דאַרף פֿאַרלייכטערן דער נעשאָמע פֿון פֿאַרשטאָרבענעם איר לעבן אַף „יענער וועלט“, העלפֿן איר אַריין אין גאַניידן. איידער די נעשאָמע וועט אַריין אין גאַניידן מוז זי זיך אויסלייטערן פֿאַר אירע זינד, וואָס זי האָט געטאָן, דאָ, אַף דער וועלט. די שטראָף פֿאַר די זינד אירע וועט זי אָפּקומען אין געהענעם, וואו די מאַלאָכים פֿון גאָט פֿירן אויס איבער די זינדיקע נעשאָמעס אַכזאָריעסדיקע פּייניקונגען: בראָטן אַף הייסע סקאָוואָראָדעס, באָדן אין קעסלען קאָכעדיקע פּעך, אופֿהענגען פֿאַר דער צונג און נאָך און נאָך אַזוינע יעסורים. דערפֿאַר אָבער אין גאַניידן לעבט שוין די נעשאָמע אַ גוט לעבן: קיין שום אַרבעט דאַרף זי דאָרט ניט טאָן, זי עסט און טרינקט דאָרט, וואָס איר גלוסט זיך, און לערנט גאָטס טוירע. די נעשאָמע זיצט אָבער ניט שטענדיק אַף יענער וועלט: אָפֿט לאָזט זי זיך אַראָפּ אַף דער ערד, קעדיי אויסצופֿילן וועלכע עס איז שליכעסן אָדער אָפּדאַוונען אַ מאַירעוו אין בעסמעדרעש. (לייענט דורך: — פּערעצס באַנאַכט אַפֿן אַלטן מאַרק“).

די נעשאָמעס קומען באַנאַכט אויך צו כאָלעם צו זייערע קרוווים און באַקאַנטע, און לערנען זיי וואָס צו טאָן, ווי צו אויסמיידן געפֿאַרן, פֿאַר וועמען אויסגעבן די קינדער. ניט איין מאָל איז יעדן פֿון אונז אויסגעקומען צו הערן פֿון דער באָבען אָדער פֿון דער מאַמען, אַז דער זיידע, „אָלאָוו האַשאָלעם“, די באָבע אָדער די עלטער באָבע, איז צו איר געקומען צו כאָלעם און האָט איר פֿאַרזאָגט זי זאָל אויספֿילן דעם אָדער יענעם איניען. ווען איר וועט פֿרעגן באַ דער מאַמען אָדער באַ דער באָבען, ווי אַזוי האָט זי דערקאָנט די נעשאָמע פֿון איר באָבען, ווען זי איז צו איר געקומען צו כאָלעם, וועט זי אייך ענטפֿערן גאַנץ פּאַשעט: „וואָס הייסט, איך וועל ניט דערקאָנען די באָבע מיינע?“ און זי וועט אייך דערציילן אַז די באָבע איז געווען אָנגעטאָן אין טאַכריכים און האָט אויסגעזען פּונקט אַזוי, ווי זי האָט זי געזען גלייך נאָך איר טויט. אָדער די באָבע איז צו איר געקומען אין דערזעלבער קלייד, אין וועלכער זי איז געווען באַ איר אַף כאַסענע, צו דער בופֿע-וועטשערע. די נעשאָמע, ווי מיר זעען, האָט, אין דער פֿאָרשטעלונג פֿון די גלויבנדיקע, דעמזעלבן אויסזען, ווי עס האָט געהאַט דער גוף, אין וועלכן די נעשאָמע איז געזעסן באַם לעבן. וואו, אין וועלכן טייל פֿון גוף, איז די נעשאָמע געזעסן באַם לעבן? — „אין בלוט“, וועט אייך ענטפֿערן דער גלויבנדיקער איד. און דעריבער פֿאַרבאָט טאַקע די טוירע צו עסן בלוט: „ווייל דאָס בלוט איז דער נעפֿעש“. דאָס הייסט דאָס בלוט איז די נעשאָמע. גייט אַרויס די נעשאָמע פֿון גוף, גייט מיט איר צוזאַמען אַרויס אויך דאָס לעבן. איז די נעשאָמע אַרויס, שלאָגט שוין אויך מער ניט דאָס האַרץ, באַוועגן זיך ניט די הענט און די פֿיס, הערן ניט די אויערן, זעען ניט די אויגן, טיילן ניט אויס די נירן קיין אורין, הערט אויף דער מענטש צו לויבן גאָט. יעדע באַוועגונג פֿון פֿינגער, יעדער שלאָג פֿון האַרץ, זאָגט איידעס, אַז עס איז דאָ אַ נעשאָמע אין גוף — זאָגן די גלויבנדיקע.

לאָמיר אַ קוק טאָן, וואָס זאָגן וועגן דעם די געלערנטע.

## קינסטלעכע אופֿלעבונג פֿון פֿאַרשיידענע גוף-טיילן

שוין לאַנג האָבן די געלערנטע באַמערקט, אַז ווען מע שניידט אויס באַ אַ לעבעדיקער זשאַבע דאָס האַרץ, שלאָגט נאָך דאָס האַרץ אַ היפּשע צייט. די געלערנטע האָבן אָנגע-

הויבן פּרואוון דאָס האַרץ פון אַנדערע באַלעבאַיעס און זיינען געקומען צום אויספיר, אַז אַף לעבעדיק מאַכן דאָס האַרץ פון אַ קראָליק, אַ קאַץ, אָדער אַפילע פון אַ מענטשן זיינען נויטיק בלויז: די געהעריקע טעמפּעראַטור, זויערשטאָף און אייניקע זאַלצן, וואָס ווערן אופגעלייזט אין וואַסער און ווערן דורכגעלאָזן דורכן האַרץ.

די ענגלישע געלערנטע רינגער און לאָק האָבן באַוויזן, אַז קעדיי אופצולעבן אַ האַרץ, קאָן מען דורכלאָזן דורכן האַרץ ניט קיין עמעסע בלוט, נאָר אַ פליסיקייט, וואָס באַשטייט פון איינפאַכע וואַסער, אין וועלכער עס זיינען אופגעלעזט די זאַלצן, וואָס געפינען זיך אין בלוט. דערהויפּט איז אָפּגערייניקטע קאָך-זאַלץ. דידאָזיקע זאַלצן דאַרפן גענומען ווערן אין דערזעלבער פּראָפּאָרץ, ווי זיי געפינען זיך אין בלוט. צו אָט דער אופלייזונג גיט מען נאָך צו אביסל צוקער. די אופלייזונג וואַרעמט מען אָן ביז 38—40 גראַד און דורך אַ גלעזערן טרייבל, וואָס מע שטעלט אריין אין אַ גרויסן בלוט-אָדער, וועלכע גייט פון הארצן, לאָזט מען זי דורך אין האַרץ. אַזוי ווי דאָס האַרץ נויטיקט זיך נאָך אין זויער-שטאָף, לאָזט מען דורך דורך אַ טרײבל אין דער פליסיקייט זויערשטאָף פון אַ ספּעציעלער קיילע, וואָס איז אָנגעפילט מיטן דאָזיקן גאַז. ווען מע לאָזט דורך אָט די-דאָזיקע פליסיקייט אין הארצן, הויבט עס אָן צו שלאָגן, פונקט ווי עס וואָלט געווען אין ברוסט-קאַסטן. אַזעלכע פּרואוון זיינען געמאַכט געוואָרן ניט נאָר אַף כאַיעס. אויך דאָס האַרץ פון אַ מענטשן לאָזט זיך אופלעבן אַף דעמזעלביקן אופן.



אַ האַרץ, וואָס לעבט אויסערן גוף

דער רוסישער געלערנטער קוליאַבקאָ האָט מיט 20 יאָר צוריק גענומען דאָס האַרץ פון אַ געשטאָרבן קינד, אין 20 שאָ נאָכדעם, ווי דאָס קינד איז געשטאָרבן פון אַ לונגען-אָנצינדונג. און האָט אין אים, אַף דעם פריער באַשריבענעם אופן, אריינגעלאָזן די פיזיאָלאָגישע אופלייזונג (אַזוי הייסט די אופלייזונג פון די זאַלצן אין וואַסער) און זויער-שטאָף. דאָס האַרץ פון קינד האָט אופגעלעבט און האָט געשלאָגן אַסאַך שאָ נאָכאַנאַנד. פון קוליאַבקאָ אָן האָבן געלערנטע אַסאַך מאָל דורכגעמאַכט דעמדאָזיקן פּרואוו, איבער די הערצער פון געשטאָרבענע קינדער און דערוואַקסענע, און זיי איז געלונגען די הערצער אופצולעבן. נאָר ניט בלויז אַף הערצער זיינען אַזעלכע פּרואוון געמאַכט געוואָרן.

עס זייגען אַף דעמזעלבן אויפן אויפגעלעבט געוואָרן אויך אַנדערע מענטשלעכע אייוורים. אין די אָדערן פון אַן אָפּגעשטאָרבענעם פינגער איז אַריינגעפירט געוואָרן די אויבן באַשריבענע פליסיקייט, און דער פינגער האָט „אָפּגעלעבט“. אַף אַזאַ פינגער איז אין מעשעך פון עטלעכע טעג געוואַקסן דער נאָגל. ווען מע שפּריצט אין אים אַריין פּילאָקאַרין (אַזאַ רעפּוע צו שוויצן) באַווייזן זיך אַפן פינגער טראָפּנס שווייס.

דער פראַנצויזישער געלערנטער בראון-סעקאר האָט אָפּגעהאַקט אַ הונט דעם קאָפּ, און האָט אַריינגעשפּריצט אין אָפּגעהאַקטן קאָפּ דורך די בלוט-אָדערן פרישע בלוט. דער קאָפּ האָט „אָפּגעלעבט“. ווען מע האָט גערופן דעם הונט בא זיין נאָמען, האָבן זיך די אויגן אין דעם אָפּגעהאַקטן קאָפּ א קער געטאָן אין יענער זייט, וואו מע האָט דעם נאָמען פון הונט גערופן. נאָך דעם געלערנטן בראון-סעקאר האָבן דעמדאָזיקן פּרואוו דורכגעמאַכט אסאך געלערנטע. אָנשטאָט בלוט האָבן גיי גענומען די אויבן באַשריבענע „פיזיאָלאָגישע אויפלייזונג“. די אָפּגעשניטענע קעפּ פון די הינט האָבן אויך בא אָט די געלערנטע באַוועגט מיט די אויגן. און ווען מע האָט אין מויל פון אָפּגעשניטענעם קאָפּ אַריינגעלייגט שפּייז האָט זיך פון די שפּייעכץ-דריזן אַרויסגעשיידט שפּייעכץ. אין 1927 יאָר האָבן אַזעלכע עקספּערימעטן דורכגעמאַכט די



א מענטש׳ס פינגער, וואָס לעבט אַן אָפּגעשניטע-
נער פונם קערפּער

דאָקטוירים בריוכאָנענקאָ און טשעטשולין אין סססר. זיי האָבן אָפּגעשניטן אַ הונט דעם קאָפּ אונטער אַ שלאָפטרונק און האָבן דורכגעמאַכט דיזעלבע אָפּעראַציעס, וואָס זייגען פריער באַשריבן. דער קאָפּ האָט צוערשט געשלאָפן, דערנאָך האָט ער זיך אופגעכאַפּט, געעפנט די אויגן, געשלונגען שפּייז; ווען מע האָט אים שטאַרק געקיצלט, האָט ער אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו עפענען און פאַרמאַכן דעם מויל, אַז ער איז שיר ניט אַראָפּגעפאַלן פון טעלער. אַזוי האָט דער קאָפּ געלעבט 3 מיט א האַלבער שאָ.

דער אַמעריקאַנער געלערנטער קאַרעל האָט אויסגעשניטן בא א קאַץ די גערערים און האָט זיי אַריינגעלייגט אין אַ גלעזערנער קיילע. אין דער קיילע האָט ער אַריינגעגאָסן די נויטיקע נערונג-אויפלייזונג און האָט עס געהאַלטן אין דער נויטיקער טעמפּעראַטור. די גערערים האָבן געאַרבעט 2 טעג ווי נעהעריק איז: האָבן איבערגעקאָכט שפּייז און האָבן זי דורכגעשטויסן צו אונטן.

אויב מע זאָל גלויבן, אַז אַן אַ נעשאָמע קאָן דער גוף ניט לעבן, ווי אַזוי קאָן מען דערקלערן דאָס, וואָס פאַרשיידענע טיילן פון גוף קאָנען קינסטלעך אויפגעלעבט ווערן, בעאַיים דער גאַנצער גוף איז טויט? קיינער וועט דאָך ניט זאָגן, אַז אין דער פליסיקייט, וואָס

ווערט אַרייַנגעגאָסן אין דעם אויסגעשניטענעם האַרץ, אין אָפּגעשניטענעם פינגער, אין די אויסגעשניטענע גערערים, איז צוגעמישט אַ טייל פון נעשאָמע.

## דאָס גייסטיקע לעבן און די נערוון-סיסטעם

אָן אַ נעשאָמע, זאָגן גלויבנדיקע, וואָלט אַ מענטש אָבער ניט געקאָנט ריידן, דענקען, הערן, זען, געדענקען, האָבן דעם באַגריף פון גוטס און שלעכטס און אַז. וו.

מיר זעען אָבער אַז עס איז גענוג אַ מענטש זאָל אויסטרינקען אַ פלעשל בראָנפן, און זיינע פעאיקייטן צו דענקען ענדערן זיך, זיינע „מאָראַלישע" געפילן אַפילע זיינען גאָר ניט דיזעלבע ווי פריער. אַ מענטש איז קראַנק מיט טיפוס, באַ אים איז אַ הויכע טעמפּעראַטור, און ער רעדט שוין ניט צו דער זאַך, דערקענט ניט זיינע נאָענטע מענטשן. ווען באַ אַ קינד פאַרשווינדט דורך אַ וועלכער עס איז קרענק די פּאַנצעראַרטיקע דריזע אַפּן האַלז, אָדער ווען מע שניידט אויס דידאָזיקע דריזע אַף אַ כירורגישן אויפן, ווערט דאָס קינד אָן זיינע פריערדיקע „גייסטיקע" פעאיקייטן — דאָס קינד הערט אוף צו וואַקסן און ווערט אַן אידיאָט. זאָל מען אָבער דעם קינד געבן עסן דיזעלבע דריזן פון אַ קאַלב, וועט דאָס קינד ווידער באַקומען זיינע גייסטיקע פעאיקייטן. אויב מע זאָל רעכענען, אַז „גייסטיקע" פעאיקייטן זיינען אַ פונקציע פון דער נעשאָמע, דאַרף מען זאָגן, אַז בראָנפן מאַכט שיקער די נעשאָמע, אַז אַ הויכע טעמפּעראַטור ווירקט אַף דער נעשאָמע, אַז אין דער פּאַנצעראַרטיקער דריזע פון אַ קאַלב זיצט אַ שטיק נעשאָמע פון אַ מענטשנס קינד. עס איז אויך ניט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס אַ מענטש ווערט קליגער מיט די יאָרן, אָדער, פאַרקערט, ער פאַרלירט זיין פאַרשטאַנד, ווען ער ווערט שטאַרק אַלט. די נעשאָמע בלייבט דאָך אין אים דיזעלבע, פאַר וואָס ענדערן זיך זיינע „גייסטיקע" פעאיקייטן? פאַרוואָס האָט דער ווילדער מענטש ניט דיזעלבע „גייסטיקע" פעאיקייטן ווי דער ציוויליזירטער? אָדער לאָמיר נעמען אַזאַ זאַך: אַ מענטש טרינקט זיך. מע ראַטעוועט אים אַרויס פון וואַסער. ער איז שוין קימאַט ווי טויט. דער דאָקטער ווענדעט אָן דאָס קינסטלעכע עטעמען, ער שפּריצט איין רעפועס פאַרן האַרץ, און דער מענטש לעבט אוף. האָט דען דער דאָקטער אים אַ „נעשאָמע" אַרייַנגעבלאָזן?

די מעדיצין, ווייטער, דערציילט אונז אַזעלכע פאַלן:

באַ אַ מענטשן זייען גאָר געזונטע אויגן און ער זעט גאָרנישט. די סיבע דערפון, ווייזט זיך אַרויס, איז דאָס, וואָס באַ דעמדאָזיקן מענטשן איז געשעדיקט אַ טייל פונם קאָפּמאַרך, אין דער פּאָטיליצע.

באַ אַ מענטשן האָט אָפּגענומען אַ האַלבער גוף. ער וויל רירן מיט אַ האַנט מיט אַ פוס, מיט דער צונג, און קאָן ניט. די סיבע איז, ווי עס שטעלן פעסט די דאָקטוירים, דאָס וואָס אַ טייל פון קאָפּ-מאַרך, פון רעכטס אָדער לינקס, ליידט דערפון, וואָס דאָרט האָט געפּלאַצט אַ בלוט-געפעס, עס האָט זיך דאָרט אויסגעגאָסן בלוט, און אָט דאָס בלוט דריקט דאָרט אַפן מאַרך. אַפּאָנים, אַז די פעאיקייט פון מענטשן צו זעען הענגט אָפּ פון אַ געוויסן פונקט אין זיין קאָפּ-מאַרך. די פעאיקייט פון די הענט, פון די פיס, פון דער צונג צו באַוועגן זיך — הענגט אויך אָפּ פון אַ געוויסן אָרט אין קאָפּ-מאַרך, וואָס פאַרוואַלט מיט דער טעטיקייט פון אָט די אָרגאַנען. אויב מע זאָל איבערשניידן דעם נערוו, וואָס גייט

פון קאָפּ־מאַרך צו אַ וועלכן עס איז טייל פון אונזער קערפּער, לעמאָשל צו דער האַנט אָדער צו דער פוס, פאַרלירט די האַנט אָדער די פוס די פעאיקייט צו באַוועגן זיך. די האַנט לעבט, זי פילט, ווען מע גיט זי אַ שטאָך מיט אַ נאָדל, עס וואַקסט אַף איר דער נאָגל, אין אירע בלוט־אָדערן פליסט בלוט, נאָר די פעאיקייט צו באַוועגן זיך האָט זי אָנגעוואָרן. מיר קאָנען איבערשניידן אַן אַנדער נערוו, וואָס גייט צו דער האַנט, און די האַנט הערט אויף צו פילן, ווען מע שטעכט זי מיט אַ נאָדל, ווען מע שניידט זי. פאַרקערט, די פעאיקייט צו באַוועגן זיך איז בײַ איר געבליבן ווי פריער. דאָס הייסט, אַז מיר האָבן איבערגעשניטן דעם ע מ פּ פ י נ ד ו נ ג ס ־נערוו.

די וויסנשאַפטלעכע מעדיצין האָט איצט גאַנץ גענוי פעסטגעשטעלט, וואָס פאַר אַ ראָל עס שפּילן פאַרשיידענע טיילן פונם מאַרך: וואו איז דער צענטער פון ריידן, פון זען, פון הערן, פון זיקאָרן, פון באַוועגן מיט דער אָדער יענער גרופּע מוסקולן. ווערט געשע־דיקט דער אָדער יענער צענטער, רופט זיך עס גלייך אָפּ אַף די פונקציעס פון קערפּער, מיט וועלכער דערדאָזיקער צענטער פאַרוואַלטעט; עקספּערימענטן אַף באַלעכאַים באַשטעטיקן עס. די געלערנטע מאַכן דעם עקספּערי־מענט אַזוי: זיי שלעפערן איין דעם באַלעכאַי און עפענען בײַ אים אויף דעם שאַרבן. דאַן רירן זיי זיך צו מיט אַן עלעקטריש שטראָם צו דעם אָרט, וואו זיי רעכענען, אַז דאָרט געפינט זיך דער צענטער, לאָמיר זאָגן, פון די פאָדערשטע פיס. ווי זיי רירן זיך נאָר צו אָט דעם אָרט אין מאַרך, הויבן זיך גלייך אָן צו באַוועגן די געהעריקע מוסקולן. שניידט מען אויס דעמדאָזיקן אָרט פון מאַרך, בלייבט דאָס באַלעכאַי לעבן, עס הערט אָבער אויף צו באַוועגן מיט די מוסקולן פון די פאָדערשטע פיס. שניידט מען אויס דעם טייל מאַרך, וואָס ליגט אין שלייף, הערט דער באַלעכאַי אויף צו הערן. דאָסזעלבע קאָן מען דורכמאַכן מיטן צענטער פון זען און אַז. וו.



די פאַרשיידענע צענטערן אינם מענטשנס קאָפּ-מאַרך

דער קאָפּ־מאַרך און רוקן־מאַרך זיינען אַף אַזאַ אויפן אַ מין צענטראַלע סטאַנציע, וואָס פאַרוואַלטעט מיט אַלע לעבנס־פונקציעס פון דעם מענטשן. ווערט קאַליע וועלכער עס איז פונקט אין דער צענטראַלער סטאַנציע, רופט זיך עס גלייך אָפּ אַף דער געהעריקער פונקציע.

די אַלע „גייסטיקע" פונקציעס פון דעם מענטשן ליגן, ווי מיר זעען, אין דער מאַטעריע — אינם מאַרך. ניט דער „גייסט" איז די סיבע פון דער מאַטעריע, נאָר, פאַרקערט, די מאַטעריע איז די סיבע פון די „גייסטלעכע" דערשיינונגען.

# לעבן און טויט

אויב עס איז אָבער ניטאָ קיין נעשאָמע, איז ווי קאָן מען דערקלערן דאָס לעבן און טויט פון אַ מענטשן? מיר ווייסן, אַז עס לעבן און שטאַרבן ניט נאָר מענטשן. עס לעבן אויך פערד, אייזלען, ציגן, הינט, פליגן, ווערים, וואַנצן, פליי און קליינינקע באַלעכאַיִם; וואָס אונזער אויג זעט ניט, אויב זי איז ניט באַוואָפנט מיט אַ מיקראָסקאָפּ. אָט די אַלע באַלעכאַיִם לעבן און שטאַרבן. אויב אָבער דאָס לעבן דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אינם גוף זיצט אַ נעשאָמע, און דער טויט קומט דערפון, וואָס די נעשאָמע פאַרלאָזט דעם גוף, דאַן דאַרף מען אויך גלויבן, אַז בא א וואַנץ, בא אַ פלוי, בא אַ טיפוס־באַצילע איז אויך פאַראַן אַ נעשאָמע. און זיי האָבן אויך אוילאָמהאַזע און אוילאָמהאַבע. עס לעבן דאָך אָבער ניט נאָר באַלעכאַיִם, עס לעבן און שטאַרבן אויך פלאַנצן. אַ לעבעדיקער בוים, אַ לעבעדיקער בלום שפּייזט זיך, וואַקסט און פאַרמערט זיך. שטאַרבט אָפּ דער בוים — הערט ער אויף צו שפּייזן זיך, צו פאַרמערן זיך, ווערט ער פאַרדאַרט, צעפוילט. שטאַרבט די בלום — פאַרוועלקט זי, פאַרלירט זי איר גוטן רייעך, הויבט אָן צו פוילן. האָט דער בוים, די בלום אויך עפּשער אַ נעשאָמע?

פון וואָס באַשטייט דער מענטש? זיין קערפּער באַשטייט פון 59 פּראָצענט וואַסער, 9 פּראָצ. ווייסל, 5 פּראָצ. גליוטין, 21 פּראָצ. פעטס, 0,8 פּראָצ. קוילוואַסער און 5 פּראָצ. אַש. ווייסל, פעטס און קוילוואַסער באַשטייען ווידער פון פאַרשיידענע מינים. אויב מע זאָל נעמען אַ מענטשן, וואָס וועגט 60 קילאָ, האָט ער אין זיך זויערשטאָף — 36 קילא; קוילשטאָף — 13; וואַסערשטאָף — 15; שוועבל — 1,8; שטיקשטאָף — 1,45; קאַלצי — 0,84; פאָספאָר — 0,46; נאַטרי — 0,18; קאַלי—0,15; כלאָר — 0,13; מאַגני — 0,3, אייזן 0,005 — 0,01 און אַז. וו.

איינער אַן אַמעריקאַנער דאָקטער האָט אויסגערעכנט, אַז אינם מענטשן איז פאַראַן פעטס אַף זיבן שטיקלעך זייף, אייזן — אַף אויסצושמידן אַ מיטעלן טשוואָק, צוקער אַף אַ פּאָר גלאָז טיי, קאַלך — אַף אויסצואוואייסן אַ הינער־שטאַל, מאַגנעזי — צו נעמען איין מאָל אַפן שפּיץ מעסער אַף אַ רעפּוע, פאָספאָר — אַף 2200 שוועבעלעך, קאַלי — אַף אויסצושיסן איין מאָל פון אַ קינדערשן האַרמאַטל, שוועבל — גענוג אַף צו באַפרייען אַ הונט פון פליי. איין זאַך האָט דער דאָזיקער דאָקטאָר פאַרגעסן אויסצורעכענען וויפל גראַם נעשאָמע איז אין דעם מענטשנס קערפּער און וואָס קאָן מען פון איר מאַכן.

דעם מענטשנס קערפּער באַשטייט, ווי מיר זעען, פון אַזעלכע זאַכן, פון וועלכע עס באַשטייט די גאַנצע אַרומיקע נאַטור. קיין שום באַזונדערע מינים געפינען מיר ניט אין אים. די פּראָפּאָרץ קאָן זיין אַ פאַרשיידענע, די עצעם מינים זייגען אָבער דיזעלבע. מיליאַרדן קעמערלעך פונם מענטשנס קערפּער שטאַרבן אָפּ יעדן טאָג און מיליאַרדן נייע קעמערלעך ווערן געבאָרן. פון וואָס ווערן געשאַפן די דאָזיקע קעמערלעך? פון די זאַכן, פון וועלכע דער מענטש שפּייזט זיך. פאַראַן מענטשן, וואָס שפּייזן זיך בלויז מיט געוויקסן. די דאָזיקע געוויקסן פאַרוואַנדלען זיך אין דעם מענטשנס גוף אין פלייש, בלוט, ביינער און ד. גל. דאָס באַווייזט, אַז די עלעמענטן, פון וועלכע דער מענטש איז געבויט, זייגען פאַראַן אויך אין די געוויקסן.

די ווִיסנשאַפט דאַרף אינגאַנצן ניט אָנקומען צו אויסערנאַטירלעכע קויכעס אַף צו דערקלערן די פּראָצעסן, וואָס קומען פאַר אינעם מענטשנס קערפּער. זי האָט דידאָזיקע פּראָצעסן אַף אַזויפיל אויסגעלערנט, אַז זי קאָן קינסטלעך פאַרשטאַרקן אָדער אָפּשוואַכן די אַרבעט פון דעם אָדער יענעם אָרגאַן. יעדער פון אונז ווייס, אַז די מעדיצין האָט מיטלען צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט פון האַרץ, צו פאַרלייכטערן דעם אָטעם, צו פאַרבעסערן דאָס קאָכן פונעם מאָגן, אַרויסרופן אַ העפטיקע אַרבעט פון די ניר́ן. די מעדיצין קאָן עס טאָן נאָר דערפאַר, ווייל זי ווייס, ווי אַזוי דער מענטש עטעמט, ווי עס אַרבעט דאָס האַרץ, די נירן און אַז. וו. דאָס בלוט אין אונזער קערפּער באַוועגט זיך דערפאַר, וואָס דאָס האַרץ אַרבעט ווי אַ פּאָמפּע, וואָס טרייבט פאַנאַנדער דאָס בלוט איבערן גאַנצן גוף דורך די בלוט=געפעס; די שפּייז ווערט איבערגעקאָכט אין מאָגן דערפאַר, ווייל דאָרט ווירקט אַף איר דאָס זאַלץ=זויער, און נאָך אַ פליסיקייט — פּעפּסין, וועלכע דער מאָגן אַרבעט אוים. פונקט ווי אַלע פיזיש=כעמישע פּראָצעסן אין דער נאַטור קומען פאָר בלויז באַ געוויסע באַדינגונגען (באַ אַ באַשטימטער טעמפּעראַטור, פייכטקייט, לופט=דרוק א. ד. גל.), אַזוי קומען אויך פאָר די פּראָצעסן אין דעם מענטשנס קערפּער באַ באַשטימטע באַדינגונגען. בייטן זיך די באַדינגונגען, בייטן זיך אויך די פּראָצעסן אינעם מענטשנס קערפּער.

דעם מענטשנס קערפּער איז אַלעמאָל אַ וואַרעמער. די וואַרימקייט נעמט זיך דערפון, וואָס אין יעדן קעמערל פון אונזער גוף קומט פאָר אַ פּראָצעס פון ברענען. די שפּייז וואָס מיר נעמען אַריין פאַרייניקט זיך מיטן זויערשטאָף, וואָס מיר עטעמען אַריין דורך די לונגען. פון אָט דער פאַרייניקונג באַקומט זיך אַ שטענדיקער ברענען. — די באַהייצונג פונם גוף. מע דאַרף ניט מיינען, אַז דאָ קומט פאָר אַ דירעקטע פאַרייניקונג פון דעם זויערשטאָף מיט דער אויפגעגעסענער וואורשט, קרויט, אַרבעס אָדער קעז גלייך אין מאָגן אָדער אין די געדערים. ניין, די שפּייז ווערט אין מאָגן און אין די געדערים איבערגעקאָכט, פאַנאַנדערגעלייגט אַף אירע פאַרשיידענע באַשטאַנד=טיילן; דידאָזיקע קליינע טיילכעלעך ווערן פאַנאַנדערגעטראָגן דורכן בלוט אין אַלע קעמערלעך פון גוף; אין אַלע קעמערלעך קומט צופליסן אויך דער זויערשטאָף, וואָס דאָס בלוט ברענגט פון די לונגען, און דאָ אין אַלע קעמערלעך קומט פאָר דאָס ברענען. די מיטעלע וואַרעמקייט פון דעם מענטשנס קערפּער אין 36—37 גראַד. קומט פאָר אַ צו העפטיקעס ברענען אין גוף, שטייגט די טעמפּעראַטור, און אַלע אָרגאַנען פונם מענטשנס קערפּער אַרבעטן שוין ניט ווי געהעריק. ווערט אָפּגעשוואַכט דער פּראָצעס פון ברענען — פאַלט די טעמפּעראַטור. קלייבט זיך אַריין אין גוף אַ טיפוס=מיקראָב און פאַרמערט זיך דאָרט, אַרבעטן זיי דאָרט אוים שעדלעכע גיפטן, וואָס פאַרסאַמען דעם גוף, וואָס צעשטערן די אָרגאַנען. דער אָרגאַניזם פונם מענטשן וויל קעמפן קעגן אָט דידאָזיקע סאָנים זיינע און פאַרשטאַרקט די טעטיקייט זיינע, אַרבעט שטאַרקער, ברענט שנעלער און די טעמפּעראַטור ווערט אַ הויכע. שטייגט איבער די טעמפּעראַטור 42 גראַד, קאָן שוין דער גוף, דאָסראָוו, ניט פונקציאָנירן ווי געהעריק און דער מענטש שטאַרבט. פאַרקערט, באַ אַנדערע שלאַפקייטן, ווען די טעמפּעראַטור פאַלט נידעריקער ווי 34 גראַד, קאָן דער אָרגאַניזם, די מענטשלעכע מאַשין, ווידער ניט אַרבעטן, און זי שטעלט זיך אָפּ. דער מענטש שטאַרבט.

ווייל די ווִיסנשאַפט ווייס, ווי אַזוי די מענטשלעכע מאַשין איז געבויט, ווי אַזוי זי אַרבעט, האָט זי אויך געפונען מיטלען ווי אַזוי דידאָזיקע מאַשין — דעם מענטשנס

קערפּער — צו פאַריכטן און אָפּצוהיטן פון קאַליע ווערן. די וויסנשאַפט האָט אויך דער־לערנט, וואָס דאָס זיינען עס פאַר אַ באַשעפעניש, וועלכע רופן אַרויס פאַרשיידענע קראַנ־קייטן: טיפוס, כאָלערע, פּאָקן, דיפטעריט, סוכאָטע און אַנד. און געפינט מיטלען ווי אַזוי דעם מענטשנס קערפּער זאָל באַקעמפן אָט די שעדיקער, שטעלט מען פּאָקן — איז מען געזיכערט פון דערדאָזיקער קרענק. אַריינשפּריצונגען קעגן כאָלערע, דיפטעריט פאַרהיטן פון דידאָזיקע אַנשיקעניש. די אַלע מיטלען, וואָס די מעדיצין האָט געפונען צו קעמפן קעגן דעם טויט, זיינען נים אויסגערעכנט אַף איינצוהאַלטן אין גוף אַ וועלכע עס איז נעשאָמע — ניין, קיין נעשאָמע אנערקענט נים די וויסנשאַפט, די אַלע מיטלען ווירקן נאָר אַף דער טעטיקייט פונם גוף, אַף די פאַרשיידענע אָרגאַנען זיינע, וואָס באַ־קעמפן דעם סוינע.

בעאיים אַ קראַנקייט זעען מיר, אַז די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אינם גוף פון דעם מענטשן, אין דער טעטיקייט פון זיינע אָרגאַנען, רופן אַרויס ענדערונגען אויך אין דער פּסיכישער, אָדער ווי מען רופט עס — גייסטיקער טעטיקייט זיינער. באַ אַ הויכער טעמ־פּעראַטור רעדט אָפט דער קראַנקער נים צו דער זאַך, ער דערקענט נים זיינע באַקאַנטע, ער ליידט פון האַליוציגאַציעס און א. וו. באַקעמפט דער גוף די קראַנקייט, קערט זיך אום צום קראַנקן אויך זיין קלאָרער פאַרשטאַנד. דאָס קומט פאָר דערפאַר, וואָס עס איז באַ־זייטיקט געוואָרן די שעדלעכע ווירקונגען אַפן קראַנקנס קאָפּ־מאַרד. אַזוי זעען מיר, אַז די אַזויגערופענע גייסטיקע טעטיקייט איז אַ פּועליוויצע נים פון אַ גייסט, נים פון אַ נעשאָמע, וואָס וואוינט אין גוף, נאָר זי איז אַן אויסדרוק פון טעטיקייט פונם גוף אַליין, פונם מאַטעריעלן גוף.

די וויסנשאַפט באַשטעטיקט טאָג־טעגלעך, אַז זי ווייס בעעמעס די „סוידעס“ פונם לעבעדיקן אָרגאַניזם, צי איז עס אַן אָרגאַניזם פון אַ מענטשן, צי פון אַ ציג, צי אַ הון, אַ זשאַבע אָדער פון אַ כאָלערע־באַצילע. די מעדיצין געפינט מיטלען ווי אַזוי איינגער צו מאַכן דעם מענטשנס אָרגאַניזם. אַזאַ דערגרייכונג פון דער וויסנשאַפט איז מעגלעך נאָר דערפאַר, ווייל זי ווייס גוט דעם „סאָד“, ווי אַזוי עס לעבט און פונקציאָנירט דעם מענטשנס קערפּער. אָט די וויסנשאַפט האָט פעסטגעשטעלט אַז אין דער „לעבעדיקער מאַשין“ — אינם מענטשנס קערפּער — שפּילט אַ גרויסע ראָל די געשלעכט־דריזע. אין אָט דער געשלעכטס־דריזע ווערט אויסגעאַרבעט אַ באַזונדער מין שטאָף, וואָס גייט איבער דירעקט אין בלוט. אַף דער עלטער הערט דידאָזיקע דריזע אויף צו אַרבעטן און דער שטאָף, ווידער, הערט אויף אָנצוקומען אין בלוט. די מעדיצין האָט אַף לעבעדיקע מענטשן און באַלעכאַים באַוויזן, אַז אויב מע זאָל אַן אַלטן מאַן, אָדער אַ כאַיעלע, איינגייען אונטער דער הויט אַ שטיקל געשלעכט־דריזע פון אַ יונגן אָרגאַניזם, ווערט דער אַלטער קערפּער פאַראינ־גערט, ער ווערט מונטערער, לוסטיקער, אַרבעטס־פעאיקער. ער ווערט גאָר, ווי מען זאָגט, ניי געבאָרן. דידאָזיקע אָפּעראַציע ווערט געמאַכט נים נאָר דורך איינפלאַנצן אַ שטיקל דריזע, זי ווערט געמאַכט אויך אַף אַנדערע אויפאַנים, וואָס לעבן אויף די טעטיקייט פון דער אָפּגענוצטער דריזע. באַ פאַראינגערטע, אַף אַזאַ אויפן, הינט און מייז וואַקסט אויף ווידער גלאַנציקע האָר, זיי ווערן רירעוודיק און הויבן אָן ווידער צו „שפּילן אַ ליבע“. אויך דער פאַרינגערטער מענטש באַקומט נאָר אַ נייעם אויסזעען און אַ נייע לעבנס־קראַפט.

אָט זעט איר אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ 74=יאָריקן זאָקן פאַר דער פאַרינגערונג=אָפּעראַציע און נאָך איר. איינע און דיזעלבע אָפּעראַציע האָט דיזעלביקע ווירקונג אַף אַ הונט, אַף אַ מויז און אַף אַ מענטשן, ווייל די לעבנס פּראָצעסן פון זייערע אָרגאַניזמען זיינען דיזעלבע. ניט אַ נייע נעשאָמע, נאָר אַ נייע דריזע האָט מען זיי אַריינגעזעצט.

דער קאַזאַנער פּראָפעסאָר, טושנאָוו, האָט דורכגעמאַכט אַסאַך געלונגענע פּרואוון פון אויפשטעלן פאַרשיידענע פונקציעס פונם אָרגאַניזם, ווי געשלעכטס=פאַטעגץ, גייסטיקע טעטיקייט און אַז. וו. די פּרואוון פונם פּראָפעסאָר טושנאָוו האָבן אַ גרויסע פּראַקטישע באַדייטונג. טושנאָוו, לעמאָשל, גרייט צו אַ פּרעפּאַראַט פון אַ מילך=דריזע און ברענגט אים אַריין אינם גוף פון אַ ציג. הויבט אָן די ציג צו געבן מילך אַף 60 פּראָצענט מער. דערזעלבער פּראָפעסאָר גרייט צו אַ פּרעפּאַראַט פון מוסקולן, וואָס רופט זיך אָן „מיאָליזאַט“ און ברענגט אים אַריין אינם קערפּער פון אַ הון. קומט צו די הון אין וואָג אַף 50 פּראָצענט. אַזאַ פּרואוו איז געמאַכט געוואָרן אַף 180 הינער. וואָס האָבן אויפגעהערט צו לייגן אייער, האָבן, ווען מע האָט זיי אַריינגעשפּריצט דעם פּרעפּאַראַט „אוואַריאָליזאַט“, וואָס איז געמאַכט פון אייערשטאָקן, ווידער אָנגעהויבן צו לייגן זיך. די וויסנשאַפט, וואָס איז דערגאַנגען צום פאַרשטיין די פּראָצעסן פון לעבן, דערקלערט אויך וויסנשאַפטלעך, וואָס איז אַזוינס טויט.





רעכטס פונעם לייענער—א 74-יאָריקער זאָקן ביז דער פאַרינגערונג-אָפּעראַציע.
לינקס—דערזעלבער זאָקן נאָך דער פאַרינגערונג.

דעם מענטשנס גוף באַשטייט פון מיליאַרדן קעמערלעך. די קעמערלעך זיינען פאַרייניקט אין געוועבן—מוסקולן, ביינער, נערוון, באַהעפטונגס=געוועב. פון דידאָזיקע געוועבן באַשטייען די באַזונדערע מענטשלעכע אָרגאַנען. די אַלע אָרגאַנען זיינען טיילן פון איין גאַנצער מאַשין, וואָס רופט זיך אָן מענטשלעכער קערפּער. ווי אין יעדער מאַשין מוזן די אָרגאַנען אַרבעטן גאַנץ גענוי צוגעפּאַסט איינע צו די אַנדערע. אויב עס ווערט קאַליע

איין טייל פון דער מאַשין, איין אָרגאַן, ווערט געשטערט די גאַנצע אַרבעט פון דער מאַשין.

דאָס האַרץ, לעמאָשל, פּאָמפּעט בלוט, וואָס פליסט אין יעדן קעמערל פון אונזער גוף. ווערט קאַליע די פּאָמפּע, ווערט דער צופלוס פונם בלוט ניט רעגוליער. דאָס בלוט אָבער טראָגט פאַנאַנדער פאַר יעדן קעמערל שפּייז, וואָס זי באַקומט דורך די פאַרדייאונג=אָרגאַנען, און זויער=שטאָף, וואָס זי באַקומט דורך די לונגען, און נעמט צוריק צו אין די קעמערלעך די גיפטיקע פּראָדוקטן, וועלכע ווערן אויסגעאַרבעט אין די קעמערלעך. ווערט דאָס האַרץ קראַנק ליידט דערפון דער גאַנצער אָרגאַניזם. זיינע קעמערלעך באַקומען ניט די נויטיקע שפּייז און ווערן נאָך דערצו פאַרסאַמט דורכן אייגענעם גיפט, וואָס דאָס בלוט נעמט ניט צו בײַ זיי באַצייטנס. די ערשטע ליידן דערפון די זייער איידעלע נערוון=קעמערלעך פון אונזער מאַרך.

דער מאַרך איז אָבער דער צענטראַלער פאַרוואַלטונגס אַפּאַראַט פון אונזער קערפּער. הויבט ער אָן שלעכט צו פונקציאָנירן, ליידן גלייך אַלע אַנדערע אָרגאַנען פונם גוף.

די לונגען אונזערע שטעלן צו זויער=שטאָף פאַר דאָס בלוט, אָן וועלכן די קעמערלעך קאָנען ניט לעבן. ווערן קראַנק די לונגען, באַקומען די קעמערלעך פון די פאַרשיידענע אָרגאַנען ניט גענוג זויער=שטאָף און זיי הערן אויף נאָרמאַל צו פונקציאָנירן.

אויך די פאַרשיידענע אַנדערע אָרגאַנען — דער לעבער, דער מילץ, די פאַרשיידענע דריזן אַרבעטן אויס מאַטעריאַלן, וואָס זיינען נויטיק פאַרן גאַנצן גוף. עס מוזן אויך רעגוליער אַרבעטן די אָרגאַנען, וואָס באַזייטיקן פונם גוף די פאַרשיידענע פּסולעס, וואָס פאַרסאַמען דעם גוף. און ביכלאַל ווערט ניט דער גאַנצער אָפּפאַל אַרויסגעפירט פונם גוף. דער גיפט, וואָס באַקומט זיך אַלס רעזולטאַט פונם שטאָפן=אויסבייט, זאַמלט זיך ביסלעכווייז אָן אין די קעמערלעך און געוועבן פון די אָרגאַנען און שטערט זייער אַרבעט אַזוי ווערן די אָרגאַנען אָפּגענוצט.

וואָס אָבער קומט פאָר אין גוף, ווען איינער פון די הויפּט אַפּאַראַטן — דאָס האַרץ, די לונגען, דער מאַרך — שטעלט זיך אָפּ? די קעמערלעך פונם אָרגאַניזם הערן אויף צו באַקומען שפּייז, זיי באַקומען ניט קיין זויער=שטאָף, און זיי הערן אויף צו אַרבעטן. עס שטאַרבן אָפּ די קעמערלעך, שטאַרבט אויך אָפּ דער גאַנצער אָרגאַניזם. דער מענטש שטאַרבט. דעם מענטשנס לעבן ווערט איבערגעריסן, פונקט ווי עס ווערט אָפּגעשטעלט די אַרבעט פון אַ מאַשין, ווען עס צעברעכט זיך אין איר וועלכער ניט איז טייל.

## נאָכן טויט

וואָס קומט פאָר מיטן מענטשן נאָכן טויט?

אינם מענטשנס קערפּער וואוינען פאַרשיידענע מיקראָבן — קליינינקע באַשעפענישן, וועלכע מע קאָן נאָר זען אין אַ מיקראָסקאָפּ. זייער אַסאַך מיקראָבן געפינען זיך בײַ אונז אין די געדערים. בײַ אַ לעבעדיקן מענטשן ברענגען דידאָזיקע מיקראָבן נוצן. זיי העלפן איבערקאָכן די שפּייז, וואָס איז ניט איבערגעקאָכט געוואָרן אין מאָגן און אין די העכערע טיילן פון די געדערים. כויץ דעם נוצן ברענגען די מיקראָבן אָבער אויך שאָדן. זיי טיילן פון זיך אויס שעדלעכע גיפטן, וואָס פאַרסאַמען אונזער אָרגאַניזם. אין אַ לעבעדיקן

אָרגאַניזם קענען דידאָזיקע מיקראָבן שטאַרק ניט שאַטן דעם מענטשן, ווייל די לעבעדיקע קעמערלעך קעמפן קעגן דעם *גיפט, זיי לאָזן ניט אַריין אין זיך די מיקראָבן. אין אַ טויטן גוף באַגעגענען די מיקראָבן ניט קיין ווידערשטאַנד פון די קעמערלעך און אַרבעטן אַף אַלע קיילים. זיי דרינגען אַריין אין די קעמערלעך און טיילן דאָרט פון זיך אַרויס אַזעלכע כעמישע שטאָפן, וואָס רופט זיך „פערמענטן“. אָט דידאָזיקע פערמענטן לייגן פאַנאַנ=דער די קעמערלעך אַף זייער באַשטאַנד=טיילן. דער קערפּער פוילט. צווישן די פאַרשיידענע שטאָפן, אַף וועלכע ער צעפאַלט זיך, זיינען פאַראַן אַזעלכע, ווי אמיאַק, שוועבל=גאַז שוועבל=וואַסערשטאָף, וואָס האָבן זייער אַ שלעכטן רייעך.

אויב מיר וועלן אויפעפענען אַ טרונע אין אַ לאַנגער צייט אַרום נאָך דער קוואורע, וועלן מיר דאָרט געפינען בלויז ביינער און אביסל אַש. פון דעם גאַנצן גוף איז גאָרנישט געבליבן. וואו האָט ער זיך אַהינגעטאָן? ער איז פאַנאַנדערגעפאַלן אַף זיינע באַשטאַנד=טיילן. זיין הויפט באַשטאַנד זיינען אָבער פאַרשיידענע גאַזן, האָבן זיי זיך אויסגעוועפט אין דער לופט.

פאַרשיידענע פלאַנצן וועלן אין זיך אַריינעמען דידאָזיקע גאַזן, וואָס געפינען זיך אין דער לופט, און וועלן מיט דער הילף פון די זונען=שטראַלן שאַפן נייע שטאָפן. די אויסגעוואַקסענע געוויקסן וועלן אויפגעגעסן ווערן פון באַלעבאַים, פון מענטשן און וועלן ווידער פאַרוואַנדלט ווערן אין לעבעדיקע קעמערלעך=שטאָף. די קעמערלעך וועלן נאָכן טויט ווידער פאַנאַנדערגעלייגט ווערן... אַזוי דרייט זיך אַ ראָד, וואו די מאַטעריע מאַכט דורך פאַרשיידענע פאַרוואַנדלונגען, וואו איין מין ענערגיע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ צווייטן. און אַלץ אָן אַ נעשאָמע, אָן גייסטער, אָן גילגולים, אָן דיבוקים, אָן אַ גאָט.

# ליטעראַטור


קונאוו — אנטשטייאונג פון רעליגיע.

Кушнер—Очерк развития обществ. форм (132, 138 стр.).

Гремяцкий—Человек-фабрика. (1925 г. ГИЗ).

Боссе—Человек-фабрика. изд. „Пролетарий“ 1926 г.

„ —Тело—хозяин души.

Степанов—Происхождение нашего бога.

Гурев—Хрестоматия молодого безбожника, отд. IX.

Елачич—О душевной деятельности животных (ГИЗ, 1925 г., с приложением статьи проф. Заводского „Об условных рефлексах“).

Арямов—Общие основы рефлексологии.

Аркин—Мозг и душа.

Палладин—Механика жизни. Нервная система и внутренняя секреция.

Лафарг—Происхождение и развитие идеи духа (Глава I.).

Шмидт—Загадки жизни.

Рыжков—Материя и жизнь.

Азимов—О происхождении жизни на земле.

Завадовский—Проблема старости и омоложение.

Аркин—Физиология человека.

# פראגן צו איבערכאזערן

1. וואָס פאר א פאָרשטעלונגען וועגן נעשאָמע האָבן גלויבנדיקע אידן ?
2. דערווייזט, אז דאָס לעבן פון פארשיידענע אָרגאנען קומט פאָר אָן דער הילף פון א „נעשאָמע״.
3. וואָס פאר א ראָל שפּילט דער קאָפּ-מארך אין דער גייסטיקער טעטיקייט פונעם מענטשן?
4. וואָס באווייזט אונז דער פּרוּוו פון „פּאַרינגערן״ א מענטשן?
5. פון וואָס באקומט זיך אידיאָטיזם, מעשוגאעס, די אָפּשוואכונג פונם סייכל בא אלטע מענטשן?
6. ווי ווירקט בראנפן אף דער גייסטיקער טעטיקייט פונם מענטשן?
7. פון וועלכע באשטאנד-טיילן באשטייט דעם מענטשנס קערפּער ?
8. וואָס קומט פאָר מיטן מענטשן נאָכן טויט?
9. פארוואָס קאָן א מענטש ניט אופשטיין קיין „טכיעסאַמייסים״?
10. פארוואָס זיינען די הערשנדיקע קלאסן פארינטערעסירט, אז די ארבעטנדיקע זאָלן גלויבן אין נעשאָמע און אין „טכיעסאַמייסים״.

# קאַפּיטל 5

# צי דאַרף מען אָנקומען צו גאָט אַף צו דערקלערן געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען

## צוויי פאָרויסזאָגונגען

אין 1845 יאָר האָט דער געלערנטער אַסטראָנאָם אַדאַמס אָנגעוויזן אַ געוויסן אָרט אַפן הימל, וואו עס האָט זיך לויט זיין כעשבן געדאַרפט ווייזן אַ נייע פּלאַנעטע. ער האָט אויך אָנגעוויזן דעם טאָג, ווען מע דאַרף זי זוכן, קעדיי צו געפינען זי. דאָסזעלבע האָט אויך אָנגעוויזן דער אַסטראָנאָם לעווערע, אומאָפּהענגיק פון אַדאַמסן, אין 1846 יאָר. אַף דעם אָרט, וואו עס האָבן אָנגעוויזן די אַסטראָנאָמען, האָט מען טאַקע דורך אַ טעלעסקאָפּ אַנטדעקט אַ נייע פּלאַנעטע, וועלכע מע האָט אַ נאָמען געגעבן „נעפּטון“.

אין 1887 יאָר האָט פרידריך ענגעלס געשריבן: „...פאַר פּרייסן — דייטשלאַנד איז שוין איצט אומעגלעך אַן אַנדער מילכאָמע, סיידן אַן אַלוועלטלעכע. דאָס וואָלט געווען אַן אַלוועלטלעכע מילכאָמע פון אַ ניט געהערטן ביז איצט פאַרנעם, פון אַ ניט געהערטער קראַפט. פון 8 ביז 10 מיליאָן סאָלדאַטן וועלן שטיקן איינער דעם אַנדערן און וועלן אַרומפרעסן אייראָפּע אין אַזאַ גראַד ביזן גרונט, ווי עס האָבן נאָך קיינמאָל ניט אַרומגעפרעסן גאַנצע כאַיעס היישעריקן. די פאַרוויסטונגען, וואָס עס האָט געבראַכט די דרייסיק-יאָריקע מילכאָמע (1618—1648 יאָר — מ. א.) — קאָנצענטרירט אין דעם מעשעך פון 3—4 יאָר און פאַרשפּרייט אַפן גאַנצן קאָנטינענט, — הונגער, עפּידעמיעס, אַלגעמיינע פאַרווילדונג סיי פון דער אַרמיי, סיי פון די פאָלקסמאַסן, אַרויסגערופן דורך שאַרפער נויט; אַ צוזאַמענבראָך פון די אַלטע מעלוכעס און פון זייער פאַרשימלטער מעלוכעכאָכמע, אַזאַ צוזאַמענבראָך, אַז קרוינען וועלן זיך טיילוויז וואַלגערן אַף די ברוקן און קיינער וויל זיי ניט אויפהויבן; אַן אַבסאָלוטע אומעגלעכקייט פאָרויסצוזאָגן ווי דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן, און ווער וועט אַרויס אַ זיגער פונם קאַמף, — בלויז איין רעזולטאַט איז אַבסאָלוט זיכער: עס קומט פאָר אַן אַלגעמיינע אויסצערונג און עס שאַפן זיך באַדינגונגען פאַרן ענדגילטיקן זיג פונם אַרבעטער-קלאַס.

„אָט דאָס איז די פּערספּעקטיוו, אויב די אויסערסטע סיסטעם פון קעגנזייטיקער קאָנקורענץ און קריגס-באַוואָפענונגען וועט ברענגען, סאָפּקאָלסאָף, אירע אומפאַרמיידלעכע פרוכט. אָט, הערן קעניגן און מעלוכע-מענטשן, צו וואָס אייער כאָכמע האָט געבראַכט די אַלטע אייראָפּע. און אויב פאַר אייך איז מער גאָרניט געבליבן, ווי עפענען

דעם לעצטן גרויסן קריגס־טאַנץ, קאָן עס אונז רעכט זיין. זאָל זיין, אַז די מילכאָמע וועט אונז, קען זיין, אַף אַ געווויסער צייט, אָפּשליידערן אין הינטערגרונט, זאָל זי אַפּילע אָפּגעמען בײַ אונז די דעראָבערטע פּאָזיציעס. נאָר אויב איר וועט שוין פאַנאַנדערבינדן די קרעפטן, מיט וועלכע איר וועט שוין דערנאָך ניט קאָנען פֿאַרטיק ווערן, איז ווי די געשעענישן זאָלן זיך ניט אַנטוויקלען, וועט איר צום סאָף פון דער טראַגעדיע זיין אַ כורווע, און דער זיג פונם פּראָלעטאַריאַט וועט זיין אָדער דעראָבערט, אָדער דאָך אוםפֿאַרמיידלעך".

אין 1888 יאָר האָט ענגעלס געשריבן צו זיין פריינט זאָרגע: „אַ מילכאָמע וואָלט אונז אָפּגעשליידערט צוריק אַף יאָרן. דער שאָוויניזם וואָלט אַלץ פֿאַרטרונקען, ווייל דאָס וואָלט געווען אַ קאַמף פֿאַר דער עקזיסטענץ. דייטשלאַנד וואָלט אַרויסגעשטעלט אַרום 5 מיליאָן סאָלדאַטן, אָדער 10 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, די אַנדערע — אַרום 4 אָדער 5 פּראָצענט, רוסלאַנד פֿאַרהעלטנישמעסיק ווייניקער. אין אַקציע אָבער וואָלטן געלאָזן געוואָרן פון 10 ביז 15 מיליאָן סאָלדאַטן. איך וואָלט וועלן זעען, ווי מען וועט זיי דערנערן; די פֿאַרוויסטיקונג וואָלט געווען פּונקט אַזאַ גרויסע, ווי אין דעם דרייסיקיאָריקן קריג. און דער איניען וואָלט זיך גיך ניט געענדיקט, ניט געקוקט אַף די קאָלאָסאַלע קריגס־קרעפטן... זייער מעגלעך, אַז די פֿאַרלאַנגזאַמונג פון די אַנטשיידענע שלאַכטן און די טיילווייזע מאַפּאָלעס וועלן אַרויסרופן אַן אינערלעכע איבערקערעניש. אויב די דייטשן וועלן צעקלאַפּט ווערן גלייך פון אָנפאַנג אָדער זיי וועלן געצוואונגען זיין צו פירן אַ לאַנגדויערנדיקע פֿאַרטיידיקונגס מילכאָמע, דאַן וועט די איבערקערעניש שוין געוויס קומען. אין דעם פֿאַל, אויב די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן אָן אינערלעכע עטריישלונגען, וועט קומען אַזאַ אויסצערונג, וועלכע אייראָפּע האָט שוין 200 יאָר ניט איבערגעלעבט. די אַמעריקאַנער אינדוסטריע וועט דאַן זיגן אַף דער גאַנצער ליניע און וועט אונז אַלעמען אַוועקשטעלן פֿאַר דער אַלטערנאַטיוו: אָדער אומקערן זיך צו ריינער לאַנדווירטשאַפט פֿאַרן אייגענעם געברויך (אַ וועלכע עס איז אַנדערע וועט ניט דערלאָזן דער אַמעריקאַנישער ברויט), אָדער אַ סאָציאַלע אומענדערונג".

## ניט קיין בעוויעס, נאָר וויסנשאַפטלעכע פֿאָרויסזאָגונג

ניט דורך רואַך־האַקוידעש, ניט דורך גאָטס מאַלאָכים האָבן אַדאַמס און לעווערייע דערוואוסט זיך וועגן דער עקזיסטענץ פון דעם שטערן „נעפּטון". זיי האָבן דערלערנט און געוואוסט די געזעצן, לויט וועלכע עס באַוועגן זיך די פּלאַנעטן. האָבן זיי געזעען, אַז די פּלאַנעטע „אוראַן" באַוועגט זיך ניט „ווי דער סיידער איז". זיי האָבן געזוכט די סיבעס דערפון און זיינען געקומען צום אויספיר, אַז אַף דער פּלאַנעטע „אוראַן" ווירקט דורך איר צוציאונגס קראַפט נאָך אַ פּלאַנעטע, וועלכע מיר זעען ניט. דורך פּינקטלעכע אויסרעכענונגען האָבן זיי פעסטגעשטעלט, וואו די נאָך ניט באַוואוסטע פּלאַנעטע דאַרף זיך געפינען. און מע האָט די פּלאַנעטע טאַקי אַנטדעקט. אַדאַמס און לעווערייע האָבן געמאַכט זייער פֿאָרויסזאָגונג נאָר אַדאַנק דעם, וואָס זיי האָבן דערלערנט און געוואוסט ד י ג ע ז ע צ ן פ ו ן ד ע ר נ אַ ט ו ר. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אַז דאָס, וואָס „אוראַן" באַוועגט זיך ניט „ווי דער סיידער איז" קומט פֿאָר צוליב אַ וועלכער עס איז

מאַטעריעלער סיבע, און זיי האָבן דידאָזיקע סיבע אַנטדעקט. זיי האָבן געוואוסט, אַז אין דער נאַטור הערשן ניט קיין צופעליקייטן, נאָר געזעצן.

ניט צופעליק קומט אָן נאָכן טאָג די נאַכט, ניט צופעליק קומט פאָר זון־פאַרפינסטערונג און לעוואָנע־פאַרפינסטערונג, ניט צופעליק דונערט דער דונער, ניט צופעליק קומט פאָר אַן ערד־ציטערניש, ניט צופעליק שפּייט פייער דער וואולקאַן. יעדע דערשיינונג האָט איר סיבע, זי קומט פאָר לויט די געזעצן פון דער נאַטור.

אויך ניט צופעליק קעמפן די אַרבעטער קעגן די קאַפּיטאַליסטן; ניט צופעליק בונטעווען פויערים קעגן די פּריצים; ניט צופעליק זיינען שטרייקן פון אַרבעטער און ניט צופעליק — לאָקאַוטן פון אונטערנעמער; ניט צופעליק זיינען די רעגירונגען אין די בורזשואַזע לענדער אַף דער זייט פון די קאַפּיטאַליסטן; ניט צופעליק העלפן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן דער בורזשואַזיע; ניט צופעליק איז פאָרגעקומען די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע; ניט קיין צופעליקייט איז די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע; ניט קיין צופעליקייט איז געווען די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע סאָף 18־טן יאָרהונדערט; ניט צופעליק זיינען געווען די קרייץ־צוגן אין 11־טן, 12־טן און 13־טן יאָרהונדערט. ניט קיין צופעליקייטן און ניט גאָטס קיין וואונדער, ניט גאָטס שטראָף אָדער זיין באַלוינונג זיינען די אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. יעדע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג האָט איר סיבע און זי וואַרפט זיך אונטער די געזעצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. דעריבער קענען זיין פאָרויסזאָגונגען פון געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, ווי עס זיינען פאַראַן פאָרויסזאָגונגען פון נאַטור־דערשיינונגען. דאָס זיינען וויסנשאַפטלעכע פאָרויסזאָגונגען. אַזאַ וויסנשאַפטלעכע פאָרויסזאָגונג איז אויך ענגעלס „נעוואועס“ וועגן דער וועלט־מילכאָמע.

## גאָט, מילכאָמעס און רעוואָלוציעס

די מילכאָמע, וועלכע עס האָט פאָרויסגעזאָגט ענגעלס און וועלכע האָט אויסגעבראָכן אין 1914 יאָר, רופן מיר אָן אַ אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע. זי איז אַ פּויעל־יויצע פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, וואָס הערשט אַף דער וועלט. אימפּעריאַליזם איז די לעצטע שטופע פון דערדאָזיקער אָרדענונג.

„דער אימפּעריאַליזם איז דער קאַפּיטאַליזם אין יענער אַנטוויקלונגס־סטאַדיע, ווען עס האָט זיך אויסגעבילדעט די הערשאַפט פון די מאָנאָפּאָלן און פונם פינאַנץ־קאַפּיטאַל, ווען ס'האָט באַקומען אַן אַנדער באַדייטונג דער קאַפּיטאַל־עקספּאָרט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די וועלט־צעטיילונג דורך די צווישנפעלקערלעכע טרעסטן און עס האָט זיך פאַרענדיקט די צעטיילונג פון דער גאַנצער ערד־טעריטאָריע דורך די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער“. אָט דערדאָזיקער קאַפּיטאַליזם מוז ברענגען צו מילכאָמעס. קעדיי צו פאַרשטיין פונוואַנען עס האָט זיך גענומען די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע פון 1914—18 און פאַרוואָס מוזן פאָרקומען אויך ווייטער מילכאָמעס, קאָלזמאַן עס לעבט נאָך דער אימפּעריאַליזם, דאַרף מען צו גאָט גאָר ניט אָנקומען, נאָר גוט פאַרשטיין דעם מעהוס פונם אימפּעריאַליזם.

# קאַפּיטאַליזם

דער קאַפּיטאַליזם איז אויסגעוואַקסן אַפן גרונט פון אַנטוויקלטער סכוירע־ווירטשאַפט. דער סימען פון דער סכוירע־ווירטשאַפט איז דאָס, וואָס יעדערער אַרבעט אויס זאַכן ניט צוליב זיין אייגענעם געברויך, נאָר אַף צו פאַרקויפן. דער שוכטער, דער שניידער, דער שמיד, דער אַפּטייקער, — זיי אַלע אַרבעטן אויס פּראָדוקטן ניט פאַר זיך, נאָר פאַרן קוינע. קעדיי צו שאַפן פאַרשיידענע זאַכן דאַרף מען האָבן מיט וואָס און פון וואָס צו מאַכן זיי. אַף פּראָדוצירן ברויט דאַרף מען האָבן ערד, זוימען, אַן אַקער־אייזן, אַ באַראָנע, אַ שנייד־מאַשין, אַ טראַקטאָר אָדער אַ פערד. קעדיי צו מאַכן דעם אַקער־אייזן דאַרף מען האָבן מאַשינעס, אייזן, אַ געביידע, וואו צו אַרבעטן. די ערד געבוירט ניט אַליין קיין ברויט. באַאַרבעטן די ערד דאַרף דער מענטש. די מאַשין געבוירט ניט אַליין קיין אַקער־אייזן. דער מענטש מאַכט אים. און די מאַשין אַליין איז אויך ניט פונם הימל אַראָפּגעפאַלן.

זעען מיר אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אַז די הויפּט פּראָדוציר־קרעפטן, דאָס הייסט, אַלץ וואָס איז נויטיק אַף צו מאַכן פאַרשיידענע זאַכן, געפינען זיך אין די הענט פון דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן און גרויסע ערד־באַזיצער. די קאַפּיטאַליסטן און ערד־באַזיצער האָבן די מאָנאָפּאָליע אַף די וויכטיקסטע פּראָדוציר־מיטלען. זייער ראָל אין אויסאַרבעטן די פּראָדוקטן באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס זיי זיינען די באַלעבאַטים איבער די פּראָדוציר־מיטלען. זיי אַליין אַרבעטן ניט. אַרבעטן קומט אויס אַנדערע מענטשן, וועלכע האָבן ניט קיין פּראָדוציר־מיטלען. עס אַרבעטן פּראָלעטאַריער. זיי פאַרקויפן זייער אַרבעט־קראַפט די קאַפּיטאַליסטן. דער קאַפּיטאַליסט באַצאָלט זיי ניט דאָס גאַנצע ווערט פון זייער אַרבעט. ער עקספּלואַטירט זיינע אַרבעטער. און אַף אַזאַ אויפן באַקומט ער רעווער.

דער קאַפּיטאַליסט וויל נאָר באַקומען רעווער. ער אַרבעט ניט אויס קיין געוואַנט אַף אָנצוטאָן דעם, וואָס נויטיקט זיך אין אַ בעגער. אויב דער נאַקעטער האָט קיין געלט ניט, קען ער קיין געוואַנט אַף אַ בעגער ניט באַקומען. דער אָרעמער קאָן קיין זיי־מאַשין ניט באַקומען, ווייל ער האָט פאַר איר ניט מיט וואָס צו באַצאָלן. דער פאַבריקאַנט באַפרידיקט די באַדערפעניש בלויז פון יענע מענטשן, וואָס קאָנען באַצאָלן פאַר זיין סכוירע.

דער קאַפּיטאַליסט יאָגט זיך נאָך רעווער. זעט ער וואָס מער צו אויסאַרבעטן סכוירעס. ער ווייס, אַז ניט זיין פאַבריק אַליין אַרבעט אויס אַזעלכע סכוירעס, אַז עס זיינען דאָ נאָך אַנדערע קאַפּיטאַליסטן, אָדער האַנטווערקער, וואָס אַרבעטן אויס דיזעלבע סכוירע, קיין פּלאַץ, וויפל אויסצואַרבעטן די אָדער יענע סכוירע אין לאַנד איז ניטאָ דאַלעס, גייען אונטער. די שטאַרקערע פאַרגרעסערן אַלץ מער זייערע אונטערנעמונגען, דינגען אַלץ מער אַרבעטער, עקספּלואַטירן זיי אַלץ שטאַרקער, לאָזן אַרויס אַלץ מער סכוירע. קיין פּלאַן, וויפל אויסצואַרבעטן די אָדער יענע סכוירע אין לאַנד איז ניטאָ, ווייל די קאַפּיטאַליסטן שטרעבן נאָר אַריבערצויאָגן איינער דעם צווייטן. עס הערשט אַן אַנאַרכיע אין דער פּראָדוקציע. קומען דעריבער אָן קריזיסן: עס איז ניטאָ ווער עס זאָל קויפן די אויסגעאַרבעטע סכוירעס. מענטשן, וואָס נויטיקן זיך אין דידאָ־

זיקע פּראָדוקטן, זיינען דאָ אַסאַך, אָבער קיין געלט אַף צו קויפן האָבן זיי ניט. ווערן אָפּגעשטעלט פאַבריקן. אַרבעטער ווערן אַרויסגעוואָרפן אַפן גאַס. פּאַרטיקע סכוירעס ליגן און פוילן און מענטשן שטאַרבן פון עפּידעמיעס, הונגער און קעלט. די צאָל אַר־בעטסלאָזע וואַקסט. דער קאַפּיטאַליסט ווייסט, אַז אַרבעט־הענט קען ער באַקומען וויפל ער וויל, זעצט ער אַראָפּ דעם אַרבעטסלוין, פאַרלענגערט ער דעם אַרבעטס טאָג. קלענערע אונטערנעמער און הענדלער ווערן בעאייסן קריזיס רואינירט. די שטאַרקערע גייען אַרויס פון קריזיס נאָך מעכטיקער און עקספּלואַטירן זייערע אַרבעטער נאָך אומענטשלעכער. די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק גיט דעם פאַבריקאַנט די מעגלעכקייט איינצופירן נייע מאַשינעס. די נייע מאַשינעס ברענגען צו נאָך אַ גרעסערער פאַנאַנדערטיילונג פון דער אַרבעט. עס פאָדערט זיך אַלץ וויניקער קענטעניש פאַר דער אַרבעט, אָדער, ווי מע רופט עס, אַ קלענערע, קוואַליפיקאַציע. ווערן אַריינגעצויגן פרויען און קינדער אין דער אינדוסטריע. פּויערים ווערן רואינירט אין דאָרף און קומען אין שטאָט זוכן אַרבעט: אַרבעט־הענט איז פאַרן קאַפּיטאַליסט פאַראַן וויפל זיין האַרץ געלוסט. זעצט ער אַלץ ווייטער אַראָפּ די פּרייזן. פאַרערגערט ער ווייטער די אַרבעט־באַדינגונגען. די עקספּלואַ־טאַציע ווערט שטאַרקער. די אַנטוויקלטע טעכניק, וואָס פאַרשפּאָרט דעם מענטשן אַר־בעט, ברענגט נוצן בלויז אַ הייפל קאַפּיטאַליסטן, און דעם אַרבעטער פאַרשווערט עס נאָך מער דעם לעבן.

דער אַרבעטער קען אָבער ניט אַריבערטראָגן די עקספּלואַטאַציע, און ער קעמפט מיט זיין באַלעבאָס — דעם עקספּלואַטאָר. וואָס מער פאַבריקן אַלץ מער אַרבעטער. וואָס מער אַרבעטער, אַלץ גרעסער ווערט זייער קראַפט אין קאַמף קעגן זייערע אונ־טערדריקער. דער קלאַס קאַפּיטאַליסטן וואָלט וועלן, פאַרשטייט זיך, אַז די מאַכט פון זיינע סאָנים — די אַרבעטער, זאָל זיין וואָס קלענער. יאָגן זיך אָבער די קאַפּיטאַליסטן נאָך רעווח און בויען אַלץ מער פאַבריקן, לאָזן אַרויס אַלץ מער סכוירעס; צוליב דעם זיינען אָבער נויטיק אַלץ מער אַרבעטער — און עס וואַקסט אַלץ מער זייער סוינע: דער קלאַס פּראָלעטאַריער.

דער קלאַס קאַפּיטאַליסטן וואָלט וועלן, אַז די אַרבעטער זאָלן זיין אָפּגעזונדערט איינ־נער פונם אַנדערן, צעשפּליטערט, איז אָבער פאַרן קאַפּיטאַליסט אַסאַך לוינבאַרער אויס־צואַרבעטן זיינע סכוירעס אַף גרויסע פאַבריקן, און בעמיילע אַרבעטן שוין טויזנ־טער אַרבעטער אונטער איין דאַך. אין געמיינזאַמער אַרבעט לערנען זיי זיך אויך אויס געמיינזאַם קעמפן. אַזוי וואַקסט צוזאַמען מיטן קאַפּיטאַליזם זיין בלוט־סוינע — דער פּראָלעטאַריאַט. אַזוי וואַקסן צוזאַמען מיטן קאַפּיטאַליזם די ווידערשפּרוכן פון דער קאַפּיטאַליס־טישער אָרדענונג. און דער הויפּט ווידערשפּרוך פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם איז דער ווידערשפּרוך צווישן דעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון דער אַרבעט און דעם פּריוואַטן כאַראַקטער פון צונעמען זיך דעם פּראָדוקט פון דער אַרבעט.

די קאָנקורענץ צווישן די קאַפּיטאַליסטן גופא קומט פאָר ניט בלויז אין די גרענעצן פון דער אייגענער מעלוכע. עס קאָנקורירן צווישן זיך קאַפּיטאַליסטן פון פאַרשיידענע לענדער, וואָס מער עס אַנטוויקלט זיך דער קאַפּיטאַליזם, אַלץ גרעסער ווערט די קאָנ־

קורענץ צווישן די קאַפּיטאַליסטן פון פאַרשיידענע מעלוכעס. דער מאַרק אין זייער אייגענעם לאַנד איז פאַר זיי קנאַפּ. זיי אַליין ראַבעווען דאָס פאָלק און דערפאַר קאָנען די גרויסע מאַסן אַרבעטער און פויערים ניט קויפן פאַר זיך אַזויפיל פּראָדוקטן, וויפל זיי דאַרפן. זוכן די קאַפּיטאַליסטן נייע מערק אין פרעמדע לענדער. די רעגירונג פון יעדן לאַנד נעמט זיך אָן פאַר איר בורזשואַזיע. ווייל יעדע מעלוכע איז בלויז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרוואַלטעט מיט די אינטערעסן פון דעם הערשנדיקן קלאַס. די מעלוכע העלפט די קאַפּיטאַליסטן צו אונטערדריקן די אַנדערע קלאַסן: די פּראָלעטאַריער און פויערים. די מעלוכע העלפט די קאַפּיטאַליסטן אויך אין זייער קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטן פון אַנדערע מעלוכעס. די יאָגעניש נאָך מערק פירט באַם קאַפּיטאַליזם שטענדיק ברענגען צו מילכאָמעס. אַזוי זיינען מילכאָמעס אומפאַרמיידלעכע באַגלייטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג.

דער קאַפּיטאַליזם גייט אַרויס פון די ענגע ראַמען פון דער נאַציאָנאַלער מעלוכע. דער קאַפּיטאַליזם איז געוואָרן אַן אַלוועלטלעכער. אייזנבאַנען, דאַמפּערס, טעלעגראַף, טעלעפאָן, ראַדיאָ, לופטשיפן מאַכן דעם קאַפּיטאַליזם פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן. דידאָזיקע פאַרבינד-מיטלען בינדן די מענטשהייט אין די קייטן פונם אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַליזם, זיי בינדן אָבער אויך צוזאַמען די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליזם.

## אימפּעריאַליזם

דער פּעריאָד פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם איז אין גרונט געווען אַ פּעריאָד פון „פרייער קאָנקורענץ“. דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אין דעמדאָזיקן פּעריאָד פאַרהעלטנישמעסיק גלייכמעסיק אַנטוויקלט און האָט זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פלעגן מיט גוואַלד פאַרכאַפּן אַלץ נייע קאָלאָניעס. די ווידערשפּרוכן פונם קאַפּיטאַליזם זיינען אַלץ מער און מער געוואַקסן. די גאַנצע לאַסט פון דידאָזיקע ווידערשפּרוכן פלעגן די קאַפּיטאַליסטן אַרויפוואַרפן דערהויפּט אַף די קאָלאָניעס, וועלכע זיי האָבן אָן אויפהער גערויבערט, געדריקט און געשטיקט.

אין אָנהויב פון 20-טן יאָרהונדערט קומט אָן אָנשטאָט דעמדאָזיקן פּעריאָד דער פּעריאָד פון אימפּעריאַליזם.

דער קאַפּיטאַליזם אַנטוויקלט זיך שוין ניט גלייכמעסיק, נאָר שפּרינגאַרטיק. עס שפּרינגען אַרויס אין זייער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אַזעלכע לענדער, וואָס זיינען פריער געגאַנגען ניט אין דער ערשטער ריי, ווי, לעמאָשל, איצט אַמעריקע און יאַפּאָניע. עס שטייען אָפּ אַזעלכע לענדער, וואָס זיינען געגאַנגען אין דער שפּיץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, ווי, לעמאָשל, ענגלאַנד. מיט דער שטאַרקער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק זיינען געוואַקסן אַלץ גרעסערע און גרעסערע פאַבריקן און זאַוואָדן. די גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן האָבן זיך אַלץ מער געזאַמלט אין די הענט

פון די גרעסטע קאפיטאליסטן. אט דערדאזיקער געזעץ פון דער קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג, וואס מע רופט עס אן צענטראליזירונג און קאנצענטרירונג פונם קאפיטאל, האט געבראכט צו דעם, אז עס האבן זיך אויסגעבילדעט קאלאסאלע קאפיטאליסטישע פאראייניקונגען: קארטעלן, סינדיקאטן, טרעסטן. דידאזיקע פאראייניקונגען, וואס האלטן אין זייערע הענט די וויכטיקסטע צווייגן פון דער אינדוסטריע, ווערן מאנאפאליסטן, ד. ה. די איינציקע באלעבאטים קימאט פון אט די אינדוסטריע צווייגן. פון דער פריערדיקער פרייער קאנקורענץ וואקסט אויס און פארנעמט דעם ערשטן ארט די הערשאפט פון מאנאפאלן. די קאלאסאלע מאנאפאליסטישע פאראייניקונגען זיינען פארבונדן אין איין קנופ מיט די בענק. דער אינדוסטריעלער קאפיטאל ווערט צוזאמענגעוואקסן מיטן באנק- אדער פינאנץ-קאפיטאל. אין דער אלגעמיינער סיסטעם פון די קאפיטאליסטישע ארגאניזאציעס איז אריינגעצויגן געווארן דער גרויסער ערד-באזיץ. דער כאראקטעריסטישער שטריך פון דעמדאזיקן פעריאד איז די הערשאפט פונם פינאנץ-קאפיטאל. די הערשאפט פון דעם פינאנץ-קאפיטאל, די הערשאפט פון מאנאפאליען פארניכטן אבער ניט די הויפט-ווידערשפרוכן פונם קאפיטאליזם. פארקערט, דידאזיקע ווידערשפרוכן ווערן נאך מער פארשארפט.

די אנטוויקלונג פון דער טעכניק, די אנטוויקלונג פון דער כעמיע-וויסנשאפט און זייער אנווענדונג אין דער אינדוסטריע ברענגט דערצו, אז צו יעדער מאשין דארף מען אלץ ווייניקער ארבעטער. די צאל ארבעטער ווערט, עמעס, ניט קלענער, ווייל עס וואקסט אלץ די צאל מאשינען. דער קאפיטאליסט באקומט אבער זיין רעוואד נאר פון דעם, וואס ער עקספלואטירט דעם ארבעטער. עס איז אבער א נאפקעמינע צי דארף דער קאפיטאליסט צו יעדער פאר ארבעטס-הענט אוועקשטעלן א מאשין, וואס קאסט 100 רובל אדער 1000 רובל. צי דארף ער אויסגעבן אף רוי-שטאף צו יעדער פאר ארבעטס-הענט 10 רובל א טאג אדער 100 רובל. דער קאפיטאליסט באקומט א קאלאסאלן רעוואד, אבער אין פארגלייך מיט די קאפיטאלן, וואס ער לייגט אריין אין דער אונטערנעמונג איז פאר אים דער רעוואד צו ווייניק. זוכט ער, וואו קאן מען אריינלייגן קאפיטאל, אז דער רעוואד זאל זיין אסאך העכער ווי געוויינלעך. ער זוכט איבער-רעוואד. איבער-רעוואד קאן ער באקומען אין די קאלאניעס, וואו די עקספלואטאציע פון די ארבעטער איז אן אומגעהערטע, דאס בארויבן די פויערים אן אומבאגרענעצטע און אומגעשטערטע. אין די קאלאניעס באקומט ער ביליקע רוישטאף און הייצונג, ביליקע ארבעטס-הענט, א ברייטן אפזאץ-מארק. פארן קאפיטאליסט לוינט דעריבער שטארק ארויסצופירן קאפיטאל אין די קאלאניעס. די קאלאניעס זיינען דער געשמאקסטער ביסן פאר די קאפיטאליסטן. אלע גרויסע קאפיטאליסטישע לענדער יאגן זיך צו מאכן די עקספלואטאציע פון די קאלאניעס פאר זייער אייגענער מאנאפאליע. די וועלט איז אבער שוין צעטיילט. קיין פרייע קאלאניעס, וואס זאלן ניט געהערן קיין שום קאפיטאליסטישער מעלוכע, זיינען שוין מער ניט פאראן. קומט דעריבער פאר א שטענדיקער קאמף צווישן די גרויסע קאפיטאליסטישע מעלוכעס, די מעלוכעס פון פינאנץ-קאפיטאל, פאר איבערטיילן די קאלאניעס. אזוי ווי דער קאפיטאליזם אנטוויקלט זיך איצט ניט גלייכמעסיק, נאר שפרינגארטיק, באנוגנט זיך

שוין ניט דאָס קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, וואָס האָט אַ שפּרונג געטאָן אין זיין אַנטוויקלונג, מיטן טייל רויב, וואָס איז אויסגעקומען אויף זיין חלק ביז איצט. דאָס קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, וואָס איז אָפּגעשטאַנען אין זיין אַנטוויקלונג אין פאַרגלייך מיט דער שנעל פאָר-רויס-שפּרינגענדיקער מעלוכע, וויל זיך, פאַרקערט, ניט אָפּזאָגן פון דעם בעקאָוועדיקן טייל רויב, וואָס זי האָט שוין פאַרכאַפּט אין די קאָלאָניעס. ווערן אויף אַזאַ אויפן פאַר-שטאַרקט די סטירעס צווישן די פאַרשיידענע אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס, עס פאַר-שטאַרקן זיך און פאַרמערן זיך די רייסערייען צווישן זיי, וועלכע ברענגען ס אַ פ ק אַ ל ס אָ ף צ ו א י מ פּ ע ר י אַ ל י ס ט י ש ע מ י ל כ אָ מ ע ס.

אַזוי ברענגט די אַנטוויקלונג פונם אימפּעריאַליזם אומפאַרמיידלעך צו ווידערשפּרוכן צווישן די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס און די קאָלאָניעס און האַלב-קאָלאָניעס, וואָס עס פ י ר ט א ו מ פ אַ ר מ י י ד ל ע ך צ ו נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ע וו אָ ל ו צ י ע ס פ ו ן ד י ק אָ ל אָ נ י אַ ל ע פ ע ל ק ע ר.

אַזוי פאַרשאַרפט די אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם אומפאַרמיידלעך אַלץ מער און מער דעם ווידערשפּרוך צווישן דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן און דעם פּראָלעטאַריאַט. דער קלאַסנקאַמף ווערט אַלץ פאַרשאַרפט און ב ר ע נ ג ט א ו מ פ אַ ר מ י י ד ל ע ך צ ו פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ר ע וו אָ ל ו צ י ע ס. רעוואָלוציעס, וואָס שטעלן זיך דעם ציל אומצושליידערן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג און פאַרבייטן זי מיט די סאָציאַ-ליסטישער.

אָט די פּראָלעטאַרישע, סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע פאַרניכטעט דעם גרונט-ווי-דערשפּרוך פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג: דעם ווידערשפּרוך צווישן דעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון דער אַרבעט און דעם פּריוואַטן כאַראַקטער פון צונעמען זיך דעם פּראָדוקט פון דער אַרבעט.

## גאָט אין דער סיסטעם פון אימפּעריאַליזם

מיר האָבן געזען ווי עס גייט פאָרויס די טעכניק, ווי עס גייט פאָרויס די אַנטוויק-לונג פון די פּראָדוציר-קרעפטן, ווי צוגלייך מיט דערדאָזיקער אַנטוויקלונג פאַרשאַרפן זיך אַלץ מער די ווידערשפּרוכן צווישן די פּראָדוציר-קרעפטן און פּראָדוציר פאַרהעל-טענישן, ווי די דאָזיקע ווידערשפּרוכן ברענגען צו אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס און סאָציאַליסטישע רעוואָלוציעס. און וואָס טוט גאָט? פאַר גאָט בלייבט דאָ קיין אָרט ניט. נאָך דער וויסנשאַפטלעכער דערקלערונג פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג אין דער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם און אימפּעריאַליזם, זעען אויס די מאַיסעס וועגן דעם, אַז די מילכאָמעס און רעוואָלוציעס זיינען גאָטס שטראָף, גאָטס אָנשיקעניש, אָדער פאַרקערט, אַז גאָט פירט אָן מיט די זיגרייכע כאַיאָלעס, דאָס אַלץ זעט אויס ווי קינ-דער מאַיסעס. האַגאָס אין גרונט זיינען דאָס מאַיסעס, וואָס ווערן דערציילט ניט פון קינדער, נאָר פון דערוואַקסענע, אָפּטמאָל, גאָר ניט קיין נאַרישע מענטשן; מענטשן, וואָס נוצן אויס גאָט צוגלייך מיט האַרמאַטן און שטיק-גאַזן צוליב קאַמף קעגן די סאָנים פון די קאַפּיטאַליסטן — קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, קעגן דעם פאַריאָכטן פויערטום, קעגן די אויפשטייענדיקע אונטערדריקטע פעלקער.

# גאָט — דער באַפרייער און רעוואָלוציעס

„ניט דורך רעוואָלוציעס ווערן באַפרייט מענטשן, נאָר דורך גאָטס ווילן" — טאַינען גאָטס דינער. אַזוי האָט גאָט באַפרייט די אידן פון מיצראַים דורך וואונדער און קונצן, אַזוי האָט גאָט באַפרייט די פויערים פון לייבאייגנטום אין רוסלאַנד דורך דעם, וואָס ער האָט געשיקט זיין שאָליאַך, אַ מעלעך שעל בעסעד (אַ גנאָדיקן קייסער), וועלכער האָט די באַפרייאונג דורכגעפירט.

וועגן יעציעס מיצראַים דערציילן מיר אין 11-טן קאַפיטל. לאָמיר אַ קוק טאָן, וואָס זאָגט לענין וועגן דער באַפרייאונג פונם פויערטום?

„וואָס פאַר אַ קראַפט האָט זיי (די לייבאייגנטימער) געצוואונגען צו נעמען זיך פאַר דער רעפאָרם? די קראַפט פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וואָס האָט אַריינגעצויגן רוסלאַנד אַפן וועג פון קאַפיטאַליזם. די פריצים — לייבאייגנטימער האָבן ניט געקענט אָפּשטעלן דעם וואוקס פון דעם סכוירע-אויסטויש צווישן רוסלאַנד און אייראָפּע, זיי האָבן ניט געקאָנט איינהאַלטן די אַלטע פאָרמען פון ווירטשאַפט, וואָס ווערן כאָרעוו. די קרימער מילכאָמע האָט באַוויזן די צעפוילטקייט און די קראַפטלאָזיקייט פון דער לייבאייגנטימערישער רוסלאַנד. די פויערשע „בונטן", וואָס זיינען געוואַקסן מיט יעדן יאָרצענדליק פאַר דער באַפרייאונג, האָבן געצוואונגען דעם גרעסטן פּאָריץ, אַלעקסאַנדער דעם II-טן צו אנערקענען, אַז ס'איז בעסער צו באַפרייען פון א ו י ב ן, איידער מע וועט אַראָפּוואַרפן פון אונטן".

דער אוקאַז פון 19 פעווראַל 1861 יאָר האָט נעדאַרפט דעריבער דערלייזן דריי אויפגאַבן: 1) געבן דער פריצישער ווירטשאַפט ביליקע באַטראַקישע קראַפט; 2) געבן פרייע אַרבעטס-קראַפט דער וואַקסנדיקער פאַבריק-אינדוסטריע, ווייל נאָר פריי געדונגענע אַרבעטער האָבן געקאָנט זיכערן דער אינדוסטריע איר ווייטערדיקע אַנטוויקלונג; 3) אויסמיידן דעם וואוקס פון די פויערשע בונטן, וועלכע זיינען געווען אַ גרויסע געפאַר פאַר די הערשנדיקע קלאַסן.

„ווייטער פאַרציען דעם איניען קאָן מען ניט: מע דאַרף געבן די פויערים כאָטש אַ שיין פון פרייהייט" — אַזוי האָט זיך ניט איין מאָל דער „גנעדיקער קייסער" געווענדעט צו די פריצים.

און ווייל די „באַפרייאונג" האָט דורכגעפירט דער גרעסטער פּאָריץ אין רוסלאַנד — דער „גאָט געזאַלבטער קייסער", האָט די „באַפרייאונג" געבראַכט די פויערים ניט קיין פרייהייט, נאָר אַ נייע פאַרשקלאַפונג. „די איידעלע הערן פריצים האָבן אַזוי באַפרייט די רוסישע פויערים, — שרייבט לענין, — אַז ה ע כ ע ר אַ פ י נ פ ט ל פון דער פויערשער ערד איז אָפּגעשניטן געוואָרן לעטוויוועס די פריצים. פאַר זייער אייגענער פויערשער ערד, וואָס איז באַגאָסן מיט בלוט און שווייס, זיינען די פויערים מעכויעוו געווען צו צאָלן א ו י ס ק ו י ף, דאָס הייסט צאָלן צ י נ ז די נעכטיקע קנעכטבאַזיצער. הונדערטער מיליאָנען רובל צינז האָבן די פויערים אויסגעצאָלט די לייבאייגנטימער און זיינען אַלץ מער און מער פאַראָרעמט געוואָרן. די פריצים האָבן ניט נאָר אָנגערויבט פאַר זיך פויערשע ערד, זיי האָבן ניט נאָר אויסגעטיילט פאַרן פויער די ערגסטע ערד, אָפטמאָל אַזאַ, וואָס טויג לאַכלוטן ניט, האָבן נאָך אַכויץ דעם אַוועקגע-

שטעלט פאַסטעקעס פאַר די פּויערים, דאָס הייסט—זיי האָבן אַזוי פאַרטיילט די ערד, אַז באַ די פּויערים איז ניט געבליבן וואוהין אַרויסצוטרייבן דאָס פי צו פּאַשען, קיין לאָנקעס, קיין וואַלד, קיין פּלאַץ וואו אָנצוטרינקען די פי. אין ס׳ראָוו גובערניעס פון צענטראַל-רוסלאַנד זיינען די פּויערים אויך נאָכדעם, ווי עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דאָס לייבאייגנטום, געבליבן אין דער פּריערדיקער, אויסגאַנגסלאָזער קנעכטשאַפט באַ די פּריצים".

ווייל די „רעפאָרם" איז דורכגעפירט געוואָרן דורך די פּריצים האָט זי ניט געלייזט ראַדיקאַל די אויפגאַבן, וועלכע זיינען דאַן געשטאַנען פאַרן לאַנד, די רעפאָרם האָט ניט געעפנט גענוג ברייט די טויערן פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר-קרעפטן פונם לאַנד. עס זיינען נאָך געבליבן אָן אַ שיר שטערונגען אַפן וועג פון דער פרייער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. אין 1861 יאָר זיינען די פּויערים ניט פעאיק געווען אַף אַ רעוואָלוציע. זיי זיינען פעאיק געווען בלויז אַף „בונטן". נאָכן פאַלן פונם לייבאייגנטום האָבן זיך אָבער אין רוסלאַנד אַלץ שנעלער און שנעלער אַנטוויקלט די שטעט, עס זיינען געוואַקסן פאַבריקן און זאַוואָדן, עס האָבן זיך געבויט אייזנבאַנען. „אַפן אָרט פון דער לייבאייגנטימערישער רוסלאַנד איז געגאַנגען די קאַפּיטאַליסטישע רוסלאַנד". צוזאַמען מיט די פאַבריקן און זאַוואָדן איז אויך געוואַקסן דער אַרבעטער-קלאַס. „ביסלעכווייס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסבילדן פאַראייניקונגען פון די אַרבעטער צוליב געמיינזאַמען קאַמף מיט די קאַפּיטאַליסטן און מיט דער רעגירונג. פירנדיק דעם דאָזיקן קאַמף, פלעגט דער רוסישער אַרבעטער-קלאַס העלפן די מיליאָנען פּויערטום אויפהויבן זיך, אויסגלייכן זיך, אַראָפּוואַרפן פון זיך די געוואוינהייטן פון לייבאייגענע קנעכט".

צום יאָר 1905 איז אויסגעוואַקסן און איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דער רוסלענדער אַרבעטער-קלאַס און ער האָט געפירט דאָס גאַנצע פאָלק, ער האָט געפירט מיליאָנען פּויערטום אַף אַ רעוואָלוציע.

„דער 1861-טער יאָר האָט געבאָרן דעם 1905-טן יאָר — זאָגט לענין. דער לייבאייגנטימערישער כאַראַקטער פון דער ערשטער „גרויסער" בורזשואַזער רעפאָרם האָט שווער געמאַכט די אַנטוויקלונג, זי האָט פאַרמישפּעט די פּויערים אַף טויזנטער ערגערע און ביטערערע ליידן, זי האָט אָבער ניט אומגעביטן די ריכטונג פון דער אַנטוויקלונג, זי האָט ניט פאַרהיט פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר... די רעפאָרם, וואָס עס האָבן דורכגעפירט די לייבאייגנטימער אין דער עפּאָכע, ווען די אונטערדריקטע מאַסן זיינען געווען פולשטענדיק ניט אַנטוויקלט, אָט די רעפאָרם האָט געבאָרן אַ רעוואָלוציע צו יענער צייט, ווען עס זיינען צייטיק געוואָרן די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין די דאָזיקע מאַסן".

און ווען אין 1905 יאָר האָט דער רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום געליטן אַ מאַפּאָלע אין דער רעוואָלוציע, זיינען די עמעסע רעוואָלוציאָנערן — די באָלשעוויקעס — באַ זיך ניט אַראָפּגעפאַלן. לענין האָט שטענדיק געטאַינעט: וויבאַלד די רעוואָלוציע פון 1905 האָט ניט געלייזט די אויפגאַבן, וועלכע זיינען פאַר איר געשטאַנען, וויבאַלד עס זיינען נאָך ניט באַזייטיקט די סיבעס, וועלכע האָבן אַרויסגערופן די-

דאָזיקע רעוואָלוציע, מוז די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג ברענגען צו אַ נייער רעוואָלוציע. און לענין האָט טאַקע קיין טאָעס ניט געהאַט.

אַזוי זעען מיר, אַז סיי ענגעלס, סיי לענין האָבן געקאָנט פאָרויסזאָגן די מילכאָמע און די רעוואָלוציע נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן דערלערנט און פאַרשטאַנען די געזעצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. צו גאָט דאַרף מען דאָ אינגאַנצן ניט אָנקומען.

## דער אנטוויקלונג-געזעץ פון דער געשיכטע

מאַרקס און ענגעלס האָבן שטודירט די געשיכטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, דאָס הייסט, וויאַזוי די געזעלשאַפט, אין וועלכער מיר לעבן, האָט זיך אַנטוויקלט און אויסגעפאָרמירט אין אַ מעשעך פון הונדערטער יאָרן. אַפן גרונט פון זייער שטודירן זיינען זיי געקומען צום אויספיר, אַז די געשיכטע פון דער גאַנצער ביז־איצטיקער געזעלשאַפט איז די געשיכטע פון קלאַסנקאַמף. ניט אַלעמאָל האָט די מענטשלעכע געזעלשאַפט אויסגעזען אַזוי, ווי מיר זעען זי איצט. בלויז די הערשנדיקע קלאַסן — די בורזשואַזיע און פריצים — זיינען פאַרינטערעסירט איינצורעדן דאָס פאַשעטע פאָלק, אַז „אַזוי איז געווען פון אייביקע יאָרן און אַז אַזוי וועט עס אויך בלייבן". אַז דעם סיידער פון דער וועלט האָט איינגעשטעלט דער „ריבוינעשעלוילעם", אַז גאָט וויל, אַז אַף דער וועלט זאָלן זיין רייך און אָרעם. פאַר די הערשנדיקע קלאַסן איז אַזאַ באַבעמאַיסע זייער גוטלעך, קעדיי די אונטערדריקטע קלאַסן זאָלן רואיק טראָגן זייער שווערן יאָך און ניט אויפשטעלן זיך קעגן זייערע אונטערדריקער.

עס איז געווען אַ צייט, ווען די מענטשן האָבן ניט געוואוסט פון קיין קנעכטשאַפט און אונטערדריקונג. נאָר אַמאָל האָבן מענטשן געלעבט מאַכנעסווייז, שפּעטער — אין קליינע געזעלשאַפטן, שטאַמען, וואו די מענטשן פלעגן אַלץ פּראָדוצירן צוזאַמען און געברויכן באַשוטפעס די פּרוכט פון זייער מי. דידאָזיקע שטאַמען האָבן זיך שפּעטער פאַראייניקט אין שוואָטים, און אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג האָבן זיך פון דידאָזיקע שוואָטים אויסגעבילדעט קליינע פעלקערלעך.

די אור־אַלטע גלייכהייט איז מיט דער צייט פאַרשוואונדן. די שוואָטים האָבן געפירט אַ קאַמף מיט אַנדערע שוואָטים, קעדיי צו פאַרכאַפן פאַר זיך ערד, פי, פּראָדוקטן. די וואָס פלעגן באַזיגט ווערן אין קאַמף, פלעגן שוין ניט האָבן דיזעלבע רעכט, ווי די זיגער. די געזעלשאַפט איז פאַרטיילט געוואָרן אַף אונטערראָבער און אונטערגעיאָכטע. דער קאַמף, וואָס איז פריער געפירט געוואָרן צווישן פאַרשיידענע שטאַמען און שוואָטים, האָט זיך אָנגעהויבן צו פירן אינעווייניק אין דער געזעלשאַפט גופע. צווישן זיך האָבן געקעמפט קלאַסן, ד. ה. פערזאָנען, וואָס זיינען פאַראייניקט דורך שוטפעסדיקע מאַטעריעלע אינטערעסן. פון דאַן אָן און ביז היינטיקן טאָג איז די גאַנצע געשיכטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט אַ געשיכטע פון קאַמף פון קלאַסן.

פאַר וואָס זשע לעבן מענטשן ניט איינצלוויז, נאָר אין געזעלשאַפטן? וואָס ליגט אין גרונט פון דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט?

אויפן קייווער פון קאַרל מאַרקסן האָט זיין פריינט, זיין גאָענטסטער מיטאַרבעטער און מיטקעמפער פרידריך ענגעלס אַזוי כאַראַקטעריזירט, ווי מאַרקס האָט געקוקט אויף דער געשיכטע: „פונקט אַזוי ווי דאַרווין האָט אַנטדעקט דעם אַנטוויקלונג-געזעץ פון דער אָרגאַנישער נאַטור, אַזוי האָט מאַרקס אַנטדעקט דעם אַנטוויקלונגס-געזעץ פון דער מענטשלעכער געשיכטע. ער האָט אַנטדעקט דעם פּאָשעטן פאַקט, וואָס איז ביז דאַן געווען באַהאַלטן אונטערן דעקטוך פון אידעאָלאָגישע בקירעס, אַז מענטשן דאַרפן קוידעמקאָל עסן, טרינקען, אָנטאָן זיך, און ערשט נאָך דעם קאָנען זיי פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטיק, וויסנשאַפט, קונסט, רעליגיע און ד. גל. דעריבער זיינען דאָס פּראָדוצירן פון אומיטלבאַרע מאַטעריעלע לעבנס-מיטלען און די אַנטשפּרעכנדיקע שטופע פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון פאָלק אָדער פון אַ געוויסן פעריאָד צייט — די יעסוידעס, פון וועלכע עס אַנטוויקלען זיך די מעלוכע איינריכטונגען, די רעכטלעכע אָנשויאונגען, די קונסט און אַפילע די רעליגיעזע פאַרשטעלונגען פון די מענטשן. און דורך די ערשטע ווערן דערקלערט די צווייטע און ניט פאַרקערט, ווי מע האָט גערעכנט ביז איצט".

מענטשן לעבן ניט איינציקווייז, נאָר אין געזעלשאַפטן דערפאַר, ווייל די געזעלשאַפט-לעכקייט גיט זיי די מעגלעכקייט צו לעבן. ווען מיר זאָלן באַ אַ מענטשן פון דער איצ-טיקער, פון דער מאָדערנער, געזעלשאַפט אָפּנעמען אַלץ, וואָס עס טוען פאַר אים און וואָס עס האָבן געטאָן פאַר אים אַנדערע מענטשן — וואוינונג, קליידער, שפּייז, די פאַרקער-וועגן, וואָס שטעלן צו די פאַרשיידענע פּראָדוקטן, די אַלע קענטעניש, וואָס די מענטשן האָבן אויסגעאַרבעט דוירעס-לאַנג, אַלע פּראָדוציר-מיטלען, — וועט דער מענטש ניט קאָנען עקזיסטירן. אָן דער הילף פון אַנדערע מענטשן איז דער מענטש הילפלאָז, ווייל אויסאַרבעטן פאַר זיך אַלץ, וואָס איז נויטיק איז דער מענטש איינער אַליין ניט בעקויעך.

דער מענטש קעמפט מיט דער נאַטור, פאַר זיין עקזיסטענץ. דער מענטש שטרענגט אָן אין דעמדאָזיקן קאַמף אַלע זיינע קרעפטן, אַלע זיינע קענטענישן. ניט אַלע מאָל האָט אָבער דער מענטש אויף אייגעם און דעמזעלבן אויפן געקעמפט פאַר זיין עקזיס-טענץ. אויב איצט באַזיגט דער מענטש די נאַטור דורך אויסנוצן עלעקטריע, דאַמף, ראַדיאָ א. א. וו. האָבן אַמאָל מענטשן געקעמפט מיט דער נאַטור מיט די אייגענע הענט און פיס אָדער מיט אַ שטעקן און האָבן אויסגעקעמפט באַ דער נאַטור ניט אין פאַרגלייך ווייניקער, ווי דער איצטיקער מענטש אין די ציווילזירטע לענדער.

„די עקאָנאָמישע עפּאָכעס — זאָגט מאַרקס — שיידן זיך אונטער פון די אַנדערע ניט מיט דעם, וואָס עס ווערט פּראָדוצירט, נאָר ווי עס ווערט פּראָדוצירט". אין זיין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ באַקומט דער מענטש גרעסערע אָדער קלענערע רע-זולטאַטן, אָפּהענגיק פון דעם, וועלכע געצייג ער פאַרמאָגט, וויפל אַרבעט-קראַפט ער האָט, וועלכע טעכנישע געוואוינהייטן איז באַ אים פאַראַן. פון דער אַנטוויקלונג פון די אַרבעטס-געצייג, פון דער צאָל אַרבעט-קראַפט, פון דעם, אויף וויפל דער מענטש פאַר-שטייט ווי צו באַגיין זיך מיט די אַרבעט-געצייג — פון דעם אַלץ הענגט אָפּ די איינ-

מענטשיווקייט פון דער אַרבעט, אָדער ווי מע רופט עס אָן — די חויך פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר=קרעפטן.

באַ דעם אוראַלטן מענטשן זיינען די פּראָדוציר=קרעפטן געווען אין אַ זייער ביידעריקן צושטאַנד. די פּראָדוציר=געצייג זיינען באַ אים געווען זייער פּאָשעטע. דאַן פלעגט דער מענטש ניט אויסאַרבעטן קיין פּראָדוקטן, נאָר נעמען באַ דער נאַטור, וואָס זי גיט, קימאַט אין אַ פאַרטיקער פאָרם. פרוכטן, פאַרשיידענע וואָרצלען, שראָצים. די געזעלשאַפטלעכע פאָרם פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז געווען די האָרדע — די משערעדע.

אין משך פון הונדערטער און טויזנטער יאָרן ווערן ביסלעכווייז, אין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, אויסגעבעסערט די אַרבעט=געצייג, דער מענטש באַקומט נייע טעכנישע געוואוינהייטן, עס ווערט פאַרגרעסערט די סומע אַרבעט=קראַפט. דער מענטש באַקומט שוין פון דער נאַטור וויפל אים איז נויטיק פאַר זיין כעיונע, האַרגעט ער שוין ניט די אַלטע לייט, טויט ער ניט די קליינע קינדער, ווערט אַלץ גרעסער די באַפעלקערונג. ער באַנוגנט זיך ניט מיט נעמען פאַרטיקע זאַכן באַ דער נאַטור, ער הויבט אָן פּראָדוצירן. ער פאַרנעמט זיך מיט ערדאַרבעט, מיט פי=צוכט און שאַפט אַף אַזאַ אויפן אַ פעסטע באַזע פאַר זיין עקזיסטענץ. די האָרדע ווערט פאַנאַנדערגעפאַלן אַף שטאַמען, פון די שטאַמען טיילן זיך אויס פאַמיליעס. פון דער גאַנצער מאַסע מענטשן אין שטאַם רוקן זיך אַרויס מענטשן. וואָס האָבן אַ גרעסערע דערפאַרונג, איידער די אַנדערע מיטגלידער פון שטאַם, זיי ווערן אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אַרבעט, און מיט דער צייט פאַרנעמען זיי אַ פריווילעגירטע לאַגע אין שטאַם. צוערשט זיינען עס באַזונדערע מענטשן, דערנאָך גאַנצע גרופּעס — די עלצטע, די קריגס=לייט, די קויהאַנים. עס שאַפט זיך שוין אָן אָנהויב פון אַ מאַכט אַדאַנק דעם, וואָס ניט אַלע פאַמיליעס און שטאַמען זיינען עקאָנאָמיש גלייך. עס הויבט זיך אָן דאָס פּאָליטישע לעבן אין דער פאָרם פון אַ „פּרימיטיווער דעמאָקראַטיע“.

די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער טעכניק ברענגט דערצו, אַז דער מענטש קען שוין שאַפן מער פּראָדוקטן, וויפל ער דאַרף מינדסטנס פאַר זיין געברויך. דאַן באַקומען די פּריווילעגירטע דידאָזיקע מויסרעס פאַר זיך. זיי הויבן אָן צו לעבן אַפן כעשבן פון פרעמדער אַרבעט. הויבט זיך אָן די עקספּלואַטאַציע פון איין מענטשן דורכן אַנדערן. די געזעלשאַפט פון דערדאָזיקער עפּאָכע האָט שוין באַדייטנדיקע מעגלעכקייטן פאַר איר ווייטערדיקער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. דער קאַמף פון פאַרשידענע גרופּעס און ווירטשאַפטן צווישן זיך פאַרהאַלטן אָבער די אַנטוויקלונג. די קריגס=גרופּעס נוצן אויס די רייסערייען צווישן די פאַרשיידענע שטאַמען און מישפּאָכעס, און שטעלן זיך אין דער שפּיץ פון דער געזעלשאַפט. אָנשטאָט דער „פּרימיטיווער דעמאָקראַטיע“ שטעלן זיי איין זייער דיקטאַטור. קיין צענטראַליזירטע מאַכט — די „שיוועט=מעלוכע“ — קען אָבער ניט עקזיסטירן, ווייל עס זיינען נאָך ניט גענוג אַנטוויקלט די ווירטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען: די ווירטשאַפטן עקזיסטירן אָפּגעזונדערט איינע פון די אַנדערע, ווערן אָפּגעזונדערט אויך פּאָליטיש. די קריגס=לייט באַקומען גרויסע נאַכלעס ערד, עס בילדן זיך אויס אַסאַך ווירטשאַפטן פון גרויסע גוטבאַזיצער. יעדער גרויסער ערד=אייגנטימער ווערט פּאָליטיש

אומאָפּהענגיק און די פּאָליטישע מאַכט ווערט אַף אַזאַ אויפן אַלץ מער צעברעקלט. די געמיינדעס פאַלן אַריין אין עקאָנאָמישער אונטערטעניקייט צו די גרויסע אייגנטימער. די קלענערע ערד-אייגנטימער ווערן אויך אונטערטעניק די גרעסערע. עס שאַפט זיך אַ גאַנצער לייטער פון עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט פון די ערדבאַזיצער איינער פון דעם אַנדערן. אַזאַ איז אויך די פּאָליטישע מאַכט. דאָס איז די פעאָדאַלע אָרדענונג.

אין דער ערשטער העלפט פון דערדאָזיקער עפּאָכע איז די ווירטשאַפט געווען אַזאַ, אַז אַלץ, וואָס עס פלעגט פּראָדוצירט ווערן, פלעגט פאַרנוצט ווערן דאָסראָוו פון די פּראָדוצירער גופא. אַזאַ מין ווירטשאַפט, וואו נאָר אַ נישטיקער טייל פון די פּראָדוקטן גייט אַף אויסבייט און ווערט אַ סכוירע, רופט זיך נאַטורעלע ווירטשאַפט.

די פּראָדוציר-קרעפטן וואַקסן אַלץ מער און מער. באַ באַזונדערע מענטשן און גרופּעס זאַמלען זיך אָן איבעריקע פּראָדוקטן, וועלכע זיי קאָנען שוין ניט אויסנוצן פאַר זייער אייגענעם געברויך. פריער האָבן די מענטשן אויסגעטוישט זייערע מויסרעס דירעקט איינע מיט די אַנדערע. ווען עס זאַמלען זיך אָבער אָן גרויסע רעזערוון פון דידאָזיקע מויסרעס, איז שוין אַזאַ אויסטויש ניט גענוג. ער איז שוין צו פּרימיטיוו. דאַן גייט איבער דער אויסטויש אין אַ העכערער פאָרם — אין האַנדל. עס קומט אַף דער וועלט דער סויכער. די אַנטוויקלונג פונם האַנדל ברענגט דערצו, אַז עס בילדן זיך אויס האַנדלס-צענטרען. אַהין זאַמלען זיך אויך האַנטווערקער. עס בילדן זיך אויס שטעט. די שטעט וואַקסן אַלץ מער און מער. די באַפעלקערונג נויטיקט זיך אין לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, וועלכע זי באַקומט פון דאָרף. די פריערדיקע נאַטורעלע ווירטשאַפט ווערט שוין פאַרביטן דורך דער סכוירע-ווירטשאַפט. דער האַנטווערקישער אויפן פון פּראָדוצירן קען שוין אָבער ניט באַפרידיקן די אַלץ וואַקסנדיקע באַדערפעניש פון דער געזעלשאַפט. דאַן קומט אָן די מאַנופאַקטור. די באַדערפענישן וואַקסן אָבער ווידער, דער מאַרק ווערט ברייטער. דער מאַנופאַקטור-אויפן פון דער פּראָדוקציע באַפרידיקט שוין אויך ניט. עס פאָדערן זיך טעכנישע אויסבעסערונגען. די מאַשין און דער דאַמף מאַכן אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין דער פּראָדוקציע. אָנשטאָט דער מאַנופאַקטור קומט די גרויסע פּראָדוקציע. די הויך פון די פּראָדוציר-קרעפטן שטייגט אַלץ מער. די פּראָדוציר-מיטלען ווערן צענטראַליזירט אין די הענט פון אַ קליין הייפל מענטשן — קאַפּיטאַליסטן. די עמעסע פּראָדוצירער האָבן ניט קיין פּראָדוציר-מיטלען. זיי באַנוצן נאָר זייער אַרבעט-קראַפט, וועלכע זיי פאַרקויפן די קאַפּיטאַליסטן. די נייע עקאָנאָמישע אָרדענונג קען זיך אָבער ניט פריי אַנטוויקלען באַ די אַלטע פעאָדאַלע פאָראָנדקעס. די צעברעקלטע געגנטן מוזן פאַרייניקט ווערן, עס בילדן זיך אויס נאַציאָנאַלע מעלוכעס. די הערשער אין עקאָנאָמישן לעבן — די קאַפּיטאַליסטן רייסן אַרויס אויך די פּאָליטישע מאַכט באַ די פריערדיקע הערשער — פעאָדאַלן.

אַזוי בייטן זיך די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, אַלס פויעליוויצע פון דעם, וואָס עס בייטן זיך די פּראָדוציר-אויפאַנים, די פּראָדוציר-קרעפטן.

די ענדערונג פון די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען איז אָבער ניט פאָרגעקומען אַזוי גלאַטיק. אַ שטענדיקער קאַמף איז פאָרגעקומען צווישן דעם מענטשן און דער נאַטור,

באַגלייט פון אַ קאַמף צווישן מענטש און מענטש. זינט עס איז
געקומען די עקספּלואַטאַציע פון איין מענטשן דעם אַנדערן איז אויך געקומען דער
קלאַסן=קאַמף.

באַ די פּאַרצייטיקע גריכן געפינען מיר שוין רייכע ערד=אייגנטימער, וואָס
האָבן פאַרכאַפּט דעם גרעסטן טייל קאָהאָלשע ערד. דאָרט זייגען פאַראַן אויך סאָחרים,
באַלמעלאָכעס און שקלאַפּן. רוים האָט געפירט אַסאַך מילכאָמעס, קעדיי צו באַזיגן
זיינע קאָנקורענטן אין מיסכער. די פּויערים פלעגן אין דידאָזיקע מילכאָמעס פאַרלירן
זייער פּי, זייער אַרבעטס=געצייג, פלעגן אַריינקריכן אין כויוועס און פלעגן פאַרלירן
זייער ערד, פלעגן פאַרוואַנדלט ווערן אין „פּראָלעטאַריער“. אויך די צאָל
שקלאַפּן איז געוואַקסן אָן אַ שיר. אין דעם ערשטן יאָרהונדערט פאַר אונזער צייט=
רעכענונג (וואָס מע רופט קריסטוס=געבורט) האָט אין רוים אונטער ספּאַרטאַקס אָנפי=
רונג אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער אויפשטאַנד פון די שקלאַפּן, וואָס איז דערטרונקען
געוואָרן אין טייכן בלוט. דאָס איז אָבער געווען ניט דער איינציקער אויפשטאַנד אין
רוים. דער קאַמף פון די קלאַסן אין פאַרצייטיקן רוים פלעגט אָפט אַריבערגיין אין אַן
אָפענעם בירגער=קריג, וואָס האָט זיך סאָפּקאָלסאָף געענדיקט, ווי מאַרקס און ענגעלס
זאָגן, מיטן געמיינזאַמען אונטערגאַנג פון אַלע קעמפנדיקע קלאַסן. מיט דער אונטער=
גאַנג פון רוים פאַרענדיקט זיך די צייט, וואָס מיר רופן אָן אַלטערטום.

נאָכן אַלטערטום קומט דער מיטלאַלטער — די צייט פונם פעאָדאַליזם. ווען עס
אַנטוויקלט זיך די סכוירע=ווירטשאַפט, באַנוגנט זיך שוין ניט מער דער פעאָדאַל מיט
די פּויערישע נאַטור=היסכאַיוועסן. ער פאָדערט פון דעם פּויער געלט, אָדער ער פאַר=
גרעסערט די נאַטור=היסכאַיוועסן, ווייל ער האָט שוין די מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען
אַלע פּויערשע אָפּצאָלן און צינזן אין געלט. אָנשטאָט דעם פעאָדאַל קומט דער גוט=
אייגנטימער, דער לאַנד=האַר. די אונטערדריקונג פון די פּויערים וואַקסט פון טאָג צו
טאָג. די צינזן ווערן געהעכערט, די פאַנשטשינע שטייגט, די פרייע פּויערים ווערן פאַר=
וואַנדלט אין פאַרפליכטע, און לייב=אייגענע. די פּויערים פירן אַ קאַמף קעגן זייערע
אונטערדריקער. פון סאָף 13=טן יאָרהונדערט ווערט דער פאַרבאָרגענער קאַמף צווישן
די פּריצים און די פּויערים פאַרוואַנדלט אין אַן אָפענעם בירגער=קריג. אין 1303 יאָר
ברעכט אויס אַזאַ אויפשטאַנד אין צאָפן=איטאַליע, אין 1358 יאָר צינדט זיך אָן דער
פּויערים=קריג אין פראַנקרייך, אין 1381 — אין ענגלאַנד. די הוסיטישע מילכאָמעס,
וואָס האָבן זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אין 15=טן יאָרהונדערט אין טשעכיע זייגען אויך
געווען, אין גרונט גענומען, פּויערשע מילכאָמעס. נאָך אַ גאַנצע ריי פּויערים=בונטן,
ברעכט אויס אין דייטשלאַנד 1525 יאָר דער „גרויסער פּויערים קריג“.

אַזוי זעט אויס „די צייט פון פרידן און לייטזעליקייט“, וועגן וועלכער עס ריידן מיט
פאַרגלאָצטע אויגן די קלייקווידעש.

„די היינטיקע בורזשואַזע געזעלשאַפט, וואָס איז אויפגעקומען אַף די כורוועס פון
דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט, האָט די קלאַסן=סטירעס ניט אָפּגעשאַפט, זי האָט נאָר
אָנשטאָט די אַלטע אַוועקגעשטעלט נייע קלאַסן, נייע מיטלען פון אונטערדריקונג, נייע
אויפאַנים פון קאַמף.

אונזער עפּאָכע, די עפּאָכע פון דער בורזשואַזיע, צייכנט זיך אָבער אויס דערמיט, וואָס זי האָט די קלאַסן־סטירעס פאַרייגפאַכט. די גאַנצע געזעלשאַפט שפּאַלט זיך אַלץ מער און מער אַף צוויי גרויסע פיינטלעכע לאַגערן, אַף צוויי גרויסע קלאַסן, וואָס שטייען דירעקט איינער קעגן דעם אַנדערן: בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט.

פון די לייב־אייגענע אין מיטלאַלטער איז אַרויסגעגאַנגען די בירגערלעכע באַפעלקע־רונג פון די ערשטע שטעט; פון אָט דער בירגערלעכער באַפעלקערונג האָבן זיך אַנט־וויקלט די ערשטע עלעמענטן פון דער בורזשואַזיע.

די אַנטדעקונג פון אַמעריקע און פון דעם יאַם־וועג אַרום אַפריקע האָט געשאַפן פאַר דער אויפקומענדיקער בורזשואַזיע אַ נייעם באָדן. דער אָסט־אינדישער און כי־נעזישער מאַרק, די קאָלאָניזירונג פון אַמעריקע, דער מיסכער מיט די קאָלאָניעס, די פאַרמערונג פון די אויסטויש־מיטלען און פון סכוירעס ביכלאַל, — דאָס אַלץ האָט געבראַכט דעם האַנדל, דער יאַם־פאָרעריי, דער אינדוסטריע אַן אומגעהערטן אויפשטייג און דערמיט באַדייטנדיק פאַרגיכערט די אַנטוויקלונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן עלע־מענט אין דער צעפאַלנדיקער פעאָדאַלער געזעלשאַפט.

דער פריערדיקער פעאָדאַלער אָדער צעכישער אויפן פון פּראָדוקציע אין דער אינדוסטריע האָט שוין מער ניט געקאָנט באַפרידיקן די באַדערפעניש, וואָס איז אָנגע־וואַקסן מיט די נייע מערק. אָנשטאָט אים איז געקומען די מאַנופאַקטור. די צעך־מאַיסטערס זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך דעם אינדוסטריעלן מיטל־שטאַנד, די אַרבעט־צעטיילונג צווישן די פאַרשיידענע קאָרפּאָראַציעס איז פאַרשוואונדן געוואָרן לעגאַבע דער אַרבעט־צעטיילונג אין דעם איינצעלנעם וואַרשטאַט גופא.

דער מאַרק אָבער איז קעסיידער געוואַקסן, דער באַדאַרף איז אַלץ גרעסער געוואָרן. די מאַנופאַקטור האָט שוין אויך מער ניט געקלעקט. האָן האָט דאַמף און מאַשינע געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע. אָנשטאָט דער מאַנופאַק־טור איז געקומען די היינטיקע גרויס־אינדוסטריע, אָנשטאָט דעם אינדוסטריעלן מיטל־שטאַנד זיינען בעראָש פון גאַנצע אינדוסטריעלע אַרמייען געקומען די אינדוסטריעלע מיליאָנערן, די מאָדערנע בורזשואַזיע.

די גרויס־אינדוסטריע האָט געשאַפן דעם וועלט־מאַרק, וואָס די אַנטדעקונג פון אַמעריקע האָט אים צוגעגרייט. דער וועלט־מאַרק האָט געבראַכט דעם האַנדל, דער יאַם־פאָרעריי, דעם פאַרקער אַף דער יאַבאַשע אַ קאָלאָסאַלע אַנטוויקלונג. דאָס האָט געווירקט צוריק אַף דער אויסשפּרייטונג פון דער אינדוסטריע, און אַף וויפל עס האָט זיך אויס־געשפּרייט די אינדוסטריע, דער האַנדל, די יאַם־פאָרעריי, אייזנבאַנען, אין דערזעלבי־קער מאָס האָט זיך אַנטוויקלט די בורזשואַזיע, האָבן זיך געמערט אירע קאַפּיטאַלן, האָט זי אָפּגעשטויסן צום הינטערגרונט די אַלע קלאַסן, וואָס זיינען פאַרבליבן פון דעם מיטלאַלטער.

אַזוי זעען מיר, אַז די היינטיקע בורזשואַזיע גופא איז אַ פּראָדוקט פון אַ לאַנגן אַנטוויקלונגס־גאַנג, פון אַ ריי איבער־קערענישן אין דעם אויפן פון פּראָדוקציע און פאַרקער.

איטלעכן שטאַפּל אין אָט דער אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזיע האָט באַגלייט אַן אַנטשפּרעכנדיקע פּאָליטישע דערגרייכונג. אָט אַן אונטערדריקטער שטאַנד אונטער

דער הערשאַפט פון די פעאָדאַלן, אַט אַ באַוואָפנטע אַסאָציאַציע מיט זעלבסטפאַרוואַלטונג אין דער קאָמונע, דאָ אַן אומאָפּהענגיקע שטאָטישע רעפּובליק, דאָרט אַ דריטער שטייער־צאָלנדיקער שטאַנד אין דער מאָנאַרכיע, דערנאָך, צו דער צייט פון דער מאַנופאַקטור, אַ קעגנגעוויכט צום אַדל אין דער אַבסאָלוטער אָדער שטאַנדן־מאָנאַרכיע, ביכלאַל דער הויפּט־יעסאָד פון די גרויסע מאָנאַרכיעס, — האָט די בורזשואַזיע סאָף־קאָלסאָף, מיטן אויפקומען פון דער גרויס־אינדוסטריע און פון דעם וועלט־מאַרק, דעראָבערט זיך אין דער מאָדערנער קאָנסטיטוציאָנעלער מעלוכע די אויסשליסלעכע פּאָליטישע הערשאַפט.

די היינטיקע מעלוכע־מאַכט איז ניט מער ווי אַ קאָמיטעט, וואָס פאַרוואַלט מיט די געמיינשאַפטלעכע איניאָנים פון דער בורזשואַזיע" (ק. מאַרקס און פ. ענגעלס. קאָמוניסטישער מאַניפעסט).

דאָ זעען מיר ווי עס האָט זיך אַנטוויקלט די בורזשואַזיע, ווי עס איז געוואַקסן איר עקאָנאָמישע קראַפט, איר פּאָליטישער אייכפלוס. די בורזשואַזיע האָט זיך אָבער דערמיט ניט געקאָנט באַנוגענען. עס איז געקומען אַ צייט, ווען זי האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע (1789 יאָר) איז געווען דער אָנהויב אין אַט דעם קאַמף פון דער בורזשואַזיע פאַר דער מאַכט. די אַלטע פעאָדאַלע געזעלשאַפט איז אין איר אַנטוויקלונג טראָגעדיק געוואָרן מיט אַ נייער אָרדענונג — מיטן קאַפּיטאַליזם. די בורזשואַזע רעוואָלוציע האָט באַפרייט די נייע אָרדענונג פון דער טראַכט פונם פעאָדאַליזם. זי האָט אים, דעם קאַפּיטאַליזם, אַרויסגעבראַכט אויף דער ליכטיקער וועלט צו פרייער אַנטוויקלונג. די „רעוואָלוציע איז די אַקושאַרקע באַ יעדער אַלטער געזעלשאַפט, ווען זי איז טראָגעדיק מיט אַ נייער" — זאָגט מאַרקס.

דאַן איז די בורזשואַזיע געווען רעוואָלוציאָנער. „די היינטיקע בורזשואַזיע, — שרייבט כ' ריאַזאַנאָוו אין זיינע דערקלערונגען צום „קאָמ. מאַניפעסט" — דערמאָנט ביכלאַל אָן אַן אַלטן באַלאַווירע, וואָס האָט יונגערהייט אַסאַך געראַבעוועט, און וויל צו דער עלטער ווערן אַ באַלטשואַווע. עס וואָלט זיך איר וועלן אָפּשטעלן דעם שנעלן גאַנג פון דער אַנטוויקלונג, וואָס האָט זי אויפגעהויבן אויפן שפּיץ פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. ס'וואָלט זיך איר וועלן איינשמועסן די אַרבעטער, אַז עס ליגט זיי בעסער בלייבן צופרידן מיט זייער לאַגע, און זי אַליין וואָלט גערן געווען צו פאַרגעסן איר רעוואָלוציאָנערן אָווער"...

## „ניט דער באַוואוסטזיין פון די מענטשן באַשטימט זייער זיין, נאָר, פאַרקערט, זייער געזעלשאַפטלעך זיין באַשטימט זייער באַוואוסטזיין"

די דינער פון גאָט, וואָס זיינען געטרייע דינער פונם קאַפּיטאַל, ווילן איינשמועסן די אונטערדריקטע קלאַסן, אַז „אַזוי איז געווען און אַזוי דאַרף זיין", אַז „דער מענטש קען ניט וויסן גאָטס דראָכים" (וועגן). די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג פון דער געשיכטע זאָגט אָבער: ניט אייביק איז עס געווען ווי איצט, געביטן האָבן זיך די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, די סיבעס פון זייער ענדערונג איז די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־קרעפטן,

די אַנטוויקלונג פון יעדער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג ברענגט צו ווידערשפּרוכן אין דאָזיקער אָרדענונג גופא, עס קומט פאָר אַ שטענדיקער קלאַסנקאַמף און די ווידערשפּרוכן ווערן סאָפקאָלסאָף געלייזט דורך רעוואָלוציעס.

שוין אין די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט פ. ענגעלס געשריבן: „מיר דערגרענטערן זיך איצט מיט שנעלע טריט צו אַזאַ אַנטוויקלונג־הויך פון דער פּראָדוקציע, ווען די עקזיסטענץ פון די דאָזיקע קלאַסן האָט ניט נאָר אויפגעהערט צו זיין אַ נויטווענדיקייט, נאָר זי ווערט דירעקט אַ שטערונג פאַר דער פּראָדוקציע. די קלאַסן וועלן פאַרשווינדן פונקט אַזוי אומפאַרמיידלעך, ווי אומפאַרמיידלעך זיי זיינען פריער אַנטשטאַנען“. צוליב דעם איז נויטיק די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, וועלכע קומט אומפאַרמיידלעך.

„אַראָפּוואַרפן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע קען בלויז דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַ באַזונדערער קלאַס. די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון דער עקזיסטענץ פונם פּראָלעטאַריאַט גרייטן אים צו צו אַזאַ אַראָפּוואַרפונג, זיי גיבן אים די מעגלעכקייט און די קראַפט צו מאַכן עס. אין דער צייט, ווען די בורזשואַזיע צעברעקלט, צעשטויבט דאָס פּויערטום און אַלע קליינבירגערלעכע שיכטן, באַהעפט זי, פאַרייניקט זי און אָרגאַניזירט דעם פּראָלעטאַריאַט. בלויז דער פּראָלעטאַריאַט, — אַדאַנק זיין עקאָנאָמישער ראָל אין דער גרויס פּראָדוקציע, — איז פייאיק צו זיין דער פירער פון *אַלע* אָרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע מאַסן, וועלכע די בורזשואַזיע עקספּלואַטירט, דריקט און שטיקט אָפט מאָל ניט ווייניקער, נאָר שטאַרקער נאָך איידער די פּראָלעטאַריער, וועלכע זיינען אָבער ניט פייאיק צו אַ *זעלבסטשטענדיקן* קאַמף פאַר זייער באַפרייאונג“. (לענין).

דאָ זעען מיר ווידער *פאַרוואָס* בלויז דער פּראָלעטאַריאַט קען אַראָפּוואַרפן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, *פאַרוואָס* ער ווערט דער פירער פון אַלע אונטערדריקטע. *זיין עקאָנאָמישע ראָל אין דער פּראָדוקציע באַשטימט זיין ראָל אינם קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליזם — אינם קאַמף פאַר דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, זיין ראָל אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.*

אַזוי זעען מיר, אַז די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען הענגען אָפּ ניט פון דעם, צי וויל דאָס דער אָדער יענער מענטש, דער אָדער יענער הערשער, דער אָדער יענער געלערנטער, אַז ניט גוטע אָדער שלעכטע גאָטס שלוכים ברענגען מילכאָמעס און רעוואָלוציעס, פאַרשקלאַפונג און באַפרייאונג, — אַז דאָס אַלץ איז אַ פּועליוויצע פון דעם אָדער יענעם פּראָדוציר־אויפן, פון די פּראָדוציר־פאַרהעלטענישן, ד. ה. פון די באַציאונגען צווישן די מענטשן איינער צו דעם אַנדערן אין דעם פּראָצעס פון פּראָדוצירן — פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן. די געשיכטע ווערט געשאַפן דורך מענטשן. די מענטשן דענקען אַזוי אָדער אַנדערש, האַלטן פאַר יוישערדיק דאָס אָדער אַנדערש, האַלטן פאַר מאָראַליש דאָס אָדער יענץ, אָפּהענגיק פון דעם, וועלכע פּראָדוציר־פאַרהעלטענישן עס הערשן אין דער געזעלשאַפט. אין דער אוראַלטער צייט, באַם סאַמע פּרימיטיווסטן פּראָדוציר־אויפן האָט זיך גאָר גערעכנט פאַר מאָראַליש צו האַרגענען די אַלטע לייט, וואָס קענען אַליין ניט שפּייזן זיך. באַם לייבאייגנטום האָט זיך גערעכנט פאַר יוישערדיק

צו האַנדלען מיט מענטשן. באַם קאַפּיטאַליזם איז ניט מאָראַליש צו גאַנווענען, ווייל דאָס הייסט אויוועק צו זיין אַף דער הייליקייט פון אייגנטום, עס איז אָבער אַ רעכטפאַרטיקע זאַך צו אומברענגען אַ קאָמוניסט, עס איז אַ קאָוועד צו האַרגענען אַף טילמאָכע טויזנטער מענטשן.

„ניט דער באַוואוסטזיין פון די מענטשן באַשטימט זייער זיין, נאָר, פאַרקערט, זייער געזעלשאַפטלעכעס זיין באַשטימט זייער באַוואוסטזיין" — זאָגט מאַרקס.

דאָס הייסט, פאַרשטייט זיך ניט, אַז געלערנטע, פּאָליטישע פירער, קינסטלערווירקן ניט אַף אונזער זיין, אַף דער ענדערונג פון אונזער מאַטעריעלן לעבן. זיי ווירקן שטאַרק. זייערע אידייען אָבער וואַקסן אויס אַפן באָדן פון דעם הערשנדיקן פּראָדוציר אויפן. מאַרקס און לענינס אידייען האָבן ניט געקאָנט אויסוואַקסן, ווען עס זיינען נאָך ניט געווען קיין פאַבריקן און זאַוואָדן. די אַרכיטעקטור־קונסט האָט ניט געקאָנט זיין, ווען מענטשן האָבן געוואַנדערט און געוואוינט אין געצעלטן, פונקט אַזוי ווי די מאָראַל פון „לוי סיגנויוו" (גאַנווע ניט) האָט ניט געקאָנט זיין אין דער צייט, ווען קיין אייגנטום האָט ניט עקזיסטירט.

ניט גאָטס האַשגאָכע, ניט גאָטס גוטע אָדער שלעכטע מאַלאָכים, ניט אידייען באַוועגן די וועלט, דער פונדאַמענט, דער באַזיס פון דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן זיינען די עקאָנאָמישע פאַרהעלטעניש. די פּאָליטישע איינריכטונגען, די מאָראַל, די וויסנשאַפט, די קונסט און אויך די רעליגיע איז אַן אויבערבוי אַף דעמדאָזיקן באַזיס.

## ליטעראַטור

ק. מאַרקס און ענגעלס — קאָמוניסטישער מאַניפעסט.
פּראָגראַם פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

Бухарин—Теория исторического материализма, гл. 4.
Борхардт —Исторический материализм, гл. 5 и 6.
Б. Фигнер и М. Ширвиндт—Краткий учебник исторического материализма, гл. 3, 7 и 8.

## פראַגן צו איבערכאַזערן

1. ווי אַזוי קאָן מען פאָרויסזאָגן מילכאָמעס, רעוואָלוציעס און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען?
2. וואָס איז די סיבע פון די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס?
3. פאַרוואָס קומען פאָר רעוואָלוציעס?
4. צי האָט די רעוואָלוציע פון 1917 יאָר געקאָנט פאָרקומען מיט 100 יאָר צוריק?
5. וואָס האָט געבראַכט צו דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע?
6. פאַרוואָס איז פאָרגעקומען די „באַפרייאונג" פונעם פויערטום אין 1861 יאָר?
7. פאַרוואָס זיינען פאַרינטערעסירט די הערשנדיקע קלאַסן אין דעם, אַז די אַ בעטנדיקע זאָלן האַלטן גאָט פאַר אַ באַפרייער?

8. ברענגט ביישפּילן, וואָס זאָלן באַווייזן די ריכטיקייט פון מאַרקס געדאַנק, אַז „ניט דער באַוווסטזיין פון די מענטשן באַשטימט זייער זיין, נאָר פאַרקערט, זייער געזעלשאַפטלעכעס זיין באַשטימט זייער באַוווסטזיין".

## קאַפּיטל 6

# די אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון גלויבן און עמונעס

### די אנטשטייאונג פון רעליגיע לויט דער טוירע

אויב מע זאָל גלויבן, אַז אַלץ, וואָס עס איז אָנגעשריבן אין דער טוירע איז ריכטיק, דאַרף מען זיך פאָרשטעלן די אַנטשטייאונג פון רעליגיע גאָר איינפאַך. גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן — אָדאָמען. דער מענטש האָט גלייך געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט, ווייל גאָט האָט מיט אים גערעדט, האָט אים געגעבן פאַראָרדענונגען. ער האָט אים געהייסן היטן דעם גאַניידן, האָט אים פאַרווערט צו עסן פון אייצהאַדאַאַס, האָט אים געסטראַשעט, אַז אויב ער וועט עסן פון אָט דעם בוים וועט ער שטאַרבן. שפּעטער האָט דער מענטש ווידער געזען גאָט, ווען ער האָט געבראַכט צום מענטשן אַלע כאַיעס און דער מענטש האָט זיי געגעבן נעמען. דערנאָך, ווייסן מיר פון כומעש, האָט גאָט געהאַט אַ געשפּרעך מיט אָדאָמען וועגן דעם, וואָס אָדאָם מיט כאַווען האָבן ניט אויסגעפילט גאָטס געבאָט און האָבן געגעסן פון אייצאַדאַאַס. דער מענטש שמועסט זיך דורך מיט גאָט גאָר אַף אַזאַ אויפן, ווי עס ריידן איצט צווישן זיך אַ מענטש מיט אַ מענטשן. אויך אָדאָמס קינדער ריידן מיט גאָט גאָר אַף אַ געווייגלעכן אויפן. גאָט פרעגט באַ קאַינען, וואו איז דיין ברודער העוול; קאַין פרואווט זיך אים אָפּנאַרן, נאָר גאָט לאָזט זיך ניט; גאָט פאַרשילט קאַינען. די ערשטע מענטשן האָבן געוואוסט, קומט אויס, אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט אַף דער וועלט דערפאַר, ווייל זיי אַליין האָבן מיט אים גערעדט. ראַבאָנים און גאַלאָכים לערנען נאָך אַדהאַיעם דעם האַמוין, אַז אַף אַזאַ אויפן האָט זיך דער מענטש באַקענט מיט גאָט. קינדער לערנען אין כיידער כומעש און דער רעבע פלאַנצט אין זיי איין דעם גלויבן, אַז אַלץ, וואָס עס שטייט אין כומעש איז הייליק און די באַשרייבונג פון די שמועסן פון גאָט מיט אָדאָמען, נויעכן, אַווראָמען א. א. וו. זיינען טאַקע בעעמעס געווען. צו הילף די מעלאַמדים קומען די אידישע בורזשואַזע שרייבער, וואָס ווילן דערציען די אידישע קינדער אין „נאַציאָנאַלן גייסט“ און גאָטספאָרכטיקייט. זיי באַנוצן זייער טאַלענט אַף צו אונטערטראָגן די מאַיסעס פון כומעש אין אַ פּאָשעטער פאָרם די קינדער, ווי, לעמאָשל, שאָלעם אַש „מאַיסעלעך פון כומעש“.

ווען די מאָדערנע ראַבאָנים און גאַלאָכים קאָנען ניט פאַרטיידיקן די דערציילונגען פון כומעש קעגן דער וויסנשאַפט, פרואוון זיי אויסטייטשן די דאָזיקע „הייליקע“ שריפטן אַף אַ מער מאָדערנעם אויפן. פאַר דעם געבילדעטן עוילעם זאָגן זיי, אַז מע דאַרף ניט

פאַרשטיין די דערציילונגען אַזוי פּאָשעט, ווי זיי זיינען אָנגעשריבן. מע דאַרף זיי אויסטייטשן אַזוי, אַז אין דעם מענטשן איז פון דער נאַטור איינגעבאָרן דאָס גלויבן אין גאָט. דאַן איז אָבער אינגאַנצן ניט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס גלויבן ניט אַלע מענטשן אין איין גאָט, פאַרוואָס זיינען פאַראַן „ווילדע“ פעלקער, פונוואַנען נעמען זיך „געצנדינער“.

## צי האָבן טאקע אלעמאָל מענטשן געגלויבט אין גאָט

פון די פריערדיקע שמועסן ווייסן מיר אָבער, אַז דער מענטש איז ניט „באַשאַפן“ געוואָרן אַזוי ווי עס ווערט דערציילט אין דער „הייליקער“ טוירע, אַז דער מענטש איז ביכלאַל ניט „באַשאַפן“ געוואָרן פון גאָט, נאָר ער האָט זיך אויסגעבילדעט אין מעשעך פון זייער אַ לאַנגע צייט פון נידעריקערע באַשעפענישן. אויב אַ מענטש איז רעליגיעז מוז ער באַזיצן אַ גאַנצע ריי באַגריפן, און די באַגריפן פאָדערן, אַז דער מענטש זאָל קאָנען ריידן. דער כ׳ יאַראָסלאַווסקי שרייבט וועגן דעם: „דער וואָס מיינט, אַז דער אוראַלטער מענטש האָט געהאַט אַ שפּראַך, דורך וועלכער מע האָט געקאָנט אויסדריקן רעליגיעזע באַגריפן, האָט אַ גרויסן טאָעס. די שפּראַך פון דעם אוראַלטן מענטש שיידט זיך ווייניק וואָס אונטער פון דער שפּראַך פון אַ מאַלפּע, פונקט אַזוי ווי עס איז אַ קליינע נאַפּקעמינע צווישן דעם אוראַלטן מענטשן און דער מאַלפּע אין זייערע אויפאַנים צו באַקומען לעבנס-מיטלען. נאָך איצט זיינען פאַראַן ווילדע און האַלב-ווילדע פעלקער, וואָס האָבן אין זייער שפּראַך ניט מער ווי דריי הונדערט ווערטער. באַ דעם אוראַלטן מענטשן איז דאָס, פאַרשטייט זיך, אויך ניט געווען. דידאָזיקע ווערטער באַצייכענען אייניקע אַרבעטס-פּראָצעסן, עסנזאַכן, נעמען פון כאַיעס און פלאַנצן און אייניקע נאַטור-דערשיינונגען. די מאַיסעס פון די קלייקוידעש וועגן דעם ערשטן מענטשן, אַז ער האָט געהאַט אַ פולקאָם אַנטוויקלטע שפּראַך, זיינען, פאַרשטייט זיך, בלויזבאָבע-מאַיסעס. דער מענטש ווערט ניט געבאָרן מיט פאַרטיקע באַגריפן, דער מענטש ווערט ניט געבאָרן מיט אַ פאַרטיקער שפּראַך. מיט דריי הונדערט יאָר צוריק האָט אַ אינדישער קיניג דזשעלאַל-עדין מאהאָמעד, מיטן צונאָמען אקבאר געמאַכט א אינטערעסאנטן פּרואוו. ער האָט געמאַכט אַ שטרייט מיט זיינע הויפלייט וועגן דעם, אַף וועלכער שפּראַך האָבן גערעדט די ערשטע מענטשן. עמעצער האָט אים געזאָגט, אַז אַף העברעאיש (ווייל אָדאָם איז, לויט דער טוירע, געווען אַ איד). אקבאר האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל אָפּצונעמען באַ 12 פרויען די קינדער, גלייך ווי זיי וועלן זיי געבוירן. גלייך ווי די קינדער זיינען געבוירן געוואָרן האָט מען זיי פאַרשפּאַרט אין אַ טורעם און מע האָט זיי געגעבן שטומע אַמען. זייערע מוטערס, און ביכלאַל קיין שום ריידנדיקע מענטשן, האָט מען צו זיי ניט צוגעלאָזן אין מעשעך פון 12 יאָר. אַז עס זיינען דורכגעגאַנגען 12 יאָר, האָט מען די קינדער געבראַכט צום קעניג. עס האָבן זיך באַ אים צונויפגעזאַמלט אידן, פּערסן, אינדוסן, אַראַבער, כאַלדייער, און יעדערער האָט דערוויזן אַפן גרונט פון דער הייליקער טוירע, אַז גראָד אַף זיין שפּראַך וועלן ריידן די קינדער. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די קינדער האָבן ניט גערעדט אַף קיין שום שפּראַך, זיי האָבן געשריען, געוואָיעט, האָבן אַרויסגעלאָזן פון זיך מאָדנע, אומפאַרשטענדלעכע געשרייען און קלאַנגען, וואָס

זיינען ענלעך אַף די קלאַנגען פֿון כאַיעס, זיי האָבן „גערעדט" דורך קערפּער־באַװע־גונגען.

וואָס באַווייזט דערדאַזיקער פּרואוו? ער באַווייזט, אַז בא דעם מענטשן איז ניטאָ קיין באַשטימטע איינגעבאָרענע שפּראַך, אַז די שפּראַך אַנט־וויקלט זיך, אַז דער מענטש באַקומט זי אונטער דער ווירקונג פֿון דער סוויווע, דורך נאָכמאַכן און דערנאָך, דערהויפּט, אונטער דער ווירקונג פֿון פּראָדוציר־פּראָצעסן. דער אוראַלטער מענטש האָט אָבער געקאָנט נאָכמאַכן יענע כאַיעס, צווישן וועלכע ער האָט געלעבט. די קלאַנגען פֿון אָט די כאַיעס זיינען געווען די ערשטע ווערטער פֿון דער מענטשלעכער שפּראַך, אַף אָט דער שפּראַך זיינען געווען ווערטער־אויסגעשרייען, וואָס וואָרענען, וואָס רופֿן, וואָס דריקן אויס פֿרייד, האַנאָע, מוירע, ליבע, קאַעס און אַנדערע געפֿילן פֿון כאַיעס. דידאַזיקע געפֿילן דריקן אויס די כאַיעס איינע צו די אַנדערע אָדער צו דער אַרומיקער נאַטור. די אויסגעשרייען־ווערטער האָבן אָבער ניט געקאָנט אויס־דריקן קיין קאָמפּליצירטע באַגריפֿן, אין וועלכע עס גוטיקט זיך יעדע רעליגיע, אַפֿילע די סאַמע פּרימיטיווסטע.

הייסט עס, אַז אַף דער פֿראַגע, צי האָבן אַלע מאָל מענטשן געגלויבט אין גאָט, צי איז בא דעם אוראַלטן מענטשן געווען אַ רעליגיע, קאָנען מיר ענטפֿערן: ניין. בא די אוראַלטע מענטשן איז ניט געווען קיין רעליגיע, בא זיי איז ניט געווען קיין געטער. ניט געגלויבט אין גאָט האָבן זיי, פֿאַר־שטייט זיך, ניט דערפֿאַר, וואָס זיי זיינען געווען אַזוי שטאַרק אויפֿגעקלערט, נאָר פּאַשעט, ווייל רעליגיע דערשיינט ערשט אַלס אַ שפּעטעריקע שטופֿע אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער מענטשהייט, ווען אין קאַמף מיט דער נאַטור אַרבעטן זיך בא אים אויס נייע געוואוינ־הייטן, נייע באַגריפֿן, און דערהויפּט — נייע געזעלשאַפֿט־לעכע באַציאונגען".

## ווי אַזוי דערוויסן מיר זיך, ווי עס האָבן געגלויבט די פּאַרצייטיקע מענטשן

אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט גופֿע אָבער האָט ניט אומעטום און ניט אַלע מאָל עקזיסטירט רעליגיע אין דער פֿאָרם פֿון אַ קולט און פֿון גלויבן אין גאָט. רעליגיע איז דורכגעגאַנגען דורך פֿאַרשיידענע שטופֿן פֿון אַנטוויקלונג. עס זיינען געווען און עס זיינען נאָך אויך איצט פֿאַראַן פֿאַרשיידענע רעליגיעס. אין יעדער פֿון זיי, אין די אויפֿירונגען און מינהאָגים פֿון די מענטשן, זיינען נאָך געבליבן שפּורן פֿון ווייטן אָוועק. אַפּן גרונט פֿון דידאַזיקע שפּורן קאָנען מיר אין אַ געוויסער מאָס אורטיילן, וואָס פֿאַר אַ גלויבונגען עס זיינען געווען אַמאָל בא די מענטשן, ווי האָבן זיך אַנטוויקלט זייערע גלויבונגען, ווי זיינען אויסגעוואַקסן די היינטיקע עמונעס. די גלויבונגען פֿון די ווילדע און האַלבווילדע שוואָטים אין אַווסטראַליע, לעמאָשל, קאָנען אונז דינען פֿאַר אַ שפּיגל, ווי האָבן, בעערער, אויסגעזען די גלויבונגען פֿון די איצט ציוויליזירטע מענטשן אין דער אַלטער פֿאַרגאַנגענהייט. די אויסגראָבונגען, וואָס די געלערנטע מאַכן, גיבן זיי, ווידער,

מאַטעריאַל פאַרצושטעלן זיך, ווי האָבן מענטשן געלעבט פאַרצייטנס און וועלכע גלוי־בונגען זיינען בײַ יענע מענטשן געווען. די אַלטע קוואָרים, וואָס זיינען געפונען דורך די געלערנטע, באַהאַלטן אין זיך אַסאַך מאַטעריאַל, לויט וועלכן מיר קאָנען פאַרשטיין, ווי און אין וואָס האָבן מענטשן אַמאָל געגלויבט. די אַלטע מאַיסעס, וואָס זיינען איבער־געגעבן געוואָרן פון דאָר צו דאָר און וואָס זיינען דערגאַנגען ביז אונזער צייט, דערציילן אונדז וועגן דעם לעבן, דענקען, פאַרשטעלונגען און גלויבונגען פון יענע פאַרצייטיקע מענטשן, בײַ וועלכע דידאָזיקע מאַיסעס זיינען געשאַפן געוואָרן.

אין בריטישן מוזיי, לעמאָשל, געפינט זיך אַ דורכגערויבערטע מומיע פון אַ פירער פון אַן אַוסטראַלישן שייוועט. בײַ דערדאָזיקער מומיע זיינען די קני צונויפגעדרייט אַרויף צו און זיינען פעסט פאַרבונדן אינאיינעם מיט די הענט אַרום קערפּער. דער מויל, די גאָזלעכער און דער הינטערשטער דורכגאַנג זיינען בײַ דעם געשטאָרבענעם פירער פאַרניייט. אַזאַ מין מומיע קען דינען פאַר אַ באַווייז, אַז דער אַוסטראַלישער שייוועט האָט געגלויבט, אַז דורכן מויל, דורך דער נאָז, אָדער אַנדער כאַלאַל קען אַריין אין גוף פון זייער פירער אַ רועך, וואָס קאָן אים ווידער אויפלעבן. די געבונדענע הענט און פיס זיינען, ווידער, אַ סימאָל, דער טויטער זאָל זיך מער ניט קאָנען באַוועגן.

אין די קוואָרים פון דער אַלטער צייט, ווען מענטשן האָבן נאָך קיין מעטאַל ניט גע־ברויכט, ווען זייערע אינסטרומענטן און מאַכשירים זיינען באַשטאַנען בלויז פון שטיין, געפינט מען רעשטן פון שפּייז, טעפּ, געווער. און מיר קענען מאַכן דעם אויספיר, אַז אין יענער אַלטער צייט האָבן די מענטשן גערעכנט, אַז דער געשטאָרבענער עסט נאָכן טויט, גייט אַף געיעג, און ד. גל.

אַפן אינזל סאַמאָאַ איז פאַרשפּרייט אַזאַ דערציילונג: צוויי ברידער־אַפּשפּרעכער זיינען באַנאַכט צוגעשוואומען צום אינזל אַלעמנאַמאַ, ווען דער פירער פון שייוועט איז געווען זייער קראַנק. ווען זיי זיינען צוגעגאַנגען צום הויז פון דעם כוילע, האָבן זיי דער־זען צוויי באַרג־רוכעס, וואָס זיינען געזעסן נעבן אַריינגאַנג אין שטוב. די רוכעס האָבן איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן אין האַנט די נעשאָמע פון דעם גויסעדיקן פירער. וועלכער איז געווען פאַרוויקלט אין אַ בלאַט. איינער פון די רוכעס האָט געמיינט, אַז די אָפּשפּרעכער זיינען אויך רוכעס און האָט איינעם פון זיי איבערגעגעבן די נעשאָמע. דער אָפּשפּרעכער האָט געכאַפּט די נעשאָמע און איז אַנטלאָפן. אַף מאָרגן איז ער געקומען צו דעם גויסעדיקן פירער און האָט אים אומגעקערט זיין נעשאָמע.

די בוריאַטן דערציילן אַזאַ מאַיסע: אַמאָל איז איינער אַ מענטש, וואָס האָט גע־וואוסט, ווי מע קען זען רוכעס, געגאַנגען באַנאַכט און האָט דערזען דריי רוכעס. איז ער אַוועק צוזאַמען מיט זיי. אין וועג האָט ער זיך דערוואוסט, אַז די רוכעס גייען נאָך דער נעשאָמע פון איינעם אַ קראַנקן מענטשן. ווען זיי זיינען אַלע געקומען צום הויז פונם קראַנקן, האָט זיך איין רועך געשטעלט בײַ דער טיר, דער צווייטער בײַ דער לאָך פון קוימען. איין רועך האָט געצוואונגען דעם קראַנקן אַ ניס טאָן. ווען דער קראַנקער האָט אַ ניס געטאָן, איז די נעשאָמע זיינע אַרויסגעשפּרונגען און האָט געוואָלט אַנטלויפן. איינער פון די רוכעס האָט זי געכאַפּט און, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס די נעשאָמע האָט געבעך געוויינט, האָט ער זי אַוועקגעטראָגן. דער מענטש איז ווידער אַוועק צוזאַ־מען מיט די רוכעס. אַפן וועג האָט ער בײַ זיי געפרעגט, פאַר וואָס האָבן זיי מער פאַר

אַלץ מוירע. האָבן זיי געענטפערט, אַז מער פאַר אַלץ האָבן זיי מוירע פאַר שטעכעדיקע צווייגן. גייען זיי ווייטער. זאָגט דער בוריאַט צו די רוכעס: „איר זייט דאָך מיד נעוואָרן צו טראָגן די נעשאָמע, ניט — איך וועל אייך העלפן אונטערטראָגן“. האָבן זיי אים נעגעבן. אויפן וועג זיינען זיי פאַרבייגעגאַנגען אַ קוסט מיט שטעכעדיקע צווייגן. האָט זיך דער בוריאַט שנעל אַרייַנגעכאַפּט אין קוסט. די רוכעס האָבן זיך לאַנג געדרייט און געדרייט אַרום קוסט און זיינען אַוועק מיט גאָרנישט. דאַן איז דער בוריאַט אַרויס און האָט אַוועקגעטראָגן די נעשאָמע צוריק צו דעם, וועמען זי האָט געהערט. יענער איז געלעגן אַ טויטער. ווען דער בוריאַט האָט אים צוריק אומגעקערט די נעשאָמע, איז ער ווידער לעבעדיק געוואָרן.

באַ אידן איז אַ מיצווע צו שטיין, בעאיים אַ איד שטאַרבט. די מיצווע הייסט: „שטיין באַ יעציעס נעשאָמע“, ד. ה. ווען די נעשאָמע גייט אַרויס פון גוף. באַ יעציעס נעשאָמע טאָרן די דערביי־שטייענדיקע ניט שרייען, ווייל זיי קענען אָף אַזאַ אויפן „אָפּרופן“ די נעשאָמע, און זי פאַרהאַלטן אין גוף. דאָס קען אָבער ברענגען בלויז לײַדן דעם גוי־סעסן. אַ וויץ, וואָס ווערט דערציילט אין ליטע באַווייזט, ווי פּאַשעטע אידן שטעלן זיך פאָר דעם פּראָצעס פון טויט. איינער אַ איד — אַ לעץ איז געווען קראַנק. אַז ער האָט זיך אָנגעהויבן פילן זייער שלעכט, האָט ער אָנגעטאָן זיין יאַרמאַלקע אָף דער קני. האָבן אים די קרויווים זיינע געפרעגט, וואָס זאָל עס באַטייטן. האָט דער קראַנקער געענטפערט: „ווען דער מאַלאַכאַמאָוועס וועט קומען, וועט ער מיינען, אַז דאָ איז מיין קאָפּ, וועט ער דאָרט זוכן מיין נעשאָמע און וועט זי ניט געפינען“.

יעדער איד זאָגט אינדערפרי בראָכע און דאַנקט דעם ריבוינעשעלוילעם דערפאַר, וואָס ער האָט אים אומגעקערט צוריק זיין נעשאָמע.

אָט די פאָרשטעלונג, אַז אין דעם מענטשנס גוף וואוינט אַ נעשאָמע, הייסט אין דער וויסנשאַפט א נ י מ י ז ם, וואָס עס שטאַמט פון דעם לאַטייניש וואָרט „אַנימוס“ — נעשאָמע. דער אַנימיזם איז די עלצטע פאָרם פון דעם מענטשנס גלויבונגען.

## ניט אַלעמאָל האָבן מענטשן געהאַט די פאָרשטעלונג וועגן אַ נעשאָמע

דער אוראַלטער מענטש האָט נאָך קיין צילינדער און קיין פראַק ניט געטראָגן, אַפּילע ניט קיין פרענטש, ער איז אויך ניט געפאָרן אָף אַוטאָמאָבילן. קיין אַעראָפּלאַ־נען האָט ער ניט באַנוצט. אָבער ניט דאָס אַליין האָט אים געפעלט. דעם אוראַלטן מענטש איז אויסגעקומען זייער שווער אויסצוקעמפן באַ דער נאַטור דאָס נויטיקסטע פאַר זיין לעבן. באַאַרבעטן די ערד האָט ער ניט געקענט. צוגעוואוינען צו זיך באַלעכאַיים האָט ער זיך נאָך ניט אויסגעלערנט. זיין געווער איז געווען אַ שטעקן און אַ שטיין. מיט אַזעלכע געווער האָט ער נאָך ניט געקענט גיין אָף געיעג נאָך ווילדע כאַיעס. ער האָט אַפּילע פיש פאַנגען ניט געקענט. פלעגט ער זאַמלען אַלץ, וואָס די נאַטור גיט אָן קאַמף אָדער דורך אַ קאַמף, אין וועלכן דער שטעקן און שטיין קענען עפעס אויפטאָן: קלייבן פרוכטן, אָדער אַראָפּשלאָגן זיי פון די ביימער; זאַמלען קערנער; כאַפּן קלייגינקע באַלעכאַיימס, וואָס לאָזן זיך כאַפּן מיט די הענט, אָדער וואָס ווערן דערהאַרגעט מיט אַ שטיין און

שמעקן; נאַשן אַ פריש־געפייגערטע כאַיע. דער מענטש האָט דאַן אין גרונט ניט דערוואָרבן זיך קיין לעבנס־מיטלען, נאָר געזאַמלט זיי. ער איז געצוואונגען געווען צו זוכן זיין דערנערונג און ער פלעגט וואַנדערן פון איין אָרט אַפן אַנדערן. וואַנדערן פלעגט ער ניט אַליין, נאָר גרופּעסווייז, צו 10—15—20 מענטשן. איינער אַליין וואָלט דער מענטש אומגעקומען פון ווילדע כאַיעס, און אַמאָל פון ווילדע הונגעריקע מענטשן פון אַן אַנדער גרופּע, פון נאַטור־אומגליקן, וואָס איינער אַליין איז ער ניט בעקויעך בייצוקומען. קיין רעזערוון (זאַפּאַסן) איז באַ דער גרופּע ניט געווען. געלעבט פון טאָג צו טאָג. ניט זעלטן געהאַט הונגעריקע טעג. ווערט דער מענטש פאַרשלאַפט, טרעפט אַז אַ ווילדע כאַיע האָט אים פאַרוואונדעט, אָדער אַ בוים האָט אים אין שטורעם צעבראָכן אַ פוס, פאַלט אַרויס אַזאַ מענטש פון דער גרופּע. אַליין זאַמלען שפּייז קאָן ער ניט. קיין רעזערוון זיינען ניטאָ. בלייבן מיט אים קאָן די גרופּע ניט—זי דאַרף זוכן דערנערונג. שלעפּן אים מיט זיך קאָן די קליינע גרופּע אַוודאי ניט. לאָזט מען אים. דער פאַרשלאַפטער מענטש קאָן אַמאָל קומען צו זיך און דעריאָגן די גרופּע, אָדער ער קומט אום. אַלטע מענטשן, וואָס זיינען שוין ניט פעאיק אַליין צו זאַמלען פאַר זיך שפּייז, ווערן אויך אַ לאַסט פאַר דער גרופּע, און זייער גורל מוז זיין דערזעלבער, ווי פון די אָפּגעשוואַכטע און פאַרוואונדעטע. ווי מע איז זיך באַגאַנגען מיט קראַנקע, אַלטע, פאַרוואונדעטע, אַזוי איז מען זיך באַגאַנגען מיט געשטאָרבענע. די גרופּע פלעגט פאַרלאָזן דעם געשטאָרבענעם, רעכענענדיק, אַז ער וועט עפּשער קומען, פונקט ווי דאָס טרעפט מיט דעם פאַרשלאַפטן, אָדער ער וועט ניט קומען, וואָס עס פּאַסירט ווידער מיט די איבערגעלאָזענע קראַנקע, אַלטע און פאַרוואונדעטע. די דעמאָלטיקע מענטשן פלעגן ניט בלייבן לאַנג אַף איין אָרט, זיי פלעגן מוזן שטענדיק גיין פון איין אָרט אַפן אַנדערן און זאַמלען שפּייז פאַר זיך, זיי האָבן דעריבער ניט געקענט אַכטונג געבן אַף דעם, וואָס עס קומט פאַר מיט דעם פאַרשלאַפטן, וואָס קאָן זיך נאָך עטוואָס רירן און מיט דעם אָפּגעשוואַכטן, וואָס רירט זיך גאָרניט. אַף דערדאָזיקער שטופע פון זיין אַנטוויקלונג האָט דער מענטש ניט געהאַט קיין פאָרשטעלונג וועגן טויט. עס האָט נאָך אויך ניט עקזיסטירט דער באַגריף וועגן נעשאָמע.

## די אנטשטייאונג פונם גלויבן אין נעשאָמע

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, ווען די מענטשן האָבן שוין אָנגעהויבן ניט נאָר זאַמלען עסנוואַרג, נאָר אויך דעראָבערן עס (כאַפּן פיש, יאָגן זיך נאָך אייניקע כאַיעס), האָבן זיי שוין געקענט האָבן קליינע פּראָדוקטן־רעזערוון. די פאַרשלאַפטע, אַלטע, פאַרוואונדעטע, פאַרלאָזט מען נאָך, עמעס, אין וועג, מע לאָזט זיי אָבער איבער עסנוואַרג, אויך געווער צו פאַרטיידיקן זיך פון ווילדע כאַיעס. אַזוי ווי קיין נאַפּקעמינע צווישן פאַרשלאַפטע און געשטאָרבענע מאַכט נאָך דער מענטש דאַן ניט, באַגייט ער זיך מיטן געשטאָרבענעם פונקט ווי מיט דעם פאַרשלאַפטן: אויך אים, דעם פאַרשטאָרבענעם, לאָזט די גרופּע איבער עסנוואַרג און געווער. אַ פאָרשטעלונג וועגן טויט באַקומט דער מענטש ערשט דאַן, ווען ער זעט, ווי דער גוף ווערט צעפוילט. דאָס קומט פאַר דאַן, ווען די מענטשן־גרופּע בלייבט אַ לענגערע צייט אַף איין אָרט. צווישן לעבן און

טויט איז אָבער נאָך אַלץ אינם מענטשנס באַוואוסטזיין קיין קלאָרע גרענעץ ניטאָ. צווישן שלאָף, כאַלאָשעס און טויט זעט ער נאָך ניט קיין אַבסאָלוטע נאַפּקעמינע. רעשטן פון דעמדאָזיקן צושטאַנד פונם מענטשנס פאַרשטאַנד קענען מיר זען ניט נאָר באַ ווילדע פעלקער, נאָר אויך אין יעדן אידישן שטעטל. אויך איצט גלויבן נאָך פרומע אידן, אַז ביז דער דריטער לאָפּעטע ערד הערט נאָך דער מעס, וואָס מע רעדט. אַפילע איצט, אין 20-טן יאָרהונדערט, קען מען נאָך הערן אַזאַ מין „ראַפּאָרט“ פון דעם אויבער-שאַמעס פון כעוורע קאַדישע, וואָס ער גיט אָפּ אַ געשטאָרבענעם כעוורעמאַן פאַר דער קוואורע: „זיי וויסן, אַווראָם בער, אַז דו ביסט געשטאָרבן, אַז דו ביסט שוין מער קיין כעוורעמאַן ניט און דו ביסט אָפּגעשיידט פון אונזער כעוורע“. קיין אַבסאָלוטע נאַפּקעמינע צווישן שלאָף און טויט איז אויך באַם גלויביקן אידן ניטאָ. אידן וויסן אָבער, אַז יעדער מענטש מוז שטאַרבן, נאָר ס'זיינען פאַראַן אויך איצט אַזעלכע ווילדע שוואָטים, וואָס קאָנען ניט באַגרייפן, אַז אַ מענטש מוז שטאַרבן. זיי וויסן, אַז אַ מענטש קען שטאַרבן, אָבער אַז ער מוז שטאַרבן — דאָס באַנעמען זיי נאָך ניט.

היינריך קונאָוו שרייבט אין זיין בוך „די אַנטשטייאונג פון רעליגיע און גלויבן אין גאָט“:

„דער באַקאַנטער עטנאָלאָג און רייזנדער, קארן פאָן-שטיינען, דערציילט אין זיין בוך „צווישן די נאַטור-פעלקער פון צענטראַל-בראַזיליע“, אַז ווען ער האָט געשמועסט מיט די באַקאירער וועגן דעם, אַז „יעדער מענטש מוז שטאַרבן“, זיינען זיי ניט מאַסקים געווען דערמיט. עמעס, האָבן זיי געזאָגט, יעדער מענטש קען שטאַרבן, אָבער, אַז ער מוז שטאַרבן — פון דעם האָבן זיי ניט געוואָלט וויסן. דידאָזיקע האַנאָכע שיינט זיי צו זיין אַזוי ניט ריכטיק, פונקט ווי פאַר אונז, לעמאָשל, דער אויסדריק: „אַלע מענטשן מוזן דערמאָרדעט ווערן“. דעמאָלט — שרייבט קארל פאָן-שטיינען — האָב איך צום ערשטן מאָל פאַרשטאַנען, אַז דער באַקאירער וויים ניט פון קיין „מוז“; ער האָט נאָך ניט דערגרייכט צו יענער מאַדרייגע, ווען ער זאָל קענען פון אַ גאַנצע ריי איינע און דיזעלבע דערשיינונגען, וואָס כאַזערן זיך שטענדיק איבער, קומען צום באַגריף פון נויטווענדיקייט; ער פאַרשטייט דעריבער אויך ניט, וואָס הייסט עס — אַ מענטש מוז שטאַרבן“... „דאָס, וואָס פאַר קאַרל פאָן-שטייגען — שרייבט ווייטער קונאָוו — איז אויסגעקומען אַזוי מעשוגעדיק באַ די באַקאירער, זעען מיר באַ אַלע אַזוי גערופענע נאַטור-פעלקער, אַפילע באַ די יענעקע, ווי לעמאָשל, די מעלאַנעזער און פּאָליגעזער, וועלכע האָבן שוין דערגרייכט אַ פאַרהעלטניסמעסיק הויכע שטופע פון אַנטוויקלונג... דער נעגער פון אַוסטראַליע מוז אַפן טויט קוקן אַנדערש ווי מיר. מיר לעבן אין גרויסע געזעלשאַפטן צוזאַמען, טויט-פאַלן קומען באַ אונז פאָר זייער פיל. אויף די בייסאָלמענס, זעען מיר, זיינען באַגראָבן הונדערטער און טויזנטער טויטע, און אונזער געשיכטע דערציילט פון מיליאָנען, וואָס זיינען אין משעך פון אָן אַ צאָל דוירעס געשטאָרבן; אַפן סמאַך פון דערפאַרונגען פון לאַנגע דוירעס איז צו אונז געקומען דער באַוואוסטזיין: „אַלץ וואָס לעבט מוז שטאַרבן“.

„דערדאָזיקער גאַנצער סכום פון דערפאַרונג פעלט דעם אַוסטראַלישן נעגער: ער וויים, אַז אין זיין קליינער גרופּע און אויך אין אַנדערע גרופּעס זיינען אייניקע מענטשן

געשטאָרבן, אָבער וויפל און ווי לאַנג שוין — וועגן דעם האָט ער ניט קיין באַגריף; דאָסראָוו קען ער דאָך מער ניט ציילן ווי ביז צען, זעלטן ביז צוואַנציק. ער ווייס ניט פון קיין צייט, וואָס ווערט גערעכנט אין יאָרן, צענדליקער יאָרן, הונדערטער יאָרן. זיין באָבען און זיידן האָט ער נאָך עפשער געקענט; אָבער וואָס ווייטער אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַלץ ווייניקער קאָן ער זיך פאָרשטעלן און אונטערשיידן די צייט. און אין דער קליינער גרופע פון 40—50 פערזאָן, אין וועלכער ער לעבט, שטאַרבט מען גאַנץ זעלטן. דער טויט איז דאָ ניט קיין געוויינלעכע דערשיינונג; און ווען איינער שטאַרבט, טרעפט עס דאָסראָוו אין קאַמף, אָדער פון וואונדן, וועלכע ער באַקומט אַף דער יאַגד און בעאיים שלאָגן זיך. *דער טויט צוליב שוואַכקייט און אַלטקייט איז עפּעס ניט קיין געוויינלעכע זאַך*".

די אוראַלטע מענטשן=גרופעס, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט, זיינען געשטאַנען ניט אַף אַ העכערער נאָר אַף אַ נידעריקער שטופע פון אַנטוויקלונג, איידער די איצטיקע אַוסטראַלישע נעגרען. אויך זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געוואוסט וועגן קיין נאַטירלעכן טויט צוליב אַלטקייט. ווי די איצטיקע ווילדע אַוסטראַלישע נעגרען, האָבן זיי געקאָנט זען, אַז דער מענטש הערט זיך אויף צו באַוועגן — שטאַרבט, — ווען פון אים גייט ארויס דאָס בלוט פון דער וואונד, וואָס אים האָט געמאַכט אַ כאַיע, אַ שטעקן, אַ שטיין אין די הענט פון אַ מענטשן, אַ בוים. דער טויט פון דעם מענטשן קומט אַף אַזאַ אויפן בלויז, אַלס אַ פוועליוויצע פון עמיצנס אַ טאַט. אין דעם טויט איז שולדיק די ווילדע כאַיע, דער מענטש, וואָס האָט געשלאָגן מיטן שטעקן, דער בוים, וואָס איז געפאַלן. אויך איצט רעכנט נאָך אַן איינפאַכער גלויביקער איד, אַז דער מענטש שטאַרבט, וויל *דער מאַלעכאַמאָוועס קוילעט אים*. אַזוי ווי דער טויט קומט פאָר דורך דעם, וואָס דאָס בלוט פליסט אַרויס, אַנטשטייט בא דעם ווילדן דער געדאַנק, אַז צוזאַמען מיטן בלוט איז פונם קערפער אַרויס *דאָס*, וואָס האָט געגעבן לעבן דעם גוף. אין כומעש ווערט אַפילע געזאָגט: „דאָס בלוט איז די נעשאָמע", און דעריבער טאָרן אידן קיין בלוט ניט עסן. די אוראַלטע מענטשן זעען אָבער ווי מענטשן שטאַרבן, עמעם זעלטענער, אויך אָן אַן אויסערלעכער בלוט אויסגיסונג. דאַן זעט ער ווי דער לעצטער אָטעם דורכן מויל אָדער נאָז איז געווען דער לעצטער מאָמענט פון דעם מענטשנס לעבן. דער אָטעם מוז זיין דאָס, וואָס באַוועגט דעם מענטשנס איינווערים, וואָס גיבן דעם מענטשן דאָס לעבן — דענקט דער מענטש. אַזוי הויבט אָן דער אוראַלטער מענטש צו רעכענען, אַז דער לעבעדיקער מענטש באַשטייט פון צוויי זעלבשטענדיקע טיילן, פון אַ גוף און פון אַ נעשאָמע, וואָס באַוועגט דעם מענטשן, פונקט ווי דער מענטש באַוועגט די געצייג בא דער אַרבעט. די לעבנס=קראַפט פונם מענטשן, גלויבט ער, ליגט גראָד אינם צווייטן טייל — אין דער נעשאָמע. נאָכן טויט פונם מענטשן, ווען די נעשאָמע פאַרלאָזט דעם גוף, בלייבט די נעשאָמע לעבן זעלבשטענדיק. אויך איצט האָבן מיר נאָך אַזאַ אויסדריק: „זיי לעבן צווישן זיך, ווי אַ גוף מיט אַ נעשאָמע". דער טויט האָט זיך דעם מענטשן דאַן פאַרגעשטעלט, ווי אַ מין געט צווישן גוף און דער נעשאָמע.

וואו געפינט זיך די נעשאָמע? — אין בלוט, אין ברוסט, וואָס הערט אויף צו קלאַפּן נאָכן טויט; אין די אויגן, וואָס ווערן אָן דעם גלאַנץ און שפּיגלדיקייט.

און ווי זעט אויס די נעשאָמע? זי זעט אויס פּונקט אַזוי ווי דער גוף. עמעס, די נעשאָמע קען זיך קונציק פאָרשטעלן, מע זאָל זי ניט זען, אָבער איר עמעסער אויסזען שיידט זיך ניט אָפּ פון דעם גופּס. אַזאַ מין פאָרשטעלונג וועגן דער נעשאָמע באַקומט זיך אין אַ גרויסער מאָס אַדאַנק די כאַלוימעס, וואָס דער מענטש זעט. אין כאָלעם, זעט דער ווילדער מענטש דעם געהאַרגעטן מיטגליד פון זיין גרופּע, פּונקט אַזאַ, ווי ער האָט אים געזען באַם לעבן. צוזאַמען מיט אים איז ער אין כאָלעם געגאַנגען ווידער אַף יאַגד אין וועלדער, בערג און טאָלן. דער ווילדער זעט אָבער, אַז בעאייסן שלאָף גייט דער מענטש ערגעץ ניט אַוועק. ווען ער אַליין האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף און דערציילט זיינע שכיינים, אַז ער האָט אָט ערשט צוזאַמען מיטן פאַרשטאָרבענעם געיאָגט זיך נאָך אַ ווילדע כאַיע, זאָגן זיי אים, אַז ער איז די גאַנצע צייט דאָ אַפן זעלביקן אָרט געלעגן. גלויבט ער, אַז געוואַנדערט האָבן עסביידע נעשאָמעס, די וואָס איז פון אים אַרויס בעאייסן שלאָף אַף אַ ווילע און די פון דעם פאַרשטאָרבענעם. אָבער ווי האָבן זיי ביידע אויסגעזען? פּונקט אַזוי ווי זייערע קערפּערס זעען אויס. אויב דער פאַרשטאָרבענער איז געווען אַ הינקעדיקער, הינקט אויך די געשטאַלט פון זיין נעשאָמע; אויב באַ אים איז געווען אַ לאַנגע באָרד, איז זי ניט קלענער אויך באַ דער געשטאַלט פון זיין נעשאָמע. אַזאַ פאָרשטעלונג וועגן דער נעשאָמע האָבן נאָך אָפּט אונזערע לעבעדיקע באָבע און זיידע, אָפּט אַפילע טאַטע-מאַמע, און ניט זעלטן אויך די יונגוואַרג, וואָס איז נאָך דערצויגן אין די באַדינגונגען פון אַלטן לעבן-שטייגער, — האַגאַם די פאַרשפּרייטסטע פאָרשטעלונג וועגן דער נעשאָמע איז אַזאַ, אַז זי האָט ניט קיין מאַמאָשעס, אַז מע קאָן זי ניט אָנטאַפּן.

אַף דער שטופּע פון מענטשנס אַנטוויקלונג, וועלכע מיר האָבן דאָ באַשריבן, איז ערשט אַנטשטאַנען די פאָרשטעלונג וועגן נעשאָמע. קיין פאַרערונג פון דער נעשאָמע איז נאָך ניטאָ. וועגן דער נעשאָמע זאָרגט מען פּונקט אַזוי ווי וועגן אַ מענטש — אַ מיטגליד פון דער גרופּע. מע לאָזט איר איבער עסן, טרינקען, געווער. מע גיט דאָס אַלץ דעם פאַרשטאָרבענעם, געברויכן וועט דאָס די נעשאָמע. ערשט מיט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער פאָרשטעלונג וועגן דער נעשאָמע הויבט מען אָן די שפּייז פאַר דער נעשאָמע פאַרברענען. פאַר דער ניט-מאַמאָשעסדיקער נעשאָמע גייט די שפּייז אינגם רויך פונגם קאָרבן.

פאַרערן, פאַרגעטערן די נעשאָמע האָט מען אָנגעהויבן שוין שפּעטער, באַ דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק.

## דאָס פאַרערן די רוכעס פון די נאָענטע און עלטסטע

די היינטיקע אַנטוויקלטע טעכניק דאַרף מען קלאַל ניט פאַרגלייכן מיט דער טעכניק פון אונזערע צייטן. יענע אַנטוויקלטע טעכניק איז פאַר אונזער צייט אַ ווילד אָפּגעשטאַנענע, „אוראַלטע“ טעכניק. דער איבערגאַנג צו ערד אַרבעט איז אָבער מעגלעך געוואָרן נאָר באַ אַ געוויסער, עמעס, פּרימיטיווער טעכניק. יאַגד אַף גרויסע כאַיעס איז, ווידער, מעגלעך נאָר באַ געהעריקע געווער, וואָס דער מענטש אַרבעט אַליין אויס. אַזאַ געווער באַקומט שוין ניט דער מענטש אַ פאַרטיקע אין דער נאַטור, נאָר

ער אַרבעט זי אַליין אויס פון פאַרשיידענע טיילן, וואָס די נאַטור גיט אים. אַ פאַרשאַרפטער שטיין צוגעבונדן מיט אַ רוט צו אַ שטעקן — דאָס איז שוין אַ געווער נאָר פון אַ מענטשן. דאָס באַטייט שוין אַ שריט צו אַנטוויקלטער טעכניק.

באַ אָט־דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, ווען מענטשן הויבן אָן צו באַקומען רע־זערוון, מער פּראָדוקטן איידער זיי קאָנען פאַרברויכן אין דעם טאָג, וואָס זיי האָבן זיי געשאַפן, אָדער ווי מע רופט עס אָן אַ מער־פּראָדוקט, הויבט זיך אָן אומצוגעדערן דער בוי פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. גענייטקייט אין דער אַרבעט באַקומט אַ גרויסע ווערט. מענטשן גענייטע, וואָס ווייסן ווי אַזוי, ווען, מיט וואָס צו אַרבעטן ווערן באַזונדערס נייטיקע מענטשן פאַר דער גרופּע. צו אַזאַ מענטשן באַציט מען זיך מיט אָפּשיי. ער איז אַ גוטער, נוצלעכער מענטש. עס זיינען פאַראַן אויך באַזונדערס שלעכטע מענטשן: דער אָנפירער פון אַן אַנדער גרופּע, וואָס טרייבט אַוועק פון דעם אָרט, וואו מע קאָן גוט פאַנגען כאַיעס, וואו מען קאָן בעסער זיין באַשיצט און באַאַרבעטן די ערד. מענטשן מיט דערפאַרונג זיינען דאָסראָוו אַלטע מענטשן. די נעשאָמעס, אָדער די גייסטער פון אָט די מענטשן שיידן זיך אונטער פון אַלע אַנדערע נעשאָמעס, פּונקט ווי די לעבעדיקע עלטסטע האָבן זיך אונטערגעשיידט פון אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער גרופּע, קלאַן אָדער שייוועט. פּונקט ווי באַם לעבן האָט מען דעם לעבעדיקן אָרגאַניזאַטאָר — דעם עלטסטן געגעבן אַ בעסערן ביסן, אַזוי איז מען אויך מעכאַבעד זיין נעשאָמע, זיין גייסט. אויב דער לעבעדיקער עלטסטער האָט געקאָנט טאָן גוטס אָדער שלעכטס באַם לעבן, קאָן עס טאָן נאָך זיין טויט זיין נעשאָמע. גוטע רוכעס זיינען געוויינלעך די רוכעס פון דער אייגענער גרופּע; שלעכטע רוכעס — פון די פרעמדע גרופּעס.

„באַ די איינוואוינער פון אויסטראַליע — דערציילט קונאָוו — הערשט אַ מינהעג אַוועקצושטעלן שפּייז באַם קייווער פון פאַרשטאָרבענעם אין מעשעך פון די ערשטע טעג אָדער וואָכן נאָכן טויט, קעדיי די נעשאָמע זיינע זאָל האָבן וואָס צו עסן און זאָל ניט פאַרשאַפן קיין שלעכטס. אויך שפּעטער, באַ די וויכטיקסטע געלעגנהייטן, ברענגט מען צום קייווער עסן; און אין געוויסע פאַלן, ווי לעמאָשל, בעאַיים די יאָנטויווים פון פרי־לינג, בעאַיים עס ווערן צייטיק די פּיירעס און טוואועס, בעאַיים מע דאַרף האָבן רעגן א. א. וו. ברענגט מען די רוכעס אַפילע מענטשלעך בלוט אויך פאַר אַ קאָרבן. אייניקע פון די מאַנסבל עפּענען זיך אויף אַן אָדער אַף דער ברוסט, אונטערן אָרעם אָדער אַף דער האַנט, לאָזן אַרויס דאָס בלוט אַף דער ערד אָדער אין וואַסער אַריין, אַ טייל ווערט גע־שפּריצט אין דער לופטן, און אין דערזעלבער צייט רופן זיי אַליין, אָדער די וואָס שטייען דערביי, צו די גייסטער, אַז זיי זאָלן געניסן פונם בלוט". די צערעמאָניע פון גיסן און שפּריצן די בלוט פונם קאָרבן דורך די קויהאַנים איז אויך אויספירלעך באַשריבן אין דער טוירע.

וואו פלעגן אָבער די אוראַלטע מענטשן אַהינטאָן די געשטאָרבענע? אין וואַלד, אין הייל, אין טאָל, אין וואַסער אַריינוואַרפן, אָפּהענגיק פון דעם, אין וואָס פאַר אַן אָרט די אָדער יענע מענטשן־גרופּע האָט געוואוינט. דער אָרט, וואו עס וואוינען די רוכעס, איז, פאַרשטייט זיך, אין דער ערשטער צייט דערזעלבער, וואו עס געפינט זיך דער מעס. אַזוי זיינען די וועלדער, היילן, טאָלן און טייכן אָנגעפילט געוואָרן מיט רוכעס. ווען אַ אידענע וויל בעטן איר פאַרשטאָרבענע מוטער, איר פאָטער, אָדער דעם פאַרשטאָרבענעם

ראַוו פון שטעטל, אַז זיי זאָלן זיך פאַר איר באַמיען אַף יענער וועלט, גייט זי אויך איצט נאָך אַפן בייסיילעם, לייגט זיך אַפן קייווער און שרייט אַהין אַריין איר „גאָקאָז" אָדער אונטערטעניקסטע ביטע.

די טויטע קערפּערס ווערן אָבער אָפט אויך אויפגעפרעסן פון די ווילדע כאַיעס און פויגלען. גייט אין זיי אַריין דער רועך פון דעם פאַרשטאָרבענעם. פרומע אידן גלויבן אויך איצט, אַז די נעשאָמע פון אַ מענטשן קאָן נאָכן טויט „מעגולגל" ווערן, ד. ה. אַז זי קאָן אַריין אין אַן אַנדער מענטשן, אָדער אַפילע אין אַ בעהיימע, אַ הונט, אַ כאַזער א. אַז. וו. אַזעלכע כאַיעס ווערן שוין באַזונדער פאַרערט פון די מענטשן, ווייל זיי ווערן פאַרעכנט פאַר טרעגער פון אַ גוטן אָדער שלעכטן גייסט. אַזוי ווערט הייליק דער קראָ־קאָדיל, דער לייב, פאַרשיידענע שלאַנגען, דער אָדלער א. א. וו.

די גייסטער זיינען נים אַלע גלייך. פונקט ווי די מענטשן זיינען פאַרשיידן לויט זייער ווערדע, אַזוי זיינען פאַרשיידן די גייסטער. די גייסטער פון די עלצטע, ווי מיר האָבן פריער געזען, פאַרנעמען אַ באַזונדער בעקאָוועדיקן אָרט. זיי קאָנען פיל אויפטאָן פאַרן לעבעדיקן מענטשן. זיי קאָנען אים טאָן גוטס און שלעכטס, ווי זיי האָבן עס געקאָנט טאָן באַם לעבן. ווי מע איז אונטערטעניק דעם לעבעדיקן פירער, אַזוי איז מען אונ־טערטעניק זיין גייסט. ווי מע בעט דעם לעבעדיקן פירער, אַזוי בעט מען זיין גייסט. ווי מע קויפט אונטער דעם לעבעדיקן פירער, אַזוי קויפט מען אונטער זיין גייסט. דער מענטש קויפט אונטער דעם גייסט, קעדיי דער גייסט זאָל אים געבן נאָך מער. דער אַוו־סטראַלישער נעגער, ווען ער ברענגט אַ מאַטאָנע דעם גייסט פון זיין זיידן, זאָגט ער אים, וואָס ער פאַרלאַנגט פון אים צוריק: „דאָ האָסטו אַ רעכטן מאַיכל, זאָרג דערפאַר, אַז איך זאָל היינט אַף דער יאַגד פאַקן אַ קענגורו". אין די טפילעס פון די איינוואוינער פון פלאָרידא ווערט, לעמאָשל, געזאָגט אַזוי: „גרויסער שלאַנג, אורפאָטער אונזערער, קום אַהער! זע דעם כאַזער, וואָס מיר ברענגען דיר פאַר אַ קאָרבן. עס אויף פון אים דיין בייטעק און העלף אונז אין קאַמף קעגן אונזערע סאָנים. וועלן מיר פאַקן נאָך כאַזיירים, — ברענגען מיר זיי דיר פאַר אַ קאָרבן. זאָל דאָס זיין דיין אייגנס, אַזוי ווי מיר זיינען דיינע און פון דיר".

ווען אַ גלויביקער איד אָדער אידענע וואַרפן אַריין אַ דרייער אין „מייער באַלאַנעס" פושקע און בעטן, אַז ער זאָל פאַר זיי בעטן אַף יענער וועלט, אַז גאָט זאָל זיי געבן אַ גליקלעכע וועג און זאָגן נאָך דערצו אַ „טפילאס האדערעך", טוען זיי קימאַט דאָס־זעלבע, וואָס דער אַווסטראַלישער נעגער. מע דערציילט באַ אידן אַזאַ מאַיסע: אַ אי־דענע איז געגאַנגען איבער אַ נים־זיכערן בריקל. איידער זי האָט זיך אַנטשלאָסן צו גיין איבער אים, האָט זי צוגעזאָגט רעב מייער באַלאַנעס 10 קאָפּיקעס, אויב ער וועט זי איבערטראָגן בעשאָלעם איבערן בריקל. ווען זי איז געווען קימאַט באַם אַנדער עק פונם בריקל האָט זי זיך אָבער מעיאַשעוו געווען, אַז זי צאָלט צו טייער דעם פאַראָמ־שטשיק מייער באַלאַנעס, און האָט געוואָלט אַראָפּדינגען באַ אים אַ פיטאַקל. האָט זיך אָבער אין דעמזעלבן מאָמענט שטאַרק אַ טרייסל געטאָן אַ ברעט פון בריקל. די אידענע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און האָט אַ זאָג געטאָן: „אוי, רעב מייער, איך לאַך און איר שטופּט זיך שוין".

אין אַ טכינע, וואָס איז אַרויס ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, קאָנען מיר צווישן אַנדערע טכינעס פון דעמזעלבן מין לייענען אַזאַ מיטגעבעט צו האָזקאָרעם נעשאָמעס: „ואַתּנה נשמות הקדושות און איר הייליקע נעשאָמעס, וואָס מיר בעטן און מיר זיינען מיספּאַלעל פון אייערט וועגן צו דערמאָנען אייך, בעטן מיר אייך איר זאָלט אייך אויך דערמאָנען אָן אונז, איר זאָלט אָן אונז ניט פאַרגעסן, ווי מיר פאַרגעסן ניט אָן אייך, איר זאָלט ניט פאַרגעסן אָן אייערע קינדער, וואָס איר האָט איבערגעלאָזט אַף דער וועלט, וואָס איר האָט זיי אויפגעהאָדעוועט מיט חאַטערניש, מיט צאַאַר, מיט געוויין און מיט טרערן, וואָס איר האָט זיי געמאָסטן און געוואויגן און איר האָט פון זיי ניט אַראָפּגענומען אייערע אויגן. זאָלט איר היינט אויך פון אונז ניט אַראָפּנעמען אייערע אויגן, איר זאָלט אייך דערמאָנען אַף אונז און אַף אונזערע מאַנען און אַף אונזערע קינדער, איר זאָלט אייך דערוועקן פון אייער הויכער און הייליקער רו און איר זאָלט זיין פאַר אונז גוטע מעליצים פאַר האַשעם־איסבאָרעך און איר זאָלט בעטן פאַר אונז דעם אַלמעכטיקן גאָט, ער זאָל זיך מיט אונז ניט באַגיין, כאָלילע, מיט דין אַף צו זוכן פון אונז זיינע כויוועס, נייערט ער זאָל זיך מיט אונז באַגיין מיט כעסעד און ראַכמים, ער זאָל אונז העלפן אין אונזערע נויטן, ער זאָל אונז צושיקן פאַרנאָסע בעקאָוועד...“ און אַ. וו.

אין אַן אַנדער טכינע, וואָס איז אויך אַרויסגעגעבן אין 1927 יאָר, לייענען מיר: „בּיזכוס וואָס איך בין מעגאַדער ליצדאָקע לעקאָוועד די נעשאָמעס פון אָדאָם וועכאַווע זאָלן זיי זיך דערוועקן פון זייערע קוואָרים צו בעטן און שרייען פאַר גאָט אַף אונז זייערע קינדער, מיר זאָלן געבענטשט ווערן צו לאַנגע יאָר און מיר זאָלן באַשירעמט ווערן פון טויט דורכן שווערד פון מאַלעכאַמאָוועס און אונזער נעשאָמע זאָל לייכטן מיט איר שיין, אַזוי ווי דער מאָרגנשטערן אין הימל“. אָדער: „בּיזכוס, וואָס איך בין מעגאַדער ליצדאָקע פון אַווראָם אָווינו, זאָלסטו היטן מיך און מיין מאַן און מיינע קינדער און קאָל איסראָעל פון פייער און פון ברענונג, אַזוי ווי דו האָסט אים געהיט פון דעם פייער אין קאַלד־אוייוון“.

איצט האַלט די טכינע־אידענע די נעשאָמעס פון די אָוועס פאַר אָנגעזעענע טשינאָווניקעס אַף יענער וועלט, וואָס האָבן אַ ווירקונג אַפן קייסער איבער אַלע קייסאָרים — אַף גאָט. די אידענע קויפט אונטער דעם מעקורעוו צום קייסער, ער זאָל שוין ווירקן אַפן קייסער אַליין. דער אוראַלטער מענטש, אַזוי ווי דער נעגער אין אַוסטראַליע, ווייסן נאָך ניט פון אַ גאַנצן לייטער פון טשינאָווניקעס. זייער אָנפירער איז פאַר זיי די העכסטע און אין אַ געוויסער צייט די איינציקסטע מאַכט באַם לעבן, בלייבט ער אַזאַ אויך נאָך זיין טויט. דער אָנפירער, דער עלטסטער שטאַמט אָפּ, לויט די דערציילונגען, פון אַנדערע וואונדערלעכע אָוועס, וואונדערבאַרע באַשעפעניש. די פאַרשטאָרבענע פירער וואוינען, פאַרשטייט זיך, צוזאַמען מיט זייערע אָוועס. פון דיגען די רוכעס פון די נאָענטע, קומט דער אוראַלטער מענטש צו פאַרערן די רוכעס פון די עלטסטע און ווייטער צום קולט פון די אָוועס.

# דער קולט פון די אָוועס. טאָטעמיזם

ווי שטעלט זיך 'פאַר דערדאָזיקער מענטש זיינע אָוועס?

אין וואָס פאַר אַן אָרט די מענטשן־גרופּע וואַנדערט, אַזאַ נאָמען באַקומט זי געוויינ־לעך. נאָך אָפּטער, באַקומט די גרופּע דעם נאָמען פון די באַלעבאַים, נאָך וועלכע זי יאָגט זיך, פון די פלאַנצונגען, וועלכע זי קלייבט אָדער באַאַרבעט. די אַוסטראַלישע נעגער־גרופּעס האָבן, לעמאָשל, אַזעלכע נעמען: „מענטשן־קענגורו", „מענטשן־עמו", „מענטשן־יאַשטשערקעס". בא אינדייער פון צאָפן־אַמעריקע טרעפן מיר די נעמען: „מענטשן־ראבן", „מענטשן־וועלף", „מענטשן־בערן". אַזעלכע נעמען פון גרופּעס זיינען בא דעם אוראַלטן מענטשן געווען אַסאַך און פאַרשיידענע: הונט, ענטל, ציג, לעמפּערט, אייזל, שטרויס, באַגאַן, פייג, טייטל א. א. וו. פּונקט ווי איצט זיינען פאַראַן אַסאַך פאַמיליע־נעמען, וואָס ווייזן אָן פון וועלכער שטאָט דער מענטש שטאַמט, מיט וועלכער פּראָפעסיע זיינע עלטערן האָבן זיך פאַרנומען, ווי, לעמאָשל, פאָדאָלסקי, בראַנדענבורג, יאַמפּאָלסקי, מעזשעריטשי, שניידער, שמיד, שוסטערמאַן, — אַזוי זיינען בא יענע מענטשן־גרופּעס אַלס צייכן פון זייער גרופּע אָדער שטאַם גענומען געוואָרן דער נאָמען פון די באַיעס, פויגלען, פלאַנצן, וואָס האָבן זיי געדינט אַלס שפּייז. די באַיע, די פלאַנץ איז געוואָרן דער טאָטעם פון דער גרופּע. קעדיי בעסער צו דערקענען דעם טאָטעם פלעגט מען אים אָפּט אויסמאָלן אויפן קערפּער אָדער אויף די קליידער. ווען מע האָט געזאָגט: „קענגורו האָט זיך געטראָפן מיטן שטרויס", האָט מען לעבאַט־בילע געוואוסט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן דער באַגעגענונג פון מענטשן פון פאַרשיידענע גרופּעס, פּונקט ווי מע זאָגט, אַז כ' בערלין האָט זיך צעריסן מיטן כ'בראַנדענבורג, ווייס מען, אַז דאָס רעדט מען וועגן מענטשן און ניט וועגן שטעט. אָבער מיטדערצייט, ווען מענטשן האָבן שוין פאַרלאָרן דעם לעבאַטבילעדיקן באַטייט פון דעם טאָטעם־נאָמען, האָבן זיי שוין גאַנץ אַנדערש אויסגעטייטשט אַזעלכע מיגים אויסדריקן: אויב עס איז דערציילט געוואָרן, אַז די שלאַנג איז געוואָרן דער מאַן פון באַגאַן און פון דעם שידעך איז געבאָרן געוואָרן דער בער, פון וועלכן עס שטאַמט דער שטאַם „בער", האָבן שוין מענטשן פאַרשטאַנען דעם איניען גאַנץ פּאָשעט. זיי האָבן גערעכנט, אַז דער אורפּאָטער פונם שטאַם „בער" איז טאַקע אַ בער און אַז זיינע עלטערן איז די שלאַנג און דער באַגאַן.

אַזוי ווי דערדאָזיקער שטאַם האָט פאַרערט די אָוועס זיינע, האָט ער, בעמיילע, פאַרערט „הייליק" געמאַכט דעם בער, די שלאַנג, דעם באַגאַן. אַזוי איז אַנטשטאַנען דער קולט פון באַיעס, פויגלען, פלאַנצן. די אוראָוועס פון די שטאַמען־גרופּן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין טאָטעמישע געטער.

די באַציאונג צו אַזעלכע באַיעס מוז שוין זיין אַן אַנדערע, ווי צו די אַנדערע באַיעס. די באַיעס־טאָטעמען רעכענען זיך בלוט־קרויווים מיט די מענטשן פון דער גרופּע, און דעריבער זיינען בא אייניקע טאָטעם־גרופּן פאַרווערט צו יאָגן זיך נאָך אַזעלכע באַיעס, איז פאַרבאָטן צו עסן זייער פלייש. פאַראַן אַזעלכע שוואָטים, וואָס עסן זייער טאָטעם בלויז אום יאָנטעוו. זיי האַלטן, אַז דורכדעם, וואָס זיי עסן דעם טאָטעם, נעמען זיי אין זיך אַריין דעם גייסט פון די הייליקע אָוועס. מיט דער אַנטוויקלונג פון טאָטע־

מיזם ווערט דער פאַרווער צו עסן דעם טאָטעם אַלץ שטאַרקער. איין שייוועט מישט זיך אוים מיט דעם אַנדערן, די דינים און מינהאָגים פון איינעם ווערט איבערגעגעבן דעם אַנדערן. די ערשטע סיבעס און מאָטיוון זיינען שוין אומבאַוואוסט; עס גילט נאָר דער הייליקער פאַרבאָט. דער טאָטעם פון דעם באַזיגטן שייוועט איז איצט מער שוין קיין טאָטעם ניט, דער פאַרבאָט צו עסן די פלייש פון דער כאַיע איז אָבער געבליבן. בא די שוואָטים, וואָס האָבן געוואוינט פאַרצייטן אין אשור, לעמאָשל, זיינען צווישן אַנדערע טאָטעמען געווען אויך דער כאַזער. ווען די אידן האָבן זיך געטראָפן מיט די סיריער, האָבן זיי בא זיי איבערגענומען אַסאַך מינהאָגים, און צווישן זיי אויך דעם פאַרבאָט צו עסן כאַזער. אַזעלכע פאַרבאָטן האָט געהייסן טאַבו.

דער קולט פון גייסטער און אָוועס איז נאָך אַרהאַיעם געבליבן בא אַסאַך פעלקער אין פסס"ר. עס איז געבליבן בא אייניקע אויך רעשטן פונם טאָטעם-קולט. די יאַקוטן האַלטן דעם אָדלער און ראב פאַר געטער. טכוירן און פוקסן טאָרן די יאַקוטן ניט טשעפען. בא די טשוואַוואַשן זיינען געווען טאָטעמען דער וואָלף און דער הירש. די שעפּס און די מויז. לעקאָוועד דער שעפּס איז בא די טשוואַוואַשן אויך איצט נאָך געבליבן אַ יאָנטעוו „שאריך-סאל“. אַזעלכע רעשטן פון טאָטעמיזם זיינען אויך פאַראַן בא די גרויסרוסן, אוקראַינער און ווייסרוסן. אין די לידער, וואָס ווערן געזונגען אַף די כאַסענעס אין דאָרעם-אוקראַינע, לעמאָשל, ווערט געזאָגט, אַז וואו די ציג גייט, דאָרט איז קאָרן געראָטן. אין דידאָזיקע לידער ווערט די ציג געשילדערט אַלס אַ באַשיצערן פון ערדאַרבעט און פון מענטשן.

אין דער טוירע האָבן מיר אויך פאַרשיידענע אָנווייזונגען אַף טאָטעמיזם. אַזוי ווערט איסאָכאָר אָנגערופן — אייזל, דאָן—שלאַנג, נאַפטאַלי—איגל.

אין אַלטן מיצראַים איז באַזונדערס אַנטוויקלט געווען דער קולט פון כאַיעס און געוויקסן. די מיצראַים האָבן געהאַלטן פאַר הייליק די קאַץ, דעם קראָקאָדיל. די געטן גאָטאָר איז פאָרגעשטעלט אין דער געשטאַלט פון אַ בעהיימע, פונקט ווי בא אידן זיינען געווען אַ גילדענע קאַלב און אַ קופּערנע שלאַנג אַלס געטער.

מיט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, ווען עס האָבן זיך געביטן די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, האָבן זיך אויך געמוזט בייטן די געטער. אַנשטאָט דעם גאָט פון דער גרופּע קומט דער גאָט פון שטאַם, פון פאַמיליע, פון שייוועט, פון פאָלק. דאָס הייסט ניט, אַז מע קאָן דורכפירן אַ שאַרפע מעכיצע צווישן איין פאָרם פון גלויבן און דער צווייטער. איינע וואַקסט איבער אין דער צווייטער און ביידע עקזיסטירן אָפט בעשאָלעם אַ לאַנגע צייט צוזאַמען. רעשטן פון איין גלויבנס-פאָרם בלייבט אַף לאַנג אין דער אַנדער גלויבנס-פאָרם אָדער ביידע פלעכטן זיך צוזאַמען. הויז-געטער, לעמאָשל, זיינען נאָך אַרהאַיעם געבליבן אין אַסאַך ערטער פון פסס"ר. דער „דאָמאָוואָי“ איז אייגנטלעך אַ הויז גאָט. אויך אין די מינהאָגים פון די אידן איז דערדאָזיקער הויז-גאָט געבליבן. אַזוי איז פאַר כאַנוקעס-האַבאַיס, ד. ה. איידער אַ אידישע פאַמיליע קלייבט זיך אַריין אין אַ נייעם הויז, טראָגט מען אַהין אַריין ברויט מיט זאַלץ. דער מינהעג איז אָן אַ סאָפעק אַ איבערבלייבעניש פון יענער צייט, ווען מע פלעגט ברענגען קאָרבאָנעס אָדער מאַטאָנעס דעם הויז-גאָט. ווען איר וועט איצט פרעגן,

צוליב וואָס טראָגט מען עס ברויט און זאַלץ אין נייעם הויז, איידער מע קלייבט זיך אַהין אַריין, וועט מען אייך ענטפערן: „אין שטוב זאָל זיין שטענדיק ברויט פון דער פולער האַנט“. מען איז מעכאַבעד דעם הויז־גאָט, ער זאָל זיין כּעסעד ניט אָפּטאָן פון דעם הויז.

# דער נאַטור-קולט

די ענדערונגען פון די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען קומען אָבער פאָר דורכדעם, וואָס עס בייט זיך דער ווירטשאַפטס־שטייגער, און דער ווירטשאַפט שטייגער, ווידער, בייט זיך אַדאַנק דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק. די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק האָט געמאַכט פאַר מעגלעך דעם איבערגאַנג צו אַ נייער ווירטשאַפט. אָנשטאָט יאַגד איז מעגלעך געוואָרן פיי־צוכט און ערד־אַרבעט. האָט זיך אויך געביטן דער אַרט לעבן. אָנשטאָט וואַנדערן אַ שטענדיקער וואַנדערט, אָדער לעבאָלאַפּאָכעס אַ וואַוינאָרט אַף אַ לענגערע צייט. אָנשטאָט דער פריערדיקער גרופּע קומט דער שטאַם (פּאַטריאַרכאַלער קלאַן), עס אַנטשטייט די פאַמיליע, עס קומט ווייטער דער פאַרבאַנד פון קלאַנען — דער שייוועט.

זיינען די מענטשן איבערגעגאַנגען צו פיצוכט און ערד־אַרבעט, בייט זיך שוין אויך די פאָדערונגען זייערע צו די געטער. קלאַן־גאָט, דער שייוועט גאָט, דער גאָט פון דעם ערד־אַרבעטער דאַרף שוין פאַרזאָרגן זיינע פאַרערער מיט זונען־שיין, מיט רעגן, שיצן פון האָגל, פון פאַרפלייצונג, און א. וו. די געטער — די אָוועס מוזן אַף זיך נעמען די פאַרוואַלטונג מיט דער נאַטור. צוערשט ניט מיט דער גאַנצער נאַטור, נאָר מיט באַזונדערע נאַטור־דערשיינונגען. דאָרט, וואו די זון באַקט שטאַרק און דער ערד־אַרבעטער לעכצט נאָך רעגן, ווערט די הויפּט־אַרבעט פון זיין גאָט שיקן רעגן. דאָרט, וואו עס זיינען אָפט שטורעמס, דאַרף דער גאָט פאַנאַנדערטרייבן די כמאַרעס, שיצן די פעלדער פון שטורעם־פאַרוויסטונגען. דאָרט, וואו די פעלדער זעטיקן זיך אָן מיט וואַסער פון טייכן־פאַרפלייצונגען, ווערט גאָט אַ מעליאָראַטער — אַן אָנפירער מיט די הייליקע טייכן און זייער רעגולירער. גאָט באַקומט שוין אויך אַן אַנדער אויסזען. דער גאָט, וואָס שיקט זונען־שיין, שטראַלט אוים פון זיך העלע שטראַלן, און לייכט אַליין ווי די זון, איז אַ פייערדיקער גאָט, אָט אַזאַ, ווי מוישע האָט געזען אַפן דאָרן־בוים. דער גאָט פון ווינט און שטורעם, שטורעמט אַליין און צאָרנט שטאַרק. ער אַנטפּלעקט זיך אין שוואַרצע וואָלקנס דונערס און בליצן, ווי דער גאָט, וואָס האָט געגעבן די טוירע אַף דער באַרג סינאַי. יעדער גאָט ווערט שוין אויסגעמאָלט מיט זיין צייכן אָדער געווער. וואָס ווייזט אָן זיין ספּעציאַליטעט.

„די אייגנשאַפט פונם גאָט פון אַ שייוועט אָדער פון אַ פאַמיליען־גרופּע צו זיין דער באַהערשער פון איינער אָדער אַסאַך נאַטור־קרעפטן, — פאַרבייט מיט דער צייט איינגאַנצן דעם כאַראַקטער פון גאָט, אַלס אור־פאָטער פון שייוועט אָדער פאַמיליען־גרופּע. דידאָזיקע דערשיינונג זעען מיר אַפילע בא יענע שוואָטים, וואו די טאָטעם־אָרגאַניזאַציע איז נאָך געבליבן אין איר גאַנצער קראַפט. אין די טפילעס און געזאַנגען הויבט מען שוין אָן צו רופן די פריערדיקע אָוועס־געטער מיט נייע נעמען, מיט נעמען

פון די נאַטור קרעפטן, וועלכע זיי באַהערשן, ווי, לעמאָשל, „האַר פון דער זון“, „רעגנ=געבער“, „פּרוכטבערענגער“ א. א. וו. מיט דער צייט הערט אויף צו עקזיסטירן די אַלטע טאָטעם= אָדער פאַמיליען=אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געבויט אַף בלוט=קרוויוועשאַפט און איר אָרט פאַרנעמט די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געבויט אַף אנדערע יעסוידעס — אויף קאכטן, שטאַגדן, געמיינדעס א. ד. גל. דאָס קומט פאָר צוליב דע=ראָבערן נייע געגנטן, צוליב צונויפמישן זיך מיט נייע שוואָטים, צוליב אויסוואַנדערונגען און איינוואַנדערונגען און נאָך אַזעלכע טיפע שינואים, וואָס ענדערן אינגאַנצן די פּי=זיאָגנאָמיע פון דער פריערדיקער בלוט=קרויווישער אָרגאַניזאַציע. דאַן פאַרלירן די אַלטע געטער אינגאַנצן זייער אָוועס=כאַראַקטער. אַפן אָרט פון די אָוועס=געטער, פונם אָוועס=קולט קומט דער נאַטור=קולט“ (קונאָוו).

## געטער-ספּעציאַליסטן

אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט — אין שטאַם, שיוועט, געמיינדע — קומט פאָר מיט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק אַ פאַרטיילונג פון דער אַרבעט. אייניקע פאַמיליעס פאַרנעמען זיך מיט ערד=אַרבעט, אַנדערע מיט פי=צוכט, פיש=פאַנג, האַנטווערקערײַ. דידאָזיקע ספּעציאַליזירונג צווישן די פאַרשיידענע פאַמיליעס שפּיגלט זיך אָפּ אַף דער פאָרשטעלונג פון די מענטשן וועגן זייערע געטער. אויך די געטער ספּע=ציאַליזירן זיך. די געטער=פאַמיליע האָט איר עלטסטן, וואָס פאַרוואַלטעט מיטן הימל. די אַנדערע געטער פאַרנעמען זיך מיט פאַרשיידענע אַנדערע פונקציעס. מיט ערד=אַרבעט, פי=צוכט, פיש=פאַנג, מעלאָכע. דיזעלבע אַרבעט=צעטיילונג, וואָס איז פאַראַן אַף דער ערד צווישן מענטשן ווערט אַריבערגעטראָגן אַפן הימל.

עס קומט פאָר די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. עס בילדעט זיך אויס די מעלוכע מיט אירע געזעצגעבערישע, אויספירנדיקע און רעכטס=פונקציעס. בייטן זיך ווידער די פאָרשטעלונגען פון די מענטשן וועגן די געטער. די געטער ווערן די אויבערשטע געזעצגעבער און ריכטער. די געטער שטעלן זיך פאָר די מענטשן אין אַ מענטשלעכן אויסזען (אַזאַ פאָרשטעלונג וועגן די געטער הייסט אַנטראָפּאָמאָרפיזם).

אַ באַזונדערע אַנטוויקלונג האָט דידאָזיקע פאָרשטעלונג וועגן די געטער באַקומען אין גריכנלאַנד. אין גריכנלאַנד האָבן זיך שטאַרק אַנטוויקלט שטעט, וואָס זייערע איינ=וואוינער האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרשיידענע מעלאָכעס און האַנדל. זיינען טאַקע געווען בײַ די גריכן געטער אָן אַ שיר: אַ גאָט פון ערד=אַרבעט, אַ גאָט פון מעלאָכע, פון מעדיצין, פון האַנדל, פון פּאָעזיע, אַפילע פון גאַנייווע. דידאָזיקע געטער ווערן שוין אויסגעמאָלט ניט אין דער פאָרעם פון כאַיעס, נאָר אין דער געשטאַלט פון מענטשן, וואָס האַלטן אין די הענט זייער פראָפעסיע געצייג.

## אַן איינהייטלעכער גאָט (מאָנאָטעאיזם)

די אָפּגעזונדערטקייט פון די פאַמיליעס, שטאַמען און שוואָטים ווערט מיט דער צייט אַלץ מער און מער באַטל. זיי ווערן פעסט פאַרבונדן צווישן זיך דורך עקאָנאָמישע און

פּאָליטישע פעדים. עס קומט שפּעטער די טיילונג אַף קלאַסן. די געזעלשאַפט באַוועגט זיך פאָרויס דורכן קלאַסן-קאַמף. די מעלוכע, וואָס איז אַ מיטל אין די הענט פונם הערשנדיקן קלאַס איינצוהיטן די הערשאַפט, איז מעוואַטל די פריערדיקע שטאַמען-מעביצעס. אַן איינהייטלעכע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, אַן איינהייטלעכע געלט-סיסטעם,— אַן איינהייטלעכע אַרמיי. אַלמעלוכישע געזעצן, אַלמעלוכישע געריכטן. *אַן אַלמעלוכישער גאָט, אַן איינהייטלעכער גאָט.*

די אָרדענונג פון הימל שפּיגלט אָפּ די אָרדענונג פון דער ערד. שטאַרקע דעספּאָטישע מאָנאַרכיעס האָבן געשאַפן ניט נאָר קייסאָרים אַף דער ערד, נאָר אויך אַפן הימל. וואָס שטאַרקער עס איז געוואָרן דער דעספּאָט, לעמאָשל, אין באָוול, אין פערסיע, אַלץ מער האָט ער זיך אויסגעטיילט צווישן די אַרומיקע קליינע קייסאָרעמלעך און פירשטן, וואָס האָבן זיך אים אונטערגעגעבן. די מענטשן האָבן אים אָנגעהויבן באַטראַכטן, ווי אַן ערדישן גאָט און גאָט האָבן זיי אָנגעהויבן צו האַלטן פאַר אַ הימלשן קייסער. דער הימלשער קייסער ווערט אַזאַ דעכּפּאָט, ווי דער ערדישער. קיין גלייכע צו אים זייַנען שוין אַפן הימל ניטאָ. עס זייַנען בײַ אים פאַראַן אונטערגעטעניקטע באַהעלפערס, אָבער ניט קיין גלייכבאַרעכטיקטע געטער. דער גריכישער גאָט זעוועס, לעמאָשל, איז טאָקי געווען אַ הויפּט-גאָט, ער איז אָבער געווען אַ גרויסער דעמאָקראַט. פלעגט ער עפּעס דאַרפן, פלעגט ער צונויפרופן די אַנדערע געטער און פלעגט זיך מיט זיי מעיאַשעוו זייַן. דער באַווילישער גאָט מאָרדוך איז שוין גאָר אַן אַנדערער. ער איז אַ זעלבסטהערשער, לויט די לעגענדעס, וואָס זייַנען דאַן אויפגעקומען, האָבן אַלע אַנדערע געטער אָפּגעגעבן זייערע געטער-רעכט דעם אַליינהערשער מאָרדוך, און זייַנען אַליין געוואָרן זייַנע אונטערטעניקע שילוכים.

אַ גרויסע ווירקונג אַף דער אַנטוויקלונג פון דער פאָרשטעלונג, אַז עס איז דאָ נאָר איין גאָט אַף דער וועלט (מאָנאָטעאיזם) האָט געהאַט די אַנטוויקלונג פון דעם האַנדל צווישן פאַרשיידענע פעלקער. דער גאָט פון די סאָכרים האָט זיי געדאַרפט שיצן און אַלע זייערע נעסיעס, אין אַלע ערטער, וואוהין זיי פלעגן נאָר פירן זייערע סכוירעס. גאָט האָט, אַף אַזאַ אויפן, אָנגעוואָרן זייַן טעריטאָריע, ער איז געוואָרן אַן אומעטומיקער. דער האַנדל האָט אויך אַנטוויקלט דעם *מאַטעמאַטישן דענקען* און צוזאַמען מיט דעם די פעאיקייט *אַבסטראַקט צו דענקען.* דער אַלוועלטלעכער גאָט, וואָס איז פול די וועלט, האָט שוין ניט געקאָנט פאָרגעשטעלט ווערן, ווי אַ מענטש. מע האָט אים אָנגעהויבן צו באַנעמען אַבסטראַקטער, אַלס אַ גייסטיקן וועזן, וואָס האָט ניט קיין גוף און קיין געשטאַלט פון אַ גוף. אָבער דער סיידער פון הימל האָט זיך, ווידער פאָרגעשטעלט די מענטשן, ווי דער סיידער פון דער ערד. קאַוטסקי שרייבט:

„דער אונטערגאַנג פון דער געטער-רעפּובליק אין הימל איז געגאַנגען האַנט בײַ האַנט מיט דער אונטערגאַנג פון דער רעפּובליק אין רוים. גאָט איז געוואָרן אַן אַלמעכטיקער קייסער פון יענער וועלט, וואָס האָט פונקט ווי דער ערדישער קייסער זייַן הויפּטשטאָט, הייליקע און מאַלאָכים; זייַן רעפּובליקאַנישע אָפּאָזיציע — דעם טייוול און זייַנע מעשאָרסים. סאָפּקאָלסאָף איז די הימלשע גאָטס ביוראָקראַטיע, די מאַלאָכים, צעטיילט געוואָרן אַף אַזעלכע ראַנגען, ווי די קייסאָרים האָבן פאַנאַנדערגעטיילט זייער ביוראָקראַטיע“.

די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם האָט באַטל געמאַכט דיראָזיקע פאָרשטעלונג וועגן גאָט. גאָט איז אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אַן אַלמעכטיקע, אומבאַגריפּ־לעכע קראַפט, ווי די קראַפט פון מאַרק, וואָס דערהויבט איינע און שליידערט אין אָפּ־גרונט אַנדערע. דער הערשנדיקער קלאַס אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז פאַרינטערעסירט שטיצן דיראָזיקע פאָרשטעלונג, צו קולטיווירן זי, צו באַהאַלטן די עמעסע פּרוזשינעס פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט, קעדיי איינצוהיטן די אייגענע הערשאַפט.

מאַרקס שרייבט: „די רעליגיע־אָפּשפּיגלונג פון דערווירקלעכער וועלט קאָן ביכלאַל פאַרשוואונדן נאָר דאַן, ווען די פאַרהעלטעניש פון פּראַקטישן טאָג־טעגלעכן לעבן פון די מענטשן, וועלן זיך אויסדריקן אין קלאָרע און פאַרנונפטיקע פאַרבינדונגען צווישן זיך און מיט דער נאַטור. די געשטאַלט פון געזעלשאַפטלעכן לעבנס־פּראָצעס, ד. ה. פונם מאַטעריעלן פּראָדוציר־פּראָצעס, וועט אַראָפּשליידערן פון זיך דעם מיסטישן, נעפּלהאַפטן שלייער ערשט דאַן, ווען ער וועט ווערן אַ פּראָדוקט פון פריי פאַרגעזעלשאַפט־לעכטע מענטשן און וועט זיך געפינען אונטער זייער באוואוסזיניקן פּלאַנמעסיקן קאָנטראָל“ (קאַפּיטאַל I, ז. 43. דייטשישע אויסגאַבע).

# ליטעראַטור

**קונאָוו** — די אַנטשטייאונג פון רעליגיע

Степанов—Очерк развития религиозных верований.
Степанов—Происхождение нашего бога.
Степанов—О душе, о загробной жизни, о боге и бессмертии.
Гурев—Хрестоматия молодого безбожника, отд. XV—XVII.

# פראגן צו איבערכאזערן

1. וואָס פאר א פאָרשטעלונג האָבן גלויבנדיקע אידן וועגן דער אנטשטייאונג פון רעליגיע ?
2. דערווייזט, אז ניט אלע מאָל האָבן מענטשן געגלויבט אין גאָט.
3. ווי אזוי ווייסן מיר, וויאזוי עס האָבן געגלויבט די פארצייטיקע מענטשן ?
4. ווי אזוי איז אנטשטאנען די פאָרשטעלונג וועגן נעשאָמע ?
5. וואָס פאר א גלויבונגען זיינען געווען בא די מענטשן ביז זיי זיינען דערגאנגען צו מאָנאָטעאיזם (גלויבן אין איין גאט) ?
6. דערציילט, וואָס איז אזוינס דער קולט פון די אָוועס און פונוואנען האָט ער זיך גענומען. וואָס איז אזוינס טאָטעמיזם. ווי איז אנטשטאנען דער נאטור-קולט. וויאזוי איז פאָרגעקומען די ספּעציאליזירונג פון די געטער. וועלכע סאָציאלע פארהעלטענישן האָבן געבראכט צ מאָנאָטעאיזם.

## קאפיטל 7

# די אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון דער יידישער רעליגיע

## וואָס דערציילט די טוירע וועגן דער אנטשטייאונג פון דער אידישער רעליגיע

אין פריערדיקן קאפיטל האָבן מיר זיך דערוואוסט, ווי אַזוי עס זיינען אַנטשטאַנען און האָבן זיך אַנטוויקלט גלויבנס און עמונעס. אין דעמדאָזיקן קאפיטל וועלן מיר זען, ווי ס'איז אַנטשטאַנען און האָט זיך אַנטוויקלט די אידישע רעליגיע.

אין כיידער האָט מען געלערנט, אַז די רעליגיע פון די אידן איז אַלעמאָל געווען איינע און דיזעלבע. די אידן האָבן, קלוימערשט, שטענדיק געגלויבט אין איין גאָט, אין יאהווע. גאָט אַליין האָט זיך אַנטפּלעקט דעם פאָלק איסראָעל און האָט אים געגעבן זיין טוירע אַף דער באַרג סינאַי. איידער גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט דעם פאָלק איסראָעל האָט ער, ווי די טוירע דערציילט, געשלאָסן פאַרשיידענע אָפּמאַכן מיט די אוראָוועס פון פאָלק איסראָעל.

מיט נויעכן האָט יאהווע געשלאָסן אַן אָפּמאַך, אַז ער, יאהווע, וועט מער ניט ברענגען קיין מאַבל אַף דער וועלט, און אַלס צייכן, אַז ער געדענקט אָט דעם אָפּמאַך האָט ער געמאַכט דעם רעגן־בויגן. דערביי האָט גאָט פאַרזאָגט נויעכן און זיינע קינדער, וואָס זיי איז דערלויבט צו עסן און וואָס עס איז פאַרבאָטן. „אַלץ, וואָס עס באַוועגט זיך, וואָס עס לעבט, קאָנט איר עסן. ווי גרינע גראָז גיב איך אייך אַלץ. בלויז דאָס פלייש מיט דער נעשאָמע, מיטן בלוט, זאָלט איר ניט עסן. איך וועל פאָדערן צוריק אויך אייער בלוט, (דאָס הייסט אייער נעשאָמע). איך וועל זי פאָדערן פון יעדער כאַיע, איך וועל פאָדערן די נעשאָמע פון דעם מענטשן פון יעדן פון אייך". (בערייִשים. קאפיטל 9. פּאָסעק 3—5).

מיט אַווראָמען שליסט גאָט צוויי מאָל אָפּמאַכן: איין מאָל, ווען אַווראָם איז אַוועק פון סדוים און דעם צווייטן מאָל — איידער איצכאָק איז געבאָרן געוואָרן. אין לעצטן אָפּמאַך זאָגט גאָט צו אַווראָמען: „אָט דאָס איז דער אָפּמאַך (ברים), וואָס איר דאַרפט אָפּהיטן צווישן מיר און אייך און די קינדער דיינע נאָך דיר. איר זאָלט מאָל זיין יעדן זאָכער. איר זאָלט מאָל זיין די פלייש פון אייער אָרלע, און דאָס וועט זיין אַ צייכן פון אָפּמאַך (ברים) צווישן מיר און אייך. אַפן אַכטן טאָג זאָלט איר מאָל זיין יעדן זאָכער

אַף דווירעס... דער זאָכער וואָס וועט ניט אָפּשניידן דאָס פלייש פון זיין אָרלע, זאָל פאַרשניטן ווערן פון זיין פאָלק, ווייל ער האָט צושטערט מיין אָפּמאַך". בערייִשים. קאַפּ. 17, פּ. 10—15).

## די אידישע רעליגיע איז ניט אלעמאָל געווען איינע און דיזעלבע

פון די פריערדיקע קאַפּיטלען ווייסן מיר שוין, אַז אַלץ וואָס אַרום אונז און מיר, מענטשן, אַליין זייגען ניט געווען אַלעמאָל אַזעלכע, ווי מיר זייגען איצט. די גאַנצע וועלט, די ערד, אַלץ וואָס אַף דער ערד, און דער מענטש אויך בעסויכאָם, שטעלן מיט זיך פאָר אַ סאַכאַקל פון אַ לאַנגער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. עס האָבן זיך אַנטוויקלט די ווירטשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. עס האָט זיך אַנטוויקלט די אינדוסטריע. עס האָט זיך אַנטוויקלט דאָס פּריוואַט־אייגנטום. עס האָבן זיך אַנטוויקלט די שטעט. עס האָבן זיך אַנטוויקלט מאַשינעס, פאַרקער־מיטלען. עס האָט זיך אַנטוויקלט די וויסנשאַפט, וואָס איז געקומען סאָפּקאָלסאָף צו אַזאַ מאַדרייגע, אַז זי האָט געקאָנט שוין אויספאָרשן און דערקלערן, ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען און איז אַנטוויקלט געוואָרן די וועלט און דאָס לעבן אַף דער ערד. אָט די וויסנשאַפט דערקלערט אויך ווי עס איז אַנטשטאַנען רעליגיע. די־אָזיקע וויסנשאַפט דערקלערט, אַז אויך די אידישע רעליגיע, ווי אַלץ אַף דער וועלט, האָט זיך אַנטוויקלט. די וויסנשאַפט נוצט אוים אויך די טוירע גופע צו באַווייזן, ווי אַזוי די אידישע רעליגיע האָט זיך אַנטוויקלט און ווי זי איז געקומען דערצו, אַז יאַהווע איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער גאָט פון פאָלק איסראָעל.

## אנימיזם. בלוט-קאָרבאָנעס

אַזעלכע פאָדערונגען ווי די, וואָס גאָט האָט אַרויסגעשטעלט נויעכן, ווען ער האָט מיט אים געשלאָסן זיין אָפּמאַך, טרעפן מיר אין דער טוירע אַסאַך מאָל. גאָט פאַרווערט צו עסן בלוט. דאָס בלוט געהערט אים. אין כומעש וואַיקראָ (קאַפּ. 3.) פאַרווערט גאָט צו עסן דעם כיילעוו פון די אינגעווייט און דאָס בלוט פון די קאָרבאָנעס, ווייל דאָס געהערט אים. „דאָס איז יאַהוועס שפייז, אַ געשמאַקער רייעך פאַר יאַהווע. דאָס איז אייך אַ געזעץ אַף אייביק אין אַלע אייערע וואָוינונגען. קיין כיילעוו און קיין בלוט זאָלט איר ניט עסן".

אין די־אָזיקע געזעצן שפּיגלט זיך אָפּ דער גלויבן אין נעשאָמע, וואָס געפינט זיך אין בלוט. אין דעם אָפּמאַך פון גאָט מיט נויעכן זעען מיר די פאַרשטעלונגען פון אַ שייוועט ווען זייער שייוועט־גאָט. גאָט דער שעפער פון שייוועט פאַדערט פון די מיטגלידער פון זיין שייוועט זיי זאָלן אומקערן אים צוריק די נעשאָמע, וואָס ער האָט זיי געגעבן. די נעשאָמע, וואָס ער האָט זיי געגעבן און וואָס געפינט זיך אין זייער בלוט, איז אַ טייל פון גאָט אַליין. אויך אין די בלוט פון כאַיעס איז פאַראַן אַ נעשאָמע. די נעשאָמע פון דער כאַיע געהערט אויך גאָט, און דעריבער טאָר מען דאָס בלוט ניט עסן.

די קאָרבאָנעס, וואָס די מענטשן ברענגען גאָט, ווערן אים אָפּגעגעבן אַלס שפּייז. ווער עס עסט דאָס בלוט און די כיילעוו פון די אינגעווייטן, יענער נעמט אָפּ בײַ גאָט זײַן שפּייז. אין כומעש באַמידבאַר (ק. 28) פאָדערט גאָט: „איר זאָלט אָפּהיטן צו ברענגען מיר מײַן קאָרבן, מײַן שפּייז דורכן פֿײַער און די געשמאַקע רייכעס, אין דער צײַט".

## מענטשן-קאָרבאָנעס

גאָט עסט פּונקט ווי מענטשן. ער עסט אָבער דאָס בעסטע, און באַקומט צוריק מיטן עסן דאָס, וואָס עס געהערט גאָר אים אַליין — די נעשאָמע. פאָדערט דעריבער גאָט קאָרבאָנעס סיי כאַיעס סיי מענטשן. יעדער בכאָר, צי פון אַ כאַיע, צי פון אַ מענטשן, געהערט גאָט. אין אייניקע פאַלן ווערט דערלויבט צו פאַרבייטן איין כאַיע מיט אַן אַנדערע, אויך דער מענטש קאָן אויסגעקויפט ווערן. אָבער ניט אַלעמאָל איז עס דערלויבט. „יעדער כיירעם, וואָס דער מענטש גיט אָפּ גאָט פון זײַן פאַרמעגן — אַ מענטש, בעהיימע, זײַן יערושע-פעלד, — טאָר ניט פאַרקויפט ווערן און ניט אויסגעלייזט ווערן. אַלץ, וואָס איז אונטער כיירעם איז קוידעש-קאָדאָשים צו גאָט. אויב דער כיירעם ליגט אַף מענטשן, טאָרן זיי ניט אויסגעקויפט ווערן: זיי מוזן געטויט ווערן".

אין טאַנאַך געפינען מיר, אַז מענטשן פלעגן טאַקע געבראַכט ווערן אַלס קאָרבן. אין „שאָפטים" (קאַפּ. 11) ווערט אַזוי דערציילט: „און איפטאַך האָט אַ נײַדער געגעבן צו גאָט און ער האָט געזאָגט: אויב דו וועסט איבערגעבן די בניי-אַמיין אין מײַנע הענט, איז ווען איך וועל זיך אומקערן בעשאָלעם אַהיים, איז וואָס עס וועט אַרויס פון די טויערן פון מײַן הויז די ערשטע צו מיר אַנטקעגן, וועט דאָס געהערן גאָט און איך וועל עס ברענגען פאַר אַ קאָרבן. איז געקומען איפטאַך צו די בניי-אַמיין מילכאָמע צו האַלטן מיט זיי, און גאָט האָט זיי איבערגעגעבן אין זײַנע הענט"... „איז געקומען איפטאַך אין מיצפּאָ, צו זײַן הויז, און אַנקעגן איז צו אים אַרויס זײַן טאָכטער מיט פּויקן און מיט טענץ. און זי איז בײַ אים געווען אַן איינציקע, בײַ אים איז ניט געווען ניט קיין זון און ניט נאָך קיין טאָכטער. ווען ער האָט זי דערזען האָט ער צעריסן זײַנע קליידער און האָט געזאָגט: אַך, טאָכטער מײַנע! דו האָסט מיך באַטריבט. איך האָב צוגעזאָגט גאָט און קאָן ניט כאַראָטע האָבן. און זי האָט צו אים געזאָגט: פאָטער מײַנער, דו האָסט גאָט פאַרשפּראָכן, איז טו מיט מיר, ווי עס איז אַרויס פון דײַן מויל, ווען גאָט האָט פאַר דיר נעקאָמע גענומען פון דײַנע פֿײַנט — פון די בניי-אַמיין. און זי האָט געזאָגט צו איר פאָטער: טו מיר נאָר אָט וואָס — לאָז מיך אָפּ אַף צוויי כאָדאָשים, און איך וועל גיין אין די בערג און איך וועל באַוויינען מײַן יוגנט צוזאַמען מיט מײַנע כאַווערטעס. האָט ער איר געזאָגט: גיי. און ער האָט זי אַוועקגעשיקט אַף צוויי כאָדאָשים. און זי איז אַוועקגעגאַנגען מיט אירע כאַווערטעס, און זי האָט געוויינט אַף איר יוגנט אין די בערג. אַז עס האָבן זיך געענדיקט די צוויי כאָדאָשים, האָט זי זיך אומגעקערט צו איר פאָטער, און ער האָט אַף איר אויסגעפירט זײַן נײַדער, וואָס ער האָט אַ נײַדער געגעבן".

דידאָזיקע דערציילונג באַווייזט, אַז ברענגען מענטשן פאַר אַ קאָרבן צו גאָט האָט זיך ניט גערעכנט פאַר אַ פאַרברעכן. און איפטאַך איז, לויט דער דערציילונג פון טאַנאַך געבליבן אַ שויפעט בײַ די אידן ביז זײַן טויט. די שפּעטערדיקע אויסטײַטשער פון

די הייליקע ספאָרים האָבן געפּרואווט דערקלערן דידאָזיקע דערציילונג אַזוי, אַז איפ־מאָך האָט דאָך זיין טאָכטער ניט געבראַכט פאַר אַ קאָרבן. דער טעקסט פון דער דער־ציילונג איז אָבער אַזאַ קלאָרער, אַז ער באַווייזט באַשייןפערלעך די געקינצלטקייט פון די אויסטייטשונגען.

## בלוט-בונד און מילע

די פאַרבינדונג פון די מענטשן מיט גאָט קומט פאָר ניט נאָר דורך בלוט־קאָרבאָ־נעס, דורך קוילענען און פאַרברענען, נאָר אויך דורך לאָזן בלוט פון דעם מענטשנס איווורים. אַזאַ מין קאָרבן איז די „מילע“, וואָס דינט אַלס אָפּמאַך (ברים) צווישן גאָט און אַוורהאָמען און זיינע שפּעטערדיקע דוירעס.

אַזאַ בלוט־בונד צווישן די מענטשן און גאָט קאָנען מיר זען בײַ אַסאַך אַווסטראַ־לישע און אַפריקאַנישע שוואָטים, וואָס שטייען אַף אַ זייער נידעריקער שטופּע פון אַנט־וויקלונג.

„לעבאַטכילע האָט דידאָזיקע אָפּעראַציע, ווי אויך דער מינהעג בײַ אײַניקע אַווסטראַ־לישע שוואָטים צו צעשפּאַלטן דעם מענער־גליד פון אונטן, ניט געהאַט קיין שום רעליגיעזע באַדייטונג. דאָס ווערט דורכגעפירט דאַן, ווען דער באָכער ווערט מענלעך־פעאיק און באַדייט, אַז ער גייט אַריבער פון קינדער־עלטער אין דער גרופּע פון דערוואַקסענע (פעאיקע צו מילכאָמע), אין דער געזעלשאַפט פון מענער. דאָסראָוו באַגרענעצט זיך ניט דידאָזיקע צערעמאָניע בלויז מיט דער אפּעראַציע פון מילע. קעדיי צו באַצייכענען דעם באָכער, אַז ער איז צייטיק און פעאיק צו געשלעכטלעכן פאַרקער, ווערן נאָך באַנוצט אַנדערע סימאָנים: אויסברעכן באַשטימטע ציינער, דורכקעקבערן די גאָזלעכער און אַריינשטעקן אַהין אַ פייל, אַלס צייכונג, טאַטואירן דעם געשלעכטס־אָרגאַן. לויט דידאָ־זיקע סימאָנים דערקענט מען שוין, צו וועלכער עלטער־גרופּע עס געהערט דער אָדער יענער מענטש.

„בײַ געוויסע שוואָטים מאַכן דורך אויך די פרויען אַזעלכע צערעמאָניעס דאַן, ווען זיי טרעטן אַריין אין עלטער פון מענסטרואַציע.

„שפּעטער, ווען פון די האָרדעס אַנטוויקלט זיך אַ בלוט־קרויווישע טאָטעם־גרופּע, וואָס האַלט אַז זי שטאַמט פון איין טאָטעם־גאָט, בייט זיך שוין די לאַגע. די מילע־אָפּעראַציע און אַנדערע ענלעכע צערעמאָניעס ווערן שוין פאַרעכנט אַלס הייליקע גע־באָטן פון טאָטעם־גאָט, וואָס מען מוז זיי דורכפירן, ווען ניט — וועט זיך גאָט דערפאַר נוקעם זיין. דער טאָטעם־גאָט אַליין שטייט בײַ דער צערעמאָניע, האָגאָם מע זעט אים ניט, און קוקט נאָך, אַז אַלץ זאָל געמאַכט ווערן אַזוי ווי ער האָט געבאָטן. די מילע גופּע באַקומט שוין גאָר אַן אַנדער זין. פריער האָט זי בלויז באַטייט, אַז דער באָכער ווערט אַריינגענומען אין דער געזעלשאַפט פון קריגס־פעאיקע מענער, איצט איז עס שוין אַ צייכן, אַז דער געמאַלטער אַנערקענט זיך צו זיין טאָטעם־גאָט און געמט אַף זיך אָפּצוהיטן אַלע זיינע מיצוועס און ניט אויוועקזיין אַף זיינע געבאָטן. אַף אַזאַ אויפן ווערט די מילע אַ סימען פון אַ געוויסן הייליקן

בונד — אַ „ברית קודש“: דער געמאַלטער נעמט אַף זיך צו דערפילן אַלע געבאָטן פון זיין טאָטעם=גאָט, און דער לעצטער האָט שוין פון היינט אָן זיין האַשגאָכע איבערן געמאַלטן און נעמט אים אַרונטער אונטער זיין שוץ.

„די מילע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן איבערנאַטירלעכן פאַרבינדונגס=אַקט, וואָס באַקומט אַ פייערלעכן רעליגיעזן כאַראַקטער, און ווערט, וואָס ווייטער אַלץ מער אַרומגענומען מיט פאַרשיידענע צערעמאָניעס און לעסאָף — אויך פאַרבונדן מיט אַלערליי בלוט=קאָרבאָנעס און בלוט=מישונגען. דאָס בלוט, וואָס לויפט אָפּ פון מענער=גליד, ווערט זייער פאָרזיכטיק צוזאַמענגענומען און געבראַכט אַלס קאָרבן דעם טאָטעם=גאָט.

באַ געוויסע אַווסטראַלישע שוואָטים איז פאַראַן אַ מינהעג, אַז ווען מען איז מאַל עטלעכע באָכערים מיטאַמאָל, מישט מען צוזאַמען אַ טייל פון זייער בלוט און מע באַשמירט דערמיט יעדערנס מענער=גליד. דורך דעמדאָזיקן אַקט ווערן זיי „בלוט=ברידער“, — אַ פאַרבינדונג, וואָס איז אָפטמאָל נאָך שטאַרקער ווי די לייבלעכע בלוט=קרויוועשאַפט. אַזאַ מין „בלוט=ברודערשאַפט“ ווערט אויך איינגעשטעלט לויט דעם מינהעג פון אַנדערע שוואָטים — צווישן דעם סאַנדיק און קוואַטער=פאָטער מיט דעם געמאַלטן: זיי זייגען זיך גויהעג, אַז דער קוואַטער=פאָטער עפנט אויף אַ קליינעם אָדער אַף דער האַנט, אַ טייל פונעם בלוט ווערט אַרויסגעשפריצט אַלס קאָרבן צו גאָט און פונעם איבעריקן גיבן זיי אַ טרונק טאָן די געמאַלטע.

„אַזאַ מין איינגעשטעלטע „בלוט=ברודערשאַפט, וואָס שטאַמט פון בלוט=מישונג אָדער בלוט=טרינקען, טרעפן מיר ניט בלויז באַ די אַווסטראַליער, נאָר אויך באַ אַסאַך שוואָטים, וואָס וואוינען באַ דאָרעם=אָקעאַניע, אין צאָפן=אַמעריקע און אַפריקע. די בלוט=ברידער דאַרפן ניט בלויז שיצן איינע די אַנדערע, נאָר זיי קאָנען אויך נעמען איינער באַם צווייטן פאַרשיידענע כפייצים און אַפילע האָבן געשלעכטס=באַציאונגען איינער מיטן צווייטנס ווייב; ווען אַ בלוט=ברודער שטאַרבט, קאָן דער צווייטער זיך נעמען זיין ווייב אַלס זיין איינגנס.

אַזוי דערציילט דער באַרימטער רייזנדער יאָוויט אין זיין בוך וועגן שייוועט קורנאַי. יאָוויט אַליין האָט געלאָזט איבער זיך דורכמאַכן די גאַנצע צערעמאָניע פון מאַל זיין זיך צוזאַמען מיט נאָך אַ יונגמאַן פון שייוועט קורנאַי. פון דאַן אָן האָט אים דער לעצטער גערופן „מיין ברודער“, זיין ווייב האָט אים גערופן „מיין מאַן“ און האָט געפאָדערט פון יאָוויטן ער זאָל זי רופן „מיין ווייב“...

„מיט דידאָזיקע גאַנץ ברייט פאַרשפרייטע מינהאָגים, וואָס נעמען אָן באַ פאַרשיידענע שוואָטים און אין פאַרשיידענע געגנטן פאַרשיידענע פאָרמען, דערקלערט זיך אויך די מאַיסע, וועלכע ווערט דערציילט אין כומעש שמאָס (קאַפּ. 4). דאָרטן שטייט אַזוי געשריבן:

> „אונטערן וועג, אַף אַ נאַכטלעגער, האָט אים (מוישען) געטראָפן יאהווע און האָט אים געוואָלט טויטן. דאַן האָט ציפוירע (מוישעס ווייב) גענומען אַ שאַרפן שטיין, אָפגעשניטן דערמיט די אָרלע פון איר זון, עס אָנגערירט צווישן די פיס און געזאָגט: „דו ביסט מיין בלוט-כאָסן!“ דאַן האָט ער אים אָפגעלאָזן“.

„דידאָזיקע מערקווירדיקע מאַיסע פון כומעש האָט פאַרשאַפט זייער פיל קאָפּ=ברעכעניש אונזערע ביבל=קריטיקער און האָט געבראַכט צו זייער פיל קוריאָזע פיירושים.

ווער אָבער עס איז באַקאַנט מיט די מינהאָגים פון מילע און בלוט=ברודערשאַפט באַ די נאַטור=פעלקער, וועט גלייך פאַרשטיין, וואָס דידאָזיקע מאַיסע באַטייט. אַגעוו איז דידאָזיקע געשיכטע, ווי אַסאַך אַנדערע ערטער פון טאַנאַך, שפּעטער פאַרקירצט און געפעלשט געוואָרן, — אַמאָל צוליב אומווּיסנקייט, אַמאָל — ווייל ס'איז אויסגעקומען גאָרניט פּאַסיק און אַ כילעל האַקוידעש דער גאַנצער איניען, אַז ציפּוירע זאָל האָבן מאָל געווען מוישען, געגומען זיין אָרלע און עס אַוועקגעלייגט אויפן מענער=גליד פון יאהווע...

„דער פריערדיקער נוסעך פון דערדאָזיקער מאַיסע איז געווען בעערעך אַזאַ: אַזוי ווי מוישע האָט זיך גיט מאָל געווען, האָט ער דערמיט אויוועך געוועזן אַף יאהוועס געבאָט. יאהווע האָט אים דערפאַר געוואָלט באַשטראָפן. ער איז דעריבער באַפאַלן אים באַנאַכט און געוואָלט אים טויטן. די קלוגע ציפּוירע, וואָס איז געשלאָפן צוזאַמען מיט מוישען, האָט אַף גיך אים מאָל געווען און מיט דער פאַרבלוטיקטער אָרלע אָנגערירט יאהוועס געשלעכטס=אָרגאַן. דורכדעם איז מוישע געוואָרן יאהוועס בלוט=ברודער און ציפּוירע — זיין בלוט קאַלע, און יאהווע האָט דעריבער געמוזט אָפּלאָזן מוישען און אים גאָרנישט טאָן" (קונאָוו).

פון דאַנען קאָנען מיר פאַרשטיין, וואָס האָט באַטייט דער מינהעג מילע. ער האָט באַטייט אַ בלוט=בונד צווישן די מיטגלידער פון שייוועט און זייער גאָט — דעם אורפאָטער.

וועגן דעמדאָזיקן בלוט=בונד ווערט ניט איינמאָל גערעדט אין דער טוירע. אין כומעש „שמות" (ק. 24) לייענען מיר: „און מוישע האָט גענומען אַ העלפט פונם בלוט און אַריינגעגאָסן עס אין בעקנס; און די אַנדער העלפט האָט ער געשפּריצט אַפן מיזבייעך. דאַן האָט ער גענומען דאָס בוך פון בונד (ספר הברית) און האָט אים פאָרגעלייענט הויך פאַרן פאָלק. און זיי האָבן געזאָגט: אַלץ וואָס גאָט האָט באַפוילן וועלן מיר טאָן און פאָלגן. דאַן האָט מוישע גענומען דאָס בלוט און באַשפּריצט דערמיט דאָס פאָלק, און ער האָט געזאָגט: דאָס איז דאָס בונד בלוט (דם הברית), וואָס יאהווע האָט מיט אייך געשלאָסן וועגן אַלע זיינע געבאָטן".

אין כומעש „ויקרא ווערט אַסאַך באַשריבן, ווי מע דאַרף ברענגען בלוט=קאָרבאָנעס פאַר גאָט (יאהווע). אַזוי, לעמאָשל, ווערט אין ק. 4 אַזוי געשריבן, ווי מע דאַרף ברענגען אַ קאָרבן, וואָס זאָל פאַרגעבן די זינד: „און דער קויהען זאָל זיין פינגער איינטונקען אין דעם בלוט און זאָל פונם בלוט שפּריצן זיבן מאָל פאַר יאהווע, פאַרן הייליקן פאָרויכעס. און דער קויהען זאָל אויך עטוואָס פונם בלוט מיט די שמעקעדיקע קטוירעס באַשמירן די הערנער (ווינקלען) פונם מיזבייעד, וואָס געפינט זיך פאַר גאָט אין אויהעל=מויעד און דאָס איבעריקע בלוט פונם אָקס זאָל ער אויסגיסן אַפן יעסאָד פון מיזבייעד".

## טאָטעמיזם באַ אידן

פאַרגלייכן מיר די פאָרשריפטן פון דער טוירע וועגן קאָרבאָנעס מיט דעם, ווי אַזוי די איצטיקע נאַטור=פעלקער ברענגען זייערע קאָרבאָנעס זייערע טאָטעמס=געטער, זעען מיר ווי וואונדערבאַר ענלעך דידאָזיקע צערעמאָניעס זיינען. די נעגערס אין דאָרעם=

אַפריקע, לעמאָשל, ברענגען אַזוי זייערע קאָרבאָנעס: „דעריעניקער, וואָס ברענגט דעם קאָרבן שטעלט זיך אַוועק פאָרויס און ווענדעט זיך צו די פאַרשטאָרבענע אָוועס בעערעך אַזוי: „טייערער פאָטער! אָט האָסטו דעם אָקס, נעם אים צו פון מיר, אַלס שפּייז פאַר דיר. דערפאַר זאָלסטו מיר געבן אַ געזונטן גוף אַזוי, אַז איך זאָל ניט האָבן ווייטער אַף וואָס זיך צו באַקלאָגן; און אויך דו, מיין זיידע, זאָלסט זיין גוט צו מיר און זאָלסט זאָרגן, אַז מיינע סטאַדעס, אָקסן זאָלן זיך פאַרמערן". דאַן נעמט מען דעם אָקס און מען שטעכט אים, מע שניידט אים, קעדיי ער זאָל הויך שרייען און די רוכעס פון די אָוועס זאָלן הערן דעם רוף, וואָס איז צו זיי געווענדעט. נאָכדעם הארגעט מען אים אינגאַנצן; אַ טייל בלוט לאָזט מען אַרויס און צוזאַמען מיטן לעבער, האַרץ, אַ שטיק פעל און ווייַרעד פאַרברענגט מען אַף אַן אָפענעם פייער. די איבעריקע טיילן פונעם קאָרבן עסן אויף דער קויהען און יענער, וואָס ברענגט דעם קאָרבן צוזאַמען מיט זיינע קרויווים". (קונגאָוו).

## געטער—אָוועס

דער גאָט פון שייוועס איז דאָסראָוו ניט קיין בעניאָכיד. זיינע פאָרערער בוקן זיך בויך אים, אויך צו די געטער פון שטאַם, פון דער מישפּאָכע און צו נאָך אַנדערע, צו נאָך קלענערע געטער. אויך בא די אידן זיינען געווען אַזעלכע מישפּאָכע געטער, — „טראָפים". אין כומעש „ברייִשית" ווערט, לעמאָשל, דערציילט אַזאַ מאַיסע: יאַנקעוו און ראָכל זיינען אַנטלאָפן באַהאַלטענערהייט פון ראָכלס פאָטער — לאָוואָן. באַם אַנטלויפן האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, מיט זיך גענומען זייער גאַנצע גוטס: ראָכל אָבער, איז ניט פויל אָפן פען און האָט שוין אַגעוואורכע איינגעפּאַקט צו זיך אויך איר טאַטנס טראָפים. אַז לאָוואָן האָט זיך געכאַפּט, אַז זיין טאָכטער און זיין איידעם האָבן פליטע געמאַכט און האָבן נאָך דערביי באַגאַנוועט אים, האָט ער גענומען זיינע ברידער מיט זיך און זיך געלאָזן נאָכיאָגן די אַנטלאָפענע. אַז ער האָט אָנגעיאָגט יאַנקעוון, האָט ער אים געזאָגט: „פאַר וואָס האָסטו געגאַנוועט מיינע געטער?" יאַנקעוו האָט ניט געוואוסט, אַז ראָכל האָט געגאַנוועט די טראָפים, און האָט פאָרגעלייגט לאָוואָנען באַזוכן אים. לאָוואָן האָט אָבער די טראָפים ניט געפונען, ווייל ראָכל האָט זיי באַהאַלטן אונטערן זאָטל, אַף וועלכן זי איז געזעסן. די איצטיקע ראַבאָנים זעען, אַז די מאַיסע מיט די טראָפים באַווייזט דעם עמעס וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער רעליגיע, און זיי פּרואוון זיך אויסטייטשן דעם איניען אַף אַזאַ אויפן: ראָכל האָט, קלוימערשט, טאַקי געגלויבט אין דעם גאָט יאַהווע — דעם „אייביקן גאָט" פון די אידן און איר טאַטע לאָוון איז נעבעך געווען אַ געצנדינער. האָט ראָכל געפירט אַן אַנטירעליגיעזע קאַמפּאַניע, ווי מע רופט עס איצטער, און האָט אַף אַן „אַדמיניסטראַטיוון אויפן" געמאַכט דעם טאַטן אירן פאַר אַ גאָטלאָזן. דער אויסטייטש איז אָבער אַ נעבעכדיקער. אַנדערע ערטער פונעם טאַנאַך באַווייזן ניט איינמאָל, אַז בא די אידן זיינען געווען מישפּאָכע-געטער — טראָפים. אין „שופטים" (ק. 17) ווערט דערציילט אַ גאַנצע מאַיסע וועגן איינעם אַ רעכטפאַרטיקן מענטשן מיכיאָהו פונעם שייוועט עפראָים. אָט דער מיכיאָהו האָט פאַר צוויי הונדערט קעסעף באַשטעלט סטאַטועס פון זיינע טראָפים. דערנאָך האָט ער גענומען צו זיך אין הויז אַ לייווי, וואָס האָט געדינט די טראָפים אַלס קויהען. שפּעטער איז אַ

באוואָפּנטע מאַכנע פונם שייוועט דאָן אָנגעפאַלן אַף מיכיאָהוס הויז און האָבן אַוועקגע־
רויבט די טראָפים. ווען דער קויהען האָט געזאָגט די אָנפאַלער: „וואָס טוט איר?“,
האָבן זיי אים געענטפערט: שווייג! אַף וואָס דאַרפסטו זיין אַ קויִען אין איין הויז, ווען
דו קענסט זיין אַ קויהען באַ אַ גאַנצן שייוועט. אַזוי זייגען מיכיאָהוס טראָפים געוואָרן
די טראָפים פונם שייוועט דאָן.

דער גלויבן אין טראָפים און דאָס פאַרערן זיי איז ניט באָטל געוואָרן אַפילע דאַן, ווען
יאהווע האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דעם אידישן גלויבן. דער קולט פון טראָפים
האָט זיך איינגעהאַלטן אין מאַלכוס יעהודע אַפילע ביז גאָלוס באָוועל. אַף דעם ווייזט אָן
פאָלגנדיקער אָרט אין „ירמיה“: „ווי אַ גאַנעוו ווערט פאַרשעמט, ווען מע כאַפּט אים,
אַזוי האָט זיך פאַרשעמט דאָס הויז פון איסראָעל מיט זייגע קייסאָרים, האַרן, קויהאַנים
און נעוויאים. זיי זאָגן צו האָלץ: „דו ביסט מיין פאָטער“ און צום שטיין: „דו האָסט מיך
געבאָרן“. די האָלצערנע און שטיינערנע סטאַטועס האָבן, ווי
מיר זעען, פאָרגעשטעלט די טראָפים, די געשטאַלטן פון די געטער־אָוועס.

אויך די דערציילונג פון כומעש וועגן דעם קאַמף פון יאַנקעוו מיט גאָט, באַווייזט, אַז
דער אורפאָטער יאַנקעוו איז פאַרעכנט געווען אַמאָל פאַר אַ גאָט. די מאַיסע אין כומעש
איז אַזאַ: „און ער (יאַנקעוו) איז אויפגעשטאַנען אין יענער נאַכט און ער האָט גענומען
זיינע צוויי ווייבער און צוויי דינסטן און זיינע עלף זין און איז אַריבער יאַבייק. ער האָט
זיי גענומען און האָט זיי אַריבערגעפירט איבערן טייך, און ער האָט אַריבערגעפירט אַלץ
וואָס ער האָט געהאַט. און יאַנקעוו איז געבליבן אַליין. האָט זיך מיט אים געראַנגלט אַ
מענטש ביז עס איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן. ווען ער האָט געזען, אַז ער קאָן
אים ניט בייקומען, האָט ער זיך אָנגערירט אָן זיין דיך און ער האָט אויסגעלונקען
יאַנקעוון דעם דיך, ווען ער האָט זיך מיט אים געראַנגלט. און ער האָט אים געזאָגט:
לאָז מיך אָפּ, ווייל עס איז אופגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן. האָט אים יאַנקעוו געזאָגט:
איך וועל דיך ניט אָפּלאָזן ביז דו וועסט מיך ניט בענטשן. און ער האָט
געזאָגט: ווי רופט מען דיך? האָט ער געזאָגט: יאַנקעוו. האָט ער אים געזאָגט: פון
איצט אָן וועט דיין נאָמען זיין ניט יאַנקעוו, נאָר איסראָעל, ווייל דו האָסט געקעמפט
מיט גאָט, וועסטו בייקומען אויך מענטשן. האָט יאַנקעוו געפרעגט: און ווי רופט מען
דיך? האָט ער געזאָגט, צו וואָס פרעגסטו מיין נאָמען? און האָט אים דאָרט געבענטשט.
און יאַנקעוו האָט אָנגערופן יענעם אָרט „פניאל“. ווייל, האָט ער געזאָגט — איך האָב
געזען גאָט (אל) פּאָנים על פּאָנים און עס איז ניצל געוואָרן מיין נעשאָמע. עס איז
אויפגעגאַנגען די זון, ווען ער איז פאַרביי פניאייל, און ער האָט געהונקען אַפן דיך“.

דידאָזיקע דערציילונג איז ניט איינמאָל איבערגעמאַכט געוואָרן, פאַריכט און צו־
געריכט געוואָרן. פון דער דערציילונג איז קלאָר, אַז אינם געראַנגל האָט בייגעקומען
יאַנקעוו און ניט דער „אייל“. ווייל אויב דער „אייל“ האָט געזיגט אינם קאַמף, פאַרוואָס
האָט ער זיך געדאַרפט בעטן באַ יאַנקעוון ער זאָל אים אָפּלאָזן. אויב יאַנקעוו וואָלט
באַזיגט געווען, וואָלט ער ניט געקאָנט שטעלן קיין טנאָים דעם זיגער — דעם „אייל“.
אין דער אורשפּרינגלעכער לעגענדע איז דערציילט געוואָרן, אַז געזיגט האָט טאַקי יאַנ־
קעוו און ער האָט אויסגעלונקען דעם דיך דעם פרעמדן „אייל“. די אידישע קויהאַנים
האָבן שפּעטער איבערגעדרייט די לעגענדע מיטן פּעלץ אַרויף, ווייל זיי איז ניט אָנגע־

שטאַנען צו האָבן אַ הינקעדיקן „אייל“, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרן דער גאָט „יאַהווע“.

דידאָזיקע לעגענדע דערקלערט נאָך פון וואַנען עס שטאַמט דער נאָמען איסראָעל. דער אורפאָטער פונם שייוועט איז געווען, ווי באַ אַלע שוואָטים פאַרגעטערט. געהייסן האָט ער דער אורפאָטער יאַנקעוו. ווען ער איז אָבער געשטאָרבן און איז אַ גאָט געוואָרן האָט ער באַקומען דעם נאָמען איסראָ=אייל. די אורפאָטערס פון אַסאַך אַנדערע שטאַמען אָדער שוואָטים האָבן אויך געהאַט אַזעלכע צווייענדיקע נעמען: אישמאָ=אייל, מיכאָ=אייל, מעפוסאָ=אייל, טואוו=אייל, אַמראָפ=אייל, יואוו=אייל און אַז. וו. די מענטשן, וואָס האָבן געהערט צו דעם אָדער יענעם שטאַם אָדער שייוועט האָבן זיך געהאַלטן פאַר די קינדער פון דעמדאָזיקן אורפאָטער דעם „אייל“ און האָבן זיך גערופן: די קינדער פון אישמאָ=אייל, די קינדער פון אמראפאייל די קינדער פון איסראָאייל. איסראָעל איז דער לעגענדאַרער נאָמען פונם שייוועט=גאָט. די פאַרשיידענע געטער האָבן פאַרשיידענע געשטאַלטן. אַן אָקס, אַ שלאַנג, אַ קאַלב, אַ ציג און ד. גל. וועגן דידאָזיקע געטער ווערט ניט איינמאָל דערציילט אין דער טוירע. אַזאַ דערציילונג איז פאַראַן וועגן גאָלדענעם קאַלב, וואָס די אידן האָבן אויסגעגאָסן און געבוקט זיך צו אים. וועגן אַ גאָט אין דער געשטאַלט פון אַן אָקס, וועמען יעראָוואָם האָט אויסגעבויט אַ מיזבייעך, ווערט דערציילט אין אַן אַנדער אָרט. וועגן אַ קופערנעם שלאַנג, וואָס איין קוק אַף אים פלעגט אויסהיילן פון אַ גיפטיקן שלאַנגען=ביס, ווערט דערציילט אין אַ דריטן אָרט. אַזעלכע דערציילונגען זיינען אין טאַנאַך אָן אַ שיר.

מע דאַרף ניט מיינען אַז די פאַרשיידענע לעגענדעס, וואָס זיינען דאָ אין טאַנאַך, זיינען דאַווקע אידישע לויט זייער אָפּשטאַמונג. אַסאַך פון זיי זיינען, אָן אַ סאָפּעק, איבערגענומען באַ אַנדערע פעלקער. באַזונדערס אַסאַך לעגענדעס האָבן די אידן איבערגענומען אין קנאַאַן. די אַלע לעגענדעס זיינען מיט דער צייט אָבער איבערגעאַנדערשט געוואָרן אונטער דעם ווירקונג פון די נייע עקאָנאָמישע לעבנס=פאָרמען. די אַלע דערציילונגען וועגן אווראָם, יאַנקעוו, איצכאָק, יויסעף און אַנדערע, טראָגן אַף זיך אַ קלאָרן שטעמפּל פון אַ פאַסטעכער=פאָלק, וואָס פאַרנעמט זיך אויסער פי=צוכט נאָך מיט האַנדל, רויב, גנייווע און גזיילע.

## דער אנטוויקלונגס-גאנג פון דער אידישער רעליגיע

אַזוי זעען מיר, אַז די רעליגיע פון די אידן האָט זיך אַנטוויקלט פונקט ווי די רעליגיעס פון אַנדערע פעלקער. צוערשט איז אַנטשטאַנען די פאָרשטעלונג וועגן אַ נעשאָמע, וועלכע איז די סיבע פון לעבן. די נעשאָמע געפינט זיך אין בלוט, און דעריבער ווערט דאָס בלוט גערעכנט פאַר דער נעשאָמע (הדם הוא הנפש). די נעשאָמע קאָן לעבן אויסערן גוף. נאָכן טויט לעבט זי באַזונדער, ווי אַ גייסט, אַ רועך. נאָך יעדן געשטאָרבענעם בלייבט זיין גייסט. ווען אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט קומט פאָר, אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג, אַ דיפערענצירונג אַף פּאָשעטע און כאָשעווע מענטשן, ווערט געענדערט אויך די פאַרשטעלונג וועגן די גייסטער. די גייסטער, אָדער די נעשאָמעס פון די אָוועס פאַרנעמען

א באַזונדער אָנגעזעענעם אָרט. יעדער שטאַם פאַרערט זיין אורפאָטער, אָדער ריכטיקער דעם גייסט פון זיין אורפאָטער. די גייסטער פון די אָוועס ווערן עלאָהים (אָסאַך איילים). יעדער באַזונדער איז אַן „אייל" (אָדער „על"). אין קאַמף, וואָס פאַרשיידענע שטאַמען פירן צווישן זיך, געמען, פאַרשטייט זיך, אַן אָנטייל אויך זייערע אָוועס — די געטער. דער שטאַם, (מישפּאָכע), אָדער שייוועט, וואָס האָט באַזיגט דעם אַנדערן, האָט אויך באַזיגט זיין גאָט. דאָס האָט געהייסן, אַז איין גאָט האָט באַזיגט דעם אַנדערן. אַזוי האָט זיך מיט דער צייט אויסגעטיילט אַ הויפּט גאָט, וואָס האָט באַזיגט אַלע אַנדערע געטער. ער, דער הויפּט-מאַכער, איז געוואָרן דער עלאָהים, און די אַנדערע געטער זיינען געבליבן זיינע קינדער — בעניי עלאָהים. די לעגענדעס שטעלן פאַר דידאָזיקע גאָטס קינדער, ווי האַלב מענטשן — האַלב געטער. אַזעלכע זיינען געווען די בעניי האָאַנאָק — די ריזן, וואָס גייען אַף דער ערד און שפּאַרן אָן מיטן קאָפּ אין הימל אַריין. שפּעטער ווערן די בעניעלאָהים פאַרוואַנדלט אין גייסטיקע וועזנס — אין מאַלאָכים. פּונקט ווי בא אַ טייל שוואָטים איז דער הויפּט-גאָט געוואָרן  ע ל אָ ה י ם,  איז בא אַן אַנדער טייל שוואָטים דער הויפּט-גאָט געוואָרן יאַהווע.

יאַהווע האָט ניט געקאָנט זיין קיין נאַציאָנאַלער גאָט, ווען די אידן זיינען נאָך ניט געווען פאַרייניקט, אַלס נאַציע. אין יענער עפּאָכע, ווען די אידן האָבן געלעבט אַלס וואַנדערער, איז יאַהווע געווען אַ  ש י י וו ע ט - ג אָ ט,  אַ  ג אָ ט — א ו ר פ אָ ט ע ר  פאַר אַ טייל אידן-וואַנדערער. ערשט אין פּאַלעסטינע האָט זיך יאַהווע פאַרוואַנדלט אין אַ נאַציאָנאַלן גאָט.

ווי אַזוי איז פאָרגעקומען דידאָזיקע פאַרוואַנדלונג? וואָס פאַר אַ ווערט האָט די דער-ציילונג וועגן יעציעס מיצראַים; וועגן דער וואַנדערונג פון די אידן אין מידבאָר 40 יאָר, ווען זיי האָבן זיך געשפּייזט מיט מאַן, וואָס גאָט האָט זיי געשיקט; וועגן מאַטן-טוירע אַף דעם באַרג סינאַי און אַז. וו.? וואָס זאָגט וועגן דעם די וויסנשאַפט?

וועגן דער עמעסער געשיכטע פון די אידן און וועגן דער אַנטוויקלונג פון דעם אידישן מאָנאָטעאיזם שרייבט פּראָפ. ניקאָלסקי אָט וואָס:

# די געשיכטע פון די אידן און די אנטוויקלונג פון דעם אידישן מאָנאָטעאיזם

## איבערבליק איבער דער געשיכטע פון ייִסראָעל

נאָך דער גוואַלדיק גרויסער צוגרייטונגס-אַרבעט, וואָס די געלערנטע האָבן דורכגעמאַכט איבער דער ביבל, און נאָך אַ ריי אַרכעאָלאָגישע אַנטדעקונגען, ווערט די געשיכטע פון פאָלק איסראָעל געשילדערט ווייט ניט אַזוי, ווי זי ווערט געשילדערט לויט דער טראַ-דיציע. די אורעלטערן פון די איצטיקע אידן, די בעניי-איסראָעל (אין 1200—1500 פאַר. ק. ג), האָבן זיך געטיילט אַף עטלעכע שוואָטים אָדער שטאַמען און האָבן געוואַנ-דערט מיט זייערע שעפּסן און ציגן אין דאָרעם און אין דאָרעם-מיזרעך-טייל פון פּאַ-לעסטינע. אין דערדאָזיקער עפּאָכע זיינען זיי שוין גיכער געווען אַ האַלב וואַנדער-פאָלק,

ווייל זיי פלעגן זיך שוין פארהאלטן אַ לענגערע צייט אַף איין אָרט, וואו ס'איז געווען גענוג וואַסער און גראָז פאַר זייערע פי. אַף אַ פרימיטיוון אויפן האָבן זיי אַפילע די ערד באַארבעט, זייענדיק הויפּטזעכלעך געראַשטן. פון וויפל שוואַטים זיינען זיי, דעמאָלט באַשטאַנען, איז ניט באַוואוסט. די צאָל 12, וואָס ווערט געבראַכט אין דער ביבל, איז אַ קיילעכדיקע, אַ הייליקע, און שטימט ניט מיט דער ווירקלעכקייט. יעדנפאַלס, איז די צאָל געווען מער פון 12, ניט ווייניקער פון 15, נאָר נאָכן באַזעצן זיך אין קנאַאַן איז די צאָל פאַרקלענערט געוואָרן, ווייל ניט ווייניקער פון פיר שוואַטים („ראעואוון", „שימען", „לייווי" און „גאָד") זיינען אָדער אומגעקומען אין די מילכאָמעס, אָדער האָבן זיך אויסגעמישט מיט זייערע שכיינים, די קנאַאַנים. ווען אַפן אָרט, וואו אַ שייוועט פלעגט זיך אָפּשטעלן, פלעגט אויסגיין די פאַשע, אָדער גלאַט אין אַ הונגער-צייט, פלעגט דער שייוועט איבערוואַנדערן אַף אַ צווייטן פלאַץ. אָפט פלעגן זיי אַפילע אויסוואַנדערן אין די מער קולטורעלע לענדער: צו די פלישטים, מיצראַים און אראמייער.

דער צואוואוקס פון דער באַפעלקערונג האָט די בעניי-איסראָעל געצוואונגען זוכן נייע פלעצער, און זיי האָבן אָנגעהויבן זיך דורכשלאָגן אַ וועג אין קנאַאַן. דאָס איז אָבער ניט פאָרגעקומען ווי אַן אָרגאַניזירטער אָנגריף, ווי ס'ווערט באַשריבן אין „יעשוא-בין-נון", נאָר ביסלעכוויז, אין מעשעך פון אַ גאַנצן יאָרהונדערט.

יעדער שייוועט איז געגאַנגען זעלבשטענדיק און מיט די אייגענע קויכעס געפירט דעם קאַמף פאַרן אויסגעקליבענעם אָרט. אָפט, ווען ס'איז נאָר געווען אַ פריי שטיק לאַנד, פלעגט מען זיך אַפילע בעשאָלעם באַזעצן בישכיינעס מיט די קנאַאַנים. אריינדרינגענדיק אין קנאַאַן, זיינען די בעניי-איסראָעל איבערגעגאַנגען צו איינגעזעסענער ערד-אַרבעט, איבערנעמענדיק די ווירטשאַפט-מעטאָדן פון די קנאַאַנים. מעמיילע ווערט דעמאָלט זייער לעבנשטייגער ביסלעכוויז געענדערט. דיראָזיקע ענדערונג איז באַזונדער געווען ניקער באַ יענע שוואַטים (ווי, לעמאַשל, עפראַים). וואָס האָבן זיך באַזעצט אין מיטל-טאָל פון קנאַאַן, ווייל דערדאָזיקער טאָל איזרעעל (איימעק-איזרעעל) איז געווען דער סאַמער פרוכטבאַרער געגנט אין פאַלעסטינע. פאַרקערט, באַם שייוועט יעהודע, וועלכער האָט פאַרנומען דעם דאָרעם-טייל פון פאַלעסטינע בישכיינעס מיטן מידבאָר, דער פריערדיקער וואַנדער-אָרט, האָט זיך נאָך איינגעהאַלטן די פיצוכט און צוזאַמען מיט דעם די פריערדיקע מינהאָגים; נאָר אין לעבן פון יעהודע אַפילע איז די איבערקערעניש געווען אַ גאַנץ גרויסע, ווייל ערד-אַרבעט איז אויך באַ אים געוואָרן די הויפּט-באַשעפטיקונג. דער שייוועט-שטייגער פון דער וואַנדער-עפּאָכע הויבט אָן אונטערצוגיין און ווערט פאַרביטן מיטן געמיינדע-שטייגער.

בעאַיים דער מילכאָמע האָבן די בעסטע שטיקער לאַנד פאַרכאַפּט די פירער. באַלד האָבן זיי באַקומען גרויס קויעך און אויסגעטיילט זיך אין אַ פריווילעגירטער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע.

---

געלעבט האָט מען באַזונדער, יעדער שייוועט אין זיין וועלטל, נאָר אין דער צייט פון אַ סאַקאָנע מיצאַד דעם סוינע, פלעגן זיך די באַזונדערע געמיינדעס פאַרייניקן, קעדיי צו געבן אַ ווידערשטאַנד דעם סוינע. און סאָנים האָבן די בעניי-איסראָעל געהאַט אַסאַך: די פלישטים, וואָס האָבן געוואוינט באַם ברעג יאַם, די, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן

דעם צענטראַלן פּרוכטבאַרן געביט פון פּאַלעסטינע (איימעק איזרעעל), די מידיאָנים, אמוינים און די קליינע וואַנדער-שוואָטים פון דעם מידבאָר, וואָס זיינען לויט זייער אָפּשטאַמונג געווען קרויווים מיט די בעניי-איסראָעל און האָבן אויך געוואָלט אַריינרייסן זיך אין קנאַאַן. און, ענדלעך, די פריערדיקע באַלעבאַטים פון לאַנד, די אַמוירים און די קנאַאַנים, וואָס זיינען ניט גאָר שטאַרק צופרידן געווען מיט די ניט געבעטענע געסט.

אין דער צייט פון אַזאַ סאַקאָנע פלעגט זיך, געוויינטלעך, אַרויסרוקן אַ פירער, אַ ריכטער, אַ שויפעט, ווי מען האָט אים גערופן; אונטער זיין אָנפירונג פלעגט מען אָפּשלאָגן דעם סוינע. דערדאָזיקער שויפעט האָט אָפט געהאַט אַ גרויסן אַווטאָריטעט אויך אין פרידנצייט און ער פלעגט מישפּעטן זיין שייוועט, פאַנאַנדערקלייבן זיך אין די פאַרשיידענע סיכסוכים און מאַכלויקעסן, ווען מען פלעגט זיך צו אים ווענדן זיי וועגן. אַזאַ פירער אין קאַמף מיט די אַמוינים אין לעכאַטכילע געווען שאָאול. באַזונדער גרויס איז דעמאָלט געווען די סאַקאָנע מיצאַד די פּלישטים, און קעדיי צו געבן זיי אַ געהעריקן ווידערשטאַנד, האָט מען געמוזט האָבן אַ פאַראייניקונג פון אַלע בעניי-איסראָעל. די אידן האָבן דעמאָלט געזאַלבט שאָאולן פאַר אַ קיניג, וועלכער איז געוואָרן דער שטענדיקער באַלעבאָס פון פאָלק האָט זיך אַרומגערינגלט מיט סאָרים (פירשטן), זיינע דינער ערד אַוועקגעשענקט און דערהויבן זיי פאַר סאָרים. מיט איין וואָרט, געפירט זיך, ווי יעדער פעאָדאַלער קיניג. אָבער שאָאול איז אומגעקומען אין קאַמף מיט די פּלישטים, און דער געשאַפענער בונד פון אַלע שוואָטים איז זיך צעפאַלן. דער שייוועט יעהודע האָט אויסגעקליבן פאַר אַ קיניג דאָווידן, דעם זון פון ישאַי. ער האָט טיילווייז אויסגעהאַרגעט, טיילווייז אומשעדלעך געמאַכט שאָאולס מישפּאָכע און געצוואונגען אַלע בעניי-איסראָעל, אַז זיי זאָלן אַנערקענען זיין מאַכט. אונטער זיין אָנפירונג האָבן די בעניי-איסראָעל אינגאַנצן באַזיגט די פּלישטים. דערדאָזיקער ניצאָכן האָט פאַרשטאַרקט זיין אַווטאָריטעט אין די אויגן פון פאָלק, און נאָך זיין טויט האָבן אַלע אָן קיינע כלוקע-דייעס אַנערקענט די מאַכט פון זיין זון שלוימע. פאַר שלוימעס קיניגן איז געווען שאָלעם אין לאַנד, ער האָט שוין אָבער צופיל מיסגעברויכט מיט זיינע פעאָדאַלע רעכט, פלעגט אַרופלייגן צו גרויסע שטייערן אַף די סאָרים. נאָך זיין טויט האָבן טאַקע די רייכע סאָרים פון עפראים ניט געוואָלט אַנערקענען די מאַכט פון זיין זון רעכאַוואָם און האָבן זיך געזאַלבט אַן אייגענעם קיניג יעראָוואָם. עס האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי קיניגרייכן — די דאָרעמדיקע יעהודע און די צאָפנדיקע עפראים. שטענדיק האָבן זיי קאָנקורירט צווישן זיך, זיי האָבן זיך ניט געקענט פאַראייניקן, ווייל דער עקאָנאָמישער צושטאַנד זייערער איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער. די קיניגרייך עפראים האָט פאַרנומען דעם סאַמען פּרוכטבאַרן געביט פון קנאַאַן, און דעריבער איז דאָרטן אַפן ערשטן אָרט געשטאַנען די אַגראַר-אַריסטאָקראַטיע, וועלכע איז געווען געוואוינט צו אַ גרינגן, רייכן לעבן אַפן כעשבן פון אירע לייבקנעכט. די קיניגרייך יעהודע האָט פאַרנומען אַזאַ געביט, וואָס איז געווען זייער נאָענט צום מידבאָר. דאָרטן האָבן נאָך געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג די אַמאָליקע בעדואינישע מישפּאָכעס, וואָס האָבן זיך נאָך באַשעפטיקט מיט פיצוכט. גלייכצייטיק אָבער האָבן זיך שוין געגומען אַרויסווייזן נייע עקאָנאָמישע קויכעס. די ערד איז געווען זייער אַ שלעכטע, מיטן אייגענעם ברויט האָט מען ניט געקענט עקזיסטירן, האָט די באַפעלקערונג געמוזט זוכן אַנדערע מיטלען צום לעבן. דורך פּאַלעסטינע איז דעמאָלט גע-

גאַנגען דער האַגדל פון מעסאָפּאָטאַמיען אין אַראַוו און מיצראַים. די הויפּט-סטאַנציע, וואו אַלע סאָכרים פלעגן זיך אָפּשטעלן, איז דעמאָלט געווען יערושאָלאַים.

נאָך שלוימעס טויט איז יערושאָלאַים געוואָרן אַ גאַנץ באַדייטנדיקער האַנדל-צענטר. די יערושאָלאַימער סאָכרים האָבן געשטרעבט אַריינצונעמען אונטער זייער מעמשאָלע אַלע איבעריקע שטעט פון לאַנד קנאַאַן, און דאָ האָט מען קוידעמקאָל געדאַרפט באַזיגן די „שטאָלצע און שיקערע בעניי-עפראַים. אַראָפּרייסן די קרוין פון זייערע קעפּ“, ווי דער נאָווי דריקט זיך בילדעריש אויס. נאָר, קעדיי צו פאַרנעמען עפראַים, האָבן אוים-געפעלט קויכעס, די סאָכרים אַליין האָבן ניט געוואָלט מילכאָמע האַלטן, און די אַרים-טאָקראַטיע איז געווען זייער קליין אין צאָל. האָט זיך דער סיכסעך צווישן דיביידע לענדער אַזוי געצויגן, ניט ברענגענדיק צו קיינע רעזולטאַטן.

אַ צווייטער קויעך באַווייזט זיך אין יעהודע — די יערושאָלאַימער קויהאַנים.

דער קיניג שלוימע האָט אויסגעבויט אין יערושאָלאַים אַ ביים-האַמיקדעש, מיט וועלכן ס'האָט זיך ניט געקענט גלייכן, לויט דער גרויסקייט און שיינקייט פון זיין קולט, קיין איין מיקדעש פון לאַנד עפראַים. די קויהאַנים פון יערושאָלאַימער ביים-האַמיקדעש זיינען געווען אונטערטעניק דעם קיניג. נאָר אַזוי ווי זייערע רייכטימער זיינען געוואַקסן פון יאָר צו יאָר אַדאַנק די פיל מאַטאָנעס, האָבן זיי מיט דער צייט אָנגעהויבן צו שטרעבן צו דעם, אַז די קיניגן זאָלן זיך געפינען אונטער זייער ווירקונג. מיט דער הילף פון יאָר צו יאָר אַדאַנק די פיל מאַטאָנעס, האָבן זיי מיט דער צייט אָנגעהויבן צו נאָר אין לאַנד יעהודע, נאָר אויך אין עפראַים און פאַרייניקן אַלע בעניי-איסראָעל אונטער איין איינהייטלעכן קולט פון יאַהווע, וועלכער פלעגט ווערן געפּראַוועט אין ביים-האַמיק-דעש פון יערושאָלאַים.

## די רעליגיע פון פאר-נעוויאים-עפּאָכע

דאָ קומען מיר צו דער רעליגיע פון די בעניי-איסראָעל. ס'איז ניטאָ קיין איין מיינונג, וואָס זאָל זיין אַזוי פאַלש, ווי די מיינונג, וואָס האָט זיך, צום באַדויערן, איינגעוואָרצלט אין די ברייטע קרייזן, אַפילע צווישן אַ געוויסער גרופּע פון די געלערנטע, אַז די אור-אַלטע בעניי-איסראָעל זיינען געווען מאָנאָטעאיסטן (האָבן געגלויבט אין איין גאָט). אין דערעמעסן וויל נאָר די ביבל זיי פאַרשטעלן אַלס אַזעלכע: די סאָפרים פון דער גאָלעס-עפּאָכע, וועלכע האָבן רעדאַקטירט די ביבל און איר לעצטער פאָרם, זיינען ווירקלעך געווען מאָנאָטעאיסטן און זיי האָבן געמאַכט מאָנאָטעאיסטיש אויך די רע-ליגיע, וואָס איז געווען פאַר דער גאָלעס-עפּאָכע, דערקלערנדיק די עקזיסטענץ פון די איבעריקע קולטן פון אַנדערע געטער, אויסער יאַהווע, ווי אַ פעלשונג אין דער עמעסער עמונע. אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז דער גאָט יאַהווע אין דער פאַר-גאָלעס-עפּאָכע קיינמאָל ניט געווען דער איינציקער גאָט פון אַלע בעניי-איסראָעל און האָט אַזאַ ניט געקענט ווערן אַפילע, ניט געקוקט אָף אַלע מיאונגען פון די יערושאָלאַימער קיניגן און קויהאַנים. פעסט געהאַלטן זיך אָן דעם קולט פון יאַהווע האָבן זיך בלויז די בעניי-יעהודע, נאָר אויך זיי האָבן זיך ניט אָפּגעהיט גלייכצייטיק צו בוקן זיך אויך צו אַנדערע געטער. אין ביים-האַמיקדעש פון יערושאָלאַים זיינען געווען מאַכשירים, וואָס האָבן געהערט

צום קולט פון גאָט — די זון (שפּיזן און רייטוואָגן פון דער זון). לעקאָווער גאָט — דער
זון זיינען אין אַלע אָרטיקע מיקדאָשים געשטאַנען זיילן. אין יעדער געגנט איז געווען אַן
אייגענער באַשיצער=גאָט „באַאַל“ — דער באַלעבאָס פון דעמדאָזיקן אָרט. אין דער
קיניגרייך עפראַים איז אַפילע ניט געווען קיין באַזונדער מיקדעש לעקאָווער יאַהווע. אין
דעם אוראַלטן מיקדעש ביים=אייל האָט דער קיניג יעראָוואָם אויפגעשטעלט אַ מיזבייעך
פאַרן גאָט ביים=אייל, וועלכער האָט זיך געשילדערט אין געשטאַלט פון אַן אָקס. דער=
דאָזיקער גאָט איז געווען דער הויפּט=גאָט פון דער צאָפן=מעלוכע און האָט, מינאַסטאַם,
געהאַט אַן אייגן=נאָמען, וואָס איז צו אונז ניט דערגאַנגען. דער שייוועט דאָן, וועלכער
האָט אויך געהאַט אַן אוראוראַלטן מיקדעש, האָט אויך געדינט צו עפּעס אַן אוראור=
אַלטן גאָט. כוצדעם, איז אין עפראַים, אַזוי אויך ווי אין יעהודע, אין יעדער געגנט געווען
אַן אייגענער באַאַל. פון זיי האָט זיך באַזונדער אויסגעטיילט דער „באַאַל=ברים“),
וועלכער האָט זיך געפונען אין שכעם אונטער אַן אוראַלטן דעמב. קעדיי פייערלעך צו
שליסן אַן אָפּמאַך (בונד), וועלכער האָט געהאַט אַ מלוכע=באַדייטונג, פלעגט מען אין
שכעם איינאָרדענען צונויפפאָרן און די פּראָטאָקאָלן אַליין פלעגט מען האַלטן אין מיק=
דעש פון „באַאַל=ברים“. אויסערדעם, זיינען אין די הויפּט=שטעט פון עפראַים און
יעהודע, שוימרען און יערושאָלאַים געווען פאַרשפּרייט די קולטן פון פרעמדע געטער:
פון באָווילישן טאַמוז, פון דער באָווילישער געטין פון דער הימל (מיסטאַמע, אשטוירעס),
די געטער פון צויר און צידוין (פיניקיע), באַזונדער דער באַאַל פון צויר און, וואַרשיינ=
לעך, דער גאָט מוילעך, צו וועלכן מען פלעגט ברענגען מענטשלעכע קאָרבאָנעס. דאָס
זיינען אַלץ געווען מער אָדער ווייניקער גרויסע געטער. נאָר צוזאַמען מיט זיי איז אויך
געווען אַ גרויסע צאָל קלענערע געטער און רוכעס, וועלכע זיינען געווען באַזונדער פּאָ=
פּוליער צווישן די פאָלקס=מאַסן. אייניקע פון דידאָזיקע אייגגלויבן זיינען געווען ריין
איסריילישע, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען ביַערושע גאָר פון וואַנדער=עפּאָכע, לעמאָשל,
דער קולט פון ציגנאַרטיקע רוכעס („מידבער סעאירים“).

אַנדערע זיינען גענומען געוואָרן בײַ די קנאַאַנים, אַזוי ווי אייניקע אָרטיקע געטער
באַאַל, צו וועלכע מ'האָט שוין געדינט נאָך מיט אַ צייט פאַרן אָנקומען פון די בעניי=
איסראָעל אין קנאַאַן. בײַ אַזאַ פאַרשיידנפאַרביקייט און פאַרשיידנאַרטיקייט פון די קולטן,
וועלכע זיינען געווען פאַרשיידן אין יעדן אָרט, איז זייער שווער געווען דורכצופירן דעם
אייניהייטלעכן קולט פון יאַהווע. פאַר די איינוואוינער פון יעדן אָרט זיינען נעענטער פון
אַלעמען געווען די אָרטיקע געטער און די אָרטיקע מיקדאָשים מיט די אייגענע קויהאַנים.
און אויב אין יעהודע איז קיינער ניט געווען קעגן דעם, אַז דער גאָט פון יערושאָלאַים,
יאַהווע, איז גרעסער פאַר אַלע אָרטיקע געטער, האָט די קיניגרייך עפראַים מיט דעם
ניט מאַסקים געווען. באַזונדערס ניט אָנגעמבאַר איז דידאָזיקע לאַגע געווען פאַר די קי=
ניגן פון עפראַים, ווייל אויב זיי וואָלטן אַנערקענט, אַז יאַהווע איז גרעסער פאַר די איבע=
ריקע געטער, וואָלט מען געדאַרפט אַנערקענען, אַז די קויהאַנים פון יערושאָלאַים זיינען
אויך גרעסער פאַר די איבעריקע, מען וואָלט דעמאָלט געדאַרפט זיך צוהערן צו זייערע
רייד, שיקן זיי מאַטאָנעס — און דידאָזיקע קויהאַנים זיינען דאָך געווען דינער בײַם
קיניג פון יעהודע.

אָט פאַרוואָס צווישן דער דאָרעם= און צאָפן=קיניגרייך איז געווען אַ שטענדיקע רייסעריי און סינע. זי האָט זיך געשפּייזט מיט סאָציאַל=עקאָנאָמישע באַזונדערקייטן און מעמיילע מיט רעליגיעזע בלוקע=דייעס.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז פון אַלע רייבונגען און צוזאַמענשטויסן צווישן צאָפן און דאָרעם און פון דעם אינערלעכן קאַמף אין דער אָדער יענער קיניגרייך האָט פריער פון אַלעמען געליטן דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק. די ערדבאַזיצער האָבן אָפּגענומען באַ די ערדאַרבעטער די פעלדער, האָבן פאַרגרעסערט די שטייערן. די קיניגן פון יעהודע האָבן זיך גענויטיקט אין מיליטערישע קויכעס און איינגעפירט אַלגעמיינע מיליטער=פליכט. שויפטים האָבן גענומען שויכאָד און אַלע איניאָנים צווישן רייכע און אָרימע געמישפּעט לעטויוועס די רייכע. די אוראַלטע פרייהייט און גלייכהייט פון דער וואַנדער=עפּאָכע איז פאַרשוואונדן. מיט דעם אין ביטערן שוויים פאַרהאָרעוועטן ברויט איז אויסגעקומען צו קאָרמענען ניט נאָר זיך אַליין, נאָר אַ גאַנצע כאָפּטע ערד=באַזיצער און האַרן, וועלכע זיינען, ווי פאַראַזיטן, געזעסן אַפן גוף פון פאָלק. באַזונדער שווער האָט דאָס פּאָשעטע פאָלק געקרעכצט, ווען ס'האָט זיך געפירט דער קאַמף פון די אידישע קיניגרייכן פאַר זעלבשטענדיקייט (אָנהויב 8=טן יאָרהונדערט פאַר קריסטוס'ס געבורט).

פון צאָפן האָט זיך אַף פּאַלעסטינע אָנגערוקט אַשור. דיהאָזיקע שטאַרקע מלוכע האָט זיך געריסן אונטערטעניק צו מאַכן מיצראַיִם, אויב ניט אַזוי, איז כאָטש אונטערוואַרפן מיצראַיִם אונטער איר ווירקונג. צוליב דעם צוועק האָט זיך אַשור געמוזט שטעלן מיט פעסטע פיס אין פּאַלעסטינע — דער הויפּט וועג אין מיצראַיִם. דער קאַמף מיט אַשור איז געווען אַ בלוטיקער און האָפענונגלאָזער. אין אייניקע צענדליקער יאָרן האָט זיך דערדאָזיקער בלוטיקער קאַמף פאַרענדיקט דערמיט, וואָס די קיניגרייך איסראָעל איז געוואָרן אַן אַשורישע פּראָווינץ. די מילכאָמע האָט אויך אָנגערירט דער קיניגרייך יעהודע — דער אשורישער כאַיל האָט אָנגעשפּאַרט צו די ווענט פון יערושאָלאַיִם. דאָס לאַנד יעהודע איז אָבער דאָס מאָל געראַטעוועט געוואָרן פון די אינערלעכע אומרוען אין אַשור. אין דערדאָזיקער שווערער צייט האָט דאָס פאָלק שטאַרק געליטן פון די מילכאָמעס, פון דער עקספּלואַטאַציע און העפקער=מאַיסים פון די האַרן, וואָס האָבן זיך גאָר ניט פאַרטראַכט וועגן דער אָנקומענדיקער קאַטאַסטראָפע און פאָרגעזעצט זייערע מאַיסים מאָטואים.

## די נעוויאים און דער סויפער-האַטוירע פון יאָר 621

דאָ טרעטן אַרויס די באַוואוסטע נעוויאים מיט זייערע שאַרפע שטראָפּרעדעס, וואָס זיינען געווענדעט קעגן די עקספּלואַטאַציעס און גוואַלד מאַיסים פון די האַרן איבערן פּאָשעטן פאָלק. די נעוויאים דעקן אויף די שלעכטע זייטן און מאַיסים פון די קויהאַנים און רופן צו אַ נייעם גלויבן. נעוויאים זיינען געווען ניט ווייניק, ניט אַלע פון זיי זיינען געווען פון איין גרויס און ניט אַלע פון זיי האָבן פאַרנומען דיזעלביקע פּאָזיציעס. אַן עמעסער פאָלק=נאָווי איז געווען אָמויס, אַ פּאַסטעך פון דאָרעם=יעהודע. ער איז געקומען אין שוימרוין, ווייזט אויס, אַף דעם גרויסן האַרבסט=יאָנטעוו און געשאָלטן די שיקערע בעניי=עפּראַיִם. לויט זיין מיינונג, איז די צאָפּנדיקע מעלוכע געשטאַנען באַם אָנ=

הויב פון איר סאָף. זיין רעדע האָט ער איינגעפאַסט אין פאָרם פון אַ קלאָג־ליד נאָך אַ טויטן. דער ביטערער סאָף קומט דערפון — האָט אָמוים געזאָגט — וואָס דאָס פאָלק איז אַוועק פון זיין אורפאָשעטקייט, פון זיין אוראַלטן מידבער־שטייגער און פון דער פריערדיקער פּאָשעטער רעליגיע, וואו יאַהווע פאַרנעמט דעם ערשטן אָרט. פון דאַנעט וואַקסן אַלע זינד עפראַימס, און דערפאַר וועלן זייגע שטעט צושטויסן ווערן אונטער די שווערע קלעפ פון אַשור. אָמויסעס פּערספּעקטיוו איז פינצטער, קיין שום האָפענונג אַף בעסערס האָט אָמוים ניט געהאַט. אַנדערע נעוויאים האָפן אויך אַף בעסערע צייטן.

קימאַט גלייכצייטיק מיט אָמויסן טרעט אויך אַרויס דער נאָווי הוישייע. אַליין איז הוישייע פון לאַנד ביניאָמין און שטאַמט פון פויערים. ער פאַלט דערהויפּט אָן אַף די קויהאַנים, וועלכע „לעבן נאָר פון דעם פאָלקס זינד“. הוישייע האַלט דאָס בוקן זיך צום אָרטיקן גאָט באַאַל פאַר אַ כעט און פאַר אַ פאַרברעך קעגן יאַהוועו. דינען דעם באַאַל און ניט יאַהוועו איז גלייך צו דער פעלשונג פון אַ פרוי קעגן איר מאַן — ווײלע פעלד און גיטער האָט געגעבן יאַהווע און ניט דער באַאַל. און הוישייע האָפט, אַז די רעטונג וועט קומען נאָר דעמאָלט, ווען דאָס גאַנצע פאָלק וועט זיך פאַרייניקן און וועט דינען נאָר צום גאָט יאַהווע, דעמאָלט וועט זיך יאַהווע דערבאַרעמען און ראַטעווען דעם פאָלק פון פרעמדן שווערד.

אין דער אייגענער צייט, ווען דאָס לאַנד עפראַים איז כאָרעוו געוואָרן, האָט געלעבט אין יערושאָלאַים אַ דריטער גרויסער נאָווי יעשאַיע. יעשאַיע האָט געהאַלטן, אַז דער כורבן פון ביידע קיניגרייכן, סיי פון עפראַים און סיי פון יעהודע, מוז און וועט קומען צוליב דעם סאָציאַלן אומרעכט און זינד, וואָס געוועלטיקט דאָרטן. ער, יעשאַיע, האָט אָבער געהאָפט, אַז נאָך אַ פעריאָד פון שווערע קאַטאַסטראָפעס, ווען דאָס שלעכטס וועט איינגאַנצן אויסגעוואָרצלט און באַשטראָפט ווערן, וועט יאַהווע ווידער אויפשטעלן אַ נייע קיניגרייך אין ציוין אונטער דער אָנפירונג פון אַ „צווייג“ פון דאָוויד, קיניג אין יערושאָלאַים. און דאָס וועט שוין זיין אַ הערשאַפט, אין וועלכער עס וועט ניט זיין ניט קיין שעקער און פאַלשקייט, ניט קיין פאַרברעכן, ניט קיין קאַבצאָנעס און אָרעמקייט: דאָרט וועלן מענטשן לעבן ווי ברידער, ווילדע כאַיעס וועלן ווערן הויזיקע, און שווערדן וועלן אין אַקערס איבערגעשמידט ווערן.

אַף אַזאַ אויפן זיינען די נעוויאים געווען ניט מער, ווי טרייסט־ און שטראָפזאָגער, גאָר ניט קיין רעוואָלוציאָנערן: זיי האָבן דאָך ניט גערופן דעם פאָלק אופצושטיין קעגן זייגע אונטערדריקער, און האָבן ניט מער ווי געוואַרט אַף גאָטס ניסים. מיט זייערע רעדעס האָבן זיי זיך ניט געווענדעט צום פאָלק, נאָר צו די קיניגן, צו די האַרן און קויהאַנים. יענע האָבן צוגעהערט, טיילמאָל פלעגן זיי זיי גאָר אַרויסטרייבן. אַזוי האָט פּאַסירט מיט אָמויסן, ווען מ'האָט אים אַרויסגעטריבן פון קיניגס פּאַלאַץ. טיילמאָל האָבן די הערשער גאָרגישט געטאָן די נעוויאים און פאָרגעזעצט זייער פאַר־ברעכערישע אַרבעט. די וואָרענונגען פון די נעוויאים, אַז דינען דאַרף מען ניט צו קיין אַנדערן, נאָר צו יאַהוועו, האָבן גוט געשמעקט די קויהאַנים און קיניגן פון יעהודע. עמעס, די נעוויאים האָבן געפאָדערט צו צעשטערן אַלע קולטן, אויסער דעם קולט פון יאַהווע, זיי האָבן אַפילע אויך געוואָרנט, אַז דינען יאַהוועו דאַרף מען ניט מיט קאָרבאָנעס,

נאָר מיט גערעכטיקייט און דערבאַרעמונג. פאַר דעמדאָזיקן אונטערשייד האָבן זיך אָבער די קויהאַנים פון יערושאָלאַים וויייניק וואָס געשראָקן.

ווען די קיניגרייך עפראַים איז כאָרעוו געוואָרן, און ס'איז איבערגעבליבן נאָר איין קיניגרייך יעהודע, זיינען די יערושאָלאַימער קויהאַנים געוואָרן נעענטער צו דער פאַרווירקלעכונג פון זייער ציל. די קיניגרייך יעהודע האָט פאַרנומען אַ קליינע טעריטאָריע, אומגעפער, ווי אונזערע אַ מיטעלע גובערניע, דעריבער האָט זיך טאַקע באַדייטנדיק פאַרגרינגערט די צענטראַליזירונג פון קולט. און די געפערלעכע לאַגע, אין וועלכער יעהודע האָט זיך געפונען, איז צו הילף געקומען די קויהאַנים צו באַשאַפן די אַנטשפּרעכנדיקע שטימונג. זיי, די קויהאַנים, האָבן אויך אָנגעהויבן שטראָפן, ריידן, צוזאָגן און געוואָרנט, אַז אַלע צאָרעס, וואָס עפראַים און יעהודע האָבן, איז דערפאַר, וואָס זיי בוקן זיך צו אַנדערע געטער און ניט צו דעם גאָט יאַהווע. מ'דאַרף זיך בוקן נאָר צום גאָט יאַהווע, האָבן זיי געזאָגט, און נאָר אין דעם מיקדעש פון יערושאָלאַים, אַנדערש וועט זיך גאָט אָפּקערן פון יעהודע, אַזוי ווי ער האָט זיך שוין אָפּגעקערט פון עפראַים, און וועט אויך כאָרעוו מאַכן די קיניגרייך יעהודע.

אין דעמדאָזיקן גייסט איז אויפגעשטעלט געוואָרן דאָס בוך פון די געזעצן, וועלכן די קויהאַנים האָבן אין יאָר 621 „צופעליק“ געפונען אין בייס-האַמיקדעש. דעמאָלט האָט זיך שוין דער קיניג יאשיאָהו מאַקדים געווען אויסצופילן די געזעצן. פון דעם איז אָבער גרינגער ניט געוואָרן. דער לעצטער גרויסער נאָווי האָט אָבער זיך אויסגעלאַכט פון די „קאַלטע רעפועס“ און האָט געוואָרנט: „דאָס לאַנד יעהודע וועט און מוז כאָרעוו ווערן, דאָס לאַנד פון פרעכקייט און אומרעכט“.

אין יאָר 587 האָט באָוול, דער יוירעש פון אַשור, כאָרעוו געמאַכט יעהודע. יערושאָלאַים איז צושטערט, דער בייס-האַמיקדעש פאַרברענט, די קויהאַנים, אַריסטאָקראַטן און די רייכע סאָכרים זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד אין באָוול אַריין. ס'איז אָנגעקומען די עפּאָכע פון גאָלעס.

## די געמיינדע פון באַ:ס-שייני

די בעניי-יעהודע האָבן זיך אָבער ניט אַסימילירט מיט זייער אונטערדריקער-פאָלק, ווי ס'האָט פּאַסירט מיט די בעניי-עפראַים.

יערושאָלאַימער סאָכרים האָבן נאָך אין דער עפּאָכע פון די קיניגן באַוויזן צו פאַרבינדן זיך מיט באַדייטנדיקע האַנדל-און אינדוסטריע-צענטרען, צווישן זיי אויך מיט באָוועל, וואו זיי האָבן געהאַט זייערע אַגענטן און קאָנטאָרן. האָבן טאַקע די סאָכרים גאַנץ גרינג איבערגעלעבט די קאַטאַסטראָפע. די אַראַמישע רעגירונג האָט זיי ניט געשטערט צו פאַרזעצן דעם האַנדל. האָבנדיק קרעדיט און פאַרבינדונגען, זיינען די יעהודייאישע סאָכרים באַלד צו זיך געקומען און גוטע געשעפטן געמאַכט אַף זייער גייעם אָרט. און וויבאַלד, אַז דאָס סאָכרימשאַפט איז גאַנץ געבליבן, האָבן זיך שוין פאַר זיין עק אָנגעבונדן די קויהאַנים און אַריסטאָקראַטן און זיך אויך פאַרהיט. די לעצטע האָבן נאָר געטרוימט וועגן צוריקערן זיך פון גאָלעס, אויפבויען דעם בייס-האַמיקדעש אין יערושאָלאַים, עקספּלואַטירן דעם האַמוין-אָם און לעבן אַף די מיטלען פון דער אַוואָוידע.

האָפן אַף דעם האָט מען געקענט. צוקוקנדיק זיך צו דער אַראַמישער מעלוכע, האָט מען באַלד געקענט זען, אַז זי איז ניט פעסט, אַז זי האָט צו גיך אויפגעבליט און אַז מיט דעם ערשטן קלאַפּ קאָן זי איינפאַלן. די האָפענונג איז מעקויעם געוואָרן. אין 50 יאָר אַרום ווערט די אַראַמישע מעלוכע באַצוואונגען פון פּאָראַס, און קוירעש, דער קיניג פון פּאָראַס דערלויבט מאַקע די בעניי־יעהודע צוריקקערן זיך אין זייער פאָטערלאַנד.

מיט דער דערלויבעניש האָבן זיך דערהויפּט באַנוצט די קויהאַנים און די פריערדיקע גוטבאַזיצער. קומענדיק אין זייער פאָטערלאַנד, האָבן זיי אויפגעבויט יערושאָלאַים און אויפגעפירט אַ קליינעם און באַשיידענעם בייס־האַמיקדעש. די פּאָלימישע מאַכט איבער דער נייער געמיינדע האָט געהערט אַ פאַרטרעטער פון פּאַראַס און די רעליגיעזע — דעם קויהען־גאָדל פון בייס־האַמיקדעש אין יערושאָלאַים. איינאָרדענען זייער מאַכט איז די קויהאַנים אָנגעקומען גאַנץ שווער. פאַר פופציק יאָר פרעמדער הערשאַפט איז די באַפעלקערונג פון יעהודע, וואָס איז פאַרבליבן נאָכן כורבן — און געבליבן איז דאָרטן דער „אַמהאָרעץ" (דאָס פאָלק פון דער ערד), דער פויער — אָפּגעוואוינט געוואָרן פון דעם קולט און האָט פּאָשעט ניט געוואָלט לײדן די שטייערן, וואָס די קויהאַנים האָבן אַף איר אַרויפגעלייגט. פון דער צווייטער זייט, איז באַ די וועלטלעכע צוריקגעקומענע די גאַנצע דאַיגע געווען צו באַקומען זייערע גיטער. דעריבער מאַקע האָבן זיי זיך געסטאַרעט נאָכצוגעבן דער פּערסישער מאַכט, מיסכאַמן געווען זיך מיט איר און געדולדיק באַצויגן זיך צום קולט פון די פרעמדע געטער. ווען די קויהאַנים האָבן נאָכגעשפּירט די פּערזאָנען, וואָס האָבן געמאַכט געמישטע כאַסענעס און זייען פריינטלעך געווען מיט פרעמדע, האָבן די וועלטלעכע פאַרמאַסערט די קויהאַנים דער פּערסישער מאַכט.

ס'זיינען פאָרגעקומען רייסערייען און אומרוען.

## עזרע האַסויפער

צוליב דיזאָזיקע צוזאַמענשטויסן האָט דער יונגער געמיינדע ווידער געדראָט אַ צעשטערונג. דעמאָלט האָבן די קויהאַנים פאַרשטאַנען, אַז די הויפּט־סיבע פון די רייסערייען און פון ניט אונטערוואַרפן זיך זייערע געבאָטן באַשטייט אין דעם, וואָס זייער מאַכט האַלט זיך ניט אַפן געזעץ, נאָר אַף אַן אַלטער טראַדיציע, אין וועלכער קיינער גלויבט זיך ניט. האָבן זיי זיך מישטאַדל געווען אין באָוועל און אין שושאָן, די הויפּט־שטאָט פון פּערסישן קיניג, וועגן דעם, אַז זייער מאַכט זאָל אָוועקגעשטעלט ווערן אַף אַ געזעצלעכן יעסאָד, וואָס זאָל זיין קלאָר פאַר יעדער איינציקן. אין באָוועל איז נאָך דעמאָלט פאַרבליבן אַ טייל אידן. צווישן זיי איז געווען איינער אַ געלערנטער עזרע האַסויפער און ער האָט עס איניינעם מיט זיינע קאָלעגן אויפגעקליבן און רעדאַקטירט אַלע פריערדיקע געבאָטן, וואָס זיינען פאַרבליבן נאָכן כורבן יערושאָלאַים, און אַף אַזאַ אויפן צונויפגעשטעלט דעם סייפער „טוירעס־מוישע". נאָכדעם האָט ער אויסגעבעטן באַם קיניג אַ צושריפט, אין וועלכן איז, עזרען, ווערט פאַרגעלייגט צו גיין אין יערושאָלאַים און איינ־

פירן אין לעבן דעם סייפער „טוירעס=מוישע“. דעמדאָזיקן
צושריפט זיינען די בעני=יעהודע פּאַפּליכטעט געוואָרן
אויסצופילן אונטער דער דראָאונג פון קיניגלעכן צאָרן
און געריכט.

אַלס שטיצע האָט עזרע אויך באַקומען אַ מאַכנע כאַיל.
און אין יאָר 440 אָדער 444, פאַר דער קריסטלעכער צייטרע=
כענונג, איז עזרע געקומען אין יערושאָלאַים און האָט פיי=
ערלעך, מיט גרויס פּאַראַד, איינגעפירט דעם נייעם געזעץ.
די זקיינים האָבן געשוואָרן פאַרן פאָלק, אַז דער געזעץ וועט שטרענג „אָפּגעהיט ווערן“.
אָט דערדאָזיקער „געזעץ“ איז דאָס די טוירע, וועלכע מיר
לייענען אין דער הייגטיקער ביבל. דערהויפּט האָט עזרע אָפּגעגעבן
גרויס אַכט יענע שטעלן פון דער טוירע, וואו ס'ווערט פאַרזאָגט ניט צונויפמישן זיך מיט
פרעמדע פעלקער. אַלע געמישטע כאַסענעס זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר ניט גע=
זעצלעך, און דער פּראָטעסט קעגן אַזוינע פאַראָרדענונגען איז דערשטיקט געוואָרן מיט
דער הילף פון די פּאַרסים. ווייטער איז די הויפּט=אַכטונג אָפּגעגעבן געוואָרן די רעליגיעזע
געבאָטן: היטן יאָנטויווים, ברענגען קאָרבאָנעס א. א. וו.

אַזוי האָט זיך מיט דער הילף פון פרעמדע, אויסגעבילדעט
די רעליגיעזע געמיינדע פון צווייטן באַיס. אונטער איר
רעליגיעזער העגעמאָניע האָבן זיך ביסלעכווייז אויך אונטערגעוואָרפן די אידן פון גאָלעס,
דאָס הייסט די אידישע קאָלאָניעס פון באָוועל, מיצראַים און אַנדערע ערטער פון דער
אוראַלטער וועלט.

די געמיינדע פון צווייטן באַיס האָט עקזיסטירט 300 יאָר. אין מעשעך פון די יאָרן
האָבן זי אַליין געביטן אירע פרעמדאָנגעקומענע הערשער: נאָך פּאָראס איז זי געווען אונ=
טערטעניק צו די גריכישע מיזרעך=מעלאָכים, נאָכדעם צו די רוימער.

נאָר אַף אַ קורצער צייט האָט זיך דער געמיינדע איינגעגעבן צו באַפרייען פון פרעמדן
יאָך. דאָס איז געווען פון דעם יאָר 164 ביז 63, נאָך דעם באַוואוסטן אויפשטאַנד פון
די ברידער מאַקאַבייער. די מאַקאַבייער האָבן אָנגענומען דעם טיטול קיניג, אָבער זייער
מעלוכע איז, פאַרשטייט זיך, געווען ניט מער ווי צייטווייליק. דאָס צעפאַלן פון דערדאָ=
זיקער מעלוכע האָט צוריקגעקערט די געמיינדע אַף דער פריערדיקער לאַגע פון אַ רעלי=
גיעזער אָרגאַניזאַציע. די קויהאַנים און סאָפרים זיינען געווען דערפון גאַנץ צופרידן.

דער סאָף פון דער געמיינדע איז אָנגעקומען נאָך דעם צווייטן אויפשטאַנד קעגן
די רוימער. דער ערשטער אויפשטאַנד איז פאָרגעקומען פון 60 ביז 70 יאָר נאָך קריסטוס
און האָט געבראַכט צום כורבן ביים=האַמיקדעש און צום איבערייס פון דער אַוואוידע.
נאָך דעם צווייטן אויפשטאַנד האָבן די רוימער פאַרטריבן די אידישע געמיינדע און
האָבן אַפילע פאַראַקערט יענעם אָרט, וואו ס'איז געלעגן די שטאָט יערושאָלאַים. יערו=
שאָלאַים האָט זיך ווידער אויפגעבויט; אָבער ווי אַ פרעמדע שטאָט.

# ליטעראטור

לוריע — טוירע.

„ — פייסעך.

3. ניקאָלסקי — יידישע יאָנטויווים (זייער אויפקום און אנטוויקלונג). דערזעלבער בוך איז פאראן אין רוסיש אין א פארברייטערטער פאָרם אונטערן נאָמען „Происхождение еврейских праздников и христианскнго культа“, изд. „Гомельск. Рабоч.“ 1926 г.

Степанов — Происхождение нашего бога.

Каутский — Происх. христианства отд. III гл. I и II.

Мауеренбрехер — Пророки.

Нейман — Бог и капитал, глава „о религии евреев“.

# פראגן צו איבערכאזערן

1. וואָס דערציילט די טוירע וועגן דער אנטשטייאונג פון דער אידישער רעליגיע?
2. דערווייזט, אז די אידישע רעליגיע איז ניט אלעמאָל געווען איינע און דיזעלבע.
3. וועל־ע סטאדיען האָט דורכגעמאכט די אידישע רעליגיע?
4. פון וואנען שטאמט דער מינהעג מילע?
5. ווי אזוי איז פאָרגעקומען די אנטוויקלונג פונעם אידישן מאָנאָטעאיזם?

## קאַפּיטל 8

# דער רעאַקציאָנערער טאָך פון דער אידישער רעליגיע

## וואָס האַלטן מיר פאַר רעאַקציאָנער

אַלץ וואָס עס שטערט דעם אַרבעטער־קלאַס צו קעמפן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, — אַלץ וואָס עס שטערט דעם אַרבעטער־קלאַס צו קעמפן פאַר זיין באַפרייאונג, צו קעמפן פאַר דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, צו מאַכן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, צו קעמפן פאַר איר ענדגילטיקן זיג — איז רעאַקציאָנער. אַלץ וואָס עס שטערט דעם אַרבעטער־קלאַס צו בויען דעם סאָציאַליזם איז רעאַקציאָנער, ציט צוריק צום קאַפּיטאַליזם.

אַלץ וואָס עס האַלט אָפּ די אָרעמע און מיטעלע פּויערים פון גיין צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריאַט אינם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון דער גאַנצער מענטשהייט פונם קאַפּיטאַליסטישן יאָך איז רעאַקציאָנער. אַלץ וואָס עס האַלט אָפּ די אָרעמע און מיטעלע פּויערים זיכער און פעסט צו גיין מיטן פּראָלעטאַריאַט אַפן וועג פון סאָציאַליסטישער בויאונג; אַלץ, וואָס עס שטערט דעם האָרעפּאַשניק צו פאַרשטיין, אַז זיין עמעסע באַפרייאונג קאָן אים ברענגען בלויז דער זיג פונם אַרבעטער־קלאַס איבער דעם קאַפּיטאַליזם, בלויז דאָס אויפבויען דעם סאָציאַליזם — איז רעאַקציאָנער. אַלץ וואָס עס שטערט די אונטערדריקטע פעלקער צו קעמפן פאַר זייער ווירקלעכער באַפרייאונג פונם יאָך פון אימפּעריאַליסטן. אַלץ וואָס עס שטערט די אַרבעטנדיקע פון די דאָזיקע פעלקער צו פאַרשטיין, אַז דער איינציקער זיכערער פאַרבינדעטער זייערער אינם קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פונם פרעמדן אימפּעריאַליזם, פון די אייגענע פּריצים און קאַפּיטאַליסטן איז דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט — איז רעאַקציאָנער. אַלץ וואָס עס שטערט דער פרוי צו באַפרייען זיך פון די קייטן, אין וועלכע עס האָט זי פאַרשמידט די קלאַסן־געזעלשאַפט, איז רעאַקציאָנער. אַלץ וואָס עס שטערט דער האָראָפּאַשנער פרוי צו פאַרשטיין, אַז נאָר אין קאַמף צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריאַט פאַר באַפרייען די גאַנצע מענטשהייט פון יעדער עקספּלואַטאַציע וועט זי צערייסן אירע קייטן, וועלכע זיינען געשמידט געוואָרן דוירעס לאַנג פון די הערשנדיקע קלאַסן — אַלץ וואָס עס שטערט דעמדאָזיקן באַוואוסטזיין און קאַמף איז רעאַקציאָנער.

„לא יחדל אביון מן האָרץ“ — אָרעמעלייט וועלן אַלעמאָל זיין אַף דער וועלט. אַזוי זאָגט די אידישע טוירע. אידן דאַרפן גלויבן, אַז גאָט האָט איינגעשטעלט דעם סיידער פון דער וועלט, אַז ער פירט אָן מיט דער וועלט,

אַז ער, גאָט, האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל געפּאַסקנט, אַז אָרעמעלייט מוזן זיין אייביק אַף דער וועלט.

קאָן אַ גלויביקער אידישער אַרבעטער זיין אַ פיינט פון דער קלאַסן־געזעלשאַפט? קאָן ער קעמפן קעגן זיינע קלאַסן־סאָנים? קאָן ער זיין אַן אַקטיווער אנטיילנעמער אינם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, אויב ער גלויבט, אַז אָרעמעלייט מוזן אייביק זיין אַף דער וועלט? אַזאַ אַרבעטער קאָן נאָר קרעכצן, בעטן גאָט, אַז ער זאָל אַף אים פאַרשפרייטן זיין באַרעמהאַרציקייט, ער זאָל אים געבן אַ בעסערן מאַזל, ער זאָל אים באַשערן אַ בעסערן לעבן. אַן אַרבעטער, וואָס פאַלט קוירים פאַר גאָט, בויגט זיין רוקן אויך פאַר זיין באַלעבאָס. פאַר אַזאַ אַרבעטער זיינען הייליק די ווערטער פון טאַנאַך „משלי“ (ק. 19): „פאַר אַ נאַר פאַסט ניט קיין פאַרגעניגנס און פאַר אַ קנעכט פאַסט ניט צו הערשן איבער האַרן“. אַזאַ אַרבעטער מוז גלויבן אין די הייליקע ווערטער אין דעמזעלבן טאַנאַך („משלי“ 27), אַז „דער וואָס היט אָפּ זיין האַר, דער וועט האָבן קאָוועד“. פאַר אַזאַ אַרבעטער זיינען הייליק די ווערטער פון „משלי“ (ק. 30), אַז „די ערד וויל אַף זיך ניט טראָגן אַ דינסט, וואָס פאַרנעמט דעם אָרט פון איר האַרנטע“. אַזאַ אַרבעטער האַלט דעם קאַפּיטאַליסט — דעם עקספּלואַטאַטאָר פאַר אַ פיינעם מאַן מיט אַן איידעלער נעשאָמע, ווען יענער וואַרפט אונטער אַ צדאָקע־בייגדל די אָרעמעלייט, קעדיי אַף אַזאַ אויפן צו פאַרבלענדן די אויגן פון די אַרבעטנדיקע, פון וועלכע ער זויגט אויס די בלוט. „טשואווע, טפילע און צדאָקע“ קאָסטן דעם קאַפּיטאַליסט זייער ביליק און דעם אַרבעטער זייער טייער: זיי פאַרקנעכטן אים נאָך מער, זיי פאַרבלענדן אים נאָך שטאַרקער און מאַכן אים נאָך געהאָרכזאַמער צו זיינע אונטערדריקער. דער גלויבן אין גאָט, אין זיין אַלמעכטיקייט, אין זיין אָנפירן מיט דער וועלט, שמידט צו פעסט דעם אַרבעטער צום רייטוואָגן פון די הערשנדיקע קלאַסן.

## „אָרעמעלייט וועלן זיין אייביק”

אידן גלויבן אין „האַשגאָכאָ פּראָטיעס“ — אין דעם, אַז גאָט זאָרגט פאַר יעדן איינצלנעם מענטשן באַזונדער, אַז קיין איין האָר פון קאָפּ פאַלט ניט אַראָפּ אָן גאָטס ווילן. גאָט באַשטימט דעם גוירל פון יעדן מענטשן. ראָשעשאָנע שרייבט גאָט אָן, ווער עס זאָל לעבן און ווער זאָל שטאַרבן, ווער זאָל דערוואָרגן ווערן און ווער זאָל דערטרונקען ווערן, ווער זאָל רייך ווערן און ווער זאָל פאַראָרעמט ווערן. האָט אַ מאַשין אָפּגעריסן אַן אַרבעטער די האַנט, איז אים מיסטאָמע אַזוי באַשערט פון גאָט. ניט די שלעכטע אַרבעטבאַדינגונגען, ניט די עקספּלואַטאַטאָרישע אַפּעטיטן פונם קאַפּיטאַליסט זיינען שולדיק. שולדיק איז דער אַרבעטער אַליין. אין וואָס זיין שולד איז ווייס גאָט אַליין. גאָט האָט אים פאַר זיין שולד באַשטראָפט. דעם באַלעגוף האָט גאָט געבענטשט מיט רייכקייט, און דעם אָרעמען פויער שטראָפט ער מיט נויט, מיט יעסורים. גאָט באַלוינט יענע, וואָס גייען אין זיינע וועגן און שטראָפט די, וואָס ווידערשפּעניקן זיין ליבן נאָמען. גאָט באַלוינט מיט אַ גוטער גערעטעניש און שטראָפט מיט טריקעניש, האָגל און היישעריק. באַ אַרבעטער, אָרעמע באַלמעלאָכעס, אָרעמע פויערים שטאַרבן קליינע קינדער אַסאַך מער, איידער

בּאַ די פּריצים, בורזשועז, באַלעגופים. „אַזוי איז באַשערט“—טײַטשט אויס דער גלויבנ־דיקער. „אין דעם זײַנען שולדיק די הערשנדיקע קלאַסן, וואָס האָבן פאַרכאַפּט אין זײערע הענט די ערד, די פאַבריקן, די זאַוואָדן, אַלע רײַכטימער און האָבן פאַרורטײלט דעם אַרבעטער און פּויער, דעם באַלמעלאָכע אַף הונגער, נויט און לײדן“ — דערקלערט דער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער. דער קלאַסן־באַוואוסטזיניקער אַרבעטער, דער אַפּי־קוירעם קעמפט פאַר באַזײַטיקן די סיבע פון די לײדן, פון די אומגליקן, פון דער אָרעמ־קײט און נויט. ער קעמפט פאַרן סאָציאַליזם. דער גלויביקער אַרבעטער האָפט אַף גאָט, אַף זײַן לײטזעליקײט, אַף זײַן ראַכמאָנעס. ער בעט גאָט און דינט דעם קאַפּיטאַל.

גלויבן אין גאָט, פאַרלאָזן זיך אַף גאָט, בעטן גאָט, דינען גאָט איז אין דערעמעסן דאָסזעלבע, וואָס גלויבן אין דער אײביקײט פון קלאַסן־געזעלשאַפט, פאַרלאָזן זיך אַפן כעסעד פון די אונטערדריקער, בעטן ראַכמים בא די אײגענע מערדער־עקספּלואַטאַטאָרן, דינען די הערשנדיקע קלאַסן. די אידישע רעליגיע לערנט אירע אָנהענגער אָט די אַלע מאַיסים־טוווים.

## „גאָט זאָרגט וועגן יעדן באַזונדער“

די וועלט, איז נאָר אַ פּאָרהויז צום אײביקן פּאַלאַץ — צו יענער וועלט. דאָס לעבן דאָ, אַף דער ערד איז בלויז אַ מאָמענטאַלער פּאָרשפּיל צום אײביקן לעבן דאָרט — אַף יענער וועלט. אַזוי לערנען די הײליקע אידישע ספאָרים. אַזוי גלויבן אַלע גאָטספאַרכטיקע אידן. די וועלט איז בלויז אַ צוגרײטונג צו יענער וועלט. און וויל אַ מענטש זיכערן פאַר זיך אַ גוט אײביק לעבן, דאַרף ער ווײניקער טראַכטן וועגן אײנאָרדענען זײַן צײַטווײליקן לעבן אַף דער ערד. די צוגרײטונג באַשטײט אין אויספּילן גאָטס געבאָטן, און גאָטס געבאָטן לערנען געהאָרכזאַמקײט, אונטערטעני־קײט, באַנוגענען זיך מיט ווײניקס, ניט מעקאַנע זײַן קײן רײַכע, ניט געלוסטן „פּרעמדעס“, פאַרלאָזן זיך אַף גאָט, זײַן מוירע די האָרן, אויספּילן די געזעצן פון די מעלאָכים, וואָס זײַנען געזאַלבט פון גאָט, דינען גאָט, צוהערן זיך צום קאָל פון זײַנע שילוכים — ראַ־באָנים, צאַדיקים, מאַגידים. זאָלן זיך די גווירים וואוילטיקן דאָ, אַף דער וועלט; זאָלן זײ האַנאָע האָבן דאָ אין פּאָרהויז פונם פּאַלאַץ; דער פּאַלאַץ איז צוגעגרײט פאַר די עמעסע צאַדיקים, וואָס האָבן אַף דער וועלט קײן פּיפּס ניט געטאָן. יענע וועלט איז פאַר די באָנצע שווײגס. פאַר זײ איז דאָרט צוגעגרײט גילדענע שטולן, רײַכע פּאַלאַצן, אַף זײ וואַרט דער שויר־האַבאָר, דער לעוויאָסן, די טײַערע ווײַנען. זײ געהערט יענע וועלט, ווײל זײ לײדן געהאָרכזאַם דאָ — אַף דער וועלט. צוליב וואָס קעמפן אַף דער צײַטווײליקער דירע — אַף דער ערד, ווען דער קאַמף איז גאָט דערווידער און קאָן אָפּנעמען באַם קעמפער יענע וועלט. ניט נאָר אין גאַנײדן וועט ער ניט אַרײַן — ער וועט אַרײַנפאַלן אין געהענעם, וואו די רעשאָים קאָכן זיך אין הײסע פעך און שוועבל, וואו די מאַלאַכײ־כאַבאָלע בראָטן זײ אַף הײסע סקאָווראָדעס, הענגען פאַרן צונג און טוען איבער זײ אָפּ פאַרשײדענע אַנדערע אינקוויזיטאָרישע שטיק. די האָפענונג אַף גאַנײדן, די מוירע פאַר געהענעם ברענגט צו דער האָפענונג אַפן כעסעד פון באַלעבאָס — דעם עקספּלואַטאַטאָר, די מוירע פאַרן הימלשן און ערדישן קײסער פלאַנצט אײַן דעם שקלאַפן־באַוואוסטזײַן,

פֿאַרהיט פֿון קאַמפּס-לוסטיקייט. די האָפֿענונג פֿונם אַרבעטער, פּויער, באַלמעלאָכע, אַף גאַנײדן און י ע נ ע ר וועלט זיכערט פֿאַר די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים אַ גאַנײדן אַף ד ע ר וועלט. די מוירע פֿון די אַרבעטער און פּויערים, די מוירע פֿון די עקספּלואַטירטע פֿאַרן גענהענעם אַף יענער וועלט פֿאַרלענגערט זייער גענהענעם אַף ד ע ר וועלט.

# „האָב ליב דעם אנדערן ווי זיך אליין“

„ואהבת לרעך כמוך“ — האָב ליב דעם אַנדערן ווי זיך אַליין — אַזוי שטייט געשריבן אין דער טוירע. דאָס איז דער גרעסטער טריומף אין די הענט פֿון גאָטס סטראַפּטשעס צו שלאָגן יעדן, ווער עס וויל באַווייזן די רעאַקציאָנערקייט פֿון דער אידישער רעליגיע.

„ווי קאָנט איר זאָגן, אַז אונזער רעליגיע איז אַ רעאַקציאָנערע — טאַינען זיי — ווען זי שרייבט פֿאָר ליב צו האָבן דעם אַנדערן ווי זיך אַליין? קען זיין אַ העכערער אידעאַל, ווי ליב האָבן דעם אַנדערן ווי זיך אַליין?“ גאָטס'דינער מאַכן זיך גאָט די נעשאָמע שולדיק. זיי מאַכן זיך טאַמעוואַטע, טוען אַף זיך אָן אַ פֿעל פֿון צוויעס און געפֿינען מיליאָנען מענטשן, וואָס גלויבן זיי.

„פֿרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט“ איז געווען דער לאָזונג פֿון דער פֿראַנצויזישער בורזשואַזיע אין דער רעוואָלוציע פֿון 1789 יאָר. און די בורזשואַזיע דערקלערט, אַז זי פֿאַרווירקלעכט דידאָזיקע „פֿרייהייט, גלייכהייט, און ברידערלעכקייט“. די „דעמאָקראַטיע“ פֿאַרווירקלעכט, טאַינען זיי, דעמדאָזיקן לאָזונג. און ניט נאָר די פֿראַנצויזישע בורזשואַזיע, ניט נאָר די בורזשואַזיע פֿון ענגלאַנד, דײַטשלאַנד, אַמעריקע ווילן אײַנשמועסן די ברייטע פֿאָלקס מאַסן, אַז אין די בורזשואַזע מעלוכעס הערשט פֿרייהייט און גלייכהייט. זיי צו הילף קומען די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, סטאַם סאָציאַליסטן, און ביכלאַל פֿאַרעטער, וואָס ריידן איין דעם אַרבעטער קלאַס, דאָס אָרעמע פּויערטום, אַז די דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציעס פֿון זייערע לענדער זיכערן פֿרייהייט און גלייכהייט פֿאַר אַלעמען. עס איז אָבער גענוג אַ קוק צו טאָן, ווי עס לעבן די פֿאַבריקאַנטן און פּריצים פֿון איין זייט, און ווי עס 'מאַטערן זיך די אַרבעטער און אָרעמע פּויערים פֿון דער אַנדער זייט, קעדיי צו אָפּשאַצן דעם עמעסן ווערט פֿון דער „פֿרייהייט און גלייכהייט“ אין די בורזשואַזע לענדער. קאָלזמאַן די ערד בלייבט אין די הענט פֿון די פּריצים און די פֿאַבריקן און זאַוואָדן אין די הענט פֿון די קאַפּיטאַליסטן, איז יעדע רייד וועגן „פֿרייהייט און גלייכהייט“ בלויז אַ מיטל אָפּצונאַרן די פֿאָלקס-מאַסן, פֿאַרבלענדן זיי די אויגן, מאַכן זיי פֿאַר געהאָרכזאַמע קנעכט פֿונם קאַפּיטאַל. ווילן מיר וויסן, וואָס פֿאַר אַ מאַמאָשעס עס האָט דער לאָזונג „פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט“, האַרפֿן מיר פֿרעגן באַ די אָנהענגער פֿון דעמדאָזיקן לאָזונג, וואָס מיינען זיי וועגן אָפּגעבן די ערד, די פֿאַבריקן און זאַוואָדן אין די הענט פֿון די, וואָס באַאַרבעטן טאַקע די ערד, וואָס אַרבעטן טאַקע אין די פֿאַבריקן און זאַוואָדן; פּאָשעט גערעדט, — צי זיינען זיי אָנהענגער פֿון סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. ווער עס בלייבט אַן אָנהענגער פֿון פּריוואַט אייגנטום אַף ערד און פּראָדוציר מיטלען, און רעדט אין דערזעלבער צייט וועגן פֿרייהייט און גלייכהייט, יענער איז אַ צוואַק, אַן אָפּנאַרער, אַ פֿיינט פֿונם אַרבעטער-קלאַס, וואָס וויל אים פֿאַרבלענדן די אויגן און פֿאַראַטן אים צו דער בורזשואַזיע.

„האָב ליב דעם אַנדערן ווי זיך אַליין" איז ניט דער איינציקער געבאָט אין דער טוירע. לאָמיר אַ קוק טאָן צי האַלט אויס דערדאָזיקער געבאָט דעם פּרוּוו, וואָס מיר האָבן געשטעלט פאַר דעם לאָזונג „גלייכהייט און ברידערלעכקייט". קען מען דען ריידן וועגן „ליב האָבן דעם אַנדערן, ווי זיך אַליין", ווען איינער איז אַ האַר און דער אַנדערער אַ קנעכט? קאָן מען דען ריידן וועגן „ליב האָבן דעם אַנדערן ווי זיך אַליין", ווען מע זאָגט אַז אָרעמעלייט וועלן זיין אייביק אַף דער וועלט? קאָן מען דען „ליב האָבן דעם אַנדערן ווי זיך אַליין", ווען דאָס פּריוואַט־אייגנטום איז הייליק און קיינער טאָר אַף אים, כאָלילע, ניט אָנגרייפן? — „צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט קיין געלט ניט" — זאָגט אַ אידיש ווערטל. צוזאָגן אוילאָמהאַבע און ליב האָבן לויט די געבאָטן פון דער טוירע איז בעעמעס אַ ביליקע זאַך. און די טוירע דערקלערט דאָך דאָס פּריוואַט־אייגנטום פאַר אומבאַרירלעך. די טוירע אָנערקענט דאָך דעם אינסטיטוט פון קנעכטשאַפט. די טוירע זאָגט צו איין פאָלק צו הערשן און דעם צווייטן — זיין אונטערטעניק. „דינען וועלן דיר פעלקער און בוקן וועלן זיך פאַר דיר מעלוכעס" — אַזוי בענטשט איצכאָק זיין זון יאַנקעוו. לויט דעם געבאָט פון דעמזעלבן גאָט, וואָס הייסט „ליב האָבן" ווערן אויסגעהאַרגעט גאַנצע פעלקער פון קליין ביז גרויס. אַזוי האָט גאָט באַפוילן אויסצוהאַרגענען די אַמאָלייקים, צו טויטן קליין און גרויס אין יעריכע.

„אַז דו וועסט קויפן אַ קנעכט אַ אידן, זאָל ער באַ דיר דינען זעקס יאָר, און דעם זיבעטן זאָל ער אַרויס פריי" — אַזוי איז געשריבן אין דער טוירע (שמות 21). זיינען די „דעמאָקראַטישע" גאָטס סטראַפּטשעס פול מיט „סאָציאַליסטישער" גאַיווע פון אַזעלכע „ליבעראַלע" געזעצן. מיר וועלן אָבער דאָ נאָר פעסטשטעלן: *קויפן קנעכט* איז לויט דער טוירע דערלויבט. ווי שטימט עס אָבער מיטן געבאָט „האָב ליב דעם אַנדערן ווי זיך אַליין?

ווייטער: „אויב זיין האַר האָט אים געגעבן אַ ווייב און זי האָט אים געבוירן זין אָדער טעכטער, איז די ווייב און די קינדער דאַרפן בלייבן באַם האַר און ער (דער קנעכט) דאַרף אַוועקגיין אַליין". דער קנעכט דאַרף אויספירן פאַר זיין האַר די ראָל פון אָגער, וואָס דאַרף אים שאַפן נייע אַרבעטס־פערד — נייע קנעכט. דאָס הייסט „ליב האָבן דעם אַנדערן ווי זיך אַליין".

ווייטער: „אויב דער קנעכט וועט זאָגן איך האָב ליב מיין האַר, מיין ווייב און מיינע קינדער — איך וועל ניט אַרויסגיין אַף דער פריי, דאַן זאָל אים זיין האַר ברענגען פאַר גאָט און זאָל אים אַוועקשטעלן צום טיר אָדער צו דער פּריטולקע און זאָל אים דורכלעכערן זיין אויער מיט אַן אָל — און *ער זאָל בלייבן באַ אים פאַר אַ קנעכט אַף אייביק*". דער קנעכט וויל ניט אַרויס פריי, ווייל ער וויל זיך ניט שיידן מיט זיין פרוי און קינדער, ער האָט „ליב זיין האַר, ווי דער הונגעריקער אַרבעטער האָט „ליב" דעם קאַפּיטאַליסט, וואָס לאָזט אים אַרויס „פריי" — פריי אַן ערד, אָן אינסטרומענטן, פריי צו פאַרקויפן זיין אַרבעט אַן אַנדער עקספּלואַטאַטאָר. איז אָט דערפאַר, וואָס דער קנעכט האָט „ליב" זיין האַר, דערפאַר, וואָס ער וויל זיך ניט שיידן מיט זיין פרוי און קינדער, פאַר אָט דער ליבע דאַרף ער לויט גאָטס געזעצן, בלייבן אַן אייביקער קנעכט. די אַלע „ליבעראַלע" געזעצן זיינען אויך נאָר כאַל אַף אַ אידישן קנעכט. אַן „עוועד

קנאַני" — אַ קנעכט אַ „גוי" געניסט ניט, לויט דער טוירע, אַפילע פון אָט די „ליבע=ראָלע" געזעצן.

אין דעמזעלבן קאַפּיטל (שמות 21) לייענען מיר נאָך אַזעלכע דינים: „אויב איין מענטש האָט געשלאָגן דעם אַנדערן און יענער איז געשטאָרבן, זאָל ער געטויט ווערן"... „אויב אַ מענטש וועט שלאָגן זיין קנעכט אָדער זיין דינסט מיט ריטער און זיי וועלן שטאַרבן... אין אַ טאָג אָדער צוויי טאָג אַרום, דאַרף ער ניט באַשטראָפט ווערן, ווייל דאָס איז דאָך זיין געלט".

שטעלן מיר אויס אין איין ריי דעם געבאָט „האָב ליב דעם אַנדערן ווי זיך אַליין" מיט די אַנדערע געבאָטן פון דער טוירע, זעען מיר, וואָס פאַר אַ מאַמאָשעס עס האָט דער געבאָט פון ליבע. די פריידיקער פון גאָטס געבאָטן דעקן זיך צו מיט אַ טאַלעס פון ליבע, קעדיי צו פאַרהיטן די אָרדענונג פון שקלאַפעריי, עקספּלואַטאַציע, רויב און פעלקער=סינע, פונקט ווי דער פריידיקער פון רייניער דעמאָקראַטיע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פאַרמאַסקירן מיט דעמדאָזיקן לאָזונג די דיקטאַטור פון די הערשנדיקע עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן. גאָטס געבאָטן שטייען ניט אין קיין ווידערשפּרוך, נאָר, פאַרקערט, זיי שטיצן די הערשנדיקע קלאַסן אין זייער נידערטרעכטיקער עקספּלואַטאַציע, רויב און גזילע.

די מאָדערניזירטע גאָטס דינער, די אויפגעקלערטע ראַבינערס, ווי אויך די ראַבאָנים מיט שאַרפע קעפּ, זוכן ווי ניט איז צו באַזייטיקן די סטירעס אין די טוירע=געזעצן, צו מאַכן שאָלעם צווישן „ליבע" און עקספּלואַטאַציע. די מאָדערניזירטע ראַבינער פאַרשטייען ניט שלעכט דעם עמעסן זין פון די טוירע=געזעצן, און דערקלערן, אַז „ליבע" דאַרף זיין דער „אידעאַל", צו וועלכן מיר דאַרפן שטרעבן און ד ע ר ו וי י ל:.. דאַרפן מיר שטיצן די עקזיסטירנדיקע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, ד ע ר ו וי י ל דאַרפן מיר שיצן דאָס ה יי ל י ק ע פּריוואַט=אייגנטום אַפן פּאָשעטן לאָשן הייסט עס: דערווייל די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, שפּעטער... ווען מאָשיעך וועט קומען — דער אידעאַל פון „ליבע". ו ואַ ר ט אַף מאַשיעכן! די ווייניקער אויפגעקלערטע, ווייניקער פילאָזאָפיש געשולטע, ראַבאָנים מיט שאַרפע קעפּ פאַרשטייען ריכטיק דעם עמעסן זין פון די טוירע=געזעצן — שטיצן די קלאַסן=געזעלשאַפט, — און זיי טייטשן אויס די „ליבע" אין דעם עמעסן גייסט פון זייער טוירע. „האָב ליב דעם אַנדערן ווי ז י ך אַליין" — האָט איינמאָל דערקלערט אַ ראָוו, און האָט געשטעלט דעם טראָפּ אַפן וואָרט „ז י ך". „האָסטו דען גלייך ליב אַלע טיילן פון דיין גוף?" — האָט ער געזאָגט — „קעדיי צו ראַטעווען דעם קאָפּ, וועסטו געווים מאַקריוו זיין מיט אַ האַנט, מיט אַ פוס, די רעכטע האַנט האָסטו ליבער ווי די לינקע, ווייל זי אַרבעט בעסער. אַ פינגער קאָן מען ניט פאַרגלייכן צו דער גאַנצער האַנט, און די ליבע צום אייגענעם נאָגל איז שוין גאָר אַ קליינע — אים קאָן מען פּאָשעט אָפּשניידן. ליב האָבן דעם אַנדערן ווי זיך אַליין — דערקלערט דער ראָוו — הייסט מאַכן אַן אונטערשייד צווישן מענטשן. דעם גאָען, דעם צאַדיק, דעם גוויר — דעם באַל=צדאָקע, — זיי האָב ליב ווי דיין קאָפּ. קלענערע מענטשן — ווי דיין האַנט, דיין פוס, דעם פינגער, און מענטשן קלייניקע — באַלמעלאָכעס, שניידערוקעס, שוסטאַרעס האָב ליב ווי דיין נאָגל". אַזאַ דערקלערונג פון „ואהבת לרעך כמך" איז גאָר ניט קיין אַפּיקאָרסישע, אַזאַ ראָוו ווייס גוט דעם גייסט פון דער אידישער טוירע.

# „קאָל איסראָעל כאַווײרים"

די אידישע רעליגיע דערקלערט, אַז „קאָל איסראָעל כאַווײרים" — אַלע אידן זיינען כאַווײרים. די „כאַווערשאַפט" פון דעמדאָזיקן לאָזונג שיידט זיך ווייניק אָפּ פון דער „ליבע" אין „ואהבת לרעד כמך". צוויי גרונט געדאַנקן ליגן אָט אין דעם לאָזונג.

ערשטנס, טאָר קיין גלויביקער איד ניט מאַכן קיין אונטערשייד צווישן קלאַסן אין דעם אידישן פאָלק גופא. „אַלע אידן זיינען כאַווײרים" — און דעריבער טאָר איין איד דעם אַנדערן ניט האַלטן פאַר זיין סוינע. דעריבער טאָר דער אידישער אַרבעטער ניט קעמפן קעגן דעם אידישן קאַפּיטאַליסט, טאָר דער אידישער האָרעפּאַשניק ניט קעמפן קעגן דער אונטערדריקונג מיצאַד די אידישע גווירים, פּראָצענטניקעס, קלייקוידעש און אַנדערע שיינע אידן. דער אידישער פאַבריקאַנט מעג עקספּלואַטירן דעם אידישן אַרבעטער, דער אידישער פּראָצענטניק מעג רואינירן דעם אידישן קוסטאַר. גאָט האָט זיי געבענטשט מיט רייכקייט, געגיסן זיי פון גאָטס באַרעמהערציקייט. רייך און אָרעם איז איינגעשטעלט פון גאָט אַף דווירעס. דעם פאַבריקאַנט האָט גאָט געבענטשט מיט אַ פאַבריק, און דעם אַרבעטער האָט גאָט געגעבן קויעך צו אַרבעטן. דאַרפן ביידע זיין דאַנקבאַר גאָט פאַר זיין בעסעד. אַף אַזאַ כאַווערשאַפט קאָן דער פאַבריקאַנט, פאַרשטייט זיך, איינגיין. און דער אַרבעטער דאַרף איינגיין, אויב ער וויל ניט אָפּטרעטן פון גאָטס געבאָטן, אויב ער וויל בלייבן אַ „ערלעכער איד" לויט די געבאָטן פון דער טוירע.

צווייטנס, שטעלט אַנטקעגן דערדאָזיקער לאָזונג דאָס אידיש פאָלק קעגן אַלע אַנדערע פעלקער, קעגן אַלע „גויים". דאָס אידיש פאָלק איז אַ „אויסדערוויילטע פאָלק", דאָס איינציק פאָלק, וואָס גאָט האָט אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער. דאַרפן אַלע אידן פעסט האַלטן זיך איינע פאַר די אַדערע און ניט צונויפמישן זיך מיט די אַנדערע פעלקער. טאָר אַ איד ניט איבערגעבן דעם אַנדערן אין „גויעשע הענט". טאָר דער אידישער אַרבעטער ניט פאַראייניקן זיך מיט די אַרבעטער פון אַנדערע פעלקער צום קאַמף קעגן אַלע קאַפּיטאַליסטן, צווישן זיי אויך די אידישע.

די פּראָגראַם פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זאָגט, אַז אין גרונט פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק אירער ליגט „די פּאָליטיק פון דערנענטערן די פּראָלעטאַריער און האַלב-פּראָלעטאַריער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן צוליב געמיינזאַמען רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן די פּריצים און די בורזשואַזיע".

די אידישע רעליגיע הייסט אַלע אידן פאַראייניקן זיך קעגן אַלע גויאים.

די קאָמוניסטן זאָגן „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך".

די אידישע רעליגיע רופט: „גיס אויס דיין צאָרן אַף די גויאים".

## מאָשיעך

אַלע אידן זיינען כאַווײרים... אַלע גויאים זיינען זייערע סאָנים... די אידן זיינען פאַר זייערע זינד פאַרטריבן געוואָרן אין גאָלעס... נאָר גאָט קאָן זיך דערבאַרעמען אַף זיי און

אויסלייזן זיי דורך זיין געזאַלבטן — דורך מאָשיעכן — אַזוי לערנט די אידישע רעליגיע. יעדער פרומער איד בעט דריי מאָל אַ טאָג באַם דאַווענען, ער זאָל זוּכע זיין צו דערלעבן, ווי דער ריבוינעשעלוילעם וועט זיך אַליין אומקערן און וועט אומקערן די אידן אין ציען. דאָ, „אין גאָלעס“, מוז זיך האַלטן יעדער איד פאַר אַ פרעמדן; זיין אייגן לאַנד איז ערעץ איסראָעל, פאַלעסטינע. האָפן אַף אַ בעסערן לעבן דאָ, וואו זיי וואוינען איצט, דאַרפן די אידן ניט, קעמפן אַוואַדע ניט — זיי דאַרפן וואַרטן אַף מאָשיעכן. דער אידישער פאַבריקאַנט, דער אידישער באַנקיר קאָן בעעמעס זיצן רואיק און וואַרטן אַף מאָשיעכן, אויב די אַרבעטער זאָלן נאָר אויך צוזאַמען מיט אים וואַרטן. ער וועט וואַרטן און וועט דערווייל רואיק עקספּלואַטירן די אַרבעטער, און זיי וועלן וואַרטן און וועלן זיך רואיק לאָזן עקספּלואַטירן. גאָטס-דינער זאָגן צו די אַרבעטער, אַז זיי וועלן אויסגעלייזט ווערן דורך מאָשיעכן און לייזן שוין אוים די קאַפּיטאַליסטן פונם פראָלעטאַרישן קלאַסן-קאַמף.

## דער בונד פונם ציאָניזם מיטן קלעריקאַליזם

ווען עס איז אַנטשטאַנען דער ציאָניזם, האָבן זיך די קלייקוידעש צוערשט דערשראָקן. זיי האָט זיך געדוכט, אַז דער ציאָניזם איז אַ געפערלעכער קאָנקורענט פאַר מאָשיעכן. זיי האָבן גערעכנט, אַז ווען די אידן וועלן ווערן אָנהענגער פון דעם ציאָניזם, וועלן זיי אויפהערן צו גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פון גאָט, וועלן זיי אויפהערן צו גלויבן אין דעם, אַז נאָר גאָט קאָן באַפרייען די אידן פון גאָלעס. זיי האָבן מוירע געהאַט, אַז דער ציאָניזם וועט אָפציען די אידן פון דער הייליקער טוירע און זיי וועלן פאַרלירן זייער צוטרוי צו די קלייקוידעש. באַלד האָבן זיי אָבער דערזען, אַז זיי האָבן אַ טאָעס געהאַט, זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער ציאָניזם איז ניט קיין קאָנקורענט פאַר מאָשיעכן, נאָר זייַנער אַן אַגענט. פריער פאַר אַלע האָבן עס פאַרשטאַנען די „מיזראָכים“ — די ציאָניסטן אין יאַרמאָלקעס. שפּעטער האָבן עס באַגריפן אַלע קלייקוידעש. זיי האָבן געזען, אַז דער ציאָניזם טוט דאָסזעלבע, וואָס די קלייקוידעש און עס איז געשלאָסן געוואָרן אַ הייליקער בונד צווישן די קלעריקאַלן און ציאָניסטן ביז היינטיקן טאָג. דער ציאָניזם רעדט איין די אידן, אַז „קאָל איסראָעל כאַווייריִם“ פונקט ווי די קלייקוידעש. דער ציאָניזם טאַינעט, אַז די אידן זייַנען אומעטום פרעמדע פונקט ווי די קלייקוידעש. דער ציאָניזם פלאַנצט סינע צום „גוי“ אַבסאָליוט אינם גייסט פון דער הייליקער טוירע. דער ציאָניזם שפּייזט דעם אַטאָבעכאַרטאָנו-געפיל ניט ערגער, ווי די הייליקע ספאָרים. דער ציאָניזם רופט די אידישע מאַסן צו פאַרלאָזן זיך אַף דעם גערעכטיקייט-געפיל פון די אימפעריאַליסטן, ווי די קלייקוידעש אַפן גערעכטיקייט-געפיל פון דעם אימפעריאַליסטישן גאָט. דער ציאָניזם דערקלערט דאָס לאַנד פון די אַראַבער פאַר דאָס לאַנד פון די אידן נאָר אַף דעם סמאַך, וואָס די אידן האָבן דאָרט געלעבט מיט 2 טויזנט יאָר צוריק. די קלעריקאַלן דערקלערן, אַז פאַלעסטינע איז אַן „ערעץ איסראָעל“, — אַ לאַנד פון די אידן, ווייל גאָט האָט אויסגעווילט דאָסדאָזיקע לאַנד פאַר זיין אויסגעווילט פאָלק, מיט וועלכן ער איז צוזאַמען אַוועק אַף אַ שטיקל צייט (אַ פאָר טויזנט יאָר) אין גאָלעס. דאָס „היסטאָרישע“ רעכט אַף פאַלעסטינע ווערט אַף אַזאַ אויפן באַגרינדעט

סיי פון די קלעריקאַלן, סיי פון די ציאָניסטן. און בײדע — אי די קלעריקאַלן אי די ציאָניסטן — האָבן איין ציל: שפּײַזן די אידישע מאַסן מיט אילוזיעס אַף אַ יענער וועלט אָדער אַ יענעם לאַנד (ערעץ איסראָעל), אײַנפּלאַנצן אין די אידישע מאַסן נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, אָפּציען דעם אידישן אַרבעטער פון קלאַסן-קאַמף, מאַכן די אידישע האָרעפּאַשניקעס פאַר אַ געווער אין די הענט פון די אימפּעריאַליסטן. *יערטאַקע שטיצט די וועלט-בורזשואַזיע די ציאָניסטן,* בעאיים דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל דערקלערט, אַז עס איז נויטיק „אָן אויפהער אויפצוקלערן און אויפדעקן פאַר די ברייטסטע אַרבעטנדיקע מאַסן פון אַלע לענדער און פעלקער, באַזונדערס די אָפּגעשטאַנענע, דעם שווינדל, וועלכן עס פירן דורך סיסטעמאַטיש די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס מיט דער הילף פון די פּריווילעגירטע קלאַסן פון די אונטערדריקטע לענדער, אונטער דער מאַסקע פון באַשאַפן פּאָליטיש אומאָפּהענגיקע מעלוכעס, אַרויסרופנדיק צום לעבן מעלוכעס, וואָס זײַנען פולשטענדיק אָפּהענגיק פון זיי אין עקאָנאָמישן, פינאַנציעלן, מיליטערישן הינזיכט. *אַלס בוילעטער בײַשפּיל פון אָפּנאַרן דעם אַרבעטער-קלאַס פון אַן אונטערדריקטער נאַציע, וואָס איז אָפּגעטאָן דורך די פּאַרייניקטע קרעפטן פון דעם אימפּעריאַליזם פון דער אַנטאַנטע און דער בורזשואַזיע פון דער אַנטשפּרעכנדיקער נאַציע, קאָן דינען די פּאַלעסטינישע אונטערנעמונג פון די ציאָניסטן, וועלכע גיבן אָפּ פאַקטיש אַלס קאָרבן דער ענגלישער עקספּלואַטאַציע די אַראַבישע באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע אונטער דער מאַסקע פון שאַפן אַ אידישע מעלוכע אין פּאַלעסטינע, וואו די אַרבעטס-פּעאיקע אידן בילדן בלויז אַן אומבאַדײַטנדיקע מינדערהייט.* אין דער איצטיקער צווישנפעלקערלעכער לאַגע איז ניטאָ קיין רעטונג פאַר די אָפּהענגיקע און שוואַכע נאַציעס אויסער אין אַ פאַרבאַנד פון סאָוועטישע רעפּובליקן“. (2-טער קאָנגרעס פון קאָמינטערן).

## ווי די בורזשואַזיע דאַיגעט פאַר די אינטערעסן פון דער נאַציע

די בורזשואַזיע פון אַלע פעלקער רעדט שטענדיק אין נאָמען פון דער נאַציע. זי שרײַט שטענדיק, אַז די אינטערעסן פון דער נאַציע איז איר טײַערער פאַר אַלץ אין דער וועלט, און אין דערעמעסן דאַיגעט זי נאָר פאַר די אינטערעסן פון דעם קאַפּיטאַליזם, זאָרגט זי נאָר פאַר אײַנהיטן איר הערשאַפט. לענין האָט עס ניט איינמאָל אויפגעוויזן מיט היסטאָרישע פאַקטן. „מיר, פּראָלעטאַריער — זאָגט לענין — האָבן צענדליקער מאָל געזען ווי די בורזשואַזיע *פאַראַט* די אינטערעסן פון פרייהייט, פון פאָטערלאַנד, פון דער שפּראַך און נאַציע, ווען פאַר איר שטייט אויף דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט. מיר האָבן געזען, ווי די פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט אינם מאָמענט פון שטאַרקסטער אונטערדריקונג און דערנידערונג פון דער פראַנצויזישער נאַציע פאַראַטן זיך די פּרייסן, ווי די רעגירונג פון נאַציאָנאַלער שוץ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעגירונג פון פאָלקס-פאַראַט, ווי די בורזשואַזיע פון דער אונטערדריקטער נאַציע האָט אײַנגעלאַדן צו זיך

אַף הילף די סאָלדאַטן פון דער אונטערדריקנדיקער נאַציע, קעדיי צו דערשטיקן די אייגענע לאַנדלייט—די פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן געוואַגט אויסצושטרעקן די הענט צו דער מאַכט“ *.

מיר האָבן אַליין, מיט אונזערע אייגענע אויגן, געזען, ווי די בורזשואַזיע פאַראַט די אינטערעסן פון איר פאָלק און רופט פרעמדע כאַיל זיך צו הילף קעדיי צו דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און פויערים פון דער אייגענער נאַציע. דאָס האָט געטאָן די אוקראַינישע בורזשואַזיע, ווען זי האָט זיך פאַרקויפט צו יעדן, ווער עס האָט נאָר מאַסקים געווען צו דערשטיקן די רעוואָלוציע: זי איז געווען אין די אָרעמס פון דעם דייטשישן קייסער, זי האָט זיך אָפּגעגעבן דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע, זי האָט זיך ביליק פאַרקויפט דער פוילישער שליאַכטע, אַבי זיי זאָלן איר נאָר העלפן אַ טעל מאַכן פון די אוקראַינישע אַרבעטער און פויערים, וואָס האָבן פאַרטריבן זייערע פריצים און קאַפּיטאַליסטן און האָבן אָרגאַניזירט אַ ווירקלעך פרייע סאָוועטישע אוקראַינע. דאָסזעלבע האָבן געטאָן די גרוזינער בורזשואַזיע און פריצים, איינלאַדנדיק צו הילף די ענגלישע אימפּעריאַליסטן קעגן די גרוזינער אַרבעטער און פויערים.

די אידישע בורזשואַזיע שטייט נישט אָפּ פון אירע נישט-אידישע קאָלעגעס. ווען די צאַרישע רעגירונג האָט געהעצט די אַרבעטנדיקע פון איין נאַציע אַף די אַרבעטנדיקע פון דער אַנדער נאַציע, קעדיי צו צעשפּאַלטן די קרעפטן פון דער רעוואָלוציע, ווען זי האָט אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אַף אידן, האָבן די אידישע באַנקירן געליען געלט דער רוסישער זעלבסטהערשונג אַף צו דערשטיקן די רעוואָלוציע. ווען די פּעטליורישע באַנדעס האָבן כאָרעוו געמאַכט הונדערטער אידישע שטעטלעך, געשענדעט טויזנטער אידישע פרויען און אויסגעהאַרגעט צענדליקער טויזנט אידישע מענער, פרויען און קינדער, האָט דער ציאָניסט זשאַבאָטינסקי געשלאָסן אַ בונד מיטן זעלבן פּעטליורע. ווען דעניקין האָט געריסן לעבעדיקערהייט די פלייש פון די אידישע מאַסן, האָט דער ציאָניסט פּאָסמאַניק גערופן די אידן גיין אין דעניקינס אַרמיי, קעדיי צו דערשטיקן די באָלשעוויקעס. און איצט ווען די סאָוועטן-מאַכט אָרדנט איין די אידן אַף ערד, ווען אין מעשעך פון עטלעכע יאָר האָט די סאָוועטן-מאַכט איינגעאָרדנט אַף ערד אין צען מאָל מער אידן איידער די ציאָניסטן פאַר עטלעכע צענדליקער יאָר, איצט זינגען די ציאָניסטן און די קלייקוידעש די פאַרביסענע סאָנים פון דער אידישער ערד-איינאָרדענונג אין סאָוועטן-פאַרבאַנד. דאָס דעקט אויף זייער עמעסן פּאַרצעף, זייער עמעסע ליבע צום פאָלק, דעם עמעסן כאַראַקטער פון זייער נאַציאָנאַליזם.

ווי די אידישע גאָטספאָרכטיקע פאַבריקאַנטן פאַרשטייען דעם לאָזונג „קאָל איסראָעל כאַוויירים“ באַווייזט זייער בוילעט דער אויפרוף פון דעם דווינסקער לעדער-פאַבריקאַנט גריליכעס און דעם שוועבל-פאַבריקאַנט שלוימע זאַקס אין 1901 יאָר, אונטערן נאָמען: „אַ בריוו צו די דווינסקער באַלעבאַטים און גווירים“. אָט איז ער: *.

* אין 1871 יאר האבן די פראנצויזן געקראגן א מאפאלע אין דער מילכאמע מיט פרייסן. די ארבעטער האבן דאן פארכאפט די מאכט אין פאריז („פאריזער קאמונע“). די פראנצויזישע בורזשואַזיע האט איינגעלאדן אירע נעכטיקע סאנים—די פרייסן צו דערשטיקן די קאמונע.

** ציטירט לויט א. לעוו און ר. ווין—„קלייקוידעש אין קאמף מיט דער ארבעטער באוועגונג“.

# א פּיירעש צו „קאָל איסראָעל כאַווייריִם“

„בעסטער הער. אַזוי ווי עס איז געגרינדעט געוואָרן באַ אייך אין דווינסק אַ כעווורע סטאַצעצניקעס־שאָציאַליסטן אין בלאָע העמדלעך מיט קוטאַסן פון דער זייט, אַריבערגעלאָזן איבער די הויזן, אין ווייסע היטלען, מיט מעסערס אין די טאַשן, וועלכע דערלויבן זיך צו גאַנווענען, גאַזלענען, טאָן קאָל האַגוואָלעס אין דער וועלט: האַרגענען מענטשן אין מיטן גאַס, „לעין השמש“. יעדער מענטש, וועלכער זעט זייערע אַקטן, וואָס זיי טוען אָפּ, מאַכט זיך אויך ניט זעענדיק און ניט הערנדיק, מאַכמעס ער האָט פורכט, דאָס מע זאָל אים אויך ניט האַרגענען, און אַזוי וועראַן זיי אויס און פאַרניכטן, און פאַראָרעמען, אויב ניט האַרגענען צום טויט יעדן איינצלנעם באַלעבאָס, סיי פון די באַלמעלאָכעס, קרעמער, סיי פון די פאַבריקאַנטן, קופּצעס און פּאָדראַטשיקעס, אַלעמען אייִנציקווייז, ווי אַ קאַץ ראַמט אויס אַסאַך טרוסליווע מייז, וועלכע יעדע אייִנציקע האַלט פאַר זיך און באַהאַלט זיך באַזונדער אין אַ לאָך — דערום איז געבליבן בעהעסקעם באַ אונז באַלעבאַטים, צו זען, צו שטרייטן קעגן דעם מיט קאָל האַמעגלעכקייטן. זען אַנטקעגן דעם סאָרט מענטשן, וועלכע לייקענען אין גאָט און ווילן ניט וויסן פון קיין שום הערשונג, באַ וועלכע מענטשעלעך בלוט האָט אַ קלענערע ווערדע, ווי וואַסער. מיר דאַרפן ניט שלאָפן אין דעם איניען און ניט מאַכן זיך גרינגער אַפן האַרצן און זאָגן: פּאָטער, דאָס איז גאָרניט, דאָס איז נאָר אַן אייסעק פאַר קליינע אינגלעך, וואָס דאָס וועט באַלד איבערגיין. ניין, ליבע פריינט, דאָס איז ניט אַן איבערגאַנג. זעט נאָר, גיט אַ קוק, וואָס עס איז געוואָרן גאָר אין אַ קורצער צייט. וויפל מענטשן האָבן זיי שוין געהאַרגעט. אין אָנפאַנג האָט זיך גאָר אָנגעהויבן גאָר פון אייניקע פּראָסטע יונגען, איינפאַכע באַלמעלאָכעס, פאַרבערס, וועלכע האָבן גענומען פאָדערן גאָר קלייניקייטן. באַלמעלאָכעס און גווירים האָבן דאָס גאָרניט גענומען וואָונימאַניע און האָבן גאָר געלאַכט פון דעם, אויב וועלכע עס האָט נאָך דאַן דאָס ניט אָנגערירט, האָבן זיי נאָך געגעבן אַ טייקעף און געזאָגט, דאָס זיי זיינען גאַנץ נערעכט. הייִנט זעט, ווי דאָס האָט זיך פאַרברייטערט, הייִנט אַרבעט באַ זיי אין דעם אַלע באַלמעלאָכעס־פּויעלים, פּריקאַזטשיקעס, שילער און דער גאַנצער געמיינער גאַראָד. אויך זייערע פאָדערונגען זיינען אָן אַ ברעג. וואָס ווייטער, פאַרלאַנגען זיי מערער, ביז דאָס לעצט וועלן די קאַפּיטאַליסטן זיי מוזן אַוועקגעבן זייער פאַרמעגן, זייערע פרויען און קינדער און אין ענדע אויך זייערע נעשאָמעס. דאָס איז זייער ציל. אַזוי ווי עס איז אין זייערע פּראָקלאַמאַציעס, צייטונגען. ווער עס האָט געלעזן זייער ניעזצענזורנעם זשורנאַל „די אַרבעטער־שטימע“. אויך פון זייערע ביכער, על כן, ליבע פריינט, מוזן מיר זען צו שטרייטן קעגן דער איצטיקער קראַנקייט, וועלכע גייט אַרום איצט איבער דער וועלט, ווי אַ כאָלערע, און מע האָט ניט קעגן דעם קיינע מיטלען אָפּצוהאַלטן די קראַנקייט. מיר מוזן טאָן קעגן דעם די זעלבע מיטלען, וואָס זיי טוען קעגן אונז. דאָס ערשטע זאַך איז אַכדעס. מיר, באַלעבאַטים און גווירים, קרעמער און פּאָדריאַדטשיקעס, מוזן זיין אין אַכדעס קעגן דעם איניען. ווער עס קאָן גאָר וואָס עס איז טאָן קעגן זיי, ווער עס קאָן גאָר באַגראָבן אַ כעווורעמאַן, סיי פון באַלמעלאָכעס און סיי פון פּריקאַזטשיקעס, ווער עס וויים גאָר עטוואָס פון זיי, טאָר ניט שווייגן און זען צו באַגראָבן זיי מיט וואָס נאָר מעגלעך איז. צונויפריידן זיך גאָר באַלעבאַטים און גווירים

און רוידעפן זיי עד להרמה, אָן ראַכמאָנעס. „הבא להרגך, השכם והרגו“, דאָס הייסט, דער וואָס וויל דיך טויטן, פֿאַרכאַפּ און טויט אים פֿריער. דער צווייטער מיטל איז געלט. מיר דאַרפֿן גרינדן כעוורעס און קלייבן געלט אַף דעם איניען, אַף פֿאַרשיידענע קאָסטן. פֿאַר געלט קריגט מען אַלץ. מיר דאַרפֿן געבן פּאָליציי געלט, דאָס זיי זאָלן טאָן אין דעם מיט מער שטאַרקייט, אויך פּראָשעניעס צו דערלאַנגען אין גובערניע, אויך אין פּעטערסבורג און שרייען אין איין קאָל, אַז מע זאָל אונז ראַטעווען. מע זאָל זען איינצולעשן דעם פֿייער, וועלכער שטאַרקט זיך פֿון מינוט צו מינוט און וויל איינשלינגען דעם גאַנצן איצטיקן לעבנס=אַרט, וועלכער וויל אוניצטאָזען רעליגיע און די רעגירונג. צו דינגען ליידיקע מענטשן, וועלכע זאָלן קאָנען אַרבעטן אין דעם, ווייל מיר אַליין האָבן דאָך קיין צייט ניט. נאָר דאָך מוזן מיר פֿון צייט צו צייט אַכטונג געבן אַף די אויפֿירונגען און פּאָריאַדקעס. מיר דאַרפֿן דינגען מענטשן, און איבערהויפּט קריסטן, וועלכע זאָלן קאָנען אָנלערנען זייערע כעוורע=סטאַצעניקעס, וועלכע טוען אַבידעס זייערע באַלעבאַטים. אַזוי ווי זיי טוען מיט אונז, אַזוי דאַרפֿן מיר טאָן מיט זיי, אָן ראַכמאָנעס. צו דינגען אייגענע פּיסקאַלן, וועלכע זאָלן אויסלעדעווען זייערע געהיימע ערטער און זייערע געהיימע פּלענער און דאָס אַלץ אַרויסצוגעבן צו דער רעגירונג. ניט ראַכמאָנעס האָבן אַף אייגן ברודער און קינד, דען זיי האָבן אויך ניט קיין ראַכמאָנעס. צו מאַכן פּריגאָוואָרן אַרויסצושיקן די איבעריקע מענטשן פֿון שטאָט, וועלכע טוען גאָרניט און גייען מער ניט אַרום איבערן שטאָט צו אַרבעטן אין דער כעוורע שאָציאַליסטן. פֿויעלן בײַ דער רעגירונג, דאָס די באַלמעלאָכעס זאָלן ניט האָבן קיין פּלאַץ — אַרבעטער=בירזשע, וואו זיי קלייבן זיך צונויף יעדן טאָג אין פֿרימאָרגן אום ניט אַרבעט צו זוכן, נאָר צונויפֿריידן זיך, ווי צו דייסטווען, ווען אומגליקלעך צו מאַכן און ווען צו האַרגענען. אויסצופֿירן דאָס מע זאָל די שטאָטיקע שול אָדער איר גאָר אינגאַנצן צומאַכן, אָדער צושטעלן יעדן שאַבעס און יאָנטעוו לעבאָלאַפּאָכעס 5 גאָראָדאָוויע און 10 אָדער 20 סאָלדאַטן, וועלכע זאָלן שטיין אַפֿן הויף און אין די טויערן ניט צולאָזן זיי אַרומגיין איבערן הויף, אָדער איבער יענער גאַס; אין דער צייט פֿון דאַוונען צעטרייבן זיי אָדער אין שול, וואו זיי זאָלן שטיין אַף איין אָרט, אָדער זיי זאָלן גיין אַהיים. דען דאָרטן איז בײַ זיי אַ רעכטער צוזאַמענקום=אָרט, וואו זיי באַראַטן זיך אָפּצוטאָן אַלע קרימינאַלן. דאָרט איז אַלע סקאַנדאַלן, דראַקעס, דאָרטן האַרגעט מען מענטשן. עס איז שאַנדע פֿאַר כלל ישראל, שאַנדע פֿאַר דער אידישער רעליגיאָן, וואָס אָנשטאָט די שול האָט געברויכט צו זיין אַן אייגנטלעכער בית=אלקים, איז האָס גאָר אַ בית פּריצים פֿאַר שאָציאַליסטן, סטאַצעניקעס, זשוליקעס, גאַנאָווים, גאַזלאָנים און קרימינאַליסטן. וויפֿל מענטשן האָבן זיי שוין דאָרטן געהאַרגעט, אַך, שאַנדע, שאַנדע... אויך, ליבע פֿריינט, באַלעבאַטים און גווירים פֿון דווינסק, שלאָפֿט ניט אין דעם איניען, זעט זיך צו ראַטעווען, קאָלזמאַן עס איז נאָך צייט, האָט ראַכמאָנעס אַף אייער פֿאַרמעגן, האָט ראַכמאָנעס אַף אייערע ווייבער און קינדער און אַף זיך אַליין, מע זאָל זען טאָן וועגן דעם ווי ווייט מעגלעך איז. ווייזט די בריוו אייערע גוטע פֿריינט, באַלעבאַטים און גווירים און רעדט זיי צו, זיי זאָלן אויך זען טאָן אין דעם. און ווען מיר וועלן אַלע זיין בדעה אחד, דאַן וועלן מיר קאָנען מעקאַיעם זיין דעם פּאָסעק „ובערת הרע מקרבך“, דאָס הייסט, דו זאָלסט אויסראַמען די שלעכטע פֿון דיר“.

## קעגן ציאָניזם און קלעריקאַליזם—דער פאַרבאַנד פון די אַרבעטער פון אַלע נאַציעס

לענין האָט געשריבן: „די קאַפּיטאַליסטן און פריצים ווילן אומבאַדינגט צעשיידן די אַרבעטער פון פאַרשיידענע נאַציעס, און די האַרן פון דער וועלט אַליין — זיי הויזן אויסגעצייכנט צוזאַמען, אַלס אַקציאָנערן פון האַכנאַסעדיקע מיליאָנען־געשעפטן (ווי לעמאַשל די לענער גאָלד גרובן), — סיי פּראַוואָסלאַוונע, סיי אידן, סיי רוסן, סיי דייטשן, סיי פּאָליאַקן, סיי אוקראַינער — אַלע באַ וועמען עס איז נאָר פאַראַן קאַפּיטאַל, עקספּלואַטירן צוזאַמען די אַרבעטער פון אַלע נאַציעס“.

קעגן דעם ציאָניזם און קלעריקאַליזם שטעלן מיר — דעם פאַרבאַנד פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע נאַציעס. גיט קיין האָפענונג אַף אַ „נאַציאָנאַלער היים“ אין פּאַלעסטינע, נאָר אַ קאַמפס־בונד פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע נאַציעס בעראָש מיטן פּראָלעטאַריאַט פאַרן קאָמוניזם.

עס זיינען ניטאָ קיין פּראָגרעסיווע רעליגיעס. יעדע רעליגיע איז רעאַקציאָנער. רעאַקציאָנער ווי אַלע איז אויך די אידישע רעליגיע. קעגן יעדע רעאַקציאָנערישקייט מוזן מיר קעמפן.

## ליטעראַטור


Шейнман—Бог и Капитал, гл. V.

טשעמעריסקי — ר. ק. פּ. און די אידישע מאסן.

האַדאָד — דער ציאָניזם ווי ער איז.

מערזאָן — די אַראַבישע און די אידישע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע.

Никольский — Происхождение еврейских праздников и христианского культа. Заключительная глава


## פראַגן צו איבערכאַזערן

1. וואָס האַלטן מיר פאַר רעאַקציאָנער?
2. וועלכע געבאָטן פון דער טורע באַווייזן באַזונדערס די רעאַקציאָנערקייט פון דער אידישער רעליגיע?
3. אַנאַליזירט דעם טעזיס פון דער טורע: „אַרעמעלייט וועלן זיין אייביק“.
4. אין וואָס באַשטייט די רעאַקציאָנערישקייט פונם גלויבן אין „האַשגאָכע פּראַטיעס“?
5. פאַרוואָס איז רעאַקציאָנער דאָס גלויבן אין „יענע וועלט“ און אין מאַשיעך?
6. באַווייזט די רעאַקציאָנערישקייט פונם לאָזונג „קאָל איסראָעל כאַווירים“.
7. פאַרוואָס איז דער ציאָניזם און קלעריקאַליזם צוויי לייבלעכע ברידער?
8. דערקלערט די סיבעס פון דער אַראַביש-אידישער שכיטע אין פּאַלעסטינע אין 1929 יאָר.

# קאפיטל 9

# קלייקוידעש

## צוליב וואָס דאַרף מען האָבן די קלייקוידעש

ווען אַ אידישן אישעוו זאָל טרעפן אַן „אומגליק“ און פון דאָרט זאָל פאַרשווינדן דער שויכעט, וואָלט דער גאַנצער אישעוו דאַרפן ווערן וועגעטאַריאַנער. אַלע אידן וואָלטן מוזן אופהערן עסן פלייש. אָן אַ שויכעט קאָן קיין שום לעבעדיק באַשעפעניש (אויסער פיש) זיך ניט לאָזן בראָטן אין אַ אידישן אויוון, קאָן ניט ליגן אַף אידישע טעלער, קאָן ניט אַריינקומען אין אַ אידישן קאָשערן מויל. נאָר אין די ניין טעג (פאַר טישעבאָוו), ווען אידן טאָרן קיין פלייש ניט עסן, קאָן אַ שויכעט באַקומען אורלויב בא זיין היילי־קער קעהילע.

„אומעגלעך“ איז אויך אויסצוקומען אָן אַ ראָוו. עס איז ניט געווג, אַז דער שויכעט זאָל קוילען די בעהיימע, אָדער דעם אָף. מע דאַרף אַז דער ראָוו זאָל באַשטעטיקן, אַז די קאָשער געקוילעטע בעהיימע איז אויך קאָשער צום עסן. און עס טרעפט דאָך אין אַ אידישער הויז ווען אַן אומגליק: אין איילעניש פאַרבייט אַמאָל די באַלעבאָסטע די יאָצרעם און טוט אַ רוק (ניט פאַר קיין אידן געדאַכט!) אַ פליישיקע לעפל אין אַ מיל־כיקן טעפל, אָדער עס טוט אַ שפריץ פון פליישיקן מאַיכל אַף אַ מילכיקער סקאָווראָדקע, אָדער... ווער קען עס אויסרעכענען אַלע אומגליקן, וואָס עס קאָן טרעפן אין אַ אידיש הויז. און אויסהעלפן קאָן בלויז דער ראָוו. ער קאָן פאַסקענען, וואָס קאָשער און וואָס טרייף איז; וואָס מען מעג טאָן און וואָס מען טאָר ניט טאָן. אָבער ניט צוליב עסן אַליין איז נויטיק דער ראָוו, ער איז נויטיק אַף יעדן שריט און טריט. ווערט געבאָרן אַ קינד, דאַרף מען אָנקומען צום ראָוו. עס קומט דאָך ניט אַף דער וועלט קיין פאַרטיק אידעלע. אַ אידן דאַרף מען דאָך ערשט מאַכן. דער ספעק אין דעמהאָזיקן איניען איז טאַקע דער מויעל, אָבער אָן אַ ראָוו, אָן זיינע בראָכעס איז דער ברים קיין ברים ניט. אָן אַ ראָוו קאָן מען ניט כאַסענע האָבן. אָן אַ ראָוו קאָן מען קיין קינדער ניט געבוירן. נאָר דער ראָוו קאָן פאַסקענען די שאַילעס־נאָשים, נאָר ער, דער ראָוו, קאָן אין געווויסע פאַלן באַשטימען, צי קאָן די פרוי זיין נאָענט מיט איר מאַן. אָן אַ ראָוו קאָן מען זיך ניט ליב האָבן, אָן אַ ראָוו קאָן מען זיך ניט געטן. אָן אַ ראָוו קאָן מען אויך ניט האַנדלען. האַנדלשאַפט איז ניט קיין ברודערשאַפט: דאַרף מען ניט זעלטן אָנקומען צו אַ ריכטער. ניט יעדער ריכטער דאַרף אָבער וויסן, ווי אידן האַנדלען. דעם ראָוו קאָן מען מער פאַרטרויען: ער וועט די סוידעס פון זיינע באַלעבאַטים ניט אַרויסגעבן.

און נים נאָר אין וואָכעדיקע גאַשמיעסדיקע זאַכן איז בוימק אַ ראָוו. דער ראָוו איז דער גייסטיקער פירער פון זיין געמיינדע, ער איז דער „מוירע צעדעק" — ער לערנט גערעכטיקייט, ער לערנט ווי דער מענטש דאַרף אויספילן זיינע פליכטן צו גאָט, — ער לערנט ווי דער מענטש דאַרף זיך באַגיין מיט לייטן. דער ראָוו זאָרגט, אַז עס זאָל, כאָלילע, קיין אייזעסיש אין שטאָט נים זיין; ער גים אַכטונג, אַז אין זיין קעהילע זאָל מען נים מעכאַלעל שאַבעס זיין, ער זעט, אַז די צדאָקע-בעוורעס זאָלן זיך געפינען אין די הענט פון די אָנגעזעענע, כאַשעווע באַלעבאַטים, אָדער ער אַליין איז זיך מאַטריעך און נעמט די בעוורעס אונטער זיין אייגענער האַשפּאָע; ער קלייבט און טיילט מאָעס-כיטים, ער זאָרגט דערפאַר, אַז אידן זאָלן לערנען טוירע, עס זאָל זיין אַ בעוורע מישנאַיעס, בעוורע טילים, בעוורע כאַיעאָדאָם און דאָסגלייכן. ער זאָרגט פאַר דער יוגנט — זי זאָל, כאָלילע, נים געשטרויכלט ווערן און זאָל נים אַריינפאַלן אונטער דער ווירקונג פון אַפּי-קאָרסים, קאָמוניסטן... ער באַזאָרגט די קינדער מיט יעשיוועס, טאַלמעטוירעס, כאַדאָרים. מיט איין וואָרט — ער איז אַ טרייער פּאַסטעך פון די שאָף אין זיין ק"ק — (קעהילע קדוישע) הייליקע קעהילע.

אַ ראָוו און שויכעט איז נאָך אָבער נים נעגוג פאַר אַ ק"ק. דער ראָוו גים אַכטונג, אַז אידישע קינדער זאָלן לערנען טוירע. די עצעם טוירע לערנט מיט זיי אָבער דער מע-לאַמעד,דער האָשעשיווע. דער ראָוו דאַיגעט, אַז אידן זאָלן דאַוונען, אָבער מיט טפילעס באַדינט זיי דער כאַזן. גאָטס הויז מוז האָבן נים נאָר גייסטיקע דינער, נאָר אויך גוטע באַלעבאַטים. דאַרף זיין אַ גאַבע אַ שאַמעס. אידן ווערן נים נאָר געבוירן, זיי האָבן די טעווע אויך צו שטאַרבן. איז פאַראַן אַ בעוורע קאַדישע, וואָס ברענגט צו קוואורעס איסראָעל.

אָט די אַלע לייט — דער ראָוו, דער שויכעט, דער דאַיען, דער כאַזן, דער מויעל, דער מעלאַמעד, דער האָשעשיווע, דער גאַבע, דער שאַמעס, די בעוורע קאַדישע, דער קוואָרעסמאַן, די טוקערן — דאָס זיינען אַלץ מענטשן, אָן וועלכע אַ איד קאָן נים גע-בוירן ווערן, קאָן נים לעבן און קאָן נים שטאַרבן. זיי זיינען קלייקוידעש. נויטיקע מענטשן דאַרפן באַצאָלט ווערן פאַר זייער נויטיקער, הייליקער אַרבעט. צאָלן אידן פאַרשיידענע ספּעציעלע שטייערן, וואָס גייען אַף געהאַלט דעם ראָוו, דעם שויכעט, דעם כאַזן... די גאָטס סטראַפּטשעס פאַרדינען קאָשער זייער געהאַלט: זיי באַדינען די קעהילע מיט מיצוועס.

## קאָשער און טרייף, מיצוועס און אוויירעס

קאָשער עסן. פלייש פון אַ בעהיימע, וואָס איז געקוילעט פון שויכעט און גע-בוידעקט פונם ראָוו איז געווים אַ געזונטער מאַיכל — זאָגן היינטוועלטיקע פּרומאַקעס, וואָס נייען צו אונטער אַלע אידישע מיצוועס אַ סאַניטאַרן אָדער מאָראַלן אונטערשלאָג. די „גויאים", זיי קאָנען זיך באַגיין מיט אַ וועטערינאַר, וואָס האָט געענדיקט אַן אוני-ווערסיטעט. „מיר אידן" זיינען דאָך עפּעס „אויסגעוויילטע", פאַרלאָזן מיר זיך נים אַף דער היינטוועלטיקער ווּסנשאַפט פון די „גויאים". מיר פאַרלאָזן זיך אַף די הייליקע ספאָרים, וואָס זיינען אָנגעשריבן אַסאַך הונדערטער יאָרן צוריק. אַפן גרונט פון אָט

די ספּאָרים פּאַסקנט אונזער ראָוו, צי איז די בעהיימע טרייף אָדער קאָשער. עסן אידן קאָשער פלייש און די טרייפע פאַרקויפט מען... די „גויאים“. אויב פלייש, וואָס איז טרייף לויטן אידישן דין, איז ווירקלעך ניט קיין געזונטע, אַנטיהיגיענישע, שעדלעכע, ווי אַזוי דערלויבט עס דער אידישער דין צו פאַרקויפן האָסדאָזיקע פלייש ניט-אידן? „גויאים“ זייגען דאָך אויך עפּעס, לעהאַוודל, מענטשן. ווי אַזוי דערלויבט עס דער אידישער „מאָראַלישער“ דין צו שעדיקן מענטשן, ווען גאָט האָט זיי אַפילו ניט אויסדערוויילט, ווי זיין געליבט פאָלק איסראָעל? אויב דער ראָוו, דער שויכעט גלויבן בעעמעס אַז טרייפע פלייש איז שעדלעך פאַרן מענטשנס געזונט, דאַן דאַרף מען דידאָזיקע גאָטס סטראַפּטשעס צוציען צום קרימינעלן געריכט פאַר דערלויבן צו פאַרקויפן טרייפע פלייש ניט-אידן. פאַרוואָס ציט מען דאָך ניט צו דידאָזיקע הייליקע „וועטערינאַרן“ צום געריכט? — דערפאַר, ווייל מיר ווייסן, אַז זיי פאַרשטייען אין מעדיצין וויפל אַ האָן אין בעניי-אָדאָם. דאָס געלט, וואָס ווערט געצאָלט דעם ראָוו און דעם שויכעט איז ניט קיין געצאָלט פאַר סאַניטאַר-אויפזיכט, — דאָס איז אַ ציגז דער אומוויסנהייט און אַבערגלויבן.

שאַילעס-נאָשים. ווידער היגיענע. דער ראָוו ווידער אין דער ראָל פון אַ דאָקטער. דאָסמאָל אַן אַקושער. ווידער אַפן סמאַך פון פאַרצייטיקע ספאָרים. די מיקווע, אין וועלכער עס באָדן זיך צענדליקער פרויען אין איין וואַסער, פרויען מיט פאַרשיידענע אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן, אָט די מיקווע דאַרף זיין אַ סאַניטאַרע איינריכטונג. אַ ראַכמאָנעס נעבעך אַף די „גויאים“, אַף די אומוויסנדיקע דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן, וואָס גלויבן ניט אין דערדאָזיקער היגיענע, און דערקלערן די מיקווע, פאַר אַ קוואַל... פון אַנטיסאַניטאַרישקייט.

מילע, מעציצע — וועגן דעם האָבן מיר שוין געשמועסט.

עסרעג, מעכירעס כאָמעץ. קיין היגיענע טרעט אַף דידאָזיקע דינים זייגען נאָך דערוויייל ניט צוגעטראַכט געוואָרן. נאַציאָנאַליסטישע, שאָוויניסטישע, אַבערגלויבישע טאַימים זייגען אונז שוין באַקאַנט.

יעשיווע און כיידער. אַנשטאַלטן, וואָס דאַרפן דערציען דאָס אידיש קינד. אַלע וויסנשאַפטן, וואָס ווערן געלערנט אין דער וועלטלעכער שול, ווערן דאָ פאַרביטן מיט איין אוניווערסאַלער וויסנשאַפט — די הייליקע טוירע. מאַטעמאַטיק, געאָגראַפיע, געשיכטע, נאַטור-וויסנשאַפט, פיזיק, כעמיע, געזעלשאַפט-קענטעניש, ליטעראַטור — אַלץ טרעט אָפּ דעם אָרט — דעם סידער, טאַנאַך, געמאָרע.

אָט פאַר די אַלע פונקציעס פון די קלייקוידעש דאַרף באַצאָלן דער אידישער האָרעפּאַשניק. אָבער ניט נאָר מיט געלט באַצאָלט ער די אַרבעט פון די קלייקוידעש. קאָשער און טרייף, שאַילעס נאָשים, עסרעג, מעכירעס כאָמעץ — דאָס זייגען ניט די גרונט אויפגאַבן פון די קלייקוידעש. זייער אויפגאַבע איז אַ העכערע — אַ געזעלשאַפטלעכע. מיצוועס און אַווייירעס, קאָשער און טרייף זייגען בלויז מיטלען פאַרן הויפט-ציל: דערציען געהאָרכזאַמע קנעכט פאַר די הארן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. העלפן די הערשנדיקע קלאַסן צו עקספּלואַטירן די אונטערדריקטע. איינהיטן די קלאַסן געזעלשאַפט. שטיצן די הערשנדיקע קלאַסן אין זייער קאַמף קעגן דעם אַרבעטער און פּויער. אַפילו דער בעסמעדרעש אַליין שפּיגלט אָפּ די קלאַסן-געזעלשאַפט. אויבנאָן די פּניי — די

רייכע באַלעבאַטים; די פעטע אַליעס פאַר די כאַשעווע אידן; גאַבאַאים זיינען די שענסטע, בייכיקע אידן. קאַוועד באַקומט דער, וואָס האָט געלט. די קלייקווידעש שטייען פאַר די גווירים אַף די הינטער פיסלעך און זיינען שטענדיק גרייט צו דינסט.

## די געזעלשאַפטלעכע ראָל פון די קלייקווידעש

פאַקטן דערציילן וועגן דער געזעלשאַפטלעכער ראָל פון די קלייקווידעש, וועגן זייער הויפט האָל.

ניט אומזיסט האָט דער לאָדזער ראָוו מייזל באַקומען אַ גאָלדענעם שווערד פון דער צאַרישער רעגירונג. ער האָט דער פּאָגראָמישער מאַכט טריי געהאָלפן באַקעמפן די רעוואָלוציאָנערע אידישע אַרבעטער. דער סקווירער ראָוו יאַמפּאָלסקי, האָט פאַר דער רעוואָלוציע געדינט אין דער אָכראַנקע. וועגן דעם דערציילן די אַרכיוון פון דער אָכראַנקע, אין וועלכע די סאָוועטן-מאַכט האָט זיך פאַנאַנדערגעקליבן. דער אַרכיוו פון אָריאָלער זשאַנדאַרם-פאַרוואַלטונג זאָגט איידעס וועגן דעם, אַז דער אָריאָלער ראָוו קאַצענעלנסאָן איז געווען אַ געהיימער אַגענט באַ דער אָכראַנקע. דער קישענעווער ראָוו, צירלסאָן, האָט דאָ ניט לאַנג באַקומען פון דער הענקערישער, פּאָגראָמישער רומענישער רעגירונג דעם טיטל גענעראַל.

אַז דער לאָדזער ראָוו, רעב עלי׳ע כאַים מייזל, האָט קאָשער פאַרדינט זיין גאָלדענעם שווערד באַ דער צאַרישער רעגירונג, באַווייזט פאָלגנדיקער אויסצוג פון אַן אַרטיקל אין לאָדזער אומלעגאַלן אָרגאַן „דער פרייהייטס-גלאָק“ נומער 1, פאַר סענטיאַבער פון יאָר 1901 *:

„אין שטרייק באַ ווישליצקען און טיקאַשינערן איז אונזער פרומער ראָוו, עליע-כאַים מייזל, אַרויסגעטראָטן אַלס פאַרמיטלער צווישן די פאַבריקאַנטן און די אַרבעטער. די אָרעמע אַרבעטער, גלויבנדיק אינם גוטן ווילן פונם ראָוו, האָבן זיך מיט כיישעק פאַרלאָזט אַף זיין פאַרמיטלונג. זיי האָבן געהאָפט דורך זיין פאַרמיטלונג דורכצוקומען מיט זייערע עקספּלואַטאַטאָרס און באַקומען פון זיי אַ באַפרידיקונג פון זייערע גערעכטע און געזעצלעכע פאָדערונגען. ס פאַרשטייט זיך, אַז דער ראָוו האָט די אינטערעסן פון די אַרבעטער ניט פאַרטיידיקט. לויט זיין מיינונג, איז די אַרבעטער באַשערט אַף שטענדיק צו זיין הונגעריקע שקלאַפן. אונזער גאָטספאַרכטיקער ראָוו האָט אונז געזוכט איינצורייד׳ן מיר זאָלן זיך אונטערגעבן. ער האָט געוואָלט אַף אונז ווירקן מיט דער הילף פון דער טוירע, און ווען מיר האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן, האָט ער, דער באַשיצער פון פאָלק איסראָעל, אונז געשראָקן מיט פּאָליציי און האָט טאַקי דערלאָזן, מע זאָל אונז אַרויסשיקן מיטן עטאַפּ“.

דאָס איז געווען ניט די איינציקע דינסט פון דעמדאָזיקן „מוירע צעדעק“ (לערער פון גערעכטיקייט) פאַר די קאַפּיטאַליסטן און דער צאַרישער רעגירונג. האָט ער טאַקי באַקומען אַ גאָלדענעם שווערד און די אידישע אַרבעטער בלייענע קוילן.

דער ראָוו צירלסאָן האָט דערגרייכט זיין הויכן טיטל אויך דורך אַ לאַנגן דינסט-לייטער. זיין שפּיאָנען-סטאַזש איז אַ גאַנץ אַלטער. שוין פאַר דער ערשטער רוסישער

* גענומען פון א. לעוו און ד. ווינ׳ס בוך: „קלייקווידעש אין קאמף מיט דער ארבעטער באוועגונג“

רעוואָלוציע האָט דערדאָזיקער „מוירע-צעדעק“ טריי געדינט דער זעלבסטהערשערישער רעגירונג אין איר קאַמף קעגן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג. ווען ער איז געווען אַ ראָוו אין פּרילוקי, פּאָלטאַווער גובערניע, האָט ער אַלס טרייער אונטערטאַן פֿון דעם גאָט געזאַלבטן קייסער ניקאָלאַי געמאָלדן דער זשאַנדאַרמעריע, אַז די אַלע יונגע לייט, וואָס גייען אַרום שאַבעס מיט שטעקלעך זיינען „דעמאָקראַטן“ און מע דאַרף זיי אַרויסשיקן פֿון שטאָט. די זשאַנדאַרמעריע האָט די אָנווייזונגען פֿון האראָוו צירעלסאָן פּונקטלעך פֿאַרטרויט און האָט טאַקי עטלעכע „דעמאָקראַטן“ אַרויסגעשיקט. דער ראָוו צירעלסאָן איז געווען ניט איינזאַם אין דעראָזיקער הייליקער אַרבעט. קעדיי צו פֿאַרלייכטערן די אַרבעט פֿון דער זשאַנדאַרמעריע, האָבן די אידישע קלייקוידעש ניט אין איין שטאָט און שטעטל צוזאַמען מיט די אידישע גווירים אָרגאַניזירט כעווריעס, וואָס האָבן זיך געשטעלט דעם ציל קעמפֿן מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג. די דאָזיקע כעווריעס האָבן זיך גערופֿן „שוימריי עמונע“ (היטער פֿון דער רעליגיע), „כאַוויירים קאָל איסראָעל“, „מאַכזיקיי האַדאַס“ (שטיצער פֿון געזעץ) א. ד. גל. די נעמען פֿון אָט די כעווריעס אַנטשפּרעכן פּונקטלעך זייער טעטיקייט. קעמפֿן קעגן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג איז איינער פֿון די בעסטע מיטלען איינצוהיטן די רעליגיע. איינהיטן דעם רעאַקציאָנערן לאָזונג „קאָל איסראָעל כאַוויירים“ קאָן מען נאָר דורך קאַמף קעגן דעם לאָזונג „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער פֿאַראייניקט זיך“. שטיצן דעם אידישן „דאַס“ (געזעץ) קאָן מען נאָר אויסראָטנדיק די סאָציאַליסטן, וואָס קעמפֿן קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג מיט אירע געזעצן. די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע אַרבעט פֿון די אידישע קלייקוידעש איז געווען ניט קיין אַרבעט נאָר פֿון איינציקע ראַבאָנים. דאָס איז געווען אַ כוויו פֿאַר יעדן גאָטס סטראַפּטשע. אַפֿן ראַבאָנים צוזאַמענפֿאָר אין קראָקוי, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין 1903 יאָר איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַן אויפֿרוף, וואָס באַווייזט קלאָר די באַציאונג פֿון דער גאַנצער קלייקוידעש קנופּיע צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

## אויפֿרוף פֿון דער קראָקויער ראַבאָנים-אַסיפֿע

אין דעמדאָזיקן „קול קורא“ פֿון דער קראָקויער ראַבאָנים אַסיפֿע לייענען מיר *:

„מיט 40—50 יאָר צוריק האָט דער סאָטן האַמאַשכים מיט זיינע שוואַרצע פֿליגלען עטלעכע מאָל אַ פּאַטש געטאָן אַף דער וועלט און האָט אַרויפֿגעבראַכט אַ רייעך איפּעש פֿון דעם ערשטן „מדור של גיהנם“: אַנאַרכיזם, ניהיליזם און סאָציאַליזם. עס זיינען דערמיט פֿול געוואָרן אַלע לענדער און אַביסל זאַראַזעט אויך אונזער פֿאָטערלאַנד רוסיאָ. צו די אַלע צאָרעס זיינען צו די העפֿקער מענטשן צוגעשטאַנען אַסאַך אָנהענגער אויך פֿון אונזערע הייסע קעפּ, געבילדעטע מענטשן און פֿראָסטע זכאָרים און נעקייוועס און פֿאַרפֿירט מאַיסים אַשער לוי יעאָסו, ווי אַלעמען איז באַקאַנט, פֿאַר וועלכע זיי אַלע האָבן דערנאָך באַקומען זייער פּסאַק, וועדליק זיי האָבן פֿאַרדינט כפּי חוקי הממשלה יר״ה (לויט די געזעצן פֿון דער מאַכט)“. און ווייטער ווערט אין דעמדאָזיקן אויפֿרוף געזאָגט: „די ראַבאָנים, געאוינים, צאַדיקים און די איבעריקע זאָלן זיך סטאַרען אויסוואָרצלען

* גענומען פֿון א. לעוו.

די אידייע פון סאָציאַליזם פון אונז אידן. מע זאָל לערנען אַלע אידישע שילער און שי־לערינס אידישקייט. אין קיין שטוב זאָל ניט געדאַכט ווערן קיין ביכל, קיין צייטונג, קיין בילד פון דער געפערלעכער בעוורע, וואָרעם עס איז אַ סאַמאַמאָוועס, און אויך מאַסרע זיין, באַ וועמען עס וועט זיך אין שטוב געפינען אַזעלכעס, וועט ער זיין פאַרעכנט פאַר איינעם פון דער בעוורע און וועט זיכער באַקומען זיין פּסאַק".

די ראַבאָנים אַף די ערטער האָבן זיך גענומען מיט בוישעק אויספירן דידאָזיקע געט־לעכע אינסטרוקציע. די מוידאָע פון דעם מעזעריטשער ראָוו, רעב כאַים זאַק, באַווייזט ווי די אָרטיקע ראַבאָנים־מאַכט האָט זיך גענומען פאַר דער הייליקער אַרבעט.

## מוידאָע פון דעם מעזעריטשער ראָוו

הודעה מהרב דפה.

„מען איז מודיע לאנשי עירם דפה, אַזוי ווי כנשמע איז דאָ הרבה מקומות בפה, וואָס קומען זיך צוזאַמען בחורים איבערהויפּט בשבת קודש בבוקר בשאת התפילה.אין יעדער אָרט איז דאָ אַ בחור, וואָס האָט כמה תלמידים, וואָס ער לערנט זיי, ווי אַזוי אַראָפּצוגיין מדרך התורה והיהדות, און גיין אַנטקעגן פראַוויטעלסטוואָ, וואָס דערמיט זיינען זיי רודף דעם גאַנצן כלל ישראל און מחלל שם שמים בפרהסיה וה' ירחם — דרום איז מען מוידיע, אַז עס איז יעצט נתיסד געוואָרן אַ חברה הנקראים בשם מחזיקי הדת אנשים אשר יראת ה' נגע בלבם והרב אבד"קק בראשם — (עס איז יעצט געגרינדעט געוואָרן אַ בעוורע, וואָס רופט זיך מיטן נאָמען „שטיצער פונם גזעזע", מענטשן, וואָס די מוירע פאַר גאָט האָט גערירט זייער האַרץ, און דער ראָוו פון דער הייליקער קעהילע שטייט אין דער שפּיץ פון זיי. מ. א.)..: און די בעוורע וועלן אַרומגיין אַכטונג געבן אין אַלע ערטער, אַז מע וועט געפינען אַזעלכע אַסיפעס אָדער פאַרזאַמלונגען פון באַכערים און בסולעס, וועט מען דאָס זאַיאַוועט דעם זשאַנדאַרמסקן גם די בע"ב (באַלעבאַטים), וואָס עס געפינען זיך באַ זיי אַזעלכע אַסיפעס, וועלן האָבן אַ גרויסן אומשטאַנד. גם איז מוטל אף יעדן מענטשן, וואָס וויים וואו די אַסיפעס געפינען זיך, זאָל מען קומען מעלדן להרב דפה, ולהשומע יונעם".

## וועמענס שליכעס פילן אויס די קלייקיידעש

עס געפינען זיך נאָך איצט ניט ווייניק זיידענע יונגע לייטלעך, וואָס ווילן איינשמועסן די אידישע האָרעפּאַשניקעס, אַז די אידישע טוירע איז אַ טוירע פון סאָציאַליזם. די געבראכטע דאָקומענטן באַווייזן ווי די שיצער פון דער טוירע „קעמפן", נעבעך, מיט לייב און לעבן פאַרן סאָציאַליזם. דעם סאָציאַליזם האָט געבראַכט אַף זיינע שוואַרצע פליגלען דער סאָטן האַמאַשכים — מעלדן די קלייקוידעש — און דעריבער קעמפן זיי צוזאַמען מיט דער שוואַרצער מייע, צוזאַמען מיט דער זשאַנדאַרמעריע קעגן דערדאָזיקער אַנשיקעניש פון געהענעם. „ראַבאָנים מישן זיך ניט אין פּאָליטיק, זיי גיבן נאָר אַכטונג, אַז די אידן זאָלן נאָר אויספילן די געזעצן פון דער טוירע" — טייַנען נאָך איצט די שיצער פון די קלייקוידעש. די געבראַכטע דאָקומענטן באַווייזן אָבער בוילעט, וואָס פאַר

אַ טאָם עס האָט די אַפּאַליטישקייט פון די ראַבאָנים. ניט נאָר קאָשער און טרייף אין הויזגעברויך פאַסקענען די ראַבאָנים, זיי האָבן נאָך אַן אַנדער סאָציאַלן באַשטעל פון די הערשנדיקע קלאַסן — פּאַסקענען, וועלכע אידייען זיינען קאָשער און וועלכע זיינען טרייף. זיי זיינען בוידעק ניט נאָר די אינגעווייט פון בעהיימעס, זיי זוכן אויס צוזאַמען מיט דער זשאַנדאַרמעריע די „טרייפע" האַרץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. פאַר זיי איז טרייף דער קאָמוניסטישער געדאַנק, פאַר זיי איז טרייף דער קאַמפס-ווילן, זיי זיינען מאַטיר בלויז אונטערטעניקייט, געהאָרכזאַמקייט פון די אַרבעטער און הערשאַפט



דעלעגאַציע פון קיעווער אידישער קעהילע בא ניקאָלאי דעם בלוטיקן אין קיעוו, 1911 י.
דער ראָוו אליעשקאָווסקי, דער ראָוו גורעוויטש און דער מיליאָנער מארגאָלין

פון די עקספּלואַטאַטאָרן. שלעכטע שיצער פון דער היליקער טוירע וואָלטן זיי געווען, ווען זיי וואָלטן ניט געשטיצט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, ווען זיי וואָלטן ניט געשטיקט יעדן פרייען געדאַנק, ווען זיי וואָלטן ניט געפּריידיקט, אַז מע דאַרף זיך אונ-

שטרוואַרפן די געבאָטן פון די ערדישע הערשער, פונקט ווי מען איז מעכוויעוו אויסצופילן די געבאָטן פון דעם קייסער אין הימל. יעדער הערשער איז פון גאָט געזאַלבט, יעדער קייסער האָט זיין סאַר אַפן הימל. בלויז איין מאַכט איז ניט פון גאָט — די מאַכט פון די אַרבעטער. זי איז פון דעם סאָטן האַמאַשכים, און דעריבער דאַרף מען מיט איר קעמפן, ווי מיט אַ בייזע אָגשיקעניש, ווי מיט אַ צאָרע פון געהעגעם.

## די קלײַקוידעש אין קאַמף קעגן דער סאָוועטן־מאַכט און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג

נאָר, עפשער איז דאָס אַלץ געווען אַמאָל, עפשער האָבן די ראַבאָנים איבערגעדרייט זייער קאַפּאָטע? די אָפּעגע טעטיקייט פון די קלייקוידעש אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער באַווייזט, אַז זיי דינען טריי דער טוירע און דעם קאַפּיטאַליזם. דער ראַבאָנים צוזאַמענפאָר אין וואַרשע אין 1926 יאָר האָט זיך אָפּן אַרויסגעזאָגט קעגן דער סאָוועטן מאַכט אין פסס"ר, וועלכע רוידעפט, קליימערשט, די אידישע רעליגיע. דער ראַבאָנים־צוזאַמענפאָר אין לעמבערג, אין 1928, האָט אויסגעדריקט זיין טרייקייט פּילסודסקים מאַכט, האָט גערופן די אידישע מאַסן צו ווייל אין סיים די אָנהענגער פון פּילסודסקין. יעדער גלויביקער איד איז מעכוויעוו צו שטימען קעגן די אַרבעטער צעטלען — קעגן די קאָמוניסטן, ער מוז שטימען פאַר די פאַשיסטן — די „רעטער“ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. דערזעלבער צוזאַמענפאָר האָט ווידער געפונען פאַר זיין הייליקן כוווו אַ ביל צו טאָן אַף דער סאָוועטישער רעגירונג. דאָס וואָס די סאָוועטן־רעגירונג אָרדנט איין אידן אַף ערד, ציט אַריין די אידישע יוגנט אין פאַבריקן און זאַוואָדן, רופט אַרוים סינע און האַס באַ די קלייקוידעש. וואָס גייט זיי אָן די לאַגע פון די אידישע מאַסן? זייער אויפגאַבע איז צו שטיצן די זיילן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. שיטן זיי פעך און שוועבל אַף דעם טייוולאָנישן אויפטו פון דער גאָטלאָזער סאָוועטישער רעגירונג, וואָס פירט אַראָפּ די אידן פון דעם אַלטן וועג פון די אָוועס, פון דער וועג פון טוירעס מוישע. דער ליבאַוויטשער רעבע, וואָס האָט אַזוי העלדיש געקעמפט קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג נאָך אין 1905 יאָר, גיסט אוים גאַנצע פאָמוניצעס זידלערייִ אַף דער סאָוועטן רעגירונג, אַף דער אידישער ערד־איינאָרדענונג, ווי נאָר זיינע הייליקע פיס זיינען אַריבערגעטראָטן די סאָוועטישע גרענעץ און זיינע ליכטיקע אויגן האָבן פאַר זיך דערזען דעם עמעסן בורזשואַזן גאַניידן.

באַ אונז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זיינען די קלייקוידעש גרויסע אָנהענגער פון וואָרטפרייהייט און אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער קעמפן זיי קעגן יעדן פרייען קאָמוניסטישן וואָרט. פונקט ווי אין דעם צאַרישן רוסלאַנד עקזיסטירן איצט אין פּוילן פאַרשיידענע כעוורעס פון „שומריי שאַבעס“, „סוימכיי טוירע“, „קאָל איסראָעל כאַוויירים“, וואָס קעמפן קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג מיט אָפן פאַשיסטישע מיטלען. דער פאָרשלאַג פון דעם ראַדזימינער רעבן, נאָך אין 1909 יאָר, אַז מע „דאַרף זיך מישטאַדל זיין באַ דער רעגירונג, אַז אַלע ביכער, וואָס ווירקן שלעכט אַף דער אידישער יוגנט און זיינען ביכלאַל שעדלעך פאַר דער אידישער עמונע, זאָלן קאָנפיסקירט ווערן“ ווערט איצטער דורכגעפירט אין לעבן אינם פאַשיסטישן פּוילן. גאַנצע סטראַפּטשעס זיינען גוטע צענזאָרן און שפּיאָנען באַ דער פּוילישער רעגירונג.

## פאַרשלייערטע קאָנטר־רעוואָלוציע

אין פּסס"ר מוזן זיך די קלייקוידעש פאַרמאַסקירן. אַרויסטרעטן אָפן קעגן דער סאָוועטן־מאַכט וואַגן זיי ניט. טוען זיי דאָס דורך פאַרשיידענע שפּיצלעך. עס פאָרן אַרום איבער שטעט און שטעטלעך מאַגידים, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר אַ „דאָקטער־פילאָסאָף", פאַר אַ „לעקטאָר" און האַלטן דראָשעס וועגן... קאָמוניזם. מוישע ראַביינו איז געווען דער ערשטער קאָמוניסט: די טוירע האַקדוישע איז דורכויס קאָמוניזם. לערנט, אידן, דעריבער די הייליקע טוירע. גייט אין דעם וועג, וואָס מוישע ראַביינו האָט אויך אָנגעוויזן. גאָטס טוירע וועט אייך ברענגען צום קאָמוניזם. דער וועג פון די היינטיקע קאָמוניסטן מוז איבערגעביטן ווערן אַפן וועג פון דער טוירע. אַזוי געפינען אַ מיטל די היינטיקע קלייקוידעש אַף אַ „קאָמוניסטישן" אויפן קעמפן קעגן קאָמוניזם. עמעס, ניט אַלע מאַגידים האָבן געפונען דעם ניי־מאָדישן וועג פאַר קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע דראָשעס. אַסאַך האַלטן זיך נאָך פאַרן אַלטן שטייגער: טייטשן פּסוקים פון דער טוירע, ־רענגען שטיקלעך פון מעדרעש, מאָלן די זיסקייט פון גאַניידן און די ביטערע יעסורים ־ון געהענעם, רופן אידן אומצוקערן זיך אַף גאָטס וועג, טפילע טאָן, העלפן אויסהאַלטן ־י נעסטן פון דער טוירע — יעשיוועס און כאַדאָרים. די אַפּיקאָרסישע מאַכט זאָרגט ־יט פאַרן קומענדיקן אידישן דאָר און ... בויט ניט קיין מיקוועס; דאַרפן פרומע אידן ־ען זיך אַליין אויסהעלפן אין אַזאַ וויכטיקן איניען, קלייבן געלט, און ניט לאָזן גיין צו ־רונט אָט דעם, שיינעם אידישן אַנשטאַלט, עס זאָלן ניט פאַרפלייצט ווערן די אידישע ־טעטלעך מיט מאַמזיירים, כאָלילע. טעמעס פאַר די מאַגידים איז פאַראַן גענוג. אַ לייניקייט 613 גאָטס געבאָטן! און וואָל קולאָם — דער גרעסטער, דער וויכטיקסטער ־עבאָט — פאָטער ווערן פון די באָלשעוויקעס. אַזאַ אויספיר קאָן מען אָפן ניט מאַכן ־ין דער דראָשע. פאַרענדיקן לאָזט זיך מיטן אַלטן „אוואוואָ לעציען גויעל", אָבער יעדער ־והערער דאַרף אַליין מאַכן דעם אויספיר, וואָס בעט זיך מאַמזש פון דער דראָשע: ־וריק צום אַלטן, באַקעמפט דאָס נייע.

## די רעליגיעזע קעהילע און צדאָקע־כעוורעס

בעוורע מישנאַיעס, כעוורע טילים, כעוורע סוימכע טוירע זיינען נאָך אויך איצטער ־אַראַן, אַפילע אין פּסס"ר, אָבער ניט זיי זיינען די וויכטיקסטע, אַף וועלכע די קלייקוידעש לייגן זייער באַזונדער אויפמערקזאַמקייט. די וויכטיקסטע כעוורעס זיינען איצט ־ צדאָקע־כעוורעס. דידאָזיקע כעוורעס האָבן אַ דאָפּלטן באַטייט: ערשטנס, זיינען זיי ־נלט־כעוורעס... און צווייטנס זיינען זיי אַ מין „געזעלשאַפטלעכע" אָרגאַניזאַציע, וואו ־ קלייקוידעש, צוזאַמען מיט די געפלייט און אין שוטפעס מיט די ציאָניסטן און אָפט ־וועזענע „סאָציאַליסטן", שאַפן זייער אַנטיסאָוועטישע טעטיקייט. די רעליגיעזע קע־ ־לע זוכט דורך אָט די צדאָקע־כעוורעס פאַרשפּרייטן איר ווירקונג אַף דער אידישער ־עמקייט. די צדאָקע־כעוורעס דאַרפן באַשיינפערלעך באַווייזן, אַז אַלע אידן זיינען ־וויירים, אַז די אידישע גווירים פאַרגעסן ניט זייערע אָרעמע „ברידער" און אַזוי אַרום ־אָפן אַז „איינהייטלעכן פראָנט" פונם אידישן געפאַן, קולאַק, גאָטס סטראַפּטשע

צוזאמען מיטן אידישן אָרעמאַן אונטער דער אָנפירונג פון די נעפליים און קלייקוידעש. די צדאָקע־כעוורעס גיבן אויך מיטלען, וואָס מע קאָן פאַרברויכן אַף קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער פראָפּאַגאַנדע, און אַ טייל טאַקי... אַראָפּלאָזן אין דער אייגענער קעשענע. די רעליגיעזע קעהילע איז אין די הענט פון דער צאַרישער רעגירונג געווען אַ געווער, דורך וועלכן זי האָט לייכטער אויפגעמאָנט די ספּעציעלע שטייערן, וואָס זי האָט אַרויפגעלייגט אַף די אידן (קאָראָבקע, ליכט־שטייער און ד. גל.) און האָט דורכגעפירט איר פאַרפינצטערונגס פּאָליטיק, איר שפּיאָנאַזש. און פאַר די אידישע פּניי, פאַר די קלייקוידעש איז זי געווען אַ מיטל פון הערשאַפט איבער די אידישע מאַסן, אַ מיטל פון זויגן דאָס בלוט פונם אידישן האָרעפּאַשניק, אַ מיטל צו פלאַנצן אַבערגלויבן, געהאָרכזאַמקייט, נאַציאָנאַזילים און שאָוויניזם, אַ מיטל אָנצושטאָפּן די אייגענע קעשענעס מיט די בלוטיקע געלט פון די האָרעפּאַשניקעס: „די טאַקסע“ פון מענדעלע מויכער ספאָרים גיט אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דער באַרעמהערציקייט, פרומקייט און גוטסקייט פון די אַלע גוטע, פרומע לייט. אַפילע צושטעלער פון קאַנטאָניסטן אין די יאָרן פון ניקאָלאַי דעם 1־טן האָבן געגעבן די הייליקע קעהילעס. די „כאַפּערס“ קאָן מען מיט אַ פולן גרונט צורעכענען צו די קלייקוידעש.

## אַן איינהייטלעכער פראָנט קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע

די קלייקוידעש ווערן אַלץ מער און מער אָן זייער ווירקונג אַף די אידישע מאַסן אין פּסס״ר. זיי קעמפן אָבער נאָך גאַנץ העפטיק פאַר זייער עקזיסטענץ. זיי נוצן אויס די פאַרשיידנסטע מיטלען אין דעמדאָזיקן קאַמף. פון פרואוון זיך פאַרשלייערן און צופּאַסן זיך צו די נייע באַדינגונגען ביז דעם אַלטן און פאַרעלטערטן מיטל פון ביירעם. עס זיינען נאָך איצטער פאַראַן ראַבאָנים, וואָס לייגן אַריין אין ביירעם קאָמיוניסטן; מ'קען נאָך אויך טרעפן ראַבאָנים, וואָס קעמפן קעגן עפּידעמיעס דורך אַריינטראָגן אַ מעס אין וואַוינונג פון אַן איישעסאיש. באַ דער סאָוועטן מאַכט קאָנען אָבער אַזעלכע אַלטפרענקישע ראַבאָנים זייער אָבסקוראַנטיזם ניט פאַנאַנדערוויקלען ברייט און זיי מוזן מיט קינע קוקן אַף דער פרוכטבאַרער טעטיקייט פון זייערע קאָלעגן אין פּוילן, גאַליציע, רומעניע און אַ. וו. מע קאָן אָבער ניט זאָגן, אַז די קלייקוידעש האָבן שוין גאָר קיין דערפאָלג ניט אין זייער טעטיקייט באַ אונז אין פּסס״ר. זיי האָבן נאָך אַ היפּשע שטיצע פאַר זייער טעטיקייט באַ די נעפליים, זיי באַקומען נאָך באַדייטנדיקע מיטלען פון אויסלאַנד. זיי ווענדן זיך נאָך הילף קלוימערשט פאַר ליידנדיקע און נוצן אויס די מיטלען פאַר פאַרשטאַרקן דעם קלעריקאַליזם, אַף פאַרנאַרן און אָפּנאַרן דעם אָרעמאַן, אַף שטיצן טאַלמעטוירעס, כאַדאָרים, אַף בויען מיקוועס, אַף האַלטן אַ שטאַט קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע מאַגידים, מעשולאָכים. די אידישע קלייקוידעש שליסן אָפּט יאַדאַכעס מיט די גייסטלעכע פון אַנדערע רעליגיעס אין זייער קאַמף קעגן דער סאָוועטן־מאַכט, ווייל זיי פילן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס בויט דעם סאָציאַליזם, גראָבט אַ קייווער פאַר אַלע רעליגיעס. אַ נייע אינטערנאַציאָנאַלע אַכדעס שאַפט זיך צווישן דעם ראָוו, געוועזענעם פּריסטאַוו און איצטיקן גאַלעד. ראַבאָנים קלייבן נעדאָוועס פאַר געוועזענע פּאָליציייליים, פאַר פּאָגראָמשטשיקעס; גאַלאָכים אַגיטירן קעגן אָפּגעבן די באַטעמעדראָשים פאַר אויפקלערונגס־

אנשטאַלט (סמאָלענסק), ראַבאָנים פּראָפּאַגאַנדירן קעגן אָפּנעמען קלויסטערס. די פינצטערע קויבעס גיבן זיך איינע די אַנדערע די הענט און שאַפן אַן איינהייטלעכן פראָנט קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע.

## ליטעראטור

אבע לעוו און ר. ווין — קלייקוידעש אין קאמף קעגן דער ארבעטער באוועגונג.
י. נאָוואקאָווסקי.—גאָטס סטריאַפטשעס.

Эстер Фрумкина — Долой раввинов.

## פראגן צו איבערכאזערן

1. אפן צאד פון וועלכן קלאס שטייען די קלייקוידעש ?
2. ברענג דערווייזן, אז די קלייקוידעש קעמפן קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג.
3. וואָס פאר א מיטלען פון קאמף ווענדן אָן די קלייקוידעש אין קאמף קעגן דער סאָוועטן-מאכט ?
4. ברענגט ביישפילן פון אייער פּראַקטיק, ווי די קלייקוידעש דינען דעם באלעגוף און נעפמאן בא די וואלן אין סאָוועט, אין דער קאָאָפּעראַציע און א. וו.
5. וואָס פאר א ראָל שפּילט די רעליגיעזע קעהילע ?
6. אין וואָס דריקט זיך אויס דער איינהייטלעכער פראָנט פון די קלייקוידעש פון פארשיידענע רעליגיעס קעגן דער סאָוועטן-מאכט ?

## קאפיטל 10

# רעליגיעזע מאָראַל און פּראָלעטאַרישע עטיק

## די מאָראַל פון דער טוירע

ווילט איר וויסן וואָס גוט און וואָס שלעכט איז, לייענט די הייליקע טוירע, וועלכע גאָט האָט געגעבן מוישען אַפן באַרג סינאַי. אין איר לערנט גאָט דעם מענטשן אייביקע מאָראַל, אייביקע גוטס. דאָס איז אַ בוך פול מיט אייביקע כאָכמע, מיט אייביקער גערעכטיקייט, מיט אייביקער רעכטפאַרטיקייט, מיט אייביקער ליבע. אייביק — ווייל דער בוך איז אַ געטלעכער.

אַזוי טאַיגען גאָטס דינער.

## גאָט אליין אלס מוסטער פון מאָראלישקייט

גאָט דינט די מענטשן אַליין אַלס ביישפּיל פון מאָראַל, פון גוטסקייט און רעכטפּאַרטיקייט. זיין אַזוי מאָראַליש ווי גאָט אַליין, זיין אַזוי גערעכט ווי גאָט אַליין, — דאָס קען נאָר זיין אַ אידעאַל פאַר די, וואָס גלויבן אין גאָט, וואָס האַלטן אים פאַר דעם האַר און שעפער פון דער וועלט, פאַרן קוואַל פון דער העכסטער אַבסאָלוטער מאָראַל. גאָט איז אַ גאָט פון ראַכמאָנעס... ער איז אָבער אויך אַ גאָט פון נעקאָמע.

גאָט האָט באַשאַפן די וועלט. ער האָט זי באַשאַפן, ווי ער אַליין האָט געוואָלט. ער האָט באַשאַפן דעם מענטשן און די כאַיעס. ער האָט געקענט מאַכן דעם מענטשן פאַר אַ גוטן אָדער אַ שלעכטן. אַלץ איז געווענדט פון זיין ווילן. ווייל ער איז דאָך עפּעס אַ גאָט.

מענטשן האָבן זיך געפּרוכפּערט און געמערט זיך. עס האָבן זיך געמערט כאַיעס און אויפעס. עס האָבן זיך געמערט אַלע גאָטס באַשעפעניש. מיטאַמאָל טוט גאָט אַ קוק אַף זיינע באַשעפעניש, און אים איז אומעטיק געוואָרן אַפן האַרצן: ניט אַזעלכע מענטשן האָט ער געוואָלט האָבן אַף דער וועלט, די מענטשן זיינען, — לויט זיין מיינונג, — ניט ווערט, אַז די ערד זאָל זיי טראָגן: שלעכטע הערצער זייגען בא די מענטשן, פאַרדאָרבענע כאַראַקטערס. האָט גאָט כאַראָטע באַקומען, וואָס ער האָט באַשאַפן די מענטשן און האָט באַשלאָסן — ניט אויסבעסערן זיי, ניט פאַריכטן זיין אייגענעם פעלער — נאָר, פאַרטיליקן די מענטשן פון דער ערד האָט ער באַשלאָסן. אָפּמעקן פון דער ערד אַלץ, וואָס עס לעבט, האָט גאָט באַשלאָסן, און ער האָט אַ מאַבל אַף דער וועלט געבראַכט.

וואָס וואָלט געזאָגט אַ פּאָשעטער מענטש ווענן אַזעלכע עלטערן, באַ וועלכע עס איז געבאָרן געוואָרן אַ קינד, וואָס איז זיי ניט געפעלן געוואָרן, האָבן זיי באַראָטע געקראָגן, וואָס זיי האָבן דאָס קינד אַף דער וועלט געבראַכט, און האָבן אים אין טייך דערטרונקען? עלטערן — אַכזאָרים, עלטערן — מערדער זיינען האָס. די גרעסטע שטראָף — פאַר אַזעלכע מענטשן! און גאָט? באַ אָט דעם גאָט דעם אַכזער, באַ אָט דעם גאָט דעם מערדער דאַרפן זיך די מענטשן לערנען ליבע, ראַכמאָנעס, רעכטפאַרטיקייט!

גאָט האָט געוואָלט אויסלייזן די אידן פון מיצראַים, — דערציילט ווייטער די טוירע, — האָט פּאַרע, דער קייסער פון מיצראַים, די אידן ניט געוואָלט באַפרייען. גאָט קען דאָך אַלץ, גאָט קען געבן דעם מענטשן אַ גוטע דייע און אַ שלעכטע דייע, קען אים פירן אַפן וועג פון גוטס און פון שלעכטס — אַזוי זאָגן די פרומע אידן. האָט גאָט אָבער ניט ווייך געמאַכט די האַרץ פון פּאַרען, נאָר, פאַרקערט, ער האָט זי פאַרשטיינערט, ער זאָל ניט אָפּלאָזן די אידן פון מיצראַים. גאָט האָט פאַרשטיינערט פּאַרעס האַרץ, און אַלס שטראָף פאַר אָט דערדאָזיקער שלעכטהערציקייט שטראָפט גאָט ניט נאָר פּאַרען, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק פון מיצראַים. צען מאַקעס פאַרן גאַנצן פאָלק. אויסגעהאַרגעט די עלצטע זין אין יעדן הויז אין מיצראַים. אָט האָט איר אַ גאָט, באַ וועלכן מע דאַרף זיך לערנען גערעכטיקייט און ליבע!

גאָט האָט געהייסן רוען שאַבעס.

ווען די אידן זיינען געווען אין דער מידבאָר, האָבן זיי אַמאָל דערזען אַ מענטשן, וואָס קלייבט האָלץ אום שאַבעס — דערציילט דער כומעש — האָט מוישע געפרעגט באַ גאָט, וואָס טוט מען מיט אַזאַ מענטשן. — „געטויט זאָל ווערן דערדאָזיקער מענטש, פאַרשטיינען זאָל אים די גאַנצע געמיינדע אויסער דער מאַכנע!“ — טראָגט אַרויס גאָט זיין פּסאַק=דין. אויב אַ מענטש זאָל וועלן גיין אין די וועגן פון אָט דעם גאָט, דאַרף ער זיין זון, וואָס פאָלגט אים ניט, גלייך פאַרשטיינען, טויטן. זאָגט, לעמאָשל, דער פּאָטער זיין זון, ער זאָל זיך זעצן אָפּרוען נאָך דער אַרבעט, און דער זון פאָלגט ניט — אַ טויט דעם זון.

אַזוי הייסט טאַקע די הייליקע טוירע באַגיין זיך מיט אַ זון, וואָס פאָלגט ניט טאַטע=מאַמע:

„אַז באַ עמעצן וועט זיין אַ זון אַ צעלאָזענער, וואָס הערט זיך ניט צו דעם, וואָס עס זאָגט אים דער פאָטער און מוטער, וואָס הערט זיך ניט צו צו זייערע שטראָף=רייד, זאָלן דאַן דער פּאָטער און מוטער אַרויסשלעפּן דעם זון צו די עלצטע פון שטאָט און זאָגן זיי: אונזער זון הערט ניט טאַטע=מאַמען, ער איז אַ פרעסער און זויפער. אַלע איינוואוינער פון דער שטאָט זאָלן אים פאַרשטיינען מיט שטיינער און ער זאָל געטויט ווערן“ (דברים מ״ט) — אָט דאָס הייסט דערציען קינדער לויט גאָטס געבאָטן, לויט געבאָטן פון אייביקער מאָראַל!

נאָר איין גאָט אין הימל איז דאַכט זיך פאַראַן אַף דער וועלט. ער וואָלט געקאָנט באַשאַפן די מענטשן אַזוי, אַז זיי זאָלן גלויבן נאָר אין אים, דעם איינציקן גאָט. טוט ער עס ניט. ער האָט די מאָנאָפּאָל און האָט פונדעסטוועגן מוירע פאַר קאָנקורענץ. גיט ער אַזאַ פאַראָרדענונג זיינע אָנהענגער: „אויב עס וועלן דיך אָנריידן בעסאָד דיין ברודער — דער זון פון דיין מוטער, — אָדער דער זון דיינער, אָדער די טאָכטער דיינע,

אָדער די פרוי דיינע, אָדער דער פריינט דיינער, וועלכע איז דיר טייער ווי די נעשאָמע דיינע און ער וועט דיר זאָגן: „לאָמיר גיין דינען אַנדערע געטער, וועלכע דו און דיינע אָוועס האָבן ניט געוואוסט — געטער פון יענע פעלקער, וואָס וואוינען אַרום דיר, אָדער ווייט פון דיר, פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן, — זאָלסטו ניט איינשטימען מיט אים, זאָלסטו ניט פאָלגן אים, זאָלסטו אַף אים קיין ראַכמאָנעס ניט האָבן, זאָלסט זיך אַף אים ניט דערבאַרעמען, זאָלסט אים ניט פאַרדעקן, ה א ר ג ע נ ע ן זאָלסטו אים. דיין האַנט זאָל זיין די ערשטע אַף אים צו טויטן אים, און דערנאָך די הענט פונם גאַנצן פאָלק. זאָלסט אים פאַרשטיינען מיט שטיינער צו טויט, דערפאַר ווייל ער האָט דיך געוואָלט אָפּקערן פון דיין גאָט דיין האַר, וואָס האָט דיך אַרויסגעפירט פון מיצראַיִם, פון קנעכטשאַפט" (דברים י"ג). — אַ געבאָט פון דעם איינציקן גאָט, דעם קוואַל פון אייביקער גערעכטיקייט, פון אַבסאָלוטער מאָראַל!

גאָט האָט געהאָלפן די אידן איינצונעמען יעריכע. זיבן מאָל זיינען די אידישע מאַכ־נעס געגאַנגען האַקאָפעס אַרום דער פעסטונג יעריכע, פונקט אַזוי ווי מען גייט האַ־קאָפעס סימכאַס־טוירע אַרום דעם בעלעמער אין בעסמעדרעש, — געגאַנגען, געטראָגן פאַר דער מאַכנע גאָטס אָרן און געבלאָזן שויפרעס. ווען מען איז אַרומגעגאַנגען די פעסטונג צום זיבעטן מאָל און מע האָט געשאָלט אין די שויפרעס, זיינען די ווענט פון דער פעסטונג איינגעפאַלן. און גאָט האָט געגעבן אַ פאַראָרדענונג די אידישע כאַיאָלעס: אַלע לעבעדיקע נעפאַשעס אין שטאָט דאַרפן אומגעבראַכט ווערן, געטויט ווערן, און צו די טייערע זאַכן, צו די רויב, טאָר זיך קיינער ניט צורירן — דאָס געהערט צו גאָט. די אידן האָבן געהערט דעם געבאָט פון גאָט זייער האַר און האָבן פאַרברענט די שטאָט און אַלץ וואָס אין איר, אַ ל ע מ ע ן פ ו ן ג ר ו י ס ב י ז ק ל י י ן. בלויז דאָס זיל־בער און גאָלד, די קופּערנע און אייזערנע קיילים האָט מען אַריינגעבראַכט אין דעם אויצער פון גאָטס־הויז. אָכאָן דער זון פון זעראַך האָט אָבער ווידערגעשפעניקט איז גאָטס געבאָט, און האָט פאַר זיך גענומען אייניקע זאַכן פון מילכאָמע־רויב. איז גאָט אַריין אין גרימצאָרן, האָט אָפּגעקערט זיין גנאָד פון דעם פאָלק איסראָעל און די אידן האָבן אָנגעהויבן צו ליידן מאַפּאָלעס. האָט יעשוע צעריסן זיינע קליידער, איז געפאַלן מיטן פּאָנעם צו דער ערד פאַר גאָטס אָרן, ער און אַלע אַלטע לייט האָבן באַדעקט דעם קאָפּ מיט ערד, און יעשוע האָט גערופן צו גאָט — פאַרוואָס האָט ער אָפּגעטאָן זיין בעטעד פון זיין פאָלק און גיט זיי איבער אין די הענט פון פרעמדע פעלקער. האָט אים גאָט געענטפערט: געזינדיגט האָט איסראָעל, זיי האָבן אויווער געווען אַף מיין געבאָט, זיי האָבן גענומען פונם רויב און האָבן עס פאַרלייקנט... זאָל ער, יעשוע, זוכן דעם שול־דיקן. און דער, וואָס וועט זיך אַרויסווייזן פאַר שולדיק זאָל פאַרברענט ווערן אין פייער: ער, זיין גאַנצע הויז־געזינד און אַלץ וואָס אים געהערט. נאָך אַ לאַנגער אונ־טערזוכונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שולדיק איז אָכאָן. יעשוע און אַלע בעניי־איסראָעל האָבן גענומען אָכאָנען דעם זון פון זעראַך, די זילבער, דאָס קלייד, דעם שטיק גאָלד, זיינע זין און זיינע טעכטער, זיין אָקס און זיין אייזל, זיין קעמל און זיינע שעפּסן, זיין געצעלט און אַלס, וואָס אים געהערט, און האָבן זיי אַרויסגעפירט אין טאָל — אָכויר. און יעשוע האָט געזאָגט: דערפאַר וואָס דו האָסט אונז באַטריבט, וועט דיך היינט גאָט באַטריבן, און אַלע אידן האָבן זיי פאַרשטיינט מיט שטיינער, האָבן זיי פאַרברענט אין

פייער, און ווידער פאַרשטיינט מיט שטיינער. דאַן איז גאָט איבערגעבעטן געוואָרן און איז אָפּגעגאַנגען פון זיין גרימצאָרן" (יהושע ז').

## די „אָוועס", צאַדיקים און הייליקע אלס מוסטער פון מאָראלישקייט

ניט נאָר גאָט אַליין קאָן אונז דינען פאַר אַ ביישפּיל פון אַזאַ גערעכטיקייט, פון אַזאַ מאָראַלישקייט. דיזעלביקע מאָראַלישקייט געפינען מיר אויך באַ די „אָוועס", די „הייליקע אָוועס" פון פאָלק־איסראָעל, באַ גאָטס צאַדיקים, באַ גאָטס דינער.

אָט איז אַ מוסטער פון באַציאונגען צווישן מאַן און פרוי, צווישן עלטערן און קינדער, צווישן לייבלעכע ברידער. דאָס איז די הויזגעזינד פון איצכאָק דעם זון פון אַווראָם אָווינו.

באַ ריווקען, דער פרוי פון איצכאָקן איז געבאָרן געוואָרן אַ צווילינג: יאַנקעוו און אייסאָוו. אייסאָוו איז געווען דער בכאָר, ווייל ער איז דער ערשטער אַרויס פון דער מוטערס טראַכט. די יונגען זייגען אויסגעוואקסן. איז אייסאָוו געוואָרן אַ מענטש, וואָס קען יאַגד, אַ פעלד־מענטש און יאַנקעוו איז געווען אַ מענטש אַ טאָם, וואָס זיצט אין געצעלט. איצכאָק האָט ליב געהאַט אייסאָוון, דערפאַר, ווייל ער האָט ליב געהאַט צו עסן אייסאָווס געפאַנגענע כאַיעס און אויפעס, און ריווקע האָט ליב געהאַט יאַנקעוון. האָט אָפּגעקאָכט יאַנקעוו אַ געקעכץ. אייסאָוו איז געקומען פון פעלד אַ מידער. האָט אייסאָוו געזאָגט צו יאַנקעוון: גיב מיר עסן אַביסל פון דעם רויטס, אָט פון דעם רויטס, ווייל איך בין זייער מיד. האָט יאַנקעוו געזאָגט אייסאָוון: פאַרקויף מיר שוין דיין בכוירע (זיין רעכט פון אַן עלטערן ברודער). אייסאָוו האָט אים געענטפערט: איך דאַרף באַלד שטאַרבן, אַף וואָס דאַרף איך האָבן די בכוירע. האָט אים יאַנקעוו געזאָגט: שווער מיר שוין. האָט ער געשוואָרן און האָט פאַרקויפט זיין בכוירע יאַנקעוון. דאַן האָט יאַנקעוו געגעבן אייסאָוון ברויט און געקעכץ פון לינדזן. — אַזוי דערציילט די טוירע (בראַשית כ"ה), ווי יאַנקעוו האָט פאַר אַ טאָפּ לינדזן אָפּגעקויפט די בכוירע באַ זיין ברודער, וואָס איז געקומען אַ מידער און הונגעריקער פון פעלד.

אַזוי מאָראַליש, יוישערדיק האָט געהאַנדלט „יאַנקעוו אָווינו".

דער הייליקער פאָטער אונזערער יאַנקעוו איז געווען אַ מייסטער נאָך אַף בעסערע שפּיצלעך.

איצכאָק איז אַלט געוואָרן און האָט שלעכט געזען. האָט ער גערופן זיין זון אייסאָוו און האָט אים געזאָגט: „איך בין שוין אַלט, איך ווייס ניט ווען איך וועל שטאַרבן. זע נעם דיינע געווער, דיין פייל און בויגן, גיי אין פעלד און גרייט מיר צו אַ געקעכץ, וואָס איך האָב ליב. ברענג מיר, איך וועל עסן, קעדיי מיין נעשאָמע זאָל דיך בענטשן, איידער איך וועל שטאַרבן". ריווקע האָט דאָס אַלץ געהערט, האָט אונטערגערעדט יאַנקעוון, אַז ער זאָל זיך פאַרשטעלן פאַר אייסאָוון, און אויסנאַרן באַם פאָטער די בראָכעס, מיט וועלכע ער וויל בענטשן אייסאָוון. יאַנקעוו איז גלייך אַף דעם איינגעגאַנגען, האָט זיך פאַרמאַסקירט, און אים האָט זיך איינגעגעבן אָפּצונאַרן איצכאָקן און אויסנאַרן באַ אים די בראָכעס, וואָס זייגען געווען באַשטימט פאַר אייסאָוון.

אַ מוסטער פון אַ פאָטער: איצכאָק אָווינו, וואָס האָט ליב זיין זון, ווייל ער האָט ליב געהאַט אַ געשמאַק שטיקל געפאַנגענעם אָף, וואָס דער זון פלעגט אים ברענגען.

אַ מוסטער פון אַ מוטער: די צנועה ריווקע, וואָס נאַרט אָפּ דעם אַלטן מאַן און רייצט איין זון אַפן צווייטן.

אַ מוסטער פון ברידערלעכע באַציאונגען: יאַנקעוו אָווינו, וואָס נוצט אויס די מידקייט און דעם הונגער פון זיין ברודער, וואָס נאַרט אָפּ זיין פאָטער און באַשווינדלט זיין ברודער.

אָט באַ וועמען די גלויבנדיקע לערנען זיך מאָראַלישע פאַמיליען־פאַרהעלטנישן.

און וואָס זיינען די בראָכעס, מיט וועלכע דער אַלטער איצכאָק בענטשט זיין זון?— „זאָלן דיר דינען פעלקער און בוקן זאָלן זיך פאַר דיר קעניגרייכן, זיי אַ האַר איבער דיינע ברידער און קניען פאַר דיר זאָלן די קינדער פון דיין מוטער“.

פעלקער־סינע, פעלקער־קנעכטשאַפט, הערשאַפט פון איין מענטשן איבער דעם צווייטן, פון איין פאָלק איבערן אַנדערן — אָט איז די מאָראַל פון איצכאָק אָווינו.

נאָך אַ מוסטער פון מענטשן־ליבע, פון גערעכטיקייט, פון גלייכהייט קאָן דינען יוסעף האַצאַדיק.

אַ הונגער איז געווען אין מיצראַיִם, — דערציילט דער כומעש. „און עס איז ניט געווען קיין ברויט איבערן גאַנצן לאַנד, ווייל דער הונגער האָט זיך זייער פאַרשטאַרקט. און עס זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער דאָס לאַנד מיצראַיִם און דאָס לאַנד קנאַאַן. יויסעף האָט צוזאַמענגעקליבן דאָס גאַנצע זילבער, וואָס איז געווען אינם לאַנד מיצראַיִם און אינם לאַנד קנאַאַן פאַרן ברויט, וואָס ער האָט פאַרקויפט, און דאָס זילבער האָט ער געבראַכט אין הויז פון פאַרע. האָט זיך אויסגעלאָזן זילבער אינם לאַנד מיצראַיִם און לאַנד קנאַאַן. זיינען געקומען אַלע מיצראַיִם צו יויסעפן און האָבן געזאָגט: גיב אונז ברויט; זאָלן מיר דען שטאַרבן פאַר דיר, ווען עס האָט זיך אויסגעלאָזן באַ אונז זיל־בער? האָט יויסעף געזאָגט: ברענגט צו פירן אייער פי, וועל איך אייך געבן ברויט פאַר אייער פי, אויב עס האָט זיך אויסגעלאָזן אייער זילבער. האָבן זיי געבראַכט זייער פי צו יויסעפן, האָט זיי יויסעף געגעבן ברויט פאַר זייערע פערד, פאַר די טשערעדעס קליין־פי, פאַר די רינדער־טשערעדעס און פאַר די אייזלען. האָט זיי יויסעף באַזאָרגט מיט ברויט אין יענעם יאָר פאַר זייער גאַנצן פי. איז פאַרביי דערדאָזיקער יאָר. זיינען זיי צו אים געקומען אַפן אַנדער יאָר און האָבן אים געזאָגט: מיר וועלן ניט לייקענען פאַר אונזער האַר — עס האָט זיך אויסגעלאָזן דאָס זילבער און די פי באַ אונז. עס איז באַ אונז גאָרנישט געבליבן פאַר אונזער האַר, ווי בלויז אונזערע לייבער און אונזער ערד. זאָלן מיר דען אומקומען פאַר דיינע אויגן — מיר און אונזער ערד? קויף אונז און אונ־זער ערד פאַרן ברויט, און מיר און אונזער ערד וועלן זיין קנעכט באַ פאַרען; גיב אונז זריע, מיר זאָלן לעבן און ניט שטאַרבן, און די ערד זאָל ניט ווּסטעווען. האָט יויסעף אויפגעקויפט די גאַנצע ערד פון מיצראַיִם פאַר פאַרען, ווייל אַלע מיצריים האָבן פאַר־קויפט זייער ערד איבערן שטאַרקן הונגער. און די ערד איז איבערגעגאַנגען צו פאַרען. און דאָס פאָלק האָט ער געמאַכט פאַר קנעכט פון איין עק מיצראַיִם ביזן צווייטן“ (בראשית מ"ז).

אָט דאָס איז אַ צאַדיק לויט דער טוירע! אויסנוצן דעם הונגער פון לאַנד, פאַרוואַנדלען אַ גאַנץ פאָלק אין קנעכט — קען דען זיין אַ גרעסערע רעכטפאַרטיקייט, אַ מער דערהויבענע מאָראַל? יאָ, באַ אַזאַ צאַדיק מעג זיך לערגען יעדער פאָרעץ, יעדער באַלעגוף אויך באַ הייגטיקן טאָג. פאַר זיי קאָן די ביבל זיין אַ בוך פון „אייביקער“ מאָראַל!

ווי באַגייט מען זיך מיט קינדער? לערגט זיך באַ גאָטס דינער, באַם הייליקן מענטשן — דעם נאָווי עלישאָ. „און ער — דער נאָווי עלישאָ — איז אַוועק קיין בייסייל. ווען ער איז געגאַנגען אין וועג, זיינען קליינע קינדער אַרויס פון שטאָט, האָבן געלאַכט פון אים און האָבן געשריען: גיי פליעכב־וואַטער! גיי פליעכבעוואַטער! (עלה קרח, עלה קרח). האָט זיך עלישאָ אומגעקוקט, און האָט זיי געשאָלטן אין גאָטס נאָמען. זיינען אַרויס פון וואַלד צוויי בערן און האָבן צעריסן צוויי און פערציק קינדער“. (מלכים ב, ב') — אָט ווי מע דאַרף זיך באַגיין מיט קינדער־שטיפער לויט דער „אייביקער“ מאָראַל פון דער טוירע.

## די מאָראַל פון די הערשנדיקע קלאַסן

די הערשנדיקע קלאַסן, וואָס לעבן פון עקספּלואַטאַציע און רויב, זיינען פאַרינטערעסירט אין דעם, אַז די טוירע זאָל גערעכנט ווערן פאַרן קוואַל פון העכסטער מאָראַל. זיי דערקלערן, אַז די מאָראַל גופע איז פון געטלעכער אָפּשטאַמונג: באַם באַשאַפן דעם מענטשן האָט דער ריבוינעשעלוילעם אין אים אַריינגעבלאָזן די שטרעבונג צו גוטס, דעם באַגריף גוטס. גאָט האָט באַזעצט אין דעם מענטשנס האַרצן דעם יעיצער־טויוו און דעם יעיצער־האָרע און האָט אים, דעם מענטשן, געגעבן די ברייִרע (דעם אויסוואַל) צו פאָלגן דעם יעיצער־טויוו (דעם מאַלעך פון גוטס) אָדער דעם יעיצער־האָרע (דעם מאַלעך פון שלעכטס). די גוטס אַליין איז פון געטלעכער אָפּשטאַמונג, און די שלעכטס איז פון דער „סיטראָ—אכראָ“, פון טייוול ראַכמאָנע ליצלאַן. וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס — האָט גאָט אַליין באַשטימט אין זיין „הייליקער“ טוירע.

„האָב ליב דעם נאָענטן ווי זיך אַליין“ — דערקלערן די הערשנדיקע קלאַסן פאַר אַ געזעץ פון דער טוירע, און טייטשן עס אויס אַף זייער אויפן. דעריבער טאָרט איר, אונטערדריקטע, ניט אויפשטיין קעגן אייערע אונטערדריקער, ווייל גאָט אַליין האָט איינגעשטעלט דעם סיידער פון דער וועלט, ער האָט אַזוי געוואָלט, אַז אַף דער וועלט זאָלן זיין אָרעמע און רייכע, הערשער און באַהערשטע, און דעריבער דאַרף זיך דער מענטש ניט ווערן קעגן גאָטס וועלט־סיידער. פילט אויס דער האַר גאָטס ווילן און הערשט, דאַרף אויך דער אונטערדריקטער אויספילן גאָטס ווילן און לאָזן זיך אונטערדריקן. ווערן זיך קעגן דער אונטערדריקונג, אויפשטיין מיט געווער קעגן דעם האַר, קעגן דעם אונטערדריקער איז קעגן גאָטס ווילן, איז אַנטימאָראַליש. „זאָלסט ניט געלוסטן דאָס הויז פון דיין נאָענטן“, „זאָלסט ניט גאַנווענען“, ווייל גאָט האָט אַזוי געבאָטן. פאַר די, וואָס שטרעבן צו פאַרייביקן דאָס אייגנטום פאַר די הערשנדיקע קלאַסן איז עס אַן אויסגעצייכנטער געבאָט.

„האַרגע ניט“, און דעריבער מאַך קיין רעוואָלוציע ניט. די רעוואָלוציע איז ניט מאָראַליש אין צווייען: דער וואָס נעמט אָנטייל אין רעוואָלוציע איז אוויוער אַפן געבאָט פון „לוי סאַכמויד“, און „לוי סירצאַד“.

האַרגענען איז אומאָראַליש, איז קעגן גאָטס געבאָט, איז דערווידער דער אייביקער מאָראַל, וואָס גאָט האָט אין דעם מענטשן פאַרפלאַנצט — טאַינען די אידעאָלאָגן פון דער בורזשואַזיע, און דעריבער...

ווערן געהאַרגעט מיליאָנען מענטשן אין אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס.

ווערן דערשאָסן, דערשטאָכן, דערשטיקט מיליאָנען כינעזער, אינדיאַנער, רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און פּויערים, נאָר דערפאַר, ווייל זיי ווילן זיין פריי, ווייל זיי וויל לעבן ווי מענטשן.

אין נאָמען פון גערעכטיקייט זיינען אומגעבראַכט אַפן עלעקטרישן טויט=שטול סאַקאָ און וואַנצעטי.

אין נאָמען פון גערעכטיקייט זיינען אומגעבראַכט אַפן עלעקטרישן טויט=שטול סאַקאָ און באַטווין אין פוילן. גאָטס ווילן איז דאָ אויסגעפירט געוואָרן דורך דעם הענקער און פונם ראָוו. דער ערשטער האָט אויסגעפילט דעם געבאָט פון „אייביקער“ ליבע, דער צווייטער איז געקומען צו פאַרזאָרגן די קאָרבאָנעס מיט אוילעמהאבע, אויב זיי וועלן פאַרן טויט אָנעמען פאַר גוט דעם מישפּעט פון גאָט און פון קאַפּיטאַל (די גאָטלאָזע פרידמאַן און באַטווין האָבן ניט געקאָנט באַגרייפן די „אייביקע“ געטלעכע מאָראַל, און האָבן געשפּייט אין פּאָנעם גאָטס דינער).

אין נאָמען פון גערעכטיקייט ווערן דערקלערט לאָקאַוטן הונדערטער טויזנטער אַרבעטער.

אונטערן שוץ פון „אייביקער“ מאָראַל הונגערן צענדליקער מיליאָנען מענטשן, גייען זיי אום נאַקעט און באָרוועס, דאַן, ווען די פאַבריק=לאַגערן זיינען איבערגעפילט מיט סכוירעס.

די גנעדיקע פאַבריקאַנטן פילן אויס גאָטס געבאָט און גיבן „צדאָקע“ די הונגעריקע, און... וואַרפן אַרויס אַפן גאַס טויזנטער נאָך טויזנטער אַרבעטער, רעכענען זיך אָפּ דורך שווערד, פייער און טורמעס מיט די שטרייקנדיקע און פאַרמישפּעטן אַף עלנד און נויט מיליאָנען.

טויטן אַף אַ מילכאָמע איז ניט דערווידער גאָטס טוירע, ווייל די טוירע אַליין דערציילט, ווי גאָט האָט געהאָלפן זיינע אויסדערווייילטע מילכאָמע צו האַלטן, האַרגענען, פאַרטיליקן די פיינט פון גרוים ביז קליין.

טויטן געפאַנגענע האָט זיך גערעכנט פאַר ניט מאָראַליש, קאָלזמאַן מע האָט מילכאָמע געהאַט ניט מיט קיין קאָמוניסטן. געפאַנגענע קאָמוניסטן מעג מען אָבער האַרגענען. אַזוי האָבן געפאַסקנט יודעניטש, וראַנגעל, קאָלטשאַק, די ענגלישע, פראַנצויזישע אָפיצערן, וואָס האָבן געקעמפט קעגן דער סאָוועטן=מאַכט. קאָמוניסטן — געפאַנגענע מעג מען האַרגענען, ווייל זיי זיינען די אַנטשיידנסטע קלאַסן=סאָנים, ווייל זיי טראָגן מיט זיך די באַצילן פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסנקאַמף און קאָנען נאָך אַנשטעקן מיטן שעדלעכן רעוואָלוציאָנערן גייסט די אַרבעטער און פויערים פון דעם סוינעס אַרמיי.

אין גאַנס גאָמען, אין גאָמען פון אייביקער מאָראַל, האָט די אינדוסטריעלע בורזשואַזיע אויסגערעכנט מיליאָנען מענטשן איגם אימפּעריאַליסטישן קריג און זעצט פאַר איר הייליקע אַרבעט אויך איצט: „גאָט איז מיט אונז“ — אין דער אויפשריפט געווען אַף דער דייטשישער קריגס־פאָן, „С нами бог!“ — אַף דער רוסישער און אַף די אַנטשפּרעכנדיקע לעשווינעס בא די אַנדערע רויבער.

„באַפרייען גאַנס קייווער“ איז געווען דער רוף פון דעם האַנדלס־קאַפּיטאַל און פון די פעאָדאַלן אין מיטלאַלטער (12—13־טער יאָרהונדערט), און האָבן אין גאַנס נאָמען זיך געבאָדן אין טייכן בלוט, גערויבט גאָלד בא די הערשנדיקע קלאַסן פון אייראָפּע.

אין נאָמען פון גאָט האָבן די אידן אין אַלטערטום אומגעבראַכט פעלקער — פון קליין ביז גרויס.

אין נאָמען פון גאָט האָט די קאַטוילישע אינקוויזיציע אומגעבראַכט אין פייער 9 מיליאָן מענטשן. בלויז אין שפּאַניען זיינען אומגעבראַכט געוואָרן 345.626 מענטשן פאַר די יאָרן 1481—1418.

אָט דאָס איז דער פּיירעש, וואָס די הערשנדיקע קלאַסן גיבן דורך בלוטיקע פאַקטן צו זייער באַהויפּטונג, אַז אָן דעם גלויבן אין גאָט איז אומגעלעד אַ מאָראַלישע מענטשהייט.

אַזוי זעט אויס די מאָראַלישקייט פון די הערשנדיקע קלאַסן.

## דער מעהוס פון מאָראל און עטיק פון מארקסיסטישן שטאנדפּונקט

ליבע צום נאָענטן, מאַקריוו זיין זיך פאַרן צווייטן, טרייקייט, ערלעכקייט, גערעכטיקייט — דאָס זיינען אַלץ אַזעלכע מאַילעס, וואָס ווערן אָנגערופן מאָראַל. פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען דידאָזיקע מאַילעס?

— „פון גאָט“ — ענטפערן די גלויביקע. „ער, גאָט, האָט דידאָזיקע אייביקע געפילן איינגעפלאַנצט אין דעם מענטשן“.

— „דער אייביקער גייסט (אַ צוגעמעניש פאַר גאָט) — ענטפערן די בורזשואַזע געלערנטע“.

## מאָראַל-אינסטינקטן בא באַלעכאַים

און דאַרווין דערקלערט די אָפּשטאַמונג פון אָט די מאַילעס אַף גאָר אַן אַנדער אויפן. דאָס זיינען מאַילעס ניט בלויז פון מענטשן. אַזעלכע מאַילעס באַזיצן אויך באַלעכאַים. אין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ פאַרשטאַרקט זיך בא די באַלעכאַים דער אינסטינקט פון זעלבסטאיינהיטן זיך, פון פאַרמערן זיך. צוזאַמען דערמיט אַנטוויקלט זיך דער אינסטינקט פון מוטער־ליבע. בא די באַלעכאַים, וואָס זיינען געצוואונגען צו פירן זייער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ גרופּנווייז, דאָס הייסט דורך געזעלשאַפטן פון באַלעכאַים, ווייל יעדער איינציקער פון זיי איז ניט בעקויעך אויסצוהאַלטן דעמדאָזיקן קאַמף — בא אַזעלכע באַלעכאַים אַנטוויקלען זיך געזעלשאַפטלעכע אינסטינקטן. די סאָציאַלע אינסטינקטן, וואָס

אַנטוויקלען זיך באַ די באַלעכאַים, זיינען ניט באַ אַלע באַלעכאַים גלייך. דאָס ווענדט זיך פון דעם, אין וועלכע באַדינגונגען דידאָזיקע באַלעכאַים לעבן, וואָס פאַר אַ קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ זיי קומט אויס צו פירן, אַף וויפל זיי זיינען געצוואונגען צו לעבן „אין געזעלשאַפטן“.

ניט פאַר אַלע באַלעכאַים איז גינסטיק צו לעבן גרופנווייז. פאַר געוויסע מינים כאַיעס לוינט בעסער אין קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ צו לעבן אָפּגעזונדערט. אַזוי, לעמאָשל, איז באַזונדערס גינסטיק צו לעבן איינציקווייז די באַלע כאַים פון דעם ק א ץ-מין. דידאָזיקע באַלעכאַים שפּירן אויס זייער רויב בעגנייווע און לאָזן זיך אַף זייער קאָרבן אומגעריכט: מיט איין שפּרונג כאַפּט עס דעם קאָרבן אין זייגע נעגל. אויב זיי וואָלטן געוואַנדערט גאַנצע טשערעדעס, גרופּנווייז, וואָלט פאַר זיי געווען זייער שווער צו לעבן. דער שפּרונג פון איינעם פון זיי אַפן קאָרבן — נעמט שוין אָפּ באַ אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער „געזעלשאַפט“די מעגלעכקייט צו געניסן פון רויב. פאַראַן אַזעלכע באַלעכאַים, וואָס מוזן לעבן אָפּגעזונדערט דערפאַר, ווייל אַף אַזאַ אויפן באַהאַלטן זיי זיך בעסער אויס פון זייערע סאָנים—די צוק-כאַיעס.פאַראַן אַזעלכע כאַיעס, וואָס האָבן אַמאָל געלעבט אין טשערעדעס און איצט לעבן זיי איינציקווייז, ווי, לעמאָשל, דער ביבער אין אייראָפּע. ראַטעווענדיק זיך פון דעם מענטשנס געיעג, מוז דער ביבער לעבן באַהאַלטענערהייט, אָפּגעזונדערט איינער פונם צווייטן. דער וואָלף לעבט ווינטער, ווען עס איז שווער צו באַקומען שפּייז, טשערעדעסווייז, און זומער, ווען עס איז לייכטער צו באַפרידיקן דעם אַפּעטיט, — פאָרנווייז. וועלף פאַלן ניט אָן אַף זייער רויב מיטאַמאָל: זיי פאַריאָגן זייער קאָרבן ביזן טויט אַריין. אַזוי יאָגט איין וואָלף זיין קאָרבן פון איינעם צום צווייטן, יענער פאַרשטעלט דער געיאָגטער כאַיע דעם וועג, ביז די כאַיע פאַלט אַריין צו זיי אין מויל. ביכלאַל אָבער לעבן צוק-כאַיעס ניט „כאַוועריש“ צווישן זיך, דערפאַר, ווייל זייער עקזיסטענץ האַלט זיך אַף גוואַלטאַטן. די גראָז-עסער זיינען, פאַרקערט, לויט זייער אַרט באַקומען שפּייז מער פרידלעכע. יעדער איינציקער פון זיי איז ניט בעקויעך ווידערצושטעלן זיך די פיל סאָנים פונם באַלעכאַים-וועלט. די פאַרייניקונג פון עטלעכע שוואַכע קויכעס שאַפט אַ נייע, גרעסערע קראַפט.

„באַ די באַלעכאַים, באַ וועלכע די געזעלשאַפטלעכע באַהעפטקייט ווערט אַ וויכטיקעם געווער אין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, אַרבעטן זיך אויס געזעלשאַפטלעכע, סאָציאַלע אינסטינקטן. דידאָזיקע אינסטינקטן וואַקסן אויס באַ איינציקע גרופּן און איגדיווידן אין אַזאַ וואונדערבאַרע קראַפט, אַז זיי קענען גוויוער זיין אַפילע די אינסטינקטן פון זעלבסטאיינהיטונג און פון פאַרמערונג, אויב זיי קומען מיט זיי אין אַ צוזאַמענשטויס“. וואָס זיינען דאָס פאַר אַ אינסטינקטן?

די איבערגעגעבנקייט דעם קאָלעקטיוו — ז ע ל ב ס ט אָ פּ פ ע ר ו נ ג. אָן דעמדאָזיקן אינסטינקט וואָלט די באַלעכאַים-„געזעלשאַפט“ (די טשערעדע) ניט קאָנען עקזיסטירן, און בעמיילע אויך די מיטגלידער פון דערדאָזיקער „געזעלשאַפט“. זיי וואָלטן אומגעקומען אין דעם קאַמף מיט די שווערע נאַטור-באַדינגונגען, אָדער פון צוק-כאַיעס. אויב דער בופלאָקס, וואָלט ניט געשטאַנען פעסט אַף זיין פּאָסטן, ווען אַ צוק-כאַיע פאַלט אָן אַף זיין טשערעדע, אויב ער וואָלט זיך געלאָזן לויפן צו ראַטעווען זיך אַליין, וואָלט אומגעקומען די טשערעדע מיט אים צוזאַמען. ט ר י י ה ײ ט דעם קאָלעקטיוו. טאָן

דאָס, וואָס דער קאָלעקטיוו וויל, אונטערוואַרפן זיך דעמדאָזיקן ווילן פונם קאָלעקטיוו, ד. ה. זיין דיסציפלינירט. ניט אָפּגאַרן דעם קאָלעקטיוו. אויב דער שווימער פון דער באַיעס-טשערעדע זאָל געבן זיינע „באַווײַרים"-באַיעס פאַלשע צייכנס, וועט ער זיי אונטערפירן, און זיי וועלן זיך ניט קענען פאַרטיידיקן פון זייערע סאָנים. זיי וועלן אומקומען. אַזוי אַנטוויקלט זיך בײַ אַזעלכע באַלעכאַים דער אינסטינקט פון עמעס.

## ווי האָט זיך אויסגעבילדעט די מענטשלעכע מאָראַל

דער מענטש האָט זיך אַנטוויקלט פון באַלעכאַים. די סאָציאַלע (געזעלשאַפטלעכע) אינסטינקטן האָט ער באַקומען בעיערושע פון אָט די אָוועס זיינע. פונקט ווי אַ יעגערהונט גיט איבער זיינע קינדער דעם יעגער-אינסטינקט, אַזוי גיבן איבער די געזעלשאַפטלעכע באַלעכאַים זייערע סאָציאַלע אינסטינקטן בעיערושע זייערע דוירעס. אַף אַזאַ אויפן האָט אויך דער מענטש באַקומען זיינע ערשטע מאָראַל-אינסטינקטן דורך לאַנגע טויזנטיאָריקע אַנטוויקלונג-דוירעס. דידאָזיקע יערושע איז אָבער פאַרשיידן בײַ פאַרשיידענע באַלעכאַים, אָפּהענגיק פון זייער אַרט לעבן. אויך דער מענטש האָט דידאָזיקע יערושע געענדערט. בײַ פאַרשיידענע פעלקער, אין פאַרשיידענע צייטן, בײַ פאַרשיידענע קלאַסן עקזיסטירט אַ פאַרשיידענע מאָראַל.

. געוויינלעך רעכנט מען, אַז וואָס ציוויליזירטער אַ פאָלק איז, אַלץ אַף אַ העכערער שטופע פון מאָראַל שטייט עס. איין ביישפיל וועט אונז באַווייזן, ווי פאַלש דידאָזיקע מיינונג איז *. אין זיין בוך „דאָס לעבן פון עסקימאָסן" דערציילט נאַנסען אָט וואָס:

„איינע פון די איידלסטע מאַילעס פון דעם עסקימאָס כאַראַקטער איז זיין ערלעכקייט... פאַר דעם עסקימאָס איז באַזונדערס וויכטיק דאָס, וואָס ער קאָן זיך פאַרלאָזן אַף זיינע קרויווים און שכיינים. אָן דעם, אַז איינער זאָל זיך קאָנען פאַרלאָזן אַפן אַנדערן, איז אומעגלעך מיט פאַרייניקטע קויכעס צו קעמפן פאַר דער עקזיסטענץ. צוליב דעם איז נויטיק, אַז יעדער איינער זאָל זיך באַגיין מיטן צווייטן ערלעך... דערפאַר טאַקי נאַרן ניט אָפּ די עסקימאָסן איינער דעם אַנדערן, באַזונדערס די מענער. דערלאַגער דערציילט, אַז „ווען די עסקימאָסן ווילן אויסמאָלן איינער דעם צווייטן אַ וועלכע ניט איז זאַך, זיינען זיי קיינמאָל ניט מעגאַזעם די מאַילעס פון דער זאַך. און ווען עמיצער וויל עפּעס קויפן אומגעזעענס, מאָלט אוים דער פאַרקויפער די זאַך ערגער ווי זי איז אין דער עמעסן, אַפילע דאַן, ווען ער וואָלט געוואָלט פּאָטער ווערן פון דערדאָזיקער זאַך... געשלעגן און נאָך אַזעלכע ווילדקייטן קומט בײַ זיי ניט פאָר. עס טרעפט אויך זייער זעלטן, אַז איינער זאָל האַרגענען דעם צווייטן, און ווען עס טרעפט אַזאַ זאַך, איז עס ניט צוליב עקאָנאָמישע קריגערייען, נאָר צוליב ליבע-זאַכן... זיי האַלטן פאַר אוממענטשלעך צו האַרגענען איינער דעם אַנדערן. זיי קאָנען גאָר ניט באַנעמען, ווי פירן עס מענטשן מילכאָמעס, און זיי האַסן אַזעלכע מענטשן. סאָלדאַטן און אָפיצערן, וואָס לערנען זיך דער מעלאָכע — האַרגענען מענטשן, האַלטן זיי פאַר פּאָשעטע גאַזלאָנים... די עסקימאָסן, וואָס וואוינען אַפן מאַירעוו-ברעג פון גרענלאַנד, האַלטן גאָר פאַר קיין

* גענומען פון קאַוטסקיס בוך: „די עטיק און דאָס מאַטעריאַליסטישע פאַרשטיין פון דער געשיכטע".

שאַנר ניט, ווען אַ מיידל געבאָרט אַ קינד. ווען מיר האָבן זיך געפונען אין גאַרטאַאַב, האָבן אין שכיינעס מיט אונז געוואוינט צוויי טראַגעדיקע מיידלעך. זיי האָבן עס גאָר ניט באַהאַלטן, פאַרקערט, זיי זיינען דערמיט אַפילע שטאָלץ געווען".

„די פרייהייט פון די עסקימאָסישע פרויען — שרייבט ווייטער נאַנסען — שיידט זיך אונטער, אַף אַזאַ אויפן, זייער שטאַרק פון דער פרייהייט, וואָס די גערמאַנישע פרויען האָבן. די סיבע דערפון איז די, וואָס בעאיים באַ די גערמאַנער שפילט אַ גרויסע ראָל דער איגיען — יערושע, האָט דערדאָזיקער איגיען באַ די עסקימאָסן קיין שום באַדייטונג, ווייל ער האָט קימאַט ניט וואָס צו יארשענען. פאַר אים איז נאָר וויכטיק צו האָבן קינדער".

מעשונע ווילד וועט אויסקומען אַן אייראָפּעאישן סויכער די מאָראַל פונם עסקימאָס, וואָס לויבט ניט זיין סכוירע און וויל ניט אָפּנאַרן דעם קויפער. פאַר ווילד און אויסגעלאסן וועט האַלטן אַן אייראָפּייאישע דאַמע די עסקימאָסישע פרוי, וואָס שעמט זיך ניט צו געבוירן אָן כופּע אוקעדושן. די אייראָפּייאישע דאַמע האַלט פאַר הייליק דעם 6-טן געבאָט, און איז דעריבער... מעזאַנע באַהאַלטענערהייט, פונקט אַזוי ווי דער אייראָפּיי-אישער סויכער האַלט פאַר הייליק די גאַנצע אַסערעס האַדיברעס (די צען געבאָטן), רעדט וועגן אייביקער מאָראַל... גאַנוועט בישטיקע און רויבט בעפאַרהעסיע.

נאַנסען דערציילט ווייטער: „גילם עגעדע האָט דערציילט איין עסקימאָסישער מיידל וועגן ליבע צו גאָט און צום נאָענטן מענטשן. האָט דאָס מיידל געמאָלדן: „איך האָב דערוויזן, אַז איך ליב מיינע נאָענטסטע. איין אַלטע פרוי, וואָס איז געווען קראַנק און איז אַלץ ניט געשטאָרבן, האָט מיך געבעטן איך זאָל זי פאַר געצאָלט אָפּפירן אָט צו יענעם גרויסן פעלז, פון וועלכן עס וואַרפן זיך אַראָפּ מענטשן, וואָס ווילן מער ניט לעבן. אַזוי ווי איך האָב ליב מיינע מענטשן, האָב איך אָפּגעפירט די אַלטע פרוי אומזיסט און האָב זי אַראָפּגעשטויסן פונם פעלז".

„עגעדע האָט געזאָגט דער מיידל, אַז זי האָט זיך ניט רעכט אויפגעפירט מיט דער אַלטער פרוי, אַז זי האָט נעהאַרגעט אַ מענטשן. דאָס מיידל האָט אָבער געענטפערט, אַז ער איז ניט גערעכט. זי האָט דאָך געהאַט גרויס מיטלייד מיט דער אַלטער פרוי, און זי האָט געוויינט, ווען זי האָט זי אַראָפּגעשטויסן אין אָפּגרונט. נו, ווי דאַרף מען האַלטן אַזאַ טאַט — פאַר אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער?"

דער אַמעריקאַנער ריכטער, וואָס האָט פאַרורטיילט סאַקאָ און וואַנצעטי צו טויט, וואָלט געווים אויך דאָס מיידל צו אַזאַ שטראָף פאַרמישפּעט. טשעמבערלען, בריאַן, נאָסקע, וואַנדערוועלדע, מוסאָליני, פּילסודסקי און דער גאַנצער קלאַס קאַפּיטאַליסטן, ווען זיי שטעלן פאָר, וועלן פאַרורטיילן דאָס עקסימאָסישע מיידל. זיי האַלטן אַלע פאַר מאָראַליש אומצוברענגען צענדליקער מיליאָנען מענטשן אין אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, זיי האַלטן פאַר אַ מיצווע אויסצוראָטן קאָמוניסטן, זיי זיינען שטאָלץ מיט זייערע הענקער-מאַיסים אין די קאָלאָניעס, נאָר האַרגענען אַן אַלטע פרוי איז פאַר זיי אומאָראַליש. ניט אַזוי דענקט דער עקסימאָס. האַרגענען אַף מילכאָמעס — איז פאַ-שעטע רעציכע, פאַרקערט, אַלטע און קראַנקע איז קיין בייז ניט. די קאַפּיטאַליסטן פירן אַ קאַמף פאַר זייער קאַפּיטאַליסטישער עקזיסטענץ, זיי ווילן פריי עקספּלו-אַטירן די אַרבעטער און בלייבן אַ הערשנדיקער קלאַס און דעריבער האָבן זיי זייער

קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן=מאָראַל. דער עסקימאָס פֿירט אַ קאַמף פֿאַר זײַן עקזיסטענץ מיט דער נאַטור, קיין קלאַסן זײַנען באַ די עסקימאָסן נאָך ניטאָ, און זיי האָבן זייער פּרימיטיווע „ווילדע“ מאָראַל.

די פֿעלקער, אָדער שוואָטים, באַ וועלכע דער הויפּט מיטל צו באַקומען לעבנספּראָדוקטן איז יאַגד, זײַנען קיינמאָל ניט זיכער, אַז זיי וועלן האָבן די נאָענטסטע טעג וואָס צו עסן. קיין גרויסע רעזערוון קענען זיי ניט זאַמלען. זיי מוזן אָפֿט איבערוואַנדערן. באַ זיי ווערן די אַלטע, ניט אַרבעטספֿעאיקע לײַט אַ לאַסט, פֿון וועלכע זיי מוזן פּאָטער ווערן. האַרגענען זיי די אַלטע לײַט אָדער זיי עסן זיי אַפֿילע אויף. זיי האַלטן עס גאָרניט פֿאַר קיין פֿאַרברעכן, זיי וואונדערן זיך, ווי קאָן מען עס פֿאַרורטיילן אַזאַ טאַט. פּונקט אַזוי פֿילט אַ „ציוויליזירטער“ קאַפּיטאַליסט פֿאַר נאַטירלעך אַרויסצוואַרפֿן פֿון זײַן פֿאַבריק אַפֿן גאַס און לאָזן שטאַרבן פֿון הונגער אַ קראַנק געוואָרענעם אַרבעטער, וועלכער האָט אַף אים געאַרבעט צענדליקער יאָרן, איז אויסגעצערט געוואָרן דורך שווערער אַרבעט און קאָן שוין מער ניט ברענגען קיין רעוואַך זײַן באַלעבאָס.

גייען איבער די שוואָטים צו ערד=אַרבעט און באַקומען שוין אַ מער אָדער ווייניקער געזיכערט לעבן, מער אָדער ווייניקער רעזערוון, קאָנען שוין די אַלטע לײַט בלײַבן לעבן, זיי ברענגען שוין נוצן דער געזעלשאַפֿט: זיי גיבן איבער זייער דערפֿאַרונג דעם יונגן דאָר. הויבט מען זיי טאַקע אָן טייער צו האַלטן און פֿערערן. אַלטע לײַט ווערן אין אַזאַ געזעלשאַפֿט גערעכנט פֿאַר די קליגסטע. דעם אַלטן גיט מען אָפּ אַ באַזונדער קאָוועד, ווײַל ער טראָגט אין זיך די מעסוירע, ווײַל ער איז דער טרעגער פֿון דער וויסנשאַפֿט. אַזאַ מין לאַגע פֿאַרנעמט דער אַלטער אָבער נאָר אין דער צײַט, ווען מענטשן האָבן נאָך ניט געקענט שרײַבן און דרוקן. מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער טעכניק, ווען מענטשן האָבן זיך אויסגעלערנט שרײַבן און דרוקן, ווערט שוין דער אַלטער ניט קיין אויצער פֿון כאָכמע. זײַן אָרט פֿאַרנעמט דער געדרוקטער בוך. זײַן אַן אַלטער איז שוין ניט קיין קאָוועד; דער אַלטער רופֿט שוין ניט אַרויס אַזאַ פֿאַרערונג, ווי פֿריער. פֿאַרקערט, יעדער אַלטער האַלט שוין פֿאַר אַ קאָוועד, ווען מע זאָגט אים, אַז ער איז פֿעאיק צו גיין פֿאָרויס מיטן יונגן דאָר.

האַרגענען געפֿאַנגענע איז געווען מאָראַליש דאַן, ווען דער צוועק פֿון קריג איז געווען דעראָבערן בלויז די טעריטאָריע פֿון דעם סוינע, זײַן „האָב און גוטס“; ווען דעם מענטשנס אַרבעט האָט געקלעקט בלויז פֿאַר זיך און קיין שום מויסרעס, קיין רעזערוון האָט דער מענטש פֿון זײַן אַרבעט ניט באַקומען. מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער פּרימיטיווער טעכניק, ווען דער מענטש האָט שוין געקענט שאַפֿן מויסרעס, רעזערוון, האָט שוין געהאַט אַ זין צו לאָזן לעבן דאָס באַזיגטע פֿאָלק, און פֿאַרוואַנדלען זיי אין קנעכט. דאַן בײַט זיך די מאָראַל. האַרגענען געפֿאַנגענע ווערט אַן אומאָראַלישער טאַט. אָבער ניט אַף אייביק: איצט איז שוין ווידער מאָראַליש צו טויטן געפֿאַנגענע קאָמוניסטן.

## קלאַסן־אינטערעסן און קלאַסן־מאָראַל

באַם ווילדן מענטשן, וואָס האָט געלעבט אין האַרדעס איז געווים ניט געווען דער געבאָט: „ניט גאַנווע“. וואו עס איז ניטאָ קיין אייגנטום, קאָן ניט זײַן קיין גנייווע. באַם ווילדן מענטשן איז אויך ניט געווען דאָס געבאָט: „זאָלסט ניט פֿאַרלאַנגען די פֿרוי

פון דיין נאָענטן, די הויז פון דיין נאָענטן". זעלבסטאָפּערונג, טרייהייט דעם קאָלעק־טיוו, עמעס, דיסציפּלינירטקייט איז בײַ אים געווען אין אַ זאַ מאָס, אַז דער גערער רעבע און דער רוימישער פּויפּסט קאָנען זיי געווים מעקאַנע זיין. אין דעם זיינען אַפּילע די מאַלפּעס „מענטשלעכער איידער די מענטשן". וואו האָבן די מענטשן פאַר־לאָרן זייער מענטשלעכקייט? די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק האָט שטענ־דיק געענדערט דעם פּראָדוציר־אויפן און צוזאַמען דערמיט אויך די פּראָדוציר־פאַר־העלטענישן פון די מענטשן איינער צו די אַנדערע סיי אין דעם פּראָצעס פון פּראָדוצירן, סיי אין באַקומען דעם ביילעק פּראָדוקטן. די סבוירע־פּראָדוקציע רופט אַרוים דעם קאָנקורענץ־קאַמף, די עקספּלואַטאַציע. די קאָנקורענץ איז דער הייפעך פון כאַווערישער הילף. עקספּלואַטאַציע איז דער הייפעך פון גלייכהייט, טרייהייט און עמעס. דער פאַבריקאַנט רואינירט דעם קוסטאַר מיט אַ ריינעם געווים. אַ לאָקאַוט ווידערשפּרעכט ניט דעם קאַפּיטאַליסטישן יוישער. געבן גלייכע רעכט דעם אַרבעטער, וואָלט פאַרן קאַפּיטאַליסט באַטייט אָפּזאָגן זיך פון עקספּלואַטאַציע, דאָס הייסט, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס דאַרף אויפהערן צו עקזיסטירן, עמעסע גלייכהייט הייסט קאָלעקטיווע אייגנטום פון דער גאַנצער ערד, פון אַלע פּראָדוציר־מיטלען. דער שקלאַפּן־אייגנטימער האָט ניט געקאָנט האָבן דעם גע־פיל פון זעלבסטאָפּערונג בענוגייע זיין שקלאַף. דער פּאַרעץ האָט ניט געקאָנט האָבן, האָט ניט געהאַט און האָט ניט דעם געפיל פון גערעכטיקייט, טרייהייט צום פּויער. די אַרבעטער, פּויערים און אונטערדריקטע פעלקער קאָנען, פאַרשטייט זיך, ניט ליבן זייערע אונטערדריקער.

די נאָבעלע רוימער, שקלאַפּן־אייגנטימער, פלעגן זיך פאַרווײַלן דורך דעם, וואָס זיי פלעגן אַרויסלאָזן אויף דער אַרענע פון צירק זייערע קנעכט שלאָגן זיך מיט ווילדע כאַ־יעס. די איידעלע פאַריזער דאַמען האָבן מיט זייערע שירעמס געריצט די וואונדן פון די באַזיגטע קאָמונאַרן אין 1871 יאָר און האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ גאַציאָנאַלע העל־דישקייט. דער קאָזאַק קרוטשקאָוו, וואָס האָט אין דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע דערשטאָכן 12 דייטשן מיט זיין פּיקע אין איין שלאַכט, איז פאַרוואָרפן געוואָרן מיט בלומען פון די פּאַטריאָטישע פעטערבורגער דאַמען. די בורזשואַזע דאַמען, וואָס אָר־דענען איין פילאַנטראָפּישע קאָנצערט־אָוונטן לעטוווועס באָרוועסע קינדער, באָדן זיך אין לוקסוס אויף די געלט, וואָס זייערע מענער, טאַטעס און ברידער, רויבן דורך עקספּלו־אַטאַציע בײַ די עלטערן פון דיזאָזיקע קינדער. די „איידעלע" פרוי, וואָס וועט פאַלן אין כאַלאָשעס, ווען זי וועט דערזען אַן אָפּגעריסענע האַנט בײַ אַ מענטשן, האַלט פאַר יוישערדיק, ווען איר מאַן וואַרפט אַרויס אויפן גאַס זיינע אַרבעטער, ווען זיי קעמפן פאַר פאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען אויפן פאַבריק.

„זינט עס עקזיסטירט די קלאַסן־געזעלשאַפט, זינט עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ שאַרפער קלאַסן־ווידערשפּרוך, שטיצט די הערשנדיקע מאָראַל שטענדיק אומגלייכ־הייט, אומפרייהייט, עקספּלואַטאַציע" — האָט געשריבן קאַוטסקי, ווען ער איז נאָך געווען אַ מאַרקסיסט, אַ רעוואָלוציאָנער.

ענגעלס שרייבט: „יעדע מאָראַל־טעאָריע איז ביז איצט געווען אַ רעזולטאַט סאָפּ־קאָלסאָף פון דער געגעבענער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער געזעלשאַפט. און אַזוי ווי די

געזעלשאַפט האָט זיך ביז איצט אַנטוויקלט אין קלאַסן=קעגנזאַצן, איז די מאָראַל אַלעמאָל געווען אַ קלאַסן=מאָראַל. אָדער זי האָט באַרעכטיקט די הערשאַפט און די אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאַסן, אָדער ווען דער אונטערדריקטער קלאַס פלעגט ווערן גענוג שטאַרק, פלעגט זי (די מאָראַל) אויסדריקן די עמפערונג קעגן דערדאָזיקער הערשאַפט און דעם קומענדיקן אינטערעס פון די אונטערדריקטע... אַ מאָראַל, וואָס שטייט העכער פון קלאַסן=סטירעס און פון יעדן זייכער וועגן זיי, אַן עמעס מענטשלעכע מאָראַל וועט מעגלעך זיין בלויז באַ אַזאַ שטופע פון דער געזעלשאַפט=אַנטוויקלונג, ווען עס וועט ניט נאָר באַזייטיקט ווערן די קלאַסן=קעגנזאַצן, נאָר עס וועט פון זיי אויך אַפילע קיין זייכער ניט בלייבן" („אַנטי=דיורינג").

מיר האָבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען שוין געזען, אַז די טוירע איז צוזאַמענגעשטעלט אין פאַרשיידענע צייטן און שפּיגלט אין זיך אָפּ פאַרשיידענע עפּאָכעס. דער שטעמפּל פון אָט די פאַרשיידענע עפּאָכעס ליגט אויך אַף דער טוירע=מאָראַל. גאָט פון ראַכמאָנעס און גאָט פון נעקאָמע זיינען געטער פון פאַרשיידענע עפּאָכעס. אויב דער געבאָט צו האַרגענען דעם זון, וואָס פאָלגט ניט טאַטע=מאַמען שפּיגלט אָפּ די עפּאָכע, ווען דאָס גרונט קעמערל פון דער מענטשלעכע געזעלשאַפט איז געווען די פאַמיליע, שפּיגלט אָפּ דער געבאָט צו האַרגענען יעדן מענטשן, וואָס דינט פרעמדע געטער, יענע עפּאָכע, ווען די אידן האָבן שוין געקעמפט פאַרן גאָט פון פאָלק קעגן די געטער פון אַנ־ערע פעלקער. די אַלע געבאָטן פון דער טוירע וועגן די רעכט פון האַר צום קנעכט האָבן, פאַרשטייט זיך, געקאָנט אַנטשטיין, נאָר אין דער עפּאָכע פון קנעכטום, פּונקט ווי די געזעצן וועגן % האָבן געקאָנט אַנטשטיין אין דער צייט פון האַנדלס=קאַפּיטאַל.

פאַראַן נאָך איצט אַזעלכע איידעלע אידישע נעשאָמעס, וואָס קריגן קעלבערנע הים־פּאַילעם פון אַזאַ „ליבעראַלן" געזעץ אין דער טוירע, ווי אָפּלאָזן דעם קנעכט אַף דער פריי אַפן זיבעטן יאָר פון זיין אַרבעט. דערדאָזיקער געזעץ איז אין זיין צייט געווים געווען אַזאַ „ליבעראַלער", פּונקט ווי דער געזעץ פון באַפרייען די פּויערים אין 1861 יאָר איז געווען „ליבעראַל". די אויפשטייענדיקע קנעכט, פּונקט ווי די אויפשטייענדיקע פּויערים, האָבן געקאָנט דורך אַן אויפשטאַנד באַקומען מער, האָט מען זיי געגעבן „פרייהייט", וואָס איז סאָפּקאָלסאָף געווען אַ פאַרשטאַרקונג פון פאַרקנעכטונג *. ווען מע זאָל נאָך נעמען אין אַכט, אַז דער געזעץ האָט אַ שאַיכעס נאָר צו אידישע קנעכט, אַז די קינדער און די פרוי פונם קנעכט (אויב די פרוי האָט אים „געגעבן" זיין האַר) בלייבן באַם האַר, וועט די ליבעראַלישקייט פון דעם געזעץ עטוואָס אָפּבליאַקעווען. זאָל אָבער זיין, אַז דערדאָזיקער געזעץ איז ביז גאָר ליבעראַל, איידל און פיין און העכסט מאָראַליש און אַז די מאָראַל פון דער טוירע איז אַן אייביקע מאָראַל, דאַן מוז אויך איצט דערדאָזיקער ליבעראַלער געזעץ גילטיק זיין, ד. ה. עס דאַרף באַרעכטיקט ווערן דער אינסטיטוט פון קנעכטשאַפט, נאָר מיט אַ „ליבעראַלער" באַגרענעצונג.

„זאָלסט עפענען דיין האַנט פאַר דיין ברודער דעם אָרעמען און פאַרן עוויון אין דיין לאַנד" — וואָס פאַר אַ דערהויבענער געבאָט פון צדאָקע! און ווי ווערט דערדאָזיקער געבאָט באַגרינדעט? „ווייל אָרעמעלייט, וועלן אייביק זיין אַף דער וועלט"

* די אויפשטאַנדן זיינען געווען ניט די איינציקע כיבע פון דער באַפרייאונג, נאָר איינע פון די געזעלשאַפטלעכע סיבעס.

(דברים ט״ו, 11). דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון אַזאַ מאָראַל איז שווער צו פאַרדעקן. און דאָך ווערט ער פאַרשלייערט, ווייל אין דעם זיינען פאַרינטערעסירט אויך די איצ־טיקע הערשנדיקע קלאַסן.

זאָלן מיר אָנערקענען דידאָזיקע מאָראַל פאַר אַן אייביקער? דאַרפן מיר זי אָנעמען? ניין, פאַר אונז, פאַר די קעמפער קעגן יעדער עקספּלואַטאַציע, פאַר די בויער פון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, עקזיסטירט אַן אַנדער מאָראַל.

## לענין וועגן קאָמוניסטישער מאָראל

צי עקזיסטירט אַ קאָמוניסטישע מאָראַל?

איז אָבער ביכלאַל פאַראַן אַ קאָמוניסטישע מאָראַל? איז דען פאַראַן קאָמוניסטישע זיטלעכקייט (עטיק)? פאַרשטייט זיך, פאַראַן. אָפטמאָל שטעלט מען דעם איניען אַזוי פאָר, אַז מיר האָבן ניט קיין אייגענע מאָראַל, און זייער אָפט באַשולדיקט אונז די בור־זשואַזיע אין דעם, אַז מיר, קאָמוניסטן, לייקענען יעדע מאָראַל. דאָס איז אַ מעטאָד פון אונטערוקן באַגריפן, וואַרפן זאַמד אין אויגן פון די אַרבעטער און פויערים.

אין וואָס פאַר אַ זינען לייקענען מיר די מאָראַל, לייקענען מיר זיטלעכקייט?

אין דעם זינען, ווי ס׳האָט זיי געפּריידיקט די בורזשואַזיע, וואָס האָט דידאָזיקע זיטלעכקייט באַגרינדעט אַף גאָטס באַפעלן. מיקוויעך דעם זאָגן מיר, פאַרשטייט זיך, אַז מיר גלויבן ניט אין גאָט, אַז מיר ווייסן זייער גוט, אַז אין גאָמען פון גאָט האָבן גערעדט די גייסטלעכע (קלייקוידעש), האָבן גערעדט די פּריצים, האָט גערעדט די בור־זשואַזיע, כּעדיי דורכפירן איר עקספּלואַטאַטאָרישע אינטערעסן. מיר ווייסן, אַז זיי האָבן דידאָזיקע מאָראַל אַרויסגעפירט אָדער פון די באַפעלן פון מאָראַלישקייט, פון גאָטס באַפעלן, אָדער פון אידעאַליסטישע און האַלב־אידעאַליסטישע פראַזן, וואָס זייער סאַ־כאַקל איז קעסיידער געווען זייער ענלעך צו גאָטס באַפעלן.

יעדע זיטלעכקייט פון אַזאַ מין, וואָס איז גענומען פון אויסער־מענטשלעכן, אויסער־קלאַסן־באַגריף, לייקענען מיר. מיר זאָגן, אַז ס׳איז אַ ליגן, אַז ס׳איז שווינדל, אַז מע וויל פאַרשטאָפּן די קעפּ פון אַרבעטער און פויערים צוליב די אינטערעסן פון פּריצים און קאַפּיטאַליסטן.

מיר זאָגן, אַז אונזער זיטלעכקייט (עטיק) איז פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן די אינ־טערעסן פון פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף. אונזער עטיק ווערט אַרויסגעפירט פון די אינטערעסן פון פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף.

די אַלטע געזעלשאַפט איז געווען געבויט אַף דעם, אַז פּריצים און קאַפּיטאַליסטן האָבן אונטערדריקט אַלע אַרבעטער און פויערים. מיר האָבן געדאַרפט דידאָזיקע גע־זעלשאַפט כאָרעוו מאַכן, די אונטערדריקער אַראָפּשלייערן, — אָבער צוליב דעם איז געווען נויטיק אַ פאַראייניקונג. גאָטעניו וועט אַזאַ פאַראייניקונג ניט שאַפן.

אַזאַ פאַראייניקונג האָבן געקאָנט געבן בלויז פאַבריקן, זאַוואָדן, בלויז דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז געלערנט, וואָס האָט דערוואַכט פון זיין אַלטן שלאָף. ערשט דעמאָלט, ווען דערדאָזיקער קלאַס האָט זיך געבילדעט, דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־באַוועגונג און האָט געבראַכט צו דעם, וואָס מיר זעען איצט: צום ניצאָכן פון פּראָלעטאַ־

רישער רעוואָלוציע אין איינעם פון די שוואַכסטע לענדער, וואָס קעמפט דריי יאָר נאָכאַ־נאַנד קעגן דער אָנגרייפנדיקער אַלוועלטלעכער בורזשואַזיע.

און מיר זעען, ווי די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע וואַקסט אין דער גאַנצער וועלט. מיר זאָגן איצט אַפן גרונט פון דערפאַרונג, אַז בלויז דער אַרבעטער־קלאַס איז אומשטאַנד געווען שאַפן אַזאַ אייניקן קויעך (וואָס נאָך אים גייט דאָס צעברעקלטע, צעשטויבטע פּויערטום), אַ קויעך, וואָס איז אויסגעשטאַנען אַלע אָנפאַלן פון עקספּלואַטאַטאָרן. בלויז אַט דער קלאַס קאָן העלפן די אַרבעטנדיקע מאַסן פאַראייניקן זיך, צוגויפהעפטן זיך און ענדגילטיק פאַרפעסטיקן די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, ענדגילטיק זי אויסבויען.

אָט פאַרוואָס מיר זאָגן: פאַר אונז איז ניטאָ קיין עטיק, וואָס איז גענומען אויסער דער מענטשלעכער געזעלשאַפט; דאָס איז אַ שווינדל. פאַר אונז איז די עטיק אונטערגע־וואָרפן די אינטערעסן פון פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף.

און אין וואָס באַשטייט דער־דאָזיקער קלאַסנקאַמף? דאָס איז — דעם קייסער אַראָפּ־וואַרפן, די קאַפּיטאַליסטן אַראָפּוואַרפן, פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס.

און וואָס אַזוינס זייגען קלאַסן בכלל? דאָס, וואָס דערלויבט, אַז איין טייל פון דער מענטשהייט זאָל צונעמען די אַרבעט פון דעם צווייטן טייל.

אויב איין טייל פון דער געזעלשאַפט נעמט זיך צו די גאַנצע ערד, — האָבן מיר אַ קלאַס פּריצים און אַ קלאַס פּויערים. אויב איין טייל פון דער געזעלשאַפט האָט פאַב־ריקן און זאַוואָדן, האָט אַקציעס און קאַפּיטאַל, — האָבן מיר אַ קלאַס קאַפּיטאַליסטן און פּראָלעטאַריער.

ס'איז ניט שווער געווען אַראָפּוואַרפן דעם קייסער, — ס'איז דערצו נויטיק געווען עט־לעכע טעג. ניט זייער שווער איז געווען פאַרטרייבן די פּריצים, — דאָס האָט מען געקאָנט מאַכן אין עטלעכע כאַדאָשים, ניט זייער שווער איז פאַרטרייבן אויך די קאַפּיטאַליסטן. אָבער פאַרניכטן קלאַסן איז אָן אָן ערעך שווערער. ס'איז נאָך אַלץ געבליבן די פאַנאַנ־דערטיילונג אַף אַרבעטער און פּויערים. אויב דער פּויער זיצט אַף אַ באַזונדער שטיקל ערד און נעמט זיך דאָס איבעריקע ברויט, דאָס הייסט אַזאַ ברויט, וואָס איז ניט נוי־טיק ניט אים, ניט זיין בעהיימע, און אַלע איבעריקע בלייבן אָן ברויט, ווערט שוין דער פּויער אַליין אַן עקספּלואַטאַטאָר. וואָס מער ברויט ער לאָזט זיך, אַלץ מער לוינט עס אים, און אַנדערע מעגן הונגערן: „וואָס מער זיי הונגערן, אַלץ פאַר אַ בעסערן מעקעך וועל איך פאַרקויפן דעם ברויט“.

מע דאַרף, אַז אַלע זאָלן אַרבעטן לויט איין געמיינזאַמען פּלאַן אַף געמיינזאַמער ערד, אַף געמיינזאַמער פאַבריקן און זאַוואָדן, לויט אַ געמיינזאַמען סיידער. איז דאָס גרינג איינשטעלן? איר זעט, אַז דאָס קאָן מען ניט דערלייזן אַזוי לייכט, ווי פאַרטרייבן דעם קייסער, די פּריצים און די קאַפּיטאַליסטן. דאָ איז נויטיק, אַז דער אַרבעטער קלאַס זאָל איבערדערציִען, איבערלערנען אַ טייל פּויערים, אַריבערציִען צו זיך יענע, וואָס זיינען אַרבעטנדיקע פּויערים, קעדיי צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די רייכע פּויערים, וואָס באַרייכערן זיך אַף דער נויט פון די איבעריקע.

הייסט עס, אַז די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַרישן קאַמף איז נאָך ניט פאַרענדיקט דערמיט, וואָס מיר האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם קייסער, די פּריצים און די קאַפּיטאַליסטן.

און אין דעם באַשטייט דאָך די אויפגאַבע פון יענער אָרדענונג, וועלכע מיר רופן אַ דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

דער קלאַסנקאַמף דויערט; ער האָט נאָר אומגעביטן זיינע פאָרמען. דאָס איז דער פּראָלעטאַרישער קלאַסנקאַמף פאַר דעם, ס'זאָלן ניט קאָנען קומען די אַלטע עקספּלואַטאַטאָרן; פאַר דעם, ס'זאָל זיך פאַרייניקן די צעברעקלטע מאַסע פון פינצטערן פויערטום אין איין בונד. דער קלאַסנקאַמף דויערט, און אונזער אויפגאַבע איז אונטערוואַרפן אַלע די אינטערעסן פון דעמדאָזיקן קאַמף.

און מיר וואַרפן אונטער אונזער קאָמוניסטישע עטיק דערדאָזיקער אויפגאַבע. מיר זאָגן: עטיק איז דאָס, וואָס דינט צו צעשטערן די אַלטע עקספּלואַטאַטאָרישע געזעלשאַפט, און צו פאַרייניקן אַלע אַרבעטנדיקע אַרום דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס באַשאַפט אַ נייע קאָמוניסטישע געזעלשאַפט.

קאָמוניסטישע עטיק איז יענע, וואָס דינט דעמדאָזיקן קאַמף, וואָס פאַרייניקט די אַרבעטנדיקע קעגן יעדע עקספּלואַטאַציע קעגן יעדן קליינאייגנטום, ווייל דאָס קליינאייגנטום גיט אין די הענט פון איין פאַרשוין דאָס, וואָס איז באַשאַפן דורך דער אַרבעט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

ערד רעכנט זיך ביי אונז פאַר אַלגעמיינעם אייגנטום.

נו, און אויב איך וועל פון דעמדאָזיקן אַלגעמיינעם אייגנטום נעמען פאַר זיך אַ געוויסן שטיק, באַקומען פון אים ברויט צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי איך דאַרף פאַר זיך, און מיטן איבעריקן ברויט וועל איך נעמען ספּעקולירן? אויב איך טאַינע אַזוי: וואָס מער הונגעריקע, אַלץ מער וועט מען מיר צאָלן? טו איך דעמאָלט, ווי אַ קאָמוניסט? ניין, ווי אַן עקספּלואַטאַטאָר, ווי אַן אייגנטימער. מיט דעם מוזן מיר פירן אַ קאַמף.

אויב מע זאָל לאָזן אַזוי, וועט זיך אַלץ אַראָפּקייקלען אַף צוריק, צו דער מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטן, צו דער מאַכט פון דער בורזשואַזיע, ווי דאָס איז געשען ניט איינמאָל אין די פריערדיקע רעוואָלוציעס. און קעדיי ניט צו דערלאָזן, עס זאָל זיך ווידער אויפשטעלן די מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטן און פון דער בורזשואַזיע, צוליב דעם דאַרף מען קיין הענדלעריי ניט דערלאָזן, צוליב דעם דאַרף מען באַזונדערע פּערזאָנען זאָלן זיך ניט אָנלעבן אַף דעם כעשבן פון די איבעריקע, צוליב דעם דאַרף מען, אַז די אַרבעטנדיקע זאָלן זיך באַהעפטן מיטן פּראָלעטאַריאַט און בילדן אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפט.

אָט אין דעם באַשטייט די הויפּט-אייגנשאַפט פון דעם, וואָס איז די גרונט-אויפגאַבע פונם פאַרבאַנד און פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער קאָמוניסטישער יוגנט.

די אַלטע געזעלשאַפט איז געווען געגרינדעט אַף דעם קלאַל, אַז אָדער דו באַרויבסט עמעצן, אָדער עמעצער באַרויבט דיך; אָדער דו אַרבעטסט אַף יענעם, אָדער יענער אַרבעט אַף דיר; אָדער דו ביסט אַ שקלאַפנבאַזיצער, אָדער אַ שקלאַף. און ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז מענטשן, דערצויגענע אין דערדאָזיקער געזעלשאַפט, נעמען אויף, קאָן מען זאָגן, מיט דער מאַמעס מילך די פּסיכאָלאָגיע, די געוואוינהייט, דעם באַגריף: אָדער באַזיצן קנעכט, אָדער זיין אַ קנעכט; אָדער זיין אַ קליין-אייגנטימער, אַ קליין-אָנגעשטעלטער, קליין-באַאַמטער, אינטעליגענט, וואָס זאָרגט נאָר וועגן דעם, ער זאָל האָבן זיינס, און פאַר יענעם אַרט אים ניט.

אויב איך באַלעבאַטעווע אַף דעמדאָזיקן שטיקל ערד, איז גייען מיך מענטשן ניט אָן; אויב יענער וועט הונגערן, איז טאַקע גוט — כ'וועל טייערער פאַרקויפן מיין ברויט. אויב איך האָב מיין ערטל, ווי אַ דאָקטער, אַ אינזשענער, אַ לערער, אַן אָנגעשטעלטער, — איז ניט מיין אייסעק, וואָס טוט זיך מיט יענעם.

עפשער וועל איך דורך צוויעס, דורך כניפע פאַר די מאַכטהאָבער אָפּהיטן מיין ערטל, און עפשער טאַקע דורכשלאָגן זיך, ווערן אַ בורזשוא. אַזאַ פסיכאָלאָגיע און אַזאַ שטימונג טאָר ניט זיין באַ קיין קאָמוניסט.

ווען די אַרבעטער און פויערים האָבן דערוויזן, אַז מיר קאָנען מיט אייגענער קראַפט פאַרטיידיקן זיך און באַשאַפן אַ נייע אָרדענונג, — אָט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די נייע קאָמוניסטישע דערציאונג, אַ דערציאונג און קאַמף קעגן עקספלואַטאַטאָרן, אַ דערציאונג אין בונד מיטן אַרבעטער-קלאַס קעגן עגאָאיסטן און קליין-אייגנטימער, קעגן יענער פסיכאָלאָגיע און יענע געוואוינהייטן, וואָס טאַינען: כ'דאַרף מיין פאַרנאָסע, און דאָס איבעריקע גייט מיך ניט אָן.

אָט אין וואָס עס באַשטייט די טשואווע אַף דער פראַגע, ווי אַזוי דאַרף זיך לערנען דעם קאָמוניזם דער יונגער אויסוואַקסנדיקער דאָר.

ער קאָן לערנען זיך דעם קאָמוניזם, בלויז צונויפבינדנדיק יעדן טריט פון זיין לערנען זיך, פון זיין דערציאונג און בילדונג מיט אומאויפהערלעכן קאַמף פון פראָלעטאַריער און אַרבעטנדיקע קעגן דער אַלטער עקספלואַטאַטאָרישער געזעלשאַפט.

בעשאַס מע רעדט אונז וועגן עטיק, זאָגן מיר: פאַר אַ קאָמוניסט באַשטייט די גאַנצע עטיק אין אָט דער באַהעפטער סאָלידאַרישער דיסציפלין, אין באַוואוסזיניקן מאַסן-קאַמף קעגן די עקספלואַטאַטאָרן. מיר גלויבן ניט אין אייביקער עטיק, מיר דעקן אויך די ליגנערישקייט פון אַלע באָבע-מאַיסעס וועגן אַזאַ עטיק.

די עטיק דינט צוליב דעם, די מענטשלעכע געזעלשאַפט זאָל זיך אויפהויבן העכער, זי זאָל פּאָטער ווערן פון אַרבעטס-עקספלואַטאַציע.

קעדיי דאָס פאַרווירקלעכן איז נויטיק יענער דאָר יוגנט, וואָס האָט אָנגעהויבן פאַרוואַנדלען זיך אין באַוואוסטזיניקע מענטשן שוין אין די אומשטענדן פון דיסציפלינירטן פאַראַקשנטן קאַמף מיט דער בורזשואַזיע. אין דעמדאָזיקן קאַמף וועט אָט דער דאָר דערציען עמעסע קאָמוניסטן, דעמדאָזיקן קאַמף וועט ער אונטערוואַרפן און וועט פאַרבינדן מיט אים יעדן טריט אין זיין לימעד, בילדונג און דערציאונג.

די דערציאונג פון קאָמוניסטישע יוגנט דאַרף באַשטיין ניט אין דעם, וואָס מע טראָגט איר אונטער זיסע רייד און קלאָלים פון עטיק. ניט דערין באַשטייט דערציאונג.

ווען מענטשן האָבן געזען, ווי זייער טאַטע-מאַמע האָבן געלעבט אונטער פריצישן און קאַפּיטאַליסטישן יאָך, ווען זיי זיינען אַליין אויסגעשטאַנען די יעסורים, וואָס האָבן זיך געשאָטן אַף די קעפ פון יענע, וואָס פלעגן אָנהויבן דעם קאַמף קעגן עקספלואַטאַטאָרן, ווען זיי האָבן געזען, וויפל קאָרבאָנעס האָט געקאָסט פירן ווייטער דעמדאָזיקן קאַמף, קעדיי אייַנצוהאַלטן דאָס דערוואָרבענע, וואָס פאַר אַ ווילדער סוינע ס'זיינען די פריצים און קאַפּיטאַליסטן, — אָט אין אַזוינע אומשטענדן ווערן מענטשן דערצויגן ווי קאָמוניסטן.

אין גרונט פון קאָמוניסטישער עטיק ליגט דער קאַמף פאַר באַפעסטיקן און דערבויען דעם קאָמוניזם. אָט אין וואָס עס באַשטייט אויך דער גרונט פון קאָמוניסטישער דערציאונג, בילדונג און לימעד". (לענין. פון דער רעדע אַפן III צוזאַמענפאָר פון אַללקי"מ אין 1920 יאָר).

## ליטעראַטור

Каутский — Этика и материалистическое понимание истории

Логинов — Учит ли добру священное писание פאראן אַ באזונדערע אויסגאבע, און אכוץ דעם גייט עס אריין אין דעם בוך „Существует ли бог и почему люди в него верят".

Гурев — Антирелигиозная хрестоматия. Отд. 8.

Вопросы жизни и быта (Сборн. Изд. „Молодая Гвардия").

Этика и марксизм. Сборник.

Ленин — О религии и о нравственности. (Изд. „Прибой", 1925 г.).

Каким должен быть коммунист. Сборник.

Гурев — Хрестоматия молодого безбожника, отд. 14.

## פראגן צו איבערכאזערן

1. וואָס פאר א מאָראל וואָלט געראַפט האָבן דער מענטש, ווען ער זאָל נעמען אלס מוסטער גאָט לויט די דערציילונגען פון דער טוירע?

2. ברענגטביישפילן וועגן דער מאָראל פון די „אָוועס", צאדיקים און הייליקע, ווי עס דערציילט וועגן זיי די טוירע.

3. אין וועלכע צייטן, בא וועלכע סאָציאלע פארהעלטעניש, האָבן געקאָנט אנטשטיין אזעלכע דערציילונגען?

4. צי איז פאראן אן אייביקע מאָראל?

5. ווי אזוי אנטשטייען די אָדער יענע אויפירונג-נאָרמען?

6. ווי אזוי האָבן זיך אויסגעבילדעט מאָראל-אינסטינקטן בא באלעכאים?

7. ווי האָט זיך אויסגעבילדעט די מענטשלעכע מאָראל?

8. דערווייזט, אז די מאָראל בא דער קאפיטאליסטישער אָרדענונג שפיגלט אָפּ די אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאסן.

9. וואָס פאר א מאָראל איז גילטיק פארן ארבעטער בא דער דיקטאטור פינם פראָלעטאריאט?

10. וואָס ליגט אין גרונט פון דער קאָמוניסטישער עטיק?

## קאַפּיטל 11

# אידישע רעליגיעזע יאָנטויווים

## וואָס דערציילט וועגן די יאָנטויווים די טוירע

### שאַבעס

„זכור את יום השבת לקדשו" — „געדענק דעם טאָג שאַבעס צו הייליקן אים. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן אַלץ, וואָס דו דאַרפסט, און דער זיבעטער טאָג איז שאַ-בעס פאַר יאהווע, דיין גאָט; זאָלסט ניט טאָן קיין שום אַרבעט, ניט דו, ניט דיין טאָכ-טער, ניט דיין קנעכט, ניט דיין דינסט, ניט דיין בעהיימע, ניט דער גער, וואָס וואוינט מיט דיר, ווייל זעקס טעג האָט גאָט געמאַכט דעם הימל און די ערד, דעם יאַם און אַלץ, וואָס אין זיי און האָט גערוט דעם זיבעטן טאָג. דעריבער האָט גאָט געבענטשט דעם טאָג שאַבעס און האָט אים געהייליקט".

אַזוי איז געשריבן אין כומעש שמאָס, קאַפּיטל 20.

יעדער איד, זיינע קנעכט און בעהיימעס דאַרפן, הייסט עס, רוען שאַבעס, ווייל גאָט האָט גערוט דעם זיבעטן טאָג נאָכהעם, ווי ער האָט 6 טעג געאַרבעט אַף צו באַשאַפן די וועלט.

און אין כומעש דוואָרים, קאַפּיטל 5 שטייט אַזוי געשריבן:

„זאָלסט היטן דעם טאָג שאַבעס צו הייליקן אים, ווי יאהווע דיין גאָט האָט דיר גע-הייסן. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן אַלץ, וואָס דו דאַרפסט, און דער זיבעטער טאָג איז שאַבעס פאַר יאהווע, דיין גאָט; זאָלסט ניט טאָן קיין שום אַרבעט, ניט דו, ניט דיין זון, ניט דיין טאָכטער, ניט דיין קנעכט, ניט דיין דינסט, ניט דיין אָקס, ניט דיין אייזל, ניט וועלכע ניט איז בעהיימע דיינע, ניט דיין גער, וואָס וואוינט מיט דיר, קעדיי עס זאָל רוען דיין קנעכט און דיין דינסט, ווי דו אַליין. און זאָלסט גע-דענקען, אַז אַ קנעכט ביסטו געווען אין לאַנד מיצראַים, און יאהווע דיין גאָט האָט דיך אַרויסגעצויגן פון דאָרט מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם. דעריבער האָט דיר יאהווע, דיין גאָט, באַפוילן צו מאַכן דעם טאָג שאַבעס.

שאַבעס, הייסט עס, דאַרפן אידן רוען דערפאַר, ווייל גאָט האָט זיי באַפרייט פון מיצראַים.

שאַבעס איז אַ טאָג פון רו, שאַבעס איז אַ יאָנטעוו, דעם טאָג שאַבעס האָט גאָט גע־הייליקט. און אָפּהיטן אָט דעם געהייליקטן טאָג מוז יעדער איד פּינקטלעך, שטרענג. גאָט פאַרטראָגט ניט, אויב מע איז אויווער אַף זיין געבאָט. אָט הערט, וואָס עס ווערט דערציילט אין כומעש באַמידבאָר, קאַפּיטל 15:

„די אידן זיינען געווען אין מידבאָר; האָבן זיי געטראָפן אַ מענטש, וואָס קלייבט האָלץ אום שאַבעס. האָבן די, וואָס האָבן געטראָפן אָט דעם האָלץ־קלייבער, געבראַכט אים צו מוישען מיט אַרענען און צו דער גאַנצער געמיינדע. מע האָט אים אַרעסטירט, ווייל מע האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט אים. האָט גאָט געזאָגט צו מוישען: טויטן דאַרף מען אָט דעם מענטשן, פאַרשטיינען זאָל אים די גאַנצע געמיינדע מיט שטיינער אויסער דער מאַכנע. האָט מען אים פאַרשטיינט מיט שטיינער און ער איז געשטאָרבן, אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן מוישען“.

ווי אָפּגעהיט מע דאַרף זיין שאַבעס! בלויז פאַר קלייבן האָלץ אום שאַבעס — טויט־שטראָף! פאַר וואָס איז גאָט אַזוי שטרענג פאַר אַזאַ, דאַכט זיך, ניט גרויסן פאַרברעכן? פרעגט ניט קיין קאַשעס! גאָטס וועגן זיינען אונז אומבאַוואוסט.

## כאג-האפעסאך און כאג-האמאצעס

„אין דעם ערשטן כוידעש, דעם פערצנטן טאָג פון כוידעש, פאַרנאַכט איז פּעסאַך פאַר יאַהווע. און דעם פופצטן פון דעם כוידעש איז „כאַג־האַמאַצעס פאַר יאַהווע. זיבן טעג זאָלט איר עסן מאַצעס“.

אַזוי באַפעלט גאָט אין כומעש וואַיקראַ, קאַפּיטל 23. צוויי יאָנטוויוים באַפעלט דאָ גאָט צו פייערן: דעם פערצנטן טאָג אין כוידעש — דעם יאָנטעוו פּייסאַך, און דעם פופצנטן — דעם כאַג־האַמאַצעס, דעם פייער־טאָג פון מאַצעס.

און אין שמאָס קאַפּיטל 23 ווערט געזאָגט: „דריי מאָל זאָלסטו מיר פייערן אין יאָר. דו זאָלסט אָפּהיטן דעם כאַג־האַמאַצעס. זיבן טעג זאָלסטו עסן מאַצעס, ווי איך האָב דיר באַפוילן, צו דער צייט אין כוידעש, ווען עס ווערן פאַרטיק די זאַנגען, ווייל אין דעם כוידעש ביסטו אַרויס פון מיצראַים. און איר זאָלט ניט קומען צו מיר מיט ליידיקע הענט. און דעם יאָנטעוו, ווען דו שניידסט, וואָס דו האָסט פאַרזייט אין פעלד, און דעם יאָנטעוו פון זאַמלען, ווען עס ענדיקט זיך דאָס יאָר, ווען דו קלייבסט צוזאַמען דיינע פּראָדוקטן פון פעלד. דריי מאָל אין יאָר זאָלן אַלע דיינע מאַנצבילן קומען פאַר דעם האַר יאַהווע“.

קיין גענויע דאַטעס פון די יאָנטוויוים זיינען דאָ ניט אָנגעוויזן. מע דאַרף זיי פייערן דאַן, ווען עס ווערן פאַרטיק די זאַנגען, ווען מע שניידט די טוואָוע, ווען מע זאַמלט די פּרוכטן.

אין כומעש „שמאָס“ ווערט דערציילט אַ לאַנגע מאַיסע, ווי גאָט האָט אַרויסגעפירט די אידן פון מיצראַים. דורך וואונדער און קונצן האָט ער זיי פון דאָרט באַפרייט. אין דערדאַזיקער באַשרייבונג ווערט אויך דערציילט, ווי גאָט האָט פאַרגעשריבן מוישען און

אַרענען איינצושטעלן אַף אייביק דעם יאָנטעוו פּייסעך. אין קאַפּיטל 12 ווערט עס אַזוי דערציילט:

„און יאהווע האָט אַזוי געזאָגט צו מוישען מיט אַרענען אין דער לאַנד מיצראַים: דערדאָזיקער כוידעש איז פאַר אייך דער הויפּט־כוידעש — דער ערשטער כוידעש פון יאָר. זאָגט אַזוי דער גאַנצער געמיינדע פון איסראָעל: דעם 10־טן טאָג פון דעמדאָזיקן כוידעש זאָל זיך נעמען יעדערער אַ שעפּס פאַר זיין הויזגעזינד... און איר זאָלט אים היטן באַ זיך ביזן פערצנטן טאָג אין כוידעש, און פאַרנאַכט זאָל אים קוילען די גאַנצע געמיינדע פון איסראָעל און זאָל נעמען פון דעם בלוט און באַשמירן די צוויי פּריטול־קעס און דעם אויבערשוועל פון די הייזער, וואו מע וועט אים עסן; און זיי זאָלן עסן דאָס פלייש אין דערדאָזיקער נאַכט, געבראָטן אַף פייער, מיט מאַצעס און מאָרער זאָלן זיי אים עסן. איר זאָלט אים ניט עסן האַלב געבראָטן אָדער געקאָכט אין וואַסער, נאָר געבראָטן אַפן פייער, זיין קאָפּ און זיינע קנעכלעך און זיינע אינגעווייטס; און איר זאָלט פון אים גאָרנישט לאָזן ביז אינדערפרי, און וואָס עס וועט בלייבן פון אים ביז אינדערפרי, זאָלט איר פאַרברענען אין פייער. און אַזוי זאָלט איר אים עסן: די לענדן פאַרגאַרטלט, די שיך אַף די פיס און דער שטעקן אין האַנט; און עסן זאָלט איר אים אין איילעניש. דאָס איז אַ פּעסאַך פאַר יאהווע. און איך וועל דורכגיין דאָס לאַנד מיצ־ראַים אין דערדאָזיקער נאַכט און איך וועל שלאָגן יעדן בכאָר אין לאַנד מיצראַים פון אַ מענטש ביז אַ בעהיימע און מיט אַלע געטער פון מיצראַים וועל איך זיך אָפּרעכענען, איך, יאהווע. און די בלוט וועט זיין באַ אייך פאַר אַ צייכן אַף די הייזער, וואו איר גע־פינט זיך; און איך וועל זען די בלוט און איך וועל איבער אייך איבערשפּרינגען, און אייך וועט ניט טרעפן דער פּלאָג, ווען איך וועל שלאָגן אין לאַנד מיצראַים. און איר זאָלט געדענקען דעמדאָזיקן טאָג, און איר זאָלט אים פייערן פאַר אַ פייער טאָג פאַר יאהווע; דוירעס־לאַנג, אייביק זאָלט איר אים פייערן. זיבן טעג זאָלט איר עסן מאַצעס, נאָר דעם ערשטן טאָג זאָלט איר פאַרניכטן געזויערטן ברויט פון אייערע הייזער, ווייל ווער עס עסט כאָמעץ, וועט יענער אָפּגעשניטן ווערן פון איסראָעל — פון דעם ערשטן ביז דעם זיבעטן טאָג. און דער ערשטער טאָג זאָל באַ אייך זיין הייליק און דער זיבעטער טאָג זאָל באַ אייך זיין הייליק. קיין שום אַרבעט זאָל אין דידאָזיקע טעג ניט געטאָן ווערן, אויסער יענע, וואָס פאָדערט זיך אַף צו גרייטן עסן. און איר זאָלט אָפּהיטן די מאַצעס; ווייל אָט אין דעם טאָג האָב איך אייך אַרויסגעפירט פון לאַנד מיצראַים. און איר זאָלט אָפּהיטן דעם טאָג דוירעס־לאַנג, דאָס זאָל זיין אַ געזעץ אַף אייביק“...

מוישע האָט אויסגעפילט גאָטס באַפעל און האָט אַלץ איבערגעגעבן די עלצטע פון איסראָעל. עטוואָס האָט ער, עמעס, געענדערט, ווען ער האָט איבערגעכאַזערט גאָטס ווערטער: גאָט האָט געזאָגט, אַז ער אַליין וועט דורכגיין דורך מיצראַים און וועט שלאָגן אַלע בכוירים, און מוישע האָט געזאָגט אַזוי: „און יאהווע וועט דורכגיין צו פּלאָגן מיצראַים, וועט ער זען דאָס בלוט אַפן אויבערשוועל און אַף די פּריטולקעס, וועט ער איבערשפּרינגען אָט די טיר און וועט ניט לאָזן דעם מאַשכים אַריינצוגיין אין אייערע הייזער צו פּלאָגן אייך“.

גאָט האָט געטאָן, ווי ער האָט פאַרשפּראָכן. אין האַלבע נאַכט האָט גאָט אויסגע־האַרגעט אַלע בכוירים אין מיצראַים און די אידן האָט ער ניט אָנגערירט. פּאַרע, דער קייסער פון מיצראַים, האָט זיך דערשראָקן און האָט אָפּגעלאָזן די אידן. גאָט האָט פאַר זיינע אידן געשפּאָלטן דעם יאַם, האָט זיי געפירט דורך דער מידבאַר, האָט זיי געשפּייזט מיט מאַן פון הימל, האָט זיי געגעבן וואַסער פון שטיינער, האָט זיי געגעבן די טוירע אַפן באַרג סינאַי און האָט זיי באַזעצט אין ערעץ־ישראָעל.

און אידן האָבן אַ יאָנטעוו פּייסעך.

## שוואועס

אין וואַיקראַ, קאַפּיטל 23 ווערט פאַרגעשריבן:

„איר זאָלט אייך אָפּציילן פון דעם טאָג, וואָס נאָך שאַבעס, פון דעם טאָג, ווען איר ברענגט אויפגעהויבן דעם ערשטן גאַרב, זיבן גאַנצע וואָכן. ביז אַף מאָרגן נאָך דעם זיבעטן שאַבעס זאָלט איר ציילן פופציק טעג און איר זאָלט ברענגען אַ נייעם קאָרבן צו גאָט“... „אין אָט דעם טאָג זאָלט איר צונויפקלייבן אַ פאַרזאַמלונג באַם הייליקן אָרט, קיין שום אַרבעט זאָלט איר ניט טאָן. דאָס איז אַ געזעץ פאַר אייך אַף אייביק, וואו איר זאָלט ניט זיין אַף דויר־דוירעס“.

ד אָ ס   א י ז   ד ע ר   י אָ נ ט ע ו ו   ש ו ו א ו ע ס.

## ראָשעשאָנע. יאָמקיפּער

„און גאָט האָט געזאָגט צו מוישען אַזוי צו זאָגן: זאָג די אידן אַזוי: אין דעם זי־בעטן כוידעש, דער ערשטער טאָג אין כוידעש, זאָל בא אייך זיין אַ רו־טאָג אַ יאָנטעוו פון שאַלן“.

ד אָ ס   א י ז   ד ע ר   י אָ נ ט ע ו ו   ר אָ ש ע ש אָ נ ע.

ווייטער גייט יאָמקיפּער:

„אין דעם צענטן טאָג פון זיבעטן כוידעש איז אַ טאָג פון פאַרגעבונג. אַ פאַרזאַמלונג זאָלט איר צוזאַמענקלייבן באַם הייליקן אָרט און איר זאָלט זיך פּייניקן און איר זאָלט ברענגען אַ פייער־קאָרבן פאַר יאַהווע. קיין אַרבעט זאָלט איר אין דעם טאָג ניט טאָן, ווייל ער איז דער טאָג פון פאַרגעבונג, איר זאָלט ריין ווערן פאַר יאַהווע, אייער גאָט. און יעדער, וואָס וועט אין אָט דעם טאָג ניט פּייניקן זיך, וועט אָפּגעשניטן ווערן פון זיין פאָלק. און יעדן מענטשן, וואָס וועט טאָן אַ וועלכע ניט איז אַרבעט אין דעמדאָזיקן טאָג, וועל איך אים אויסראָטן פון זיין פאָלק“.

אין קאַפּיטאַל 15, אין וואַיקראַ ווערט באַשריבן, ווי אַרן, דער קויהען־גאָדל, דאַרף אָפּ־ריכטן די צערעמאָניע פון ברענגען די קאָרבאָנעס פאַר זיך, פאַר זיין הויזגעזינד און פאַרן פאָלק ישראָעל. די צערעמאָניע איז זייער אַ לאַנגע, מיט אַסאַך פּראַטים. דאָ ווערט באַשריבן אויספירלעך, ווי אַרן דאַרף זיין אָנגעטאָן, ווי ער דאַרף זיך וואַשן, וואָס פאַר אַ קאָרבאָנעס ער דאַרף ברענגען פאַר זיך און זיין הויזגעזינד און וועלכע קאָרבאָנעס פאַרן פאָלק ישראָעל, וויפל מאָל ער זאָל שפּריצן דאָס בלוט פון קאָרבן און וואוהין ער זאָל

דאָס בלוט שפּריצן, מיטן בלוט רייניקט ער אָפּ דעם מיזבייעך פון די אומריינקייט פון די בעניי איסראָעל.

צוויי ציגעלעך ברענגט דער קויהען־גאָדל פאַר דאָס פאָלק איסראָעל. ער וואַרפט גוירל, וועלכע ציגעלע זאָל ער ברענגען אַ קאָרבן יאַהווע, און וועלכע זאָל אָפּגעשיקט ווערן אין מידבאָר צו אַזאָזל. און מאָן האָט עס גאָט אַזוי געהייסן: „זאָל אָרן אַרויפלייגן זיינע ביידע הענט אויפן קאָפּ פון לעבעדיקן ציגעלע, זאָל ער אויסדערציילן אים אַלע זינד פון די בעניי־איסראָעל און אַרויפליייגן זיי אויפן קאָפּ פונם ציגעלע און אָפּשיקן אים מיט אַ מענטשן אין מידבאָר“.

אַזוי ווערן די בעניי־איסראָעל גערייניקט דורך קאָרבאָנעס דעם גאָט יאַהווע און דעם אַזאָזל אין דער מידבאָר.

## סוקעס

„אין דעם פופצנטן טאָג אין זיבעטן כוידעש, ווען איר זאַמלט איין די פרוכט פון דער ערד, זאָלט איר פייערן דעם יאָנטעוו פון גאָט זיבן טעג“... איר זאָלט אים פייערן אַלס יאָנטעוו צו גאָט זיבן טעג אין יאָר. דאָס איז אייך אַ געזעץ אויף אייביק, אויף דויר־דוירעס, אין זיבעטן כוידעש זאָלט איר אים פייערן. אין סוקעס זאָלט איר זיצן זיבן טעג. יעדער אַלטגעזעסענער פון איסראָעל זאָל זיצן אין סוקע, קעדיי אייערע דוירעס זאָלן וויסן, אַז אין סוקעס האָב איך באַזעצט די אידן, ווען איך האָב זיי אַרויסגעפירט פון מיצראַים, איך יאַהווע, אייער גאָט“.

דאָס איז דער יאָנטעוו „סוקעס“.

אַזוי האָט גאָט פאַרגעשריבן אין זיין טוירע צו פייערן זיינע יאָנטויווים. די טוירע האָט ער געגעבן מוישען אויפן באַרג סינאַי און געשריבן האָט ער זי נאָך איידער ער האָט די וועלט באַשאַפן. אַזוי גלויבן פרומע אידן.

## די וויסנשאַפט וועגן די אידישע רעליגיעזע יאָנטויווים

אינם קאַפּיטל 7 האָבן מיר זיך אָבער באַקאַנט מיט דערווירקלעכער אַנטשטייאונג פון דער אידישער רעליגיע און ווי אַזוי עס זיינען פאַרפאַסט געוואָרן די פאַרשיידענע טיילן פון דער טוירע. ניט גאָט, ניט מוישע זיינען די מעכאַברים פון דער טוירע, ביכלאַל ניט איין מענטש האָט די טוירע אָנגעשריבן. די טוירע איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע טיילן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין פאַרשיידענע צייטן.

אויך די אידישע יאָנטויווים זיינען ניט אַלע מאָל געווען אייגע און די זעלבע. אין פאַרשיידענע צייטן האָבן די אידן געהאַט פאַרשיידענע יאָנטויווים, פּונקט ווי זיי האָבן אין פאַרשיידענע צייטן געהאַט פאַרשיידענע מינהאָגים און געזעצן, ווי זיי האָבן אין פאַרשיידענע צייטן געדינט פאַרשיידענע געטער. באַ די אידן וואָגדערער, ווען זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט יאַגד אָדער פי־צוכט, זיינען געווען גאַנץ אַנדערע מינהאָגים און געזעצן, ווי באַ די אידן, וואָס זיינען געזעסן אויף אַ באַשטימטן אָרט און האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט. אַנדערע זיינען אויך געווען זייערע גלויבונגען און פאַרשיידן זייערע יאָנטויווים.

## קאָרבאָנעס און טאַנייסים

פון וואַנען האָט זיך גענומען דער גלויבן אין רוכעס ווייסן מיר שוין פון קאַפּיטל 6, וואו מיר האָבן גערעדט וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון גלויבן און עמונעס". אין דער פאָרשטעלונג פון די מענטשן פון יענע אַלטע צייטן זיינען די רוכעס געווען בייזע, גרויזאַמע, וועלכע קאָנען אָנטאָן אַלדאָס בייז דעם מענטשן. דאַרף מען דיזאָזיקע רוכעס גיט דערצאָרענען, דאַרף מען זיי ברענגען מאַטאָנעס, וועלכע זיי ליבן. די מענטשן האָבן אַליין קוים געהאַט צו באַפרידיקן זייערע באַדערפעניש. דאָס לעבן איז זיי אָנגעקומען גאָר ניט לייכט, אָבער דערצאָרענען די געטער, ניט ברענגען זיי קיין קאָרבאָנעס, קאָן מען ניט, — דאַן וועט זיין נאָך ערגער. וועלן די רוכעס בייז זיין אַפן מענטשן, דאַן וועלן זיי אָנשיקן ווילדע כאַיעס, וואָס וועלן פאַרצוקן די פי. וועט דער מענטש ניט פאַרדינגען באַ די רוכעס קיין גוטע באַציאונג צו אים, וועלן זיינע שאָף ניט פאַרמערן זיך. ציטערט דער מענטש פאַר די רוכעס, איז ער גרייט אָפט אַליין צו הונגערן, אַבי נאָר צו באַפרידיקן די רוכעס-געטער. בלייבט פאַר זיך אַליין ניט צו עסן, פאַסט מען. צוערשט פון גויט, און שפּעטער ווערט עס אַ געזעץ: ברענגען קאָרבאָנעס און פאַסטן.

וואָס פאַר אַ קאָרבאָנעס קאָן אָבער ברענגען אַ מענטש, וואָס פאַרגעסט זיך מיט יאַגד אָדער מיט פיצוכט? פאַרשטייט זיך, אַ פלייש-קאָרבן. מיט וואָס די מענטשן שפּייזן זיך אַליין, מיט דעם זיינען זיי מעכאַבעד זייערע געטער — מיט דעם בעסטן, וואָס זיי פאַרמאָגן.

## דער קולט פון לעוואָנע

באַזונדערס מוירעדיק זיינען די רוכעס באַנאַכט. דאַן איז דער מענטש מער אומבאַהאָלפן ווי באַטאָג, דאַן קאָן ער ניט אַכטונג געבן אַף זיין פי, דאַן קאָן ער זיך ניט פריי באַוועגן, דאַן טרעפן זיך אָפטער אומגליקן. גלויבט דער מענטש, אַז די נאַכט איז די צייט פאַר די בייזע רוכעס. און די לעוואָנע רופט אויך אַרויס אַ געפיל פון מוירע און פרייד. די לעוואָנע, עמעס, איז אַ גוטע, זי לייכט דעם מענטשן באַנאַכט; זי איז אָבער ניט קיין שטענדיקע: דאָס פאַרשווינדט זי, דאָס לייכט זי העל און זעט אויס גאָר קיילעכדיק און אָט נעמט זי אָן פאַרשיידענע געשטאַלטן. זי איז אַ שטענדיקע באַגלייטערן פון דער נאַכט, אַ כאַווערטע פון די רוכעס. די לעוואָנע ווערט פאַר דעם מענטשן אַ גאָט.

צוויי מאָמענטן צייכנט באַזונדערס אָפּ דער מענטש: די נאַכט, ווען די לעוואָנע ווערט געבאָרן, און די נאַכט, ווען זי איז אין איר פולער שיין. דאַן דינט ער אָט דעם גאָט, דאַן ברענגט ער אים מאַטאָנעס — קאָרבאָנעס. עס זיינען נאָך איצט פאַראַן פעלקער, וואָס פאַרגעטערן די לעוואָנע. אייניקע פעלקער אין אַפריקע האַלטן דעם טאָג, ווען די לעוואָנע „ווערט געבאָרן", פאַר יאָנטעוו. די נעגערס פּעטו שפּרינגען פאַר דער לעוואָנע דריי מאָל און דאַנקען זי. אין בראַזיליע ציילן די ווילדע שוואָטים די צייט און די יאָנטויווים נאָך דער לעוואָנע. די אידן ציילן נאָך אויך איצט זייער צייט נאָך דער לעוואָנע. יעדער פרומער איד איז איינמאָל אין כוידעש מעקאַדעש די לעוואָנע. אין דער טפילע, וואָס ער זאָגט בעאיים אָט דער באַגריסונג פון דער לעוואָנע, איז פאַראַן אַזאַ אָרט:

„אַזוי ווי איך שפּרינג אַקעגן דיר און איך קאָן דיך ניט אָנרירן, אַזוי זאָלן אַלע מיינע פיינט ניט קאָנען אָנרירן מיך שלעכטס צו טאָן". דערביי שפּרינגט דער איד אונטער דריי מאָל. אַזוי שמועסט זיך דורך דער איד מיט דער לעוואָנע יעדן קוידעש. דער ערשטער טאָג, ווען די לעוואָנע ווערט געבאָרן, איז אויך איצט אַ יאָנטעוו באַ די אידן. אידן גלויבן דאָך אָבער אין איין גאָט, ווי קומט עס, אַז זיי זאָלן מיספּאַלעל זיין צו דער לעוואָנע? עס איז קלאָר, אַז איצטיקער קידוש-לעוואָנע, איצטיקער ראָש-קוידעש, דאָס איצטיקע רעכענען די צייט נאָך דער לעוואָנע איז באַ די אידן פאַרבליבן פון גאָר אַלטע צייטן, ווען די לעוואָנע איז באַ זיי אַ גאָט געווען.

## די אָפּשטאַמונג פון שאַבעס

אין אַט די אַלטע צייטן איז אויך שאַבעס געווען אַ לעוואָנע-יאָנטעוו. שאַבעס פלעגט דאַן געפייערט ווערן נאָר אייגמאָל אין קוידעש. דער טאָג, ווען עס הויבט זיך אָן דער קוידעש, האָט געהייסן „ראָש-קוידעש", אָדער פּאָשעט „קוידעש" און דער טאָג, ווען די לעוואָנע איז אַ פולע, האָט געהייסן שאַבעס. דערצו ברענגען די געשיכטע פאָרשער אַסאַך ראַיעס. אין אַסאַך ערטער אין טאַנאַך געפינען מיר ווי די צוויי יאָנטויווים ווערן געבראַכט אין פּאָר. אין מלאָכים ב, קאַפּיטל 4 לייענען מיר, אַז אַ פרוי בעט איר מאַן ער זאָל איר געבן אַן אייזל און איינעם פון זיינע יונגען, ווייל זי וויל צופאָרן צו דעם נאָווי עלישאַ. פרעגט באַ איר דער מאַן, „וואָס גייסטו עפּעס היינט צו אים, היינט איז דאָך ניט קוידעש און ניט שאַבעס?" אין „יעשאַיע" קאַפּ. 1 באַגעגענען מיר ווייטער, ווי עס ווערן געפּאָרט די יאָנטויווים קוידעש און שאַבעס. דאָס זעלבע אין „אַמאָס" קאַפּיטל 8, הוישיאַ קאַפּיטל 2. באַ וואַווילאָנער האָט געהייסן דער יאָנטעוו פון פולער לעוואָנע „שאבפאטום". דער אידישער „שאַבאַט" שטאַמט פון דעמזעלבן וואָרצל, וואָס „שאַב-פּאַטום". סיי די וואַווילאָנען ביי די אידן האָבן דעם נאָמען געיאַרשנט פון יענער צייט, ווען די סעמיטן זיינען געווען איין פאָלק. אין אַזאַ שאַבעס האָבן די אידן גאָר ניט גערוט, אַזוי ווי עס איז פאַרגעשריבן אין דער טוירע. דאָס קאָנען מיר זען אַפילע פון דעמזעלבן קאַפּיטל 4 אין מלאָכים ב.: דער מאַן פון דער פרוי וואונדערט זיך, וואָס זי פאָרט ניט אין יאָנטעווידיקן טאָג, ווען עס איז ניט קוידעש און נ י ט ש אַ ב ע ס. הייסט עס, אַז שאַבעס איז ניט פאַרבאָטן געווען צו פאָרן.

מיט דער צייט קומט זיך צו דער מענטש צו די פאַזן פון דער לעוואָנע און טיילט שוין דעם לעוואָנע-קוידעש אַף 4 טיילן: אויסער קוידעש און שאַבעס באַצייכנט ער דעם טאָג פון דעם ערשטן פערטל לעוואָנע און דעם טאָג פון לעצטן פערטל. ווי די וואַווילאָנער האָבן געהאַלטן דעם 7-טן, 14-טן, 21-טן און 28-טן טאָג פאַר „שווערע", אומגליק-לעכע און האָבן אין דידאָזיקע טעג אויסגעמיטן אָנצוהויבן אַ נייע אַרבעט (אַזוי ווי איצט אידן אין די טעג מאָנטיק און מיטוואָך).

האָבן אויך די אידן געהאַלטן די טעג פאַר אַזעלכע, וואָס זיינען געווירמעט די רו-כעס — געטער.

ניט אַלע שוואָטים פון די אידן האָבן אַט דעם טאָג געהייליקט אַפן זעלבן אויפן. יעדער שייוועט, אָדער אַפילע יעדע הויזגעזינד האָט אים געפייערט אַף זיין שטייגער:

ערשט ווען די קויהאַנים האָבן דערקלערט דעם גאָט פון יעהודע פאַר דעם איינציקן גאָט פון אַלע אידן, דאַן זיינען שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן די באַזונדערע גאָטעס־דינסטן פון די אָרטיקע געמער, דאַן איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן די פאַרגעטערונג פון דער זון און פון דער לעוואָנע און אַנדערע פלאַנעטן. פאַר בוקן זיך דער זון אָדער דער לעוואָנע איז באַשטימט געוואָרן טויט־שטראָף. אַנשטאָט דעם פרייען טאָג שאַבעס איז פעסט־געשטעלט געוואָרן אַ שטרענגער שאַבעס, וועלכן מע מוז מיט דער גרעסטער פינקטלעכ־קייט אָפּהיטן. מע האָט דידאַזיקע שטרענגקייט געמוזט מאָטיווירן, ווייל אַסאַך פון די אידן האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפן די שטרענגע געזעצן. דעריבער געפינען מיר אין דער טוירע, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט אין פאַרשיידענע צייטן, פאַרשיידענע דערקלערונגען פון שאַבעס. אין „שמאָס" ווערט דערקלערט שאַבעס פאַר אַ טאָג פון רו, ווייל גאָט האָט גערוט דעם זיבעטן טאָג, נאָכדעם ,ווי ער האָט באַשאַפן די וועלט. אין „דוואָרים" האָט שוין שאַבעס אַן אַנדער דערקלערונג: מע דאַרף היטן שאַבעס, ווייל גאָט האָט אַרויסגעפירט די אידן פון מיצראַיִם. קעדיי אַנצוואַוואַרפן אַ טוירע אַף די אידן, זיי זאָלן זיך אונטערוואַרפן די געזעצן וועגן שאַבעס, איז צוגעטראַכט געוואָרן די מאַיסע וועגן האַלץ־קלייבער, וועלכן גאָט אַליין האָט באַפוילן צו פאַרשטיינען פאַר ניט אָפּהיטן שאַבעס.

## די אָפּשטאַמונג פון ראָשעשאָנע

אַ באַזונדער אָרט פון אַלע לעוואָנע־יאָנטויווים האָט פאַרנומען דער האַרבסטיקער. דאַן הויבט זיך אָן דאָס נייע יאָר. אין דעם טאָג פלעגט מען שטאַרק בלאָזן אין שויפרעס. דאָס האָט געמאַכט דעם טאָג באַזונדערס פייערלעך און געהיימניספול „דער טאָג פון שאַלן" האָט ער געהייסן. ווען די אידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין גאָלעס אין באָוול, האָבן זיי דאָרט איבערגענומען די באָוולעשע צייט־רעכענונג. דעם אָנהויב פון יאָר האָבן זיי אָנגעהויבן רעכענען פון פרילינג. דער פריערדיקער ערשטער כוידעש איז איצט גע־ווען שוין דער זיבעטער. דער אַלטער יאָנטעוו „דער טאָג פון שאַלן" איז אָבער געבליבן. די קויהאָנים האָבן איינגעהיט דעמדאָזיקן יאָנטעוו, זיי האָבן אים נאָר צוגעגעבן אַ נייע דערקלערונג. זיי האָבן אים געמאַכט פאַר אַ יאָנטעוו, ווען זיי האָבן אַלץ שטאַרקער גע־פלאַנצט אין פאָלק די געדאַנקען וועגן זיין זינדיקייט און האָבן אים אונטערגעטעניקט דער ווירקונג פון רעליגיע. אַף אַזאַ אויפן האָט זיך באַקומען אַזאַ אומגעלומפּערטקייט, אַז ניי־יאָר הויבט זיך אָן אין זיבעטן כוידעש.

## די אָפּשטאַמונג פון פייסעך, שוואועס, סוקעס

די מאַיסע פון יעציעס מיצראַיִם, אַזוי ווי מיר לייענען זי אין כומעש, איז אויך אַ געשאַפענע פון די קויהאַנים, פאַרפאַסט צוליב דעם נייעם יאָנטעוו פייסעך. געמ־לעך צוליב דעם נייעם יאָנטעוו, ווייל דער אַלטער כאַג־האַ־פעסאַך און כאַג־האַמאַצעס זיינען געווען גאָר פאַרשיי־דענע יאָנטויווים, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין פאַרשיי־

דרענגע צייטן. דער כאַג־האַפּעסאַך איז געווען אַ יאָנטעוו פון וואַנדערער, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פי־צוכט. אין פרילינג קעלבן זיך די בעהיימעס, ציגלען זיך די ציגן. אַ מאַגייפע אין דער צייט קאָן אינגאַנצן רואינירן דעם וואַנדערער. פון דער צייט הענגט אָפּ דער וואוילשטאַנד פון דעם וואַנדערער. דאַרף מען בעטן די רוכעס־געטער, זיי זאָלן העלפן די בעהיימעס, זיי זאָלן זיי קיין שלעכטס ניט טאָן, ניט שיקן קיין מאַגייפעס. ברענגט מען די געטער אַ בלוט־קאָרבן. פון דאַנען שטאַמט דער קאָרבן־פּעסאַך. נאָך איצט איז באַ די אַראַבער פאַראַן אַזאַ מינהעג: בעאיים אַ מאַגייפע קוילעט מען אַ שעפּס, מיט זיין בלוט באַשפּריצט מען די טירן און די פּריטולקעס און אַף אַזאַ אויפן פאַרהיט מען זיך פון דער מאַגייפע. דעם קאָרבן פּעסאַך פלעגט מען מיסטאמע ברענגען טאַקע אין האַלב־כוידעש, ווען די פולע לעוואָנע שיינט אַפן הימל. אין דער פאַרשריפט, ווי צו פייערן דעם כאַג־האַפּעסאַך זיינען טאַקע פאַראַן אַסאַך סימאָנים, אַז דער יאָנטעוו שטאַמט פון דער וואַנדערער צייט: „נאָר געבראָטן אַפן פייער... די לענדן פאַרגאַרטלט, די שיך אַף די פיס, דער שטעקן אין האַנט“. אַזוי האָבן די וואַנדערער געגרייט שפּייז, אַזוי זיינען זיי געווען געקליידעט.

דער כאַג־האַמאַצעס איז שוין אַ יאָנטעוו פון אַן אַנדער צייט. דאָס איז אַ יאָנטעוו פון ערד אַרבעטער. ווען די אידן זיינען אַריינגעדרונגען אין לאַנד קנאַאַן און זיינען דאָרט איבערגעגאַנגען צו ערד־אַרבעט, האָבן זיי אַסאַך זאַכן איבערגענומען באַ די אָרטיקע איינוואוינער. באַ זיי האָבן זיי זיך געלערנט באַאַרבעטן די ערד, באַ זיי האָבן זיי איבערגענומען די דערפאַרונג, ווען, וואָס צו זייען און מיט וועלכע מאַכשירים צו באַאַרבעטן די ערד. באַ זיי האָבן זיי אויך איבערגענומען זייערע מינהאָגים. באַ זיי האָבן זיך די אידן אויסגעלערנט צו זיכערן זיך אַ פּרוכטבאַרן יאָר דורך דינען די געטער פון ערד־אַרבעט. דריי הויפּט־יאָנטויווים זיינען געווען באַ די ערד־אַרבעטער: דער יאָנטעוו פון אָנהויב שניט, דער יאָנטעוו פון סאָף שניט און דער יאָנטעוו, ווען מע פאַרענדיקט צו זאַמלען די פּרוכטן.

דער ערשטער יאָנטעוו איז געווען דער יאָנטעוו פון מאַצעס. אַראָפּגענומען פון פעלד די ערשטע זאַנגען, האָט מען צעמאָלט אַף שטיינער די קערנער, אויסגעבאַקט אַ פריש קיכעלע און געבראַכט אים אַ מאַטאָנע דעם גאָט פון ערד־אַרבעט. זאָל ער האַנאָע האָבן און באַגיין זיך גוט מיט די ערד־אַרבעטער. אין די טעג פון שניט איז קיין צייט ניטאָ צו זייערן דאָס ברויט (ניט אַלע מאָל האָט מען אויך געוואוסט אַפילע דעם מיטל צו זייערן ברויט), באַקט מען די קיכלעך פון ניט געזייערט טייג.

ווען עס ענדיקט זיך דער שניט, דאַן איז ווידער אַ יאָנטעוו, דאַן ברענגט מען ווידער מאַטאָנעס גאָט, דאַן ברענגט מען אים שוין אַ קאָרבן פון געזייערטע טייג (ווען מע האָט זיך אויסגעלערנט באַקן פון אַזאַ טייג).

אין די אַלטע אינדישע געזעצן פון מאַנו באַגעגענען מיר פונקט אַזאַ דין: דער ערד־אַרבעטער טאָר ניט עסן פון דעם נייעם ברויט אָדער רייז, איידער ער וועט פון זיי ניט ברענגען קיין קאָרבן די געטער.

דער דריטער יאָנטעוו איז געווען דער יאָנטעוו פון זאַמלען פּרוכטן און ווייַנטרויבן. דאָס איז אַ פריילעכע צייט. בעאייסן זאַמלען די פּרוכטן פלעגט מען זיך באַזעצן אין ביידלעך, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פון

צווייגן, און ווען מע פלעגט פאַרענדיקן דאָס זאַמלען, פלעגט מען הוליען און ברענגען רייכע קאָרבאָנעס די געטער. יונגער וויין איז געווען אַסאַך, פלעגט מען מיט אים באַרוישן די קעפּ, פרוכטן — וויפל דאָס האַרץ גלוסט. ברענגט מען די געטער די שענסטע פרוכטן באַפּוצט מיט פּאַלמען בלעטער (עסרעג און לולעוו), מע טאַנצט פאַר זיי, מע שפּילט מוזיק. מיט די צווייגן פון דיי שיינע בוימער פּאַכעט מען אין דער לופטן, מע מאַכט מיט זיי אַ ווינט און מע באַווייזט גאָט, ער זאָל פונקט אַזוי שיקן ווינטן. פון קיילים פלעגט מען גיסן וואַסער אַף די מיזבויכעס, קעדיי צו דערמאָנען גאָט, אַז ער זאָל געבן רעגנס. פונקט ווי באַ מעקאַדעש זיין די לעוואָנע, זאָגט איצטער דער איד: „אַזוי ווי איך שפּרינג אַקעגן דיר און קאָן דיך ניט אָנרירן, אַזוי זאָלן מיינע פייַנט ניט קאָנען אָנרירן מיך שלעכטס צו טאָן“, אַזוי האָבן אויך די אַמאָליקע אידן באַוויזן זייערע געטער: „אַט אַזוי ווי איך גיס וואַסער אַף דיין מיזבייעך, אַזוי זאָלסטו גיסן רעגן אַף אונזערע פעלדער“.

ווען די אידן זיינען אַריבער צו ערד-אַרבעט האָבן זיי אָבער ניט פאַרוואָרפן אינגאַנצן דאָס פי-צוכט. באַזונדערס אין דאָרעם פון קנאַאַן, אין יעהודע, וואָס ליגט נאָענט צום מידבאָר, איז נאָך פי-צוכט געווען שטאַרק אַנטוויקלט. דער איבערגאַנג פון פיצוכט צו ערד-אַרבעט איז ביכלאַל געווען אַ לאַנגזאַמער, און דעריבער זיינען נאָך געבליבן די יאָנטויווים פון דער פריערדיקער וואַנדער-צייט. צו דעם אַלטן כאַג-האַפּעסאַך איז אָבער איצט צוגעקומען דער כאַג-האַמאַצעס.

ווען די קויהאַנים פון יעהודע האָבן באַזעצט גאָט אין איין אָרט, און האָבן דערקלערט יאַהווע פאַר דעם איינציקן גאָט פון די אידן, ווען זיי האָבן שטרענג פאַרבאָטן צו דינען אַנדערע געטער, האָבן זיי אויך געמוזט אומענדערן די דערקלערונג פון די יאָנטויווים. די לאַנדווירטשאַפטלעכע יאָנטויווים זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיטן לעבן פון די ערד-אַרבעטער און דעריבער האָבן זיי די ערד-אַרבעטער געפייערט אין דער היים, לע-קאָווד די אָרטיקע געטער. די קויהאַנים האָבן אָבער געוואָלט אָפּרייסן די אידן פון זייערע אָרטיקע געטער. זיי האָבן געפּאָדערט, אַז באַ איסראָעל און יעהודע זאָלן ניט זיין קיין אַנדערע געטער, אויסער יאַהווע. דער יאָנטעוו פייסעך איז פאַר זייערע צילן געווען ווי אָנגעמאָסטן. דער יאָנטעוו איז אַן אַלטער, מיטן איצטיקן לעבן און מיט אָר-טיקע געטער ניט פאַרבונדן, דער זין פון דעם יאָנטעוו איז לאַנג פאַרגעסן, דאַרף מען אים פאַרבינדן מיט יאַהווען, מיט דעם אַלמעכטיקן גאָט יאַהווע, מיט דעם איינציקן אָרט, וואו יאַהווע רוט — יערושאָלאַים, און מיט זיינע איינציקע דינער — די קויהאַנים פון יאַהווע.

באַ די אידן זיינען געווען ניט ווייניק אַלטע מאַיסעס, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער צייט, ווען די פאַרשיידענע שוואָטים, פון וועלכע עס איז אויסגעוואַקסן דערנאָך דאָס אידישע פאָלק, האָבן געפירט אַ וואַנדער-לעבן, פלעגן אַריינדרינגען אין פאַרשיידענע לענדער, קעמפן מיט פאַרשיידענע פעלקער. די קויהאַנים האָבן אָט די לעגענדעס „באַ-אַרבעט“ און „צוגעפּאַסט“ צו זייערע צילן: זיי האָבן געשאַפן די לעגענדע פון יעציעס-מיצראַים און דעם גאָט יאַהווע האָבן זיי געמאַכט פאַר דעם הויפּט-העלד, פאַר דעם וואונ-דערלעכן דערלייזער פון די אידן. אָט דער גרויסער אַלמעכטיקער וואונדערשעפער, דער דערלייזער פון די אידן דאַרף זיין דער איינציקער גאָט פון די אידן, אים דאַרף מען דינען, זיינע יאָנטויווים פייערן, אים קאָרבאָנעס ברענגען. אויפגעלעבט דעם אַלטן כאַג-האַפּעסאַך.

קאָן מען אָבער ניט אָפּרייסן די אידן פון זייער לאַנדווירטשאַפטלעכן כאַג־האַמאַצעס. האָבן די קויהאַנים צונויפגעמישט ביידע יאָנטויווים צוזאַמען — דעם אַלטן יאָנטעוו פון וואַנדערער, וואָס פאַר־נעמען זיך מיט פי־צוכט, מיט דעם יאָנטעוו פון די ערד־אַרבעטער. און פאַרבונדן האָבן זיי די ביידע יאָנטויווים מיט איין וואונדערלעכער מאַיסע — מיט יעציעס מיצראַיִם.

אַסאַך דערקלערונגען פון פאַרשיידענע פּראָצעדורן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט קאָרבן־פּעסאַך, האָבן זיך, עמעס, גאָר ניט געקלעפּט מיט דעם גלויבן אין איין אַלמעכטיקן גאָט — יאַהווע, די קויהאַנים האָבן זיך אָבער וועגן דעם ניט שטאַרק געקימערט. אין דער דערציילונג וועגן יעציעס מיצראַיִם ווערט געזאָגט, אַז יאַהווע האָט אַזאַ אוימע אָנ־געוואָרפן אַף די מיצרים, אַז אַפילע אַ הונט האָט ניט געוואַגט צו בילן אַף אַ אידן. הינט האָבן אונטערגעשיידט אַ איד פון ניט־אידן. און יאַהווע, דער אַלמעכטיקער יאַהווע, האָט ניט געקאָנט וויסן, וואו אַ איד וואוינט, אָן דעם צייכן פון בלוט אַף די פּריטולקעס פון זייערע הייזער. אין איין אָרט ווערט דערציילט, אַז גאָט אַליין וועט דורכגיין דורך מיצראַיִם און וועט שלאָגן אַלע בכוירים, אין צווייטן ווערט געזאָגט, אַז „יאַהווע וועט ניט לאָזן דעם מאַשכים אַריינצוגיין" אין די אידישע הייזער.

פון דער דערציילונג וועגן יעציעס מיצראַיִם, וואָס מיר האָבן געבראַכט אין אָנהויב קאַפּיטאַל, איז אַגעוו צו זען, אַז די אידן האָבן ניט אַלעמאָל געהאַלטן יאַהווען פאַר דעם איינציקן גאָט פון דער וועלט. גאָט זאָגט דאָרט: „איך וועל שלאָגן יעדן בכאָר אין לאַנד מיצראַיִם פון אַ מענטש ביז אַ בעהיימע, און מיט אַלע געטער פון מיצראַיִם וועל איך זיך אָפּרעכענען, איך — יאַהווע". דאָ טרעט אַרויס יאַהווע ווי אַ פיינט פון אַנדערע געטער, מיט וועלכע ער קעמפט. די עקזיסטענץ פון אַנדערע געטער ווערט דאָ אָבער אָנערקענט.

די טאַלמודיסטן זוכן פאַרשיידענע טערוצים אַף צו פאַרענטפערן די אַלע ניט גלאַ־טיקייטן. די וויסנשאַפט האָט אָבער קלאָר אויפגעדעקט דעם עמעסן מעהוס פון די אַלע ווידערשפּרוכן: דער איצטיקער פּייסעך איז אַ צונויפמיש פון צוויי פרילינגס־יאָנ־טויווים — איינער פון פי־ציכטלער און איינער פון ערד־אַרבעטער. יעציעס מיצראַיִם איז אַ שפּעטערדיקע, צוגעטראַכטע זאַך.

קעדיי אָפּצורייסן די אידן פון זייערע אָרטיקע געטער, פון זייערע אָרטיקע מיזביי־כעס, קעדיי צו פאַרבינדן די אידן מיט יאַהווע, וואָס רוט אין יערושאָלאַיִם, האָבן די קויהאַנים געמוזט צוטראַכטן ניע דערקלערונגען פאַר אַלע יאָנ־טויווים. אומגעענדערט צו ערשט די דערקלערונג פון כאַג־האַמאַצעס און כאַג־האַ־פּעסאַך, האָבן זיי דערנאָך געענדערט די דערקלערונג פון די אַנדערע לאַנדווירטשאַפט־לעכע יאָנטויווים — שוואועס און סוקעס. סוקעס האָט מען פאַרבונדן מיט דער מאַיסע, אַז די אידן האָבן געוואַנדערט 40 יאָר אין דער מידבאָר נאָך יעציעס מיצראַיִם, און פאַר שוואועס האָבן שוין צוגעטראַכט אַ דערקלערונג שפּעטער די אידישע טאַלמידיי־כאַכאָמים, אַז דאָס איז דער טאָג, ווען גאָט האָט געגעבן די אידן די טוירע אַפן באַרג סינאַי.

## די אָפּשטאַמונג פון יאָמקיפּער

פונקט ווי כאַג-האַמאַצעס, שוואועס, סוקעס טראָגן אַף זיך קלאָרע סימאָנים פון לאַנדווירטשאַפטלעכע יאָנטויווים, האָט אַף זיך יאָמקיפּער דעם שטאַמפּ פון אַן אַלטן יאָנטעוו פון וואַנדער שוואָטים, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פי-צוכט און גלויבן אין רוכעס. אַראָפּנעמען פון זיך די זינד דורך בלוט פון אַ קאָרבן, אַראָפּוואַשן דורך בלוט און פאַרשיידענע צעראָמאָניעס די זינד, וואָס איז ווי שמוץ צוגעשטאַנען צום לייב; שיקן אַ ציגעלע דעם הויפּט-גייסט פון דעם מידבאָר, אַזאָזל — דאָס באַווייזט קלאָר, אַז דער יאָנטעוו שטאַמט פון די אַלטע וואַנדער צייטן. אויך דער טאָנעס שטאַמט פון די צייטן, ווען די מענטשן פלעגן זיך אָפּזאָגן פון עסן, קעדיי צו באַפרידיקן די גייסטערגעטער מיט קאָרבאָנעס. די קויהאַנים האָבן דעמדאָזיקן יאָנטעוו, ווי אַלע אַנדערע יאָנטויווים, צוגעגעבן אַ נייע דערקלערונג, פאַרבונדן אים מיט יאהווע, מיטן בייסאַמיקדעש, מיט די קויהאַנים. דערדאָזיקער יאָנטעוו האָט געדאַרפט פאַרשטאַרקן די אייטע פאַר דעם איינציקן גאָט יאהווע און אויפהויבן אין די אויגן פון פאָלק די באַדייטונג פון גאָטס-דינער — די קויהאַנים. אַזוי זיינען די יאָנטויווים, וואָס האָבן געשטאַמט פון דעם גלויבן אין רוכעס און האָבן אַנטשפּראָכן די סאָציאַל-עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן אין דער וואַנדערונגס-עפּאָכע און שפּעטער אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער עפּאָכע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נייע יאָנטויווים פון דעם איינציקן גאָט יאהווע מיט זיינע קויהאַנים, באַ נייע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן (וועגן זיי האָבן מיר גערעדט אין קאַפּיטל 7.).

אין די אַלע יאָנטויווים זעען מיר אַ צונויפמיש פון פאַרשיידענע עפּאָכעס, אַן אָפּשפּיגלונג פון פאַרשיידענע גלויבונגען, פון פאַרשיידענע פעלקער, אין פאַרשיידענע ערטער. די קויהאַנים און שפּעטער די ראַבאָנים האָבן געוואָלט געווינען פאַר זיך דאָס פאָלק, און דעריבער האָבן זיי זיך געמוזט רעכענען מיט די אַלטע פאָלקס-גלויבונגען. דעם צוטרוי פון פאָלק האָבן זיי געדאַרפט אָבער האָבן בלויז צוליב דעם, קעדיי בעסער און שטאַרקער אונטערוואַרפן אים אונטער זייער הערשאַפט.

## כאַנוקע. פּורים

די יאָנטויווים כאַנוקע און פּורים באַווייזן, ווי געצנדינערישע פאָלקס-יאָנטויווים, וואָס די אידן האָבן איבערגענומען פון אַנדערע פעלקער, זיינען דורך די גאָטס-דינער באַ אידן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאַציאָנאַל-רעליגיעזע, שוין אין דער שפּעטערדיקער צייט, נאָך אין דער צייט פון די כאַשמענאָים (2-טער יאָרהונדערט פאַר אונזער ערא, וועלכע ציילט איר אָנהויב פון „קריסטוס-געבורט"). דער יאָנטעוו כאַנוקע פלעגט באַ די פעלקער, וואָס פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט, געפייערט ווערן אין סאָף דעקאַבר. געהייסן האָט ער אָבער ניט כאַנוקע, נאָר דער יאָנטעוו פון ליכט. אַזאַ נאָמען האָט ער געהאַט דערפאַר, ווייל ער פלעגט געפייערט ווערן לעקאָוועד דעם, וואָס די זון

הויבט ראַן אָן אויפצוהויבן זיך העכער, די טעג ווערן לענגער, דער ווינטער הויבט אָן אַוועקצוגיין און די זון גייט צו זומער. באַ אַסאַך פעלקער האָט ער געהייסן „דער יאָנטעוו פון דער זונס געבורט“. באַ פאַרשיידענע פעלקער און פאַרשיידענע רעליגיעס האָט ער מיט דער צייט באַקומען פאַרשיידענע געשטאַלטן. פון דעמדאָזיקן יאָנטעוו איז באַ די קריסטן אויסגעוואַקסן דער יאָנטעוו פון ווייַנאַכטן (געבורט פון קריסטוס) און באַ די אידן כאַנוקע. ביז דער גאָלעס עפּאָכע איז דער יאָנטעוו פון ליכט באַ אידן ניט געווען. זיי האָבן אים איבערגענומען באַ אַנדערע פעלקער שוין שפּעטער אין גאָלעס, וואַרשיינלעכער פון אַלץ פון די עגיפּטער, וואו לעקאָוועד דעם גאָט אָזירים פלעגט מען פייערן דעם יאָנטעוו פון „אָנצינדן ליכט“. די עגיפּטער ווידער האָבן זייער יאָנטעוו באַקומען פון די גריכן, וואו דער יאָנטעוו פלעגט געפייערט ווערן לעקאָוועד דעם גאָט פון דער זון און פון גערעטעניש — דיאָניס. באַ די עגיפּטער ווערט דערציילט אַזאַ מאַיסע: דער שלעכטער גאָט סעט האָט געהאַרגעט דעם גוטן גאָט אָזירים. די פרוי פון אָזירים איז אַוועק זוכן איבערן גאַנצן לאַנד איר מאַן. דאַרף מען איר באַלויכטן דעם וועג, צינדט מען אָן אין אַלע הייזער אין דער נאַכט פייערן. פון אָט די ליכט זייַנען שפּעטער אויסגעוואַקסן די כאַנוקע ליכט.

פאַרוועמען דעם יאָנטעוו האָבן די אידישע ראַבאָנים ניט געקאָנט, ווייל ער האָט זיך שטאַרק אייַנגעפּעסטיקט אין פאָלק. האָבן זיי פאַר אים געפונען אַ דערקלערונג, וואָס זאָל באַווייַזן גאָטס קראַפט און וואונדער. די וואונדערלעכע מאַיסע ווערט אַזוי דערציילט: ווען די כאַשמינאָים האָבן באַפרייט דעם בייסאַמיקדעש און האָבן געוואָלט אָנצינדן ליכט פאַר גאָט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז ניטאָ קיין אייל, ווייל די גריכן האָבן מעטאַמע געווען דעם גאַנצן אייל. בלויז אין איין קריגעלע האָט זיך געפונען אַביסל אייל, וואָס וואָלט קלעקן אַף איין נאַכט פאַר איין מענוירע. האָט אָבער גאָט געטאָן אַ נעס און דער אייל האָט געברענט גאַנצע אַכט טעג. און דעריבער דאַרפן אידן אָנצינדן כאַנוקע-ליכט.

דער אַנדערער יאָנטעוו פון דער כאַשמינאָים-עפּאָכע — פורים — שטאַמט אויך פון געצנדינערישע יאָנטויווים, וואָס די אידן האָבן איבערגענומען באַ די וואַווילאָנער. מיר וועלן זיך דאָ אַף דעם יאָנטעוו באַזונדער ניט אָפּשטעלן. עס וועט זייַן גענוג, ווען מיר וועלן דאָ נאָר אָנווייַזן, אַז „מאָרדעכאַי“ פון דער מעגילע שטאַמט פון „מאַרדוך“ — דעם הויפּט-גאָט פון באָוול. „עסטער“ — שטאַמט פון „אישטאַר“ — די הויפּט געטין פון באָוול. דער נאָמען וואַשטי און האָמען האָבן זייערע אַנטשפּרעכנדיקע נעמען פון די עלאַמיטישע געטער.

## דער רעאַקציאָנערער טאָך פון די אידישע רעליגיעזע יאָנטויווים

די ראָלע פון אונטערוואַרפן דאָס פאָלק אונטער דער הערשאַפט פון די קלייקוידעש, וואָס דינען די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן, די ראָל פון פלאַנצן און פאַרשטאַרקן נאַציאָנאַליסטישע און שאָוויניסטישע געפילן שפּילן די רעליגיעזע יאָנטויווים ביז הייַנטיקן טאָג. די רעאַקציאָנערע ראָלע פון אַזאַ יאָנטעוו ווי יאָמקיפּער איז גענוג בוילעט. ניט ווייניקער רעאַקציאָנער און שעדלעך זייַנען אָבער אויך די יאָנטויווים, וואָס זייַנען

באַפּוצט קלוימערשט מיט באַפרייאונגס־אידייען. אָפּט קומט אונז אויס הערן אַזעל־כע רייד:

„איז דען פּייסעך ניט קיין עמעסער נאַציאָנאַלער יאָנטעוו, ווען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק פייערט זיין באַפרייאונג פון קנעכטשאַפט? איז דאָס ניט קיין פעלער פון אייך, קאָמוניסטן, ווען איר ווילט, אַז די אידישע אַרבעטער זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דעם יאָנ־טעוו: איר אַליין לערנט דאָך שטענדיק פיינט צו האָבן קנעכטשאַפט און צו קעמפן פאַר פרייהייט. איר אַליין פייערט דאָך אַזעלכע יאָנטויווים, ווי צום ביישפּיל, דעם ערשטן מאַי, אָדער דעם אָקטיאַבר־יאָנטעוו, פאַרוואָס זאָל מען ניט פייערן די באַפרייאונג פון מיצראַים? איז דען פּייסעך ניט קיין נאַציאָנאַלער פרייהייט־יאָנטעוו?“.

עס איז גענוג צו וויסן די מאַיסע פון יעציעס־מיצראַים ווי זי ווערט דערציילט אין כומעש און אין דער האַגאָדע, קעדיי צו ענטפערן אַף אָט דער פראַגע:

אין דער גאַנצער אויסגעטראַכטער מאַיסע פון יעציעס מיצראַים געפינען מיר ניט קיין איין וואָרט וועגן דעם, אַז דאָס פאָלק אַליין זאָל אויפשטיין קעגן זיינע אונטערדריקער, אַז דאָס פאָלק אַליין זאָל כאָטש פראָטעסטירן קעגן קנעכט־שאַפט. דאָס פאָלק האָט נאָר געקרעכצט, און גאָט האָט געהערט זייער געשרייען. דער הויפּט־העלד פון דער לעגענדע איז ניט דאָס פאָלק, נאָר גאָט — דער גאָט פון וואונדער און קונצן, אַ גאָט פון צאָרן — פאַר די, וואָס דינען אים ניט, און פון ראַכמאָ־נעס — פאַר די, וועלכע זיינען אים אונטערטעניק. אַ גאָט, וואָס קאָן מיטאַמאָל אָנשיקן לייז אָן אַ שיר, זשאַבעס אָן אַ צאָל, קרעץ אַפן גאַנצן לייב, בלוט אַפן גאַנצן לאַנד. ער קאָן הארגענען אַלע בכוירים, קאָן פון אַ שטעקן מאַכן אַ שלאַנג, קאָן מיט איינמאָל טרוקן מאַכן דעם יאַם. איז דאָס ניט קיין גרויסער גאָט? קאָן מען פאַר אים ניט מוירע האָבן? דאַרף מען אים, אַזאַ טייערן גאָט, ניט ליבן?

גלויב דעריבער אין גאָט, גלויב אין זיינע וואונדער, גלויב אין זיין גרויסקייט. וועסטו ניט גלויבן, וועסטו זיין וואונדער ניט דערציילן — ביסטו אַ ראָשע! גאָט האָט ליב נאָר די, וואָס גלויבן אין זיין קויעך און לויבן זיין ליבן נאָמען.

נאָר גאָט אַליין קאָן באַפרייען, נאָר ער, פערזענלעך, דורך זיינע גרויסע וואונדער — אַזוי ווערט איבערגעכאַזערט אָן אַ שיר מאָל אין דער האַגאָדע.

גאָט האָט זיין הויז, גאָט רוט אין ציען, אַהין האָט ער צוגעזאָגט צו ברענגען זיין פאָלק איסראָעל, ווען דאָס פאָלק וועט דאָס באַ אים נאָר פאַרדינען. און די האַגאָדע־זאָגער, נאָכדעם, ווי זיי האָבן דערציילט אַלע וואונדער פון גאָט, וואָס ער האָט געמאַכט באַ יעציעס־מיצראַים, נאָך דעם, ווי זיי האָבן אים דערפאַר געלויבט און געדאַנקט, נאָך אַלע קאָמפּלימענטן, וואָס זיי האָבן געמאַכט אין די האלעלויעס זייער גרויסן, שיינעם, קלוגן, רייכן, גוטן גאָט, — נאָך אַלעם דעם בעטן זיי אים, ער זאָל זיי באַשערן צו דער־לעבן די גרויסע סימכע, ווען זיי וועלן ווידער זיין אין יערושאָלאַים, וועלן דאָרט ברענגען

קאָרבאָנגעס און וועלן שפּריצן דאָס בלוט פון די געקוילעטע שעפּסן אַף די ווענט פון דעם הייליקן מיזבייעד.

אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין דער צייט פון לופט־שיפן און ראַדיאָ, אין דער עפּאָכע פון סאָציאַליסטישע רע־וואָלוציעס — בעטן פרומע אידן, גאָט זאָל זיי באַגליקן, אַז זיי זאָלן ווידער קאָנען ברענגען קאָרבאָנעס!

דורך אויסגעטראַכטע מאַיסעס פון יעציעס־מיצראַים, דורך דערציילונגען פון איבער־נאַטירלעכע וואונדער, אין וועלכע קיין איין געבילדעטער מענטש קאָן ניט גלויבן, ווייל ער ווייסט די געזעצן פון דער נאַטור און די דערקלערונג פון אירע דערשיינונגען, דורך פאַרשיידענע צערעמאָניעס, דינים, בראָכעס און טפילעס זוכט די קלעריקאַלע קאסטע איינצוהאַלטן דעם גלויבן אין נאַציאָנאַלן גאָט.

צוזאַמען מיט דער ליבע און מוירע פאַר דעם גאָט פון איסראָעל פלאַנצן זיי סינע און האַס צו אַלע אַנדערע פעלקער, וועלכע גלויבן ניט אין יאהווע און דינען אַנדערע געטער. ווען מע עפנט די טיר אין מיטן אָפּריכטן דעם סיידער אַף אַריינצולאָזן עלייאָהו־האַנאָווי, פאַר וועלכן ס'איז צוגעגרייט אַ באַזונדער בעכער וויין, בעטן די האַגאָדע־זאָגער זייער גאָט, ער זאָל אויסגיסן זיין קאַס אַף די פעלקער, וואָס דינען אים ניט און זאָל זיי אינגאַנצן פאַרניכטן פון דער ערד.

אַזוי פלאַנצט אין די „הייליקע“ האַגאָדע ליבע צום איי־גענעם גאָט און סינע צו פרעמדע מענטשן.

דאָס איז די אויפגאַבע פון יעדער רעליגיע. אין דער מיצווע צו שפּרייטן סינע צווישן פאַרשיידענע פעלקער שטייט ניט אָפּ דער ראָוו פונעם פּאָפּ, דער פּאָפּ פונעם קסיאָנדז און דער קסיאָנדז פונעם מולא. יעדער פון זיי דינט טריי זיין נאַציאָנאַלן הערשנדיקן עקס־פּלואַטאַטאָרישן קלאַס, און זיי אַלע צוזאַמען העלפן, דורך פאַרשפּרייטן פינצטערניש און אומוויסנהייט, איינצוהיטן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג פון עקספּלואַטאַציע און קנעכטשאַפט.

דעם יאָנטעוו פייסעך, וועלכן די אידישע קויהאַנים און „כאַכאָמים“ האָבן צוגעגעבן לעפּאָגים אַ שיין פון אַ פרייהייט־יאָנטעוו, האָבן זיי אין דער ווירקלעכקייט פאַרוואַנדלט אין אַ יאָנטעוו פון קאַמף קעגן יעדער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון קנעכט קעגן הערשער. אין איינע פון די מאַיסעס וועגן יעציעס־מיצראַים ווערט אַפילע דערציילט וועגן דעם, אַז דרייסיק טויזנט אידישע גיבוירים פון די בעניי־עפראַים האָבן געוואָלט מיט געווער באַפרייען זיך פון קנעכטשאַפט, האָט זיי גאָט געשטראָפט, און זיי זיינען אויסגעהאַרגעט געוואָרן דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך פאַרלאָזן אַף די אייגענע קויכעס און ניט געוואַרט ביז גאָט אַליין וועט זיי באַפרייען.

גלויבן אין גאָט, פאַרלאָזן זיך אַף זיין הייליקן נאָמען, האָפן אַף זיין גנאָד, וואַרטן אַף זיינע וואונדער, מוירע האָבן פאַר זיין שטראָף און ליבן אים פאַר זיין ראַכמאָנעס, ניט פאַרלאָזן זיך אַף די אייגענע קויכעס — דאָס איז דער ציל פון די אַלע וואונדערלעכע מאַיסעס. פאַרשטאַרקן די ליבע צום אייגענעם נאַציאָנאַלן גאָט און דורך דעם פאַר־שטאַרקן די נאַציאָנאַליסטישע געפילן, שטערן דער פאַראייניקונג פון אַרבעטער פון אַלע לענדער און נאַציעס אין קאַמף קעגן זייערע אונטערדריקער, פריידיקן די פאַראייניקונג־

פון אַלע קלאַסן און איין קלאַל איסראַעל אַרום זייער אייגענעם גאַט, — צו דעם שטרעבן איצט די אידישע קלייקוידעש, פונקט ווי די זעלבסטהערשונג האָט געשטרעבט צו פאַרייניקן אַלע קלאַסן פון רוסישן פאָלק אַרום פּראַוואָסלאַוויע.

א מאַיסע פון פרייהייט, קעדייי איינצוהאַלטן לענגער אין קנעכטשאַפט — דאָס איז די „האַגאָדע שעל פּעסאַך“.

א לעגענדע וועגן גאָטס שטאַרקייט, וועגן זיין אַלמעכטיקייט, וואונדער און קונצן, א לויב-געזאַנג גאָטס קויעך און א פאַרורטיילונג פון דעם מענטשנס זעלבסטטעטיקייט און זיין פרייהייטס-קאַמף — איז די מאַיסע פון יעציעס-מיצראים.

ניט קיין פרייהייטס-יאָנטעוו, נאָר א יאָנטעוו פון גייסטיקער פאַרשקלאַפונג איז פייסעך.

## אנשטאָט רעליגיעזע—רעוואָלוציאָנערע יאָנטויווים

ווען מיר פייערן אונזערע רעוואָלוציאָנערע יאָנטויווים, פאַרנעמען מיר זיך ניט מיט אַזעלכע קלוגע פּשעטלעך, ווי ראַבי יעהודע ראַבי יויסע האגלילי, ראַבי עליעזער און ראַבי אַקיווע, וועגן די מאַקעס, וואָס גאָט האָט געשיקט אַף די מיצרים. די קלוגע ראַבאָנים אַמפּערן זיך וועגן דעם, וויפל מאַקעס האָט געשיקט גאָטס פינגער און וויפל זיין גאַנצע האַנט; וויפל מאַקעס האָט ער געשיקט אַף דער יאַבאָשע און וויפל אַפן יאַם, און וויפל דאַנקען דאַרף דער איד געבן דעם ריבוינעשעלוילעם פאַר יעדער מיצראַימשער מאַקע. — מיר דערציילן אַף אונזערע יאָנטויווים ווי שווער און דאָרנדיק איז דער וועג פון קאַמף פאַר פרייהייט, וויפל אונזערע בעסטע כאַווירים זיינען אומגעקומען אין די טורמעס און אַף די טליעס אין דעם צאַרישן רוסלאַנד און קומען נאָך איצט אום אין די „דעמאָקראַטישע“ לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע. ווי שטאַנדהאַפטיק און העלדנמוטיק דער פּראָלעטאַריאַט קעמפט פאַר זיין פרייהייט, וועלכע פּאַרטיי האָט אים געפירט אין קאַמף און האָט אים אָנגעוויזן די ריכטיקע וועגן פון באַפרייאונג, און וועלכע האָט אים פאַראַטן און איבערגעגעבן אין די הענט פון זיינע סאָנים. מיר באַטראַכטן דעם דורכגעגאַנגענעם וועג פון קאַמף, שאַצן אָפּ אונזערע ריכטיקע קאַמף-מיטלען, פאַרורטיילן אונזערע פעלערן און נעמען אָן מיטלען, זיי זאָלן ניט איבערגעכאַזערט ווערן.

מיר דערציילן אויך וועגן די מאַקעס, וואָס די בורזשואַזיע האָט געשיקט אַפן קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט.

מיליוקאָוו, טשערנאָוו, קראַסנאָוו, קאָרנילאָוו, קערענסקי, טשאַיקאָווסקי, האַץ, פּעטליורע, דעניקין, וראַנגעל, מאַכנאָ, פּילסודסקי, שיידעמאַן, נאָסקע, וואַנדערוועלדע.

ניט צען, נאָר הונדערטער אַזעלכע מאַקעס! מיר דערציילן וועגן די מאַקעס און וויזן אָן: די מאַקע איז פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי, די — פון דער עסערישער, יענע — פון מענשעוויקעס און די — פון

פּ. פּ. ס. איינע פון זיי איז אָפן קאָנטר=רעוואָלוציאָנער, די אַנדערע — פאַרשלייערט אונטער אַ דעקטוך פון סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע, און אַלע צוזאַמען — גלייכע סאָנים פון אַרבעטער=קלאַס. מיר ווייזן אָז, וואו זיינען אונזערע סאָנים און וואו זיינען אונזערע פריינט. מיר מאַכן אַ סאַכאַקל פון אונזער פאַרגאַנגענער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט און מערקן אָז די וועגן פון ווייטערדיקן קאַמף.

אָנשטאָט קריעס=יאַמסוף, דערציילן מיר וועגן דער העלדישער גוואורע פון דער רויטער אַרמיי באַ פּערעקאָפּ. אָנשטאָט די קרעכצן פון די אידן אין מיצראַים און גאָטס וואונדער, דערציילן מיר דיווירקלעכע ליידן פון פּראָלעטאַריאַט און פויערטום אין זייער אויפשטאַנד קעגן זייערע אונטערדריקער, זייער העלדישן קאַמף און רומפולן זיג.

אָנשטאָט צו דערציילן די וואונדער, ווי גאָט האָט געבויט זיין בייסהאַבכירע, זיין בייס=האַמיקדעש אין יערושאָלאַים — דערציילן מיר ווי דער פּראָלעטאַריאַט פון פּסס"ר בויט דעם סאָציאַליזם, אין לאַנד פון עמעסער פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע אַרבעטנדיקע פון אַלע פעלקער, און מיר רופן אַלע אַרבעטער און פויערים צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער גראַנדיעזער בויאונג.

## ליטעראטור

לוריע — יאָמקיפּער.

לוריע — שאבעס.

לוריע — פּייסעך.

ניקאָלסקי — אידישע יאָנטויוויים. זייער אופקויף און אנטוויקלונג.

Альфа Омега — Христианские и еврейские праздники.

## פראגן צו איבערכאזערן

1. פון וואנען שטאמט דער מינהעג פון קארבאָנעס און טאנייסים ?
2. פון וואנען שטאמט דער קולט פון דער לעוואָנע ?
3. וואָס דערציילט די טוירע וועגן דער אנטשטייאונג פון שאבעס און וואָס זאָגט וועגן דעם די וויסנשאפט ?
4. וואָס דערציילט די טוירע וועגן דער אנטשטייאונג פון די אנדערע רעליגיעזע יאָנטויווים און ווי זיינען זיי אינדערעמעסן אנטשטאנען ?
5. אין וואָס באשטייט דער ראקציאָנערער טאָך פון די אידישע רעליגיעזע יאָנטויווים ?
6. פאר וואָס קעמפן מיר קעגן פייערן די רעליגיעזע יאָנטויווים ?
7. וואָס פאר א ראָל שפילט דאָס אריבערגיין צו א קעסיידערדיקער ארבעטס-וואָך אינם קאמף קעגן אלטן שטייגער און רעליגיעזע יאָנטויווים ?

# קאפיטל 12

# רעליגיע און שטייגער

## ווי דאַרף זיך אויפירן א איד לויט דעם ווי „גאָט האָט געבאָטן"

— ווי אַזוי דאַרף זיך אַ איד אויפירן אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן?

— ווי גאָט האָט געבאָטן — ענטפערט דער פרומער איד.

אויספירן תרי"ג מיצוועס איז קיין קלייניקייט ניט. זעקס הונדערט און דרייצן מיצוועס! די מיצוועס הייסן, וואָס דאַרף יעדער איד טאָן, אויב ער וויל געפינען כיין און לייטזעליקייט באַ גאָט און לייט. און כוץ מיצוועס זיינען דאָ נאָך פאַראַן אַווירעס, זאָגן זיי, וואָס אַ איד טאָר ניט טאָן. ווייס דער פרומער איד, וואָס ער דאַרף טאָן, וואָס ער מעג טאָן און וואָס ער טאָר ניט טאָן. זיין לעבן איז רעגלאַמירט, ד. ה. איינגעשטעלט לויט אַ געווויסן סיידער. ער לעבט אַזוי ווי „גאָט האָט געבאָטן", „ווי גוטע, פרומע לייט הייסן צו גוטן טאָן", ווי אונזערע אָוועס אווּעסיינו האָבן געלעבט.

קומט אַ אידיש אינגל אַף דער וועלט, זעט פאַר אים פאָרוים דער רעגלאַמענט — דער איינגעשטעלטער סיידער — אַ שמירע. עס איז דאָ אַ געפאַר אַז „ניט גוטע" — שיידים, מעכאַבאַלים זאָלן דאָס קינד פאַרדאַרבן גלייך, ווי ער איז אַף דער וועלט געקומען. הענגט מען אַרום דאָס בעט פון דער קימפעטאָרן מיט שיר־אַמאַילעסן, און דאָס קינד איז טיילווייז געזיכערט. אָבער ניט אינגאַנצן. אַ דאָפּלטע שמירע איז נויטיק. אין צווייען איז שטאַרקער. קומען קינדער פון כיידער יעדן טאָג ביזן ברים און לייענען אינם שטוב פון דער קימפעטאָרן קרישמע. דאַן איז דאָס קינד טאַקי געזיכערט פון אַלע זייטן: קיינע בייזע רוכעס וועלן צו אים שוין קיין צוטריט ניט האָבן. איין נאַכט איז אָבער דאָך זייער אַ געפערלעכע — די נאַכט פאַרן ברים. אין דער נאַכט קאָן ער, דער „ניטגוטער" זיך ווי ניט איז אַריינכאַפּן. ער קאָן זיך דורכרייסן דורך דער פעסטער קייט פון שיר־אַמאַילעסן און קרישמעס, און ניט דערלאָזן דאָס קינד זאָל אַ איד ווערן, דאָס קינד זאָל אַריינגעבראַכט ווערן אין דעם „ברים פון אַווראָם אָווינו". זאָגן פרומע אידן אַ גאַנצע נאַכט „זויהאַר" אינם הויז פון דעם נייגעבוירענעם, און פירן אים אַזוי אַרום דורך אַלע געפאַרן ביז צום ערשטן און העכסטן פונקט פון זיין אידישקייט — צום ברים.

אָן מילע איז אַ איד קיין איד ניט. מילע איז איינער פון די הויפּט געבאָטן פון דער טוירע. אַווראָם אָווינו האָט דער ערשטער זיך מאַל געווען, לויט דעם פערזענלעכן געבאָט פון גאָט. עמעס, מיר ווייסן פון קאַפּיטל 7, אַז מילע איז אַ מינהעג באַ אַסאַך ווילדע פעלקער, אַז די אָפּשטאַמונג פון דעמדאָזיקן מינהעג איז גאָר אַן אַנדערער, ווי די, וואָס ווערט אין דער טוירע דערציילט. דאָס זאָגט דאָך אָבער די וויסנשאַפט, און דער פרומער איד וויל פון קיין וויסנשאַפט ניט וויסן. זי איז אַן אָנריידעניש פון סאָטן און מע

דאָרף פון איר ווייבן, וואו פעפער וואַקסט. דער פרומער איד דאָרף גלייבן אין דער געטלעבער אָפּשטאַמונג פון מילע. ווערט דערדאָזיקער הייליקער דין אויסגעפירט מיט פּאָמפּע. דער ראָוו, דער דאַיען, דער שויכעט, דער כאַזן, דער שאַמעס, און אַלע אַנדערע קלייקוידעש נעמען אַן אַקטיווון אָנטייל אין דער פייערלעכער צעראָמאָניע צוזאַמען מיטן הויפּט מאַכער, מיטן ספּעץ — דעם מויעל. מילע, פּריע, מעציצע, סאַנדעקע, קוואַטער, טפילעס, בראָכעס מאַכן דאָס קינד פאַר אַ אידן.

קוים לערנט זיך אויס דאָס קינד עטלעכע ווערטער צו זאָגן, לערנט אים אויס דער פרומער פאָטער, די גאָטס-פּאָרכטיקע מוטער אַ בראָכע צו מאַכן. וואַקסט ער נאָך אַביסל אונטער, טוט מען אים אָן אַן אַרבעקאַנפעס. ווערט ער 5—6 יאָר אַלט, גיט מען אים אָפּ אין כיידער. איוורע זאָגן לערנט מען אים פון סידער. דאַוונען — דאָס איז דאָס ערשטע, דאָס נויטיקסטע, וואָס דאָס קינד דאַרף לערנען. און ווייטער גייט כומעש, מאַנאַד, געמאָרע. צו דרייצן יאָר ווערט דאָס אינגל באַרמיצווע. לייגט ער אַלע טאָג טפילן, טראָגט אַף זיך זעלבסטשטענדיק דעם יאָך פון דער טוירע. ער איז אַליין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר גאָט פאַר אַלע זיינע מאַיסים. דאַוונען האָט ער זיך שוין אויסגעלערנט לאַנג. דאַוונט ער דריי מאָל אַ טאָג. זאָגט בראָכעס אָן אַ שיר: באַם אויפשטיין, באַם לייגן זיך שלאָפן, פאַרן עסן, נאָכן עסן, פאַר דאָס, נאָך יענץ... אַלץ בראָכעס, בראָכעס.

וואַקסט ער אויס, און וויל פאַרזעצן זיין דאָר. ליבע איז אָבער פאַר פרומע אידן אַ מאיסע סאָטן. יונגע באָכערים און מיידלעך דאַרפן זיך נים ליב האָבן. דאָס איז פאַרשייטקייט. לויט די פאָרשטעלונגען פון עמעס פרומע אידן קאָן זיך אַ יונגערמאַן נים אויסוויילן קיין פרוי, וואָס געפעלט אים, וועלכע ער האָט ליב. אַ פרום באָכערל, אַ טאַטנס אַ קינד האָט כאַסענע דורך אַ שאַדכן. אַן עכט פרומער (ד. ה. אַ פולקאָמער אידיאָט) טוט נאָך זיין טאַטע-מאַמען, גייט אין די וועגן פון זיין זיידן און עלטער זיידן. און אונזערע פרומע אַלטע טאַטע-מאַמעס זיידעס-באָבעס האָבן כאַסענע געהאַט גאָר אַנדערש ווי היינטיקע „אויסגעלאַסענע“ יונגעלייט. זיי האָבן אייגנטלעך נים כאַסענע געהאַט, — מע האָט זיי כאַסענע געמאַכט. באַ דער כאַסענע זייערער פלעגן זיי, עמעס, פערזענלעך, אַליין טאַקי בייזיין, צו די טנאָים אָבער זייגען כאָסן-קאַלע געווען גאַנץ איבעריק. דער שאַדכן פלעגט פירן אונטערהאַנדלונגען מיט ביידע צדאָדים, ד. ה. מיטן כאָסנס פאָטער און דעם קאַלעס פאָטער, מע פלעגט זיך דינגען און אויסדינגען, וויפל נאַדן עס גיט דער קאַלעס פאָטער, וויפל לייגט אַנטקעגן דעם כאָסנס פאָטער, וויפל יאָר קעסט עס גיט דעם כאָסנס פאָטער, וויפל — דער קאַלעס פאָטער, וואָס פאַר אַ צירונג עס איז מעכויעוו צו געבן כאָסנס צאַד, וואָסערע צירונג — קאַלעס צאַד, אויסגערעדט וועלכע קליידער, וואָס פאַר אַ וועש און... ביידע צדאָדים שרייבן טנאָים. דעם כאָסנס פאָטער טוט אַ שידעך מיטן קאַלעס פאָטער. און זיי — די יונגע פאָר פאָלק — וועלן זיך שוין טרעפן אונטער דער כופּע צום ערשטן מאָל *. און ווייטער לעבט מאַן און ווייב ווי גאָט האָט געבאָטן, פרוכטפערן זיך און מערן זיך אין גאָטס נאָמען. דאָ האָבן מיר געזען נאָר איין צאַד — דעם מאַנצביל. און די פרוי?

* מיין פאָטער דערציילט, אז צו דער כופּע-וועטשערע האָט ער געזוכט מיט די אויגן זיין יונגע פרוי און האָט זי ניט געקאָנט געפינען צווישן אירע כאַווערטעס, וואָס זייגען מיט איר צוזאַמען געזעסן. ער האָט ניט געוואוסט, מיט וועלכער מיידל ער האָט כאַסענע געהאַט.

איר קומען אַף דער וועלט מאַכט אַ קלענערן טאַראַם. שיידים, מעכאַבלים זיינען וויניקער באַלאָנים אַף צו רויבן זי. עס איז גענוג נאָר אַ קליין שיראַמאַילעסל. אַ נאָמען גיט מען איר אין שול באַ קריעס האַטוירע. מיצוועס דאַרף אויך אַ אידיש מיידל טאָן, אָבער וויניקער, ווי אַ אינגל. אין כיידער גייט זי ניט. אַ מיידל דאַרף נאָר שטענדיק גרייט זיין צו ווערן אַ ווייבל. ליבע איז אויך פאַר איר אַ זינד. אַ שידעך רעדט איר דער שאַדכן, טנאָים שרייבט דער טאַטע, זי דאַרף נאָר כאַסענע האָבן און זיין אַ טרייע ווייב, טריי דינען איר מאַן, ניט מישן זיך אין „ניט ווייבערשע“ זאַכן, זיין געהאָרכזאַם, קאָכן וואַרמעס, פאַרנעמען זיך מיט באַלעבאַטישקייט און אויספילן די וויכטיקסטע ווייבערשע מיצוועס: גיין אין מיקווע, בענטשן ליכט, „נעמען כאַלע“. האָדעווען די קינדער איז אויך איר זאַך. באַקומט זי אָנווייזונגען פון איר מאַמען, איר באָבען און... האָדעוועט. ווערט אַ קינד קראַנק דאַרף מען קוידעמקאָל אָפּשפּרעכן איינהאָרע, פאַריידן, אויסמעסטן, האָט דאָס קינד זיך שטאַרק איבערגעשראָקן, איז פאַראַן אַזאַ אויסגעפּרואוווטער מיטל מע מעסט אויס דאָס קינד מיט אַ פאָדעם. פון טייג קנעט מען אויס אַ מענטשעלע. דאָס פאָדעם קנעט מען אַריין אין דאָס מענטשעלע און מע וואַרפט אים אַריין אין טייך. אויב דאָס העלפט ניט, איז פאַראַן נאָך אַ מיטל, אויך אַן אויסגעפּרואוווטער פון אונזערע באָבעס און עלטער-באָבעס. „ער נעמט אָפּ ווי מיט דער האַנט“. דער מיטל איז אַ פּאַשעטער: מע נעמט אַ מולטער און מע דעקט מיט איר צו דאָס קינד, און איבער דער מולטער צעברעכט מען אַ ליימענעם טאָפּ *. גיין אין שול שאַבעס און יאָנטעוו; זאָגן טכינעס, לייגן קנייטלעך צו דער טשואווע ליכט, לייענען די סעדרע פון צענע-רענע, אָדער הערן ווי אַן אַנדער אידענע לייענט, אויב זי אַליין קען ניט — דאָס איז איר געזעלשאַפטלעך לעבן.

עפּשער איז דאָס אַלץ שוין צו אַלט, אַז מע זאָל וועגן דעם איצט נאָך ריידן? צי איז דאָס ניט אַ מאַיסע פון אַמאָל, וואָס איצט איז עס שוין שווער צו גלויבן, אַז מענטשן האָבן אַזוי געלעבט? ניין, דאָס איז נאָך אַ מאַיסע פון היינטיקן טאָג. מיט אַלע פּיטשעווקעס ווערט זי איבערגעכאַזערט אין טויזנטער הייזער אין פּוילן, אין גאַליציע, און מיט געווייסע ענדערונגען אויך באַ אונז, אין לאַנד פון די סאָוועטן, אַפן צוועלפטן יאָר פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע.

## איבערגלויבן פאַרשלייערט מיט קלוימערשטער וויסנשאַפט, נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם

וויפל אידישע עלטערן זיינען ניט מאַל זייערע קינדער? — זייער' אַ קליינער פּראָצענט דערוויל. די שיראַמאַילעסן זיינען, עמעס, אַרויס פון מאָדע; קרישמע באַ דער געווינערן לייענט מען שוין ניט, אָדער זייער זעלטן; זויהאַר זאָגט מען ניט, אָבער „מ י ל ע“ — אָט דעם ווילדן מינהעג פילן נאָך אויס הונדערטער טויזנטער אידן. די קלעריקאַלן און נאַציאָנאַליסטן האַלטן זיך פעסט פאַר דער מילע. אַ צייכן אַפן לייב דאַרף אונטערשיידן דעם אידן פון דעם „אָרל“ — דעם „גאָי“. אַלע אידן דאַרפן זיין פאַרבונדן

* דעם ערשטן מאָל האָב איך געזען, ווי מיין מוטער האָט אָנגעווענדט צו מיינער א שוועסטערל, דעם צווייטן האָט אויסגעפירט איבער מיין שוועסטערס א קינד די באָבע.

דורך איין „בריס“. דער לאָזונג „קאָל איסראָעל כאַווייִרים“ דאַרף אויסגעקריצט זיין אַפן
גוף פון יעדן אידן, דאַן איז געזיכערטער, אַז אויך אין קאָפּ זאָל באַ אים איינגעקריצט
ווערן דער אַטאָ=בעכאַרטאָנו=געדאַנק, די סינע צום ניט=אידן, צום „גאָי“ זאָל פעסטער
אין האַרצן איינגעגעסן ווערן. „לעב אין דיין אייגן בלוט“ זאָגט דער ראָוו באַם בריס.
„לייד דיין גאַנצן לעבן — הייסט עס — ווער זיך ניט קעגן דעם, אַז דיינע עקספּלואַטאַ=
טאָרס זאָלן זיך אין דיין בלוט באָדן; גאָט האָט דיר, דעם אידן, אַזאַ מאַזל באַשערט:
דו ביסט אין גאָלעס באַ די גאָיִם“. פאַר רייכע אידן איז דערדאָזיקער „נאַקאַז“ בלויז
אַ צערעמאָניע: פאַר זיין זון זיכערט ער אַ לעבן אין פרעמדן בלוט; פאַר דעם אַרבעטער,
דעם האָרעפּאַשניק איז „לעב אין דיין אייגן בלוט“ אַ געבאָט פון געהאָרכזאַמקייט, פון
אונטערטעניקייט, פון גאָלעס=פּסיכאָלאָגיע.

דער „אויפגעקלערטער“ פּראָווינצער, דער „געלערנטער“ צאָן=דאָקטער, דער „געביל=
דעטער“ בוכהאַלטער, דער „היינטוועלטיקער“ קרעמער שעמען זיך שוין אַביסל אויסצו=
פילן דעם באַרבאַרישן מילע=דין בלויז אַפן גרונט פון טוירע=פאַרשריפטן. זוכן זיי אַנ=
דערע „וויסנשאַפטלעכע“ באַגרינדונגען פאַר זייער מילע. מילע, זאָל עס הייסן, איז הי=
גיעניש. בלויז פון היגיענע שטאַנדפּונקט זיינען זיי מאַל זייערע קינדער. פון דעמזעלבן
היגיענע=שטאַנדפּונקט פּאַסט אַזאַ „אויפגעקלערטער“ מענטש יאָמקיפּער. פון היגיענע=
שטאַנדפּונקט עסט ער ניט קיין פליישיקס מיט מילכיקס. פון היגיענע=שטאַנדפּונקט
איבלט אים, ווען ער זעט אַ שטיקל כאַזער. בלויז צוליב היגיענע גייט זיין וויב אין
מיקווע. נאָר אַף אַ מעזוזע איז באַ אים קיין היגיענע=שטאַנדפּונקט ניטאָ. עס בלייבט
דיזעלבע יענטע, נאָר אַנדערש געשלייערט. דער אַטאָבעכאַרטאָנו, דער נאַציאָנאַליזם,
דער אַבערגלויבן ווערט פאַרשלייערט מיט קלוימערשטער וויסנשאַפט. און זאָל אַזאַ
„אויפגעקלערטער“ קאָפּ=מענטש דערקלערן, ווי אַזוי קומט עס, וואָס די סאַמע ציווילי=
זירטע פעלקער לעבן אומהיגיעניש — אָן מילע, און די ווילדע פעלקער, וואָס לעבן אין
די סאַמע אומסאַניטאַרע באַדינגונגען האָבן פאַר זיך אויסגעוויילט דעם מינהעג „מילע“
אויס היגיענע טאַיִמים. ווי אַזוי קומט עס, וואָס דער היגיענישער דין פון מילע ווערט
באַגלייט מיט אַזאַ אומהיגיענישן מינהעג ווי מעציצע. ווי אַזוי קומט עס, וואָס די מע=
דיצין=פּראָפעסאָרן זיינען ניט מאַל זייערע קינדער, וואָס די מאָדערנע מעדיצין=וויסנ=
שאַפט רעקאָמענדירט ניט „מילע“ אין היגיענישן שטייגער. פאַר דעם נאַציאָנאַליסט,
פאַר דעם מאָדערנעם קלעריקאַל, פאַר דעם אַבערגלויביקן פּאַכדן איז נויטיק בלויז אַ
היינטוועלטיקער צודעק פאַר דעם אַלטפרענקישן דין, קעדיי צו מאַכן אים פאַר אָנגעמבאַ=
רער פאַר דעם ברייטן אוילעם. צו דעם אויסרייד פון היגיענע געפינט דער נאַציאָנאַליסט,
דער שאָוויניסט אַ גאַנצע ריי אַנדערע מאָטיוון, וואָס זיינען קלוימערשט ווייט פון קלערי=
קאַליזם. ניט אויס מוירע פאַר גאָט, ניט קעדיי אויסצופירן די געבאָטן, וואָס גאָט האָט
אַפן באַרג סינאַי געגעבן, דאַרפן די אידן מאַל זיין זייערע קינדער, נאָר צוליב אָפּשיי
פאַר זייערע אָוועס, וואָס האָבן זיך מוסער נעפעש געווען פאַר אידישקייט, וואָס זיינען
געגאַנגען אַף קידוש=האַשעם. דער דין פון מילע דאַרף דערפאַר אָפּגעהיט ווערן,
זאָגן זיי, וואָס ער פאַרבינדט דעם איצטיקן איד מיט זיין נאַציע ניט נאָר היינט, נאָר
אויך מיט אַלע פאַריקע דוירעס, וואָס האָבן געליטן צוליב זייער אידישקייט. אָפּזאָגן
זיך פון מילע — הייסט דעריבער פאַראַטן דאָס אייגן פאָלק, הייסט דעזערטירן פון דעם

לאַנגער פון לײדנדיקע, הײסט... װערן אױס איד. אַזױ װערט די „מילע“ מיט גײע אױסריידן װידער אױסגענוצט פאַר דעם אַלטן שאָװיניזם, פאַר דעם נאַציאָנאַליסטישן, רעאַקציאָנערן „קאָל איסראָעל כאַװײרים“, אַזױ װערט דער אַלטער דין אױסגענוצט פאַר נײער צעשפּאַלטונג פון די אַרבעטנדיקע, פאַר קעגנשטעלן דעם שאָװיניסטישן לאָזונג „שפוך כאַמאָסכאָ אַל האַגאָים“ דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַלן לאָזונג: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראײניקט זיך“.

ניט עסן פלײשיק מיט מילכיקס איז לױט דער אױטאָריטעטער מײנונג פון די אױפגעקלערטע קאָשערניקעס בלױז אַ היגיענע־מינהעג, װעלכן עס דאַרפן אױספילן אַלע מענטשן, װאָס זאָרגן פאַר זײער געזונט. דאָן איז אָבער אומפאַרשטענדלעך, פאַרװאָס איז אַפילע לױטן אידישן דין דערלױבט פאַר קראַנקע צו עסן, לאָמיר זאָגן, קאָטלעטן געפּרעגלט אין פּוטער? פאַרװאָס זײנען די ראַבאָנים מאַטער צו טרינקען מילך נאָך פלײש יענע אידן, װעלכע די דאָקטױרים שרײבן עס פאָר. אַ בעעמעס װאונדערהאַפטע היגיענע, װאָס איז ניט אָבליגאַטאָריש בלױז פאַר קראַנקע און שװאַכע.

דער פאַבדאָנעסדיקער קלײנבירגער, װאָס פאַסט יאָמקיפּער, װײל פאַסטן אײן טאָג אין יאָר איז קלױמערשט געזונט פאַרן מאָגן, װעט אונז קױם דערקלערן, פאַרװאָס האָט ער אױסגעװײלט דאַפקע דעם טאָג יאָמקיפּער פאַר קורירן זיך. — אױב שױן פאַסטן אַ טאָג, װעט ער אײך ענטפערן, איז פאַרװאָס ניט יאָמקיפּער, װען אַלע אידן פאַסטן. פאַרװאָס טאַקי ניט פאַסטן אין דעמזעלבן טאָג װען דײן אײגן פאָלק פײניקט זיך. פאַרװאָס ניט פילן זיך װי אַ טײל פון יענעם „גרױסן פאָלק“, װאָס האָט דורעס לאַנג געליטן פאַר זײן אידישקײט, װאָס האָט אין קעלערן מיספּאַלעל געװען צו זײן גאָט, װאָס האָט מיט מעסירעסנעפעש געזונגען קאָלנידרײ. און װידער אַן אַפּעליאַציע צו נאַציאָנאַלע געפילן, צו נאַציאָנאַלע אַכדעס, צו דער אַלטער געשיכטע, צום אײביקן גאָלעס, צו דער קעגנשטעלונג פון איד און „גױ“. דער קלעריקאַליזם װערט װידער פאַרשלײערט מיט נאַציאָנאַליסטישע, שאָװיניסטישע דראָשעס. דער ציל און אינהאַלט פון זײ בײדע איז װידער אָבער דערזעלבער.

אָפּריכטן דעם סײדער לױט אַלע פּיטשעװקעס, װי אונזערע זײדעס האָבן געטאָן איז איצט אױך שױן אַביסל פריקרע. מע טוט שױן ניט אָן קײן קיטל, מע האַלט ניט קײן שטעקן אין דער האַנט, עס שטײט ניט קײן מולטער אינמיטן שטוב. גאָר „אױפגעקלערטע“ לײגן שױן אַפילע די כאַרײסעס ניט אױפן פאָרגעשריבענעם אָרט, עסן װײניקער אײדער אַ קעזאַים מאָרער, עסן אָנשטאָט אַ קעפּל כרײן—אײנגעמאַכץ, לײגן ניט אונטער דעם אַפּיקױמען אונטערן הינטן — מיט אײן װאָרט זײ פּראַװען דעם סײדער „אינטעלעגענטיש“ און כאָכמענען זיך, אַז זײ מײנען כאַלילע ניט די האַגאָדע, נאָר די קנײדלעך. אַ שײנער יאָנטעװ פּײסעך — פאַרװאָס ניט פײערן. און כוץ דעם איז דאָך דאָס אַ נאַציאָנאַלער יאָנטעװ, אַ יאָנטעװ פון פרײהײט. אונזערע עלטערן, װאָס האָבן אַזױפיל געליטן אין גאָלעס פאַר זײער אידישקײט, פלעגן שטעלן זײער לעבן אין קאָן, קעדײ אָפּצוריכטן דעם סײדער. הײנט װי קענען מיר אָפּזאָגן זיך פון דעם יאָנטעװ פון אונזערע עלטערן, װי קאָנען מיר זיך ניט פילן, װי קינדער פון אײן פאָלק... און װידער דיזעלבע מאַיסעס, װידער נאַציאָנאַלע אַכדעס, װידער גאָלעס, װידער „גױים“, און דעריבער... דאַרפן אַלע אידן אין אײן נאַכט, אַף אײן שטײגער אָפּריכטן דעם סײדער, עסן

מאַצע, זאָגן האַגאָדע, אָדער לעכאָלהאַפּאָכעס מאַכן זיך, אַז מע זאָגט האַגאָדע. ניט פֿון גאָטס וועגן, נאָר אין נאָמען פֿון דער נאַציע, נאַציאָנאַלער טראַדיציע, נאַציאָנאַלער אַבֿדעס.

גיין צום ראָוו אָדער צום שויכעט פֿאַרקויפֿן כאָמעץ איז שוין, דאַכט זיך, גאָר אַ פֿאַרעלטערט שטיקל אַרבעט. איז דאָס דאָך ווידער אָבער אַ טראַדיציע. ווי זאָגט מען זיך פֿון איר אָפּ? פֿון היגיענע־שטאַנדפּונקט איז שווער צו געפֿינען אַ דערקלערונג אַף מעכירעס כאָמעץ, פֿון קאָמערציעלן שטאַנדפּונקט האַלט די „מעכירע“ גאָר ניט אויס קיין קריטיק. נאַציאָנאַלע אַבֿדעס איז דאָ אויך שווער יצוּשפּיליען. בלייבט אָבער איין וויכטיקער אַרגומענט: מע דאַרף געבן דעם ראָוו אַף צום לעבן, מע קאָן דאָך ניט לאָזן אָן ברויט דעם שויכעט, און כוץ דעם... ווער ליידט דערפֿון, אַז אַ איד פֿאַרקויפֿט כאָמעץ? און ווער וועט אויסהאַלטן דעם ראָוו, אויב ניט מיר? וואָס דען אָן אַ ראָוו? ווי קאָנען עס אידן אויסקומען אָן אַ ראָוו? עמעס, זאָגט דער „הײנטוועלטיקער“ יונגערמאַנטשיק, קיין שאַילעס נאָשים פֿרעג איך ניט, קאָשער און טרייף דערליין איך אַליין, אָבער דאָך פֿאַרייניקט דער ראָוו דעם אידישן קיבעץ, ער היט אָפּ דעם אידישן גייסט, ער היט די אידישע טראַדיציע, ער דערמאָנט אונז, אַז מיר זיינען עפּעס אידן, ער קעמפּט פֿאַר אידישקייט. פֿאַר אויספֿילן אַזעלכע פֿליכטן איז קיין אַוולע ניט, ווען מע גיט ווען ניט ווען דעם ראָוו צו לייזן, ווען מע שיקט אים שאַלעכמאָנעס, כאַנעקע־געלט. און כוץ אַלעם דאַרף מען נאָך אַמאָל צום ראָוו אָנקומען. ניט אַלעמאָל קאָן מען זיך גיין לאָדן צום גערעכט. פֿאַר אַ היינטיקן סאָוועטישן גערעכט קאָן מען ניט אַלץ דערציילן. וואָס עס איז קאָשער פֿאַרן ראָוו איז טרייף באַם סאָוועטישן גערעכט. דער ראָוו איז פֿאַרן היינ־טיקן קרעמער, באַ היינטיקע שווערע פֿינאַנסעקטאָרישע, נאַרקאָמטאָרגישע, געפּע־אוישע צייטן אַ מער פֿאַסנדיקער ריכטער ווי דער סאָוועטישער גערעכט. אַ ראָוו איז אַ נויטיקער כייפֿעץ אין אַ קרעמערישער באַלעבאַטישקייט. ער קאָן צונויץ קומען. דאַרף מען טאַקי זאָרגן, אַז ער זאָל זיך האַלטן, אַז דער פּאָשעטער האַמוין זאָל אים אויסהאַלטן.

זיצן אין סוקע, בענטשן עסריק, גיין צו האַקאָפֿעס איז נאָך ווייט ניט אויסגעוואָרצלט פֿונם אידישן שטייגער. אַלטע אידן זיצן אין סוקע, ווייל גאָט האָט אַזוי געבאָטן, זיי בענטשן עסריק, ווייל דאָס איז איינע פֿון די תרי״ג מיצוועס, זיי גייען צו האַקאָפֿעס, ווייל סימכאַס טוירע איז גאָטס אַ יאָנטעוו. דער היינטמאָדישער „אויפֿגעקלערטער“ נאַציאָנאַליסט, וואָס דערקלערט זיך פֿאַר אַ קעגנער פֿון „פֿינצטערן פֿאַנאַטיזם“ זיצט אין סוקע לעשעם אָנדענק, וואָס „אונזערע אָוועס“ האָבן נעבעך געוואַנדערט אין דער מידבאָר און זיינען געזעסן אין סוקעס; ער בענטשט עסריק, טרייסלט דעם לולעוו, קעדיי צו „פֿאַרבינדן זיך גייסטיק“ מיטן לאַנד פֿון די אָוועס, וואו עס וואַקסט אָט די שיינע פֿרוכט; ער גייט צו האַקאָפֿעס, ווייל ער וויל זיך פֿרייען צוגלייך מיט אַלע אידן לעקאָוועד דער טוירע, פֿאַר וועלכער „אונזערע אָוועס האָבן טויזנטער יאָרן געליטן“... האַקלאַל, ער איז ווייט פֿון פֿאַנאַטיזם, און טוט דאָסזעלבע, וואָס די פֿאַנאַטיקער, ער איז אַן עמעסער „פֿריידענקער“ און פֿריידיקט אויסצופֿילן אַלץ דאָס, וואָס עס לערנען די קלייקוידעש. ער פֿאַרשלייערט זיין ענגן בונד מיט די פֿינצטערע קלעריקאַלע קויכעס, ער דינט דעם־זעלבן ציל, וואָס די גאָטס סטראַפּטשעס, ער איז אַ טרעגער פֿון נאַציאָנאַליזם און שאָ־

וויניזם, ער פרייידיקט אין טאָג־טעגלעכן לעבן אָפּגעזונדערטקייט פון די „גאָים“, ער שטאַרקט דעם קאָל־איסראָעל־געדאַנק. דער קלעריקאַל און דער נאַציאָנאַליסט פילן דאָ אויס איינע און דיזעלבע אַרבעט: איינער פענטעט דעם האָרעפּאַשניק מיט ציצעס און רעצועס, דער אַנדערער גלעט איבערן קעפּל און רעדט איין צו לאָזן זיך בינדן. דער פּערגליובן, דאָס שטענדיקע קוקן אַלץ צום אָווער, די פאַרשטאָלצנקייט פון געדאַנק, די מוירע אָפּצוקערן פון דעם אַלטן וועג פון די אָוועס, דער אַטאַ־בעכאַרטאָנו געפיל, די סינע צום „גוי“ — דאָס אַלץ ווערט פאַרקערפּערט אין דעם אַלטן רעליגיעזן שטייגער.

## רעשטן פונם אַלטן שטייגער בא די אידן אין פ. ס. ר.

ניט געזעענערהייט האָט שוין איצט קיינער קיין כאַסענע ניט בא אונז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, טנאָים שרייבט שוין ניט דער פאָטער פאַר זיין קינד. אַ געלעכטער רופן אַרויס די דערציילונגען וועגן אָט דער אַלטער צייט פון קויפן און פאַרקויפן קינדער, אָדער ווי מען פלעגט עס רופן פאַרקנאַכן קינדער. אַ געלעכטער... און דאָך איז נאָך ניט פאַרשוואונדן דער שאַדכן פון שטעטל. נאָדן איז נאָך ניט אַרויס אינגאַנצן פון מאָדע, און כופּע אוקדושן זיינען גאַנץ ברייט פאַרשפּרייט אַפילע צווישן האָרעפּאַשניקעס. כאַסענע האָבן צוליב געלט איז אַ געוויינלעכע זאַך, ליב האָבן צוליב נאָדן איז אַ טראַדיציע, קויפן זיך אַ כאָסן איז אַריין אין שטייגער בא יעדן באַלעבאַטיש מיידל, אָבער האָבן קינדער אָן דעם ראָווס בראָכע — דאָס איז אַ כאַרפּע און אַ שאַנדע. בא דער סכוירע ווירטשאַפט איז דעם מענטשנס קערפּער געוואָרן אַ סכוירע ווי אַלע סכוירעס, אידישע טאַטעס פלעגן פאָרן נאָך „ראָזינקעס מיט מאַנדלען“, פלעגן האַנדלען מיט טוירע, וואָס איז „די בעסטע סכוירע“ און פלעגן זיך איינקויפן בען־טוירעס לויט ביליקע פרייזן. דער פּריוואַטער האַנדל איז איצט שטאַרק געשלאָגן, אַ בען־טוירע איז שוין גאָר קיין סכוירע ניט. דער קאַפּיטאַליזם איז אָבער נאָך ניט אינגאַנצן פאַרשוואונדן, ער קעמפט נאָך פאַר זיין עקזיסטענץ, עס ראַנגלט זיך נאָך אויך דער אַלטער שטייגער פאַר זיינע פּאָזיציעס, ער פּרוּווט זיך פאַרפעסטיקן אַף זיי דורך כופּע, קעדושן, מילע, סיידער, פאַסטן...

פון שיראַמאַילעס לאַכט מען, און כופּע שטעלט מען, פון קרישמע האַלט מען ניט, און אַ קעדושן־פינגערל טוט מען אָן אונטער דער כופּע, אַ טאַלעס קויפט מען או'יד ניט זעלטן. וואָס איז דאָ דער געלעכטער איבערן שיראַמאַילעס? מיט וואָס איז כופּע היינטוועלטיקער? סיי דער שיראַמאַילעס, וואָס דאַרף אָפּהיטן דאָס נייגעבאָרן קינד פון שיידים און מעכאַבאָלים, סיי די כופּע, וואָס דאַרף אָפּהיטן די מאָראַל, היטן איגדער־עמעסן אַף די פאַרגליווערטקייט פונם געדאַנק, דעם רעאַקציאָנערסטן קלעריקאַליזם און שאָוויניזם, די מוירע פאַרן נייעם שטייגער, וואָס מאַכט דעם האָרעפּאַשניק פאַר אַן אַקטיוון בויער פון אַ נייעם לעבן, פאַר אַן אַקטיוון קעמפער קעגן דעם אַלטן קאַפּיטאַליסטישן סיידער. די רעשטן פונם פאַרצייטיקן שטייגער זיינען נאָך אַזוי גרויס, אַז דורכפירן אַ גרענעץ צווישן אַלטן און היינטיקן רעליגיעזן שטייגער קאָן מען ניט.

די געזעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַסן־געזעלשאַפט פאַרפליכטן די אונטער־דריקטע אויסצופילן דעם ווילן פון זייערע אונטערדריקער. די געזעצן פון דער טוירע שטרעבן צו מאַכן די אונטערדריקטע פאַר פרייוויליקע קנעכט. די רעליגיעזע געזעצן

שטייען אַף דער וואַך פון די קלאַסן־אינטערעסן פון די אונטערדריקער. און דעריבער שיצן די געזעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכע די רעליגיע און די רעליגיעזע געזעצן שיצן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג. דער רעליגיעזער שטייגער איז אייגער פון די מיטלען אויפצוהאַלטן אַ פּריוויליקן קנעכט.

## דער אַלטער רעליגיעזער שטייגער און די פאַרקנעכטונג פון דער פרוי

באַזונדערס בולעט איז צו זען דעם בונד פון קלאַסן־אונטערהדריקונג און רעליגיעזער פאַרגיכטיקונג פון די מויכעס אַף דער לאַגע פון דער פרוי. „דאָרט וואו עס עקזיסטירט דער קאַפּיטאַליזם, דאָרט, וואו עס פאַרבלייבט פּריוואַט־אייגנטום אַף ערד, פּריוואַט־אייגנטום אַף פאַבריקן און זאַוואָדן, דאָרט, וואו עס ווערט אייגנטום די מאַכט פון קאַפּיטאַל, דאָרט וועלן די פּריווילעגיעס בלייבן באַ די מענער" (לענין). דער פּראָלעטאַריאַט איז ניט פאַראינטערעסירט אין קיין שום אונטערהדריקונג, און דעריבער קען ער גאָר באַפרייען די פרוי פון איר טויזנטיאָריקער קנעכטשאַפט. די אַרבעטנדיקע פרוי דאַרף קעמפן פאַר איר באַפרייאונג צוזאַמען מיט אַלע אונטערהדריקטע, זי דאַרף קעמפן קעגן דעם קאַפּיטאַליזם צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריאַט; צוזאַמען מיט די מענער — פּראָלעטאַריער דאַרף די פּראָלעטאַרישע פרוי שטיין אין די ערשטע קאַמפס־רייען. די רעליגיע העלפט אָבער די עקספּלואַטאַטאָרס צו קעמפן קעגן יעדן באַפרייאונגס קאַמף פון די אונטערהדריקטע, די רעליגיע העלפט די אונטערדריקער צו האַלטן פעסטער די פרוי אונטערן צווייענדיקן יאָך פון קאַפּיטאַל און פון די מענער. דער רעליגיעזער שטייגער העלפט די אונטערדריקער צו מאַכן די פרוי פאַר זייער אונטערטעניקער שקלאַפן. ווי דאַרף לעבן אַ פרוי לויטן אידישן רעליגיעזן דין? — די פרוי איז פאַרשאָלטן פון גאָט. די פרוי איז אַן אומרייניקע קיילע. די פרוי איז אַ נידעריקע באַשעפעניש. יעדער פרומער איד זאָגט אַלע אינדערפרי די טפילע: „געלויבט ביסטו גאָט, וואָס דו האָסט מיך ניט געמאַכט פאַר קיין פרוי". די פרוי האָט לויטן אידישן דין קיין רעכט ניט צו זיין קיין אייךעם. די פרוי איז באַגרענעצט אין יערושע־רעכט. דער מאַן קאָן געבן זיין פרוי געט ווען ער וויל, אַפילע אָן איר האַסקאָמע, די פרוי קאָן אָבער אין קיין פאַל ניט געטן איר מאַן. די פרוי טאָר זיך ניט באַווייזן אין אירע „אייגענע" האָר אין דער אָנווועזנהייט פון פרעמדע מאַנצביל. דער קאָל פון אַ פרוי איז שענדלעך. אַ פרוי דאַרף זיך ניט מישן אין קאָהאָלשע זאַכן: „דאָס איז ניט קיין ווייבערשע זאַך". די לאַגע פון דער אידישער פרוי לויט די אידישע רעליגיעזע געזעצן איז אַזוי באַשריבן פון י. ל. גאָרדאָן (אידיש ש. האַלקין):

„אַן אייביקע שקלאַפן באַ אַלע פאָרעכוט, —
„גאָר וואויגן און זויגן אַף דעם ביסט באַרופן;
„אַ קו איז אַף מילך — און דו ביסט דען העכער?
„אַ הון — אירע פליכטן — זיך לייגן אָן אויפהער.
„איז וואָס און צו וואָס דיך שלייפן און לערנען —
„אַז יעדעם דיין וואָרט איז מיט זינדפולע קערנער.

„און אויב אַז סע טרעפט דיך אַן אומגליק אַזאַ גאָר:<br>
„דער מאַן איז געשטאָרבן, קיין קינד אַף באַשיצן —<br>
„צו טראַכטן פון אויפבוי דו טאָרסט גאָר ניט וואַגן,<br>
„גאָר זיצן און וואַרטן ביז נעמען וועסט כליצע...<br>
„דיין פאָטער דער אַלטער אַוועק אין זיין רו איז,<br>
„באַקלאָגט האָסט אים מערער פון זין זייגע אַלע;<br>
„און וואו איז דאָס רייכטום, דאָס גוטס זייגע וואו איז?<br>
„באַ זיי, באַ די זין אַלץ, און דיינס איז פאַרפאַלן...<br>
„אַז דו ביסט דער באָדן, אַז דו ביסט דאָס שוואַרצעהד,<br>
„נאָר קיינער האָט דיך ניט יצעאַקערט — פאַרלאָזן;<br>
„אַליין נאָך אַ קינד נאָר, טראָגסט קינדער באַם האַרצן,<br>
„און דער האָט געפּאָקט שוין, און דער וועט נאָך מאָזלען.<br>
„אַז איידער באַווייזט זיין אַ טאָכטער אַ גוטע —<br>
„דו ביסט שוין אַ ווייב און פאַר קינדער אַ מוטער<br>
„אַ ווייב — און פאַר וועמען — מע וועט שוין דיר ברענגען,<br>
„צי האָסטו געהערט נאָר, צי האָסטו געזען אים;<br>
„פון ליבע וועך רעדט שוין — מע דאַרף דאָך געדענקען,<br>
„אַז ליבע איז אָסער, אַז ליבע איז גענעם.<br>
„אַ אידישע טאָכטער מיט ליבע וואָס קערט אָן,<br>
„אַז איידער געבוירן, מיט פערציק טעג פריער<br>
„אַ באַסקאָל פון הימל שוין טוט זיך באַמיען<br>
„פאַר עמעסן זיווג, פאַר זיווג באַשערטן:<br>
„די טאָכטער פון דעם אָט, אַז זיין זאָל פאַר יענעם"<br>
און ליבע איז אָסער, און ליבע איז גענעם...<br>
„דעם קאָפּ אין אַ שלייער, דאָס פּאָנעם — פאַרהוילן,<br>
„די האָר דייגע צאַרטע אַן אייזן פאַרוואַלטיקט;<br>
„וואָס קוקסטו אַרום זיך, וואָס וועסטו שוין פּוילן,<br>
„צי איז ער אַ קינד נאָך, צי איז ער אַן אַלטער.<br>
„אַז דיר איז אַלץ איינס דאָך, מע האָט דען געפרעגט דיך,<br>
„אַז וואו איז געהערט נאָר — אַליין זיך געוועלטיקן<br>
„און זאָגן, זי וויל ניט אָט דעם אָט, דעם העקדעש,<br>
„אַז זיי, אַז דעם טאַטן און מאַמען געפעלט ער...<br>
„און יאָרן אַזוינע ניט גרינג איז פאַרגעסן —<br>
„ווי ס'קומט אָן דער מאַן באַלד — און ער איז ניט בעסער"...

אַזאַ איז דער גורל פון דער אידישער פרוי לויט דער אידישער טוירע, לויט די אידישע מינהאָגים. אַכאַד האָט זיך שוין געביטן. דער קערן אָבער איז געבליבן — די פרוי איז לויט דעם איצטיקן, איבערגעניצעוועטן, מאָדערניזירטן רעליגיעזן שטייגער פאָרט אַ שקלאַפן. גלויבט נאָר די פרוי אין גאָט, הערט זי זיך צו צו די נאַציאָנאַליסטישע זיסע

ריידעלעך וועגן די הייליקייט פון די אָוועס־טראַדיציעס, לאָזט זי זיך איינריידן דורך די נאַציאָנאַליסטישע פאָלקסטימלעכע געשיכטן וועגן די טוגנדן פון דער צניעסדיקער אידישער פרוי, פון סאָרע באַס טויווימס כיין — און זי פאַרורטיילט זיך אַליין אַף פרייוויליקער שקלאַפעריי און האָרעוועט אויף אירע קינדער אין אַ נאַציאָנאַליסטישן, שקלאַפערישן גייסט. ניט נאָר פון כופע, פון מיקווע, פון כאַלע נעמען, פון ליכט בענטשן, פון קניידלעך לייגן, — אָט די פאַרשימלטע, אויסגעשפּראָכן רעליגיעזע דינים און מינ־האָגים דאַרף זיך באַפרייען די פרוי — זי דאַרף זיך נאָך באַפרייען פון די קייטן, וואָס זיינען באַצירט מיט בלומען — מיט בלומען פון נאַציאָנאַליסטיש־קלעריקאַלע צניעס, באַשיידנקייט, געהאָרכזאַמקייט, צוגעבונדנקייט צום שטוב, צום קיך, צום בעט... די פרוי איז נאָך איצט זייער אָפט אַ געצייג אין די הענט פון די קלייקוידעש. ניט זעלטן קומט אוים אַז אַרבעטער, נאָכדעם ווי ער האָט באַקעמפט זיין אייגענע פינצטערניש, צו פירן אַ קאַמף קעגן דער איינגעגעסענער אָבערגלויבעניש פון זיין פרוי, וואָס ציט אים צוריק צום אַלטן שטייגער. אָבער שולדיק אין דעם איז ניט נאָר די „איינגעגעסנקייט“ פון דעם אָבערגלויבן. שולדיק אין דעם זיינען אָפט די אַרבעטער אַליין, וואָס זאָרגן ניט דערפאַר, אַז זייערע פרויען זאָלן ווערן אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע טוערנס. דער מאַן וועט נאָך גיין ווען ניט איז אין אַ יאָנטעוו מיט זיין פרוי צו גאַסט צו אַ קאָרעוו, צו אַ כאַווער, ער נעמט אָבער זעלטן זיין פרוי אין קלוב, אַף פאַרזאַמלונגען, ער האַלט פאַר אַן אומקאָווועד פאַר זיך צו בלייבן אַמאָל אינדערהיים מיט די קינדער און באַפרייען די פרוי אַף אַ פאַרזאַמלונג. די באַציאונג אַפילע פון דעם פאָרגעשריטענעם אַרבעטער צו דער פרוי איז נאָך אָפט אַן אַלטפרענקישע, און דערמיט שטויסט ער זיין פרוי אונטער דער ווירקונג פונם ראָוו, פון שויכעט, פון דער גאַבעטע, פון דער רעבעצן, פון דער טוקערן און שאַדכנטע.

## קאַמף קעגן דעם אַלטן, רעליגיעזן שטייגער. פאַר אַ נייעם סאָוועטישן שטייגער

עס פאַלט די רעליגיעזקייט פון די מאַסן. די נייע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, די סאָוועטישע געזעלשאַפטלעכקייט שאַפט אַ נייעם לעבנס־שטייגער. לאַנגזאַם אָבער גייט די אויסוואָרצלונג פונם אַלטן שטייגער. ניט אַלעמאָל איז קלאָר אַפילע פאַר באַוואוסט־זיניקע אַרבעטער די באַדייטונג פונם קאַמף קעגן די רעליגיעזע מינהאָגים, וואָס זיינען געוואָרן שטייגערישע. ער קעמפט קעגן אָפענער קאָנטר־רעוואָלוציע, און פאַרשטייט ניט די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע ראָל פון רעליגיעזן שטייגער. אָפּריכטן סיידער איז טאַקי ניט צו פאַרגלייכן מיט די מאַיסים פון די שאַכטער שעדיקער, „מילע“ איז ווייט פון שפּיאָנאַזש, כופע שטערט ניט דירעקט דער אינדוסטריאַליזירונג פונם לאַנד, מיקווע שוואַכט ניט אָפּ די ברויט־פאַרגרייטונגען, בענטשן ליכט איז ניט קיין „רויטער האָן“, ציילן ספירע איז ניט האַנדלען מיט וואַלוטע. יעדער רעליגיעזע האַנדלונג איז אַליין פאַר זיך ניט קיין קאָנטר־רעוואָלוציע. דער גאַנצער רעליגיעזער שטייגער מאַכט אָבער די מענטשן, וואָס האַלטן זיך פאַר אים, פאַר געהאָרכזאַמע קנעכט, פאַר דינער פון קאַ־פיטאַל, פאַר שוטפים מיט די קלייקוידעש, פאַר ווילנלאָזע געצייג אין די הענט פון

עמעסע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, פאַר אומפּעאיקע צו קעמפן פאַרן סאָציאַליזם, צו בויען דעם סאָציאַליזם, פאַר העלפער דעם באַלעגוף, דעם נעפּמאַן, דעם שעדיקער. ניט ווייניק זיינען פאַראַן אַזעלכע, יונגעלייט, וואָס האַלטן ניט פון כופּע און קעדושן און האָבן דאָך באַסענע אַפן שול־הויף מיט א ראָוו, מיט א כאַזן, מיט אַלע קלייקוידעשדיקע קלאָפּערנעציינ. ער קאָן ניט אָנטאָן קיין אַגמעסנעפעש דער מאַמען, ער קאָן ניט אָפּעסן דאָס האַרץ זיין מומען, ער וויל זיך ניט קריגן מיט זיין פעטער, ער וויל ניט אײַנרייסן מיט די שכיינים: גייט ער אַף א קליין האַנאָכעלע און לאָזט זיך דרייען און באַדרייען. אַזאַ צוגעבונדנקייט צו די פרומע, לייטישע קרויווים און שכיינים באַגרענעצט זיך שוין ניט מער נאָר מיט כופּע, עס קומט דערנאָך א טאַלעס, מילע, ביידער, קאַדעש, עס טרעפן נאָך קאָמוניסטן, וואָס גיבן אוים זייער טרויער אין קאַדעש נאָכן טאַטן, אָדער נאָך דער מאַמען. זיי געפינען ניט גענוג דרייסטקייט צו דעמאָנסטרירן זייער אַפּיקאָרסישקייט אין דער אַרומרינגלונג פון דער בעוורע־קאַדישע. זיי דעמאָנסטרירן בעסער זייער קליינבירגערלעכקייט, זייער אָרגאַנישע צוגעבונדנקייט צום קליינבירגערטום, זייער צוויעסדיקן „קאָמוניזם". דער אַרבעטער, וואָס קאָן ניט אײַנרייסן מיט זיין אַלטוואַרגישער אַרומרינגלונג, קאָן ניט פאַרטיידיקן די ראַטנמאַכט, קאָן ניט זיין קיין טרייער בויער פונם סאָציאַליזם. ער קאָן ניט קעמפן מיטן שעדיקער, ווייל ער וויל ניט זיין קיין „מאָסער", ער קאָן ניט העלפן דער קאָאָפּעראַציע, ווייל עס איז א ראַכמאָנעס אַפן אידישן קרעמער געבעד, ער קאָן ניט גיין צוזאַמען אין קאַמף מיט די ניט אידישע אַרבעטער, ווייל ער איז פאַרסאַמט מיט שאָוויניזם. ער זאָרגט ניט פאַר די אינטערעסן פונם אַרבעטער־קלאַס, ער דאַיגעט פאַר דעם אידן, אומאָפּהענגיק צי איז ער א האָרעפּאַשניק אָדער א ספּעקולאַנט. דרייען זיך אין דער אַרומרינגלונג פון גאָטספאָרכטיקע באַלעבעסלעך הייסט אָפּרייסן זיך פון דער פּראָלעטאַרישער, סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקייט. דער אַלטער רעליגיעזער שטייגער פעסטיקט צו צו די אָנהענגער פון דער אַלטער אָרדענונג, וואַרפט אַריין אין די אָרעמס פון דער באַהאַלטענער אָדער אָפענער קאָנטר־רעוואָלוציע.

גיין הערן א כאַזן, א מאַגיד הייסט אייניהיטן דעם בונד מיטן קרעמער, מיטן באַלעגוף, מיט די קלייקוידעש, הייסט ניט קאָנען און ניט וועלן זיך אָפּרייסן פון דער רעאַקציאָנערער כוויוע. אַזאַ קאָמוניסט, וואָס גייט אין בעסמעדרעש וועט ניט גערן גיין אין דער רויטער אַרמיי. דער וואָס קלייבט נאַכעס פון כאַזנס א קעדושעלע, וועט שוין אָן באַגייסטערונג זינגען דעם אינטערנאַציאָנאַל. אָפּזאָגן זיך פונם אַלטן שטייגער הייסט אָפּזאָגן זיך ניט נאָר פון די בוילעט לעכערלעכע מינהאָגים — פון שיראַמאַילעסן און קרישמע — נאָר אויך פון אַלע אַנדערע רעליגיעזע מינהאָגים, ווען זיי זיינען אַפילע פאַרשלייערט מיט „וויסנשאַפטלעכע" אויסטייטשונגען.

אַפילע א גוטער מינהעג, וואָס ווערט א רעליגיעזער דין, הערט אויף נוצלעך צו זיין איבער זיין פאַרגליווערטקייט און אַבערגלויבישקייט. אַזוי, לעמאָשל, איז וואַשן די הענט פאַרן עסן זייער א נוצלעכער מינהעג. אין דעם אידישן רעליגיעזן שטייגער איז דער־דאָזיקער גוטער מינהעג אָבער געוואָרן פון א היגיענישן אַן אַנטיהיגיענישער. לויטן אידישן דין דאַרף מען וואַשן די הענט ניט צוליב ריינקייט, נאָר קעדיי אַראָפּצוואַשן די שיידים פון די שפּיצן פינגער. וואַשן די הענט מיט זייף פאַר עסן איז פאַרבאָטן;

מע מוז אַף די הענט בלויז גיסן וואַסער לויטן איינגעשטעלטן סיידער. דער מינהעג איז געווים איינגעפירט געווען, ווען וועגן זייף האָבן נאָך די מענטשן קיין פאַרשטעלונג ניט געהאַט, דעריבער טאָר מען אויך איצט קיין זייף ניט באַנוצן באַם וואַשן די הענט. היגיענע מוז מען אָפּהיטן, אָבער ניט קיין רעליגיעזע. לערנען היגיענע דאַרף מען אין סאַניטאַרן קרייזל אין קלוב און ניט באַם ראָוו און דער טוקערן.

דער אַלטער שטייגער מוז אַרויסגעשטויסן ווערן דורכן נייעם סאָוועטישן געזעל-שאַפטלעכן שטייגער. דער בעסמעדרעש דאַרף אָפּטרעטן דעם אָרט דעם קלוב, דעם טעאַטער, דעם קינאָ. דער כיידער איז פאַרביטן דורך דער סאָוועטישער שול. די פּיאָ-נערן אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט דער שול גרייטן צו קעמפער אַנשטאָט געהאָרכזאַמע קנעכט, וועלכע עס האָט פּראָדוצירט דער כיידער. אַנשטאָט דער ווייבערשער שול — פרויענשע דעלעגאַטן-פאַרזאַמלונגען. אַנשטאָט כעוורע קאַדישע — פּראָ-פאַריינען, קאָמיוג, אַקטיווע שעפערישע אַרבעט, אַקטיווער קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם, אַקטיווער אָנטייל אינם בויען סאָציאַליזם. דער אַלטער רעליגיעזער שטייגער האָט דער-צויגן פאַרשקלאַפער און פאַרשקלאַפטע, דער נייער שטייגער העלפט צו דערציען קעמ-פער פאַרן קאָמוניזם.

## ליטעראַטור


М. Шейма — Бог и капитал
А. Поповский — Женщина и религия
Лафарг — Обрезание (в сб. „Против. бога и Капитала“).
Вопросы жизни и быта (Сборник, изд. „Мол. гвардия“).

# קאַפּיטל 13

# לעבן ווענן רעליגיע

## וואָס איז אַזוינס רעליגיע: פֿאַרוואָס טרעט אַרויס דער אַרבעטער קעגן רעליגיע

די היינטיקע געזעלשאַפֿט איז אינגאַנצן געבויט אַף דער עקספּלואַטאַציע פֿון קאָלאָסאַלע מאַסן פֿונעם אַרבעטער־קלאַס דורך אַ נישטיקער מינדערהייט פֿון דער באַפֿעלקערונג, וואָס געהערט צו די קלאַסן פּריצים און קאַפּיטאַליסטן. דידאָזיקע געזעלשאַפֿט איז אַ שקלאַפֿנאייגנטימערישע, ווייל די „פֿרייע“ אַרבעטער, וואָס אַרבעטן זייער גאַנצן לעבן אַפֿן קאַפּיטאַל, „האָבן דאָס רעכט“ בלויז אַף אַזעלכע עקזיסטענץ־מיטלען, וועלכע זיינען נויטיק אַף אויסצוהאַלטן קנעכט, וואָס פּראָדוצירן רעוועך, קעדיי צו זיכערן און פֿאַראייביקן די קאַפּיטאַליסטישע שקלאַפֿעריי.

די עקאָנאָמישע אונטערדריקונג פֿון די אַרבעטער רופֿט אומפֿאַרמיידלעך אַרויס און ברענגט צו פֿאַרשיידענעמינים פּאָליטישער אונטערדריקונג, סאָציאַלער דערנידערונג, פֿאַרגרעבטקייט, פֿאַרפֿינצטערונג פֿונעם גייסטיקן און מאָראַלן לעבן פֿון די מאַסן. די אַרבעטער קאָנען זיך דערשלאָגן צו אַ קלענערער אָדער גרעסערער פּאָליטישער פֿרייהייט צוליב זייער עקאָנאָמישער באַפֿרייאונג, נאָר קיין שום פֿרייהייט וועט זיי ניט אויסלייזן פֿון דאַלעס, אַרבעטסלאָזיקייט און יאָך, קאָלזמאַן עס איז ניט אַראָפּגעוואָרפֿן די מאַכט פֿונעם קאַפּיטאַל. רעליגיע איז איינער פֿון די מינים גייסטיקן יאָך, וואָס ליגט אומעטום, און איבעראַל אַף די פֿאָלקסמאַסן, וואָס זיינען דערשטיקט דורך אייביקער אַרבעט פֿאַר פֿרעמדע, דורך נויט און איינזאַמקייט. די אָנמעכטיקייט פֿון די עקספּלואַטירטע קלאַסן אין קאַמף מיט די עקספּלואַטאַטאָרן רופֿט אומפֿאַרמיידלעך אַרויס דאָס גלויבן אין אַ בעסערן לעבן אַף יענער וועלט, פּונקט אַזוי ווי די אָנמעכטיקייט פֿונעם ווילדן מענטשן אינעם קאַמף מיט דער נאַטור רופֿט אַרויס דאָס גלויבן אין געטער, שיידים, וואונדער און אַ. וו. דעם, וואָס אַרבעט זיין גאַנצן לעבן און ליידט נויט, לערנט די רעליגיע, אַז ער זאָל אַלץ אָננעמען פֿאַר גוט און זאָל געדולדיק זיין אין זיין ערדישן לעבן. דערפֿאַר טרייסט זי אים מיט דער האָפֿענונג אַף סכאַר אין הימל. יענע אָבער, וואָס לעבן פֿון פֿרעמדע מי, לערנט די רעליגיע צו געבן צדאָקע אין זייער ערדישן לעבן און

ליגט זיי פאַר אַ ביליקע באַרעכטיקונג פאַר זייער גאַנצער עקספּלואַטאַטאָרישער עקזיסטענץ. זי פאַרקויפט זיי ביליקע בילעטן אַף אַ גוט לעבן אַף יענער וועלט. רעליגיע איז אָפּיום פאַר פאָלק. רעליגיע איז אַ מין גייסטיקער בראָנפן, אין וועלכן די שקלאַפן פון קאַפּיטאַל דערטרינקען זייער מענטשלעכן געשטאַלט, זייערע פאָדערונגען אַף אַן עטוואָס אָנשטענדיקן מענטשלעכן לעבן.

נאָר אַ שקלאַף, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ שקלאַף און האָט זיך אויפגעהויבן צום קאַמף פאַר זיין באַפרייאונג — הערט שוין אַף האַלב אויף צו זיין אַ שקלאַף. דער היינטיקער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער, וואָס איז דערצויגן דורך דער גרויסער פאַבריק-אינדוסטריע, וואָס איז אויפגעקלערט דורכן שטאָטישן לעבן, וואַרפט צון זיך מיט פאַראַכטונג אָפּ די רעליגיעזע פאָרורטיילן. ער לאָזט איבער דעם הימל אין רעשוס פון די גאַלאָכים און בורזשואַזע צוואָוואַקעס און פאַר זיך קעמפט ער אויס אַ בעסערן לעבן דאָ אַף דער ערד. דער היינטיקער פּראָלעטאַריאַט שטעלט זיך אַף דער זייט פונם סאָציאַליזם, וואָס נוצט אויס די וויסנשאַפט צוליבן קאַמף מיטן רעליגיעזן נעפּל און באַפרייט דעם אַרבעטער פונם גלויבן אין יענער וועלט דורך דעם, וואָס ער (דער סאָציאַליזם) פאַראייניקט אים צוליב דעםווירקלעכן קאַמף פאַר אַ בעסערן לעבן אַף דער ערד.

(לענין. סאָציאַליזם און רעליגיע. ב. VII, טייל I. רוסישע אויסגאַבע).

# אר וואָס האַלט זיך די רעליגיע בא די אָפּגעשטאַנענע שיכטן פונם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט, בא די ברייטע שיכטן פונם האַלב-פּראָלעטאַריאַט, ווי אויך בא דער פּויערשער מאַסע?

אין די מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע לענדער זיינען די וואָרצלען פון רעליגיע הויפּטזעכלעך ס אָ צ י אַ ל ע. די סאָציאַלע דערשלאָגנקייט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, זייער זיך דוכטנדיקע אומבאַהאָלפנקייט פאַר די בלינדע קויכעס פונם קאַפּיטאַליזם, וועלכער פאַרשאַפט פאַרן פּאָשעטן אַרבעטס-מאַן יעדן טאָג און יעדער שאָ די סאַמע שרעקלעכסטע יעסורים און ווילדסטע ליידן אין טויזנטער מאָל מער, איידער קאָלערליי אויסערגעוויינלעכע געשעענישן, ווי מילכאָמעס, ערדציטערנישן א. א. וו., — אָט אין וואָס עס ליגט דער סאַמע טיפסטער מאָדערנער וואָרצל פון רעליגיע. „שרעק האָט באַשאַפן די געטער". די שרעק פאַר דער בלינדער קראַפט פונם קאַפּיטאַל. זי איז בלינד, ווייל זי קאָן ניט ווערן פאָרויסגעזען דורך די פאָלקס-מאַסן. אַף יעדן לעבנסטריט פונם פּראָלעטאַריער און פונם קליינאייגנטימער דראָט זי אים צו ברענגען און ברענגט אַ „פּלוצלינגדיקע", „אומגעריכטע", „צופעליקע" רואינירונג, אונטערגאַנג, פאַרוואַנדלונג אין אַן אָרעמאַן, אין אַ קאַפּצן, אין אַ פּראָסטיטוטקע, אַ הונגער-טויט. אָט וואו עס ליגט דער וואָרצל פון דער מאָדערנער רעליגיע, וועלכן עס דאַרף פריער און מער פאַר אַלץ האָבן אין זינען דער מאַטעריאַליסט, אויב ער וויל ניט בלייבן קיין מאַטעריאַליסט פונם צוגרייטונגס-קלאַס.

(וועגן דער באַציאונג פון דער אַרבעטער פּאַרטיי צו רעליגיע ב. XI ט. I. רוסישע אויסגאַבע).

## די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע ראָל פון רעליגיע

פאַראַן פאַרטיידיקער פון רעליגיע, וואָס מאַינען, אַז רעליגיע איז אַ טרייסט פאַרן מענטשן. ריכטיק האָט געענטפערט פייערבאַך דיזאָזיקע פאַרטיידיקער פון רעליגיע: ווער עס טרייסט אַ קנעכט אָנשטאָט אויפצוהויבן אים אַף אַן אויפשטאַנד קעגן קנעכטשאַפט, יענער העלפט די קנעכט־אייגנטימער.

אַלע אונטערדריקנדיקע קלאַסן נויטיקן זיך אין צוויי סאָציאַלע פונקציעס אַף אייננצוהיטן זייער הערשאַפט: אין דער פונקציע פון דעם הענקער און אין דער פונקציע פונם גאַלעך. דער הענקער דאַרף דערשטיקן דעם פראָטעסט און די אויפרעגונג פון די אונטערדריקטע, דער גאַלעך דאַרף זיי מאָלן אויסזיכטן (דאָס איז באַזונדערס באַקוועם צו טאָן אָן אַ גאַראַנטיע, אַז די אויסזיכטן וועלן פאַרווירקלעכט ווערן...), אַז די אומגליקן און די קאָרבאָנעס וועלן געלינדערט ווערן בײַ דער איינהיטונג פון דער קלאַסן־הערשאַפט און דורכדעם ברענגען דערצו, אַז די אונטערדריקטע זאָלן זיך איינלעבן בעשאָלעם מיט דערדאָזיקער הערשאַפט, אָפציִען זיי פון רעוואָלוציאָנערע טאַטן, אונטערייסן זייער רעוואָלוציאָנערע שטימונג, כאָרעוו מאַכן זייער רעוואָלוציאָנערע אַנטשלאָסנקייט. קאַוטסקי האָט פאַרוואַנדלט דעם מאַרקסיזם אין אַ סאַמער אָפשוילעכער און טעמפּקעפּיקער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע טעאָריע, אין אַ סאַמער שמוציקער „פּאָפּאָווטשיִנע“... (דער קראַך פונם II אינטערנאַציאָנאַל. ב. XIII רוסישע אויסג.).

## די בורזשואזע פילאָזאָפן — לאַקייען פון רעליגיע

דיצגען (דער פאָטער) * האָט ריכטיק, צוטרעפיק און קלאָר אויסגעדריקט דעם גרונטשטאַנדפּונקט פונם מאַרקסיזם אַף די פילאָזאָפישע ריכטונגען, וואָס הערשן אין די בורזשואַזע לענדער און וואָס האָבן אַ דערפאָלג צווישן זייערע געלערנטע און פובליציסטן. ער האָט געזאָגט, אַז די פּראָפעסאָרן פון פילאָזאָפיע אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט שטעלן מיט זיך פאָר, דאָסראָוו איגדערעמעסן גיט קיין אַנדער זאַך, ווי „דיפּלאָמירטע לאַקייען פון „פּאָפּאָווטשינע“. —

אונזערע רוסלענדער אינטעליגענטן, וואָס האָבן ליב צו האַלטן זיך פאַר פאָרגעשריטענע לייט, פונקט, אַזוי, ווי זייערע ברידער אין אַלע אַנדערע לענדער, האָבן זייער ניט ליב אַריבערצוטראָגן די פראַגע אין דער פלאַך פון יענער אָפשאַצונג, וועלכע איז געגעבן געוואָרן אין די ווערטער פון דיצגען. און ניט ליב האָבן זיי עס דערפאַר, ווייל דער עמעס שטעכט די אויגן. עס איז גענוג וויפל ניט איז אַרייננצוטראַכטן זיך אין דער מעלוכישער, דערנאָך אַלגעמיין־עקאָנאָמישער, דערנאָך שטייגערישער און יעדער אַנדערער אָפּהענגיקייט, אין וועלכע די געבילדעטע מענטשן געפינען זיך פון דער הערשנדיקער בורזשואַזיע, קעדיי צו פאַרשטיין די אַבסאָלוטע ריכטיקייט פון דיצגענס שאַרפער כאַראַקטעריסטיק. עס איז גענוג צו דערמאָנען זיך אָן דער קאָלאָסאַלער צאָל מאָדישע פילאָזאָפישע ריכטונגען, וואָס אַנטשטייען אַזוי אָפט אין די אייראָפּייאישע לענדער, אָנהויבנדיק, לאָמיר זאָגן, פון יענע, וואָס זיינען פאַרבונדן געווען מיט דער דערפינדונג

* אַ דייטשישער פילאָסאָף — אַן אַרבעטער מעטאַליסט.

פון ראַדיאָ און ענדיקנדיק מיט יענע, וואָס ווילן זיך איצט אָנכאַפּן פאַר איינשטיינען, — קעדיי פאַרצושטעלן זיך די פאַרבינדונג צווישן די קלאַסן-אינטערעסן און דער קלאַסן-פּאָזיציע פון דער בורזשואַזיע, און איר שטיצע די פאַרשיידענע פאָרמען פון רעליגיע מיט דעם אידייאישן אינהאַלט פון די מאָדישע פילאָזאָפישע ריכטונגען...

פון דער אַנדער זייט, טוט אַ קוק אַף די פאָרשטייער פון דער מאָדערנער וויסנשאַפטלעכער קריטיק פון רעליגיע. דיזאָזיקע פאָרשטייער פון דער געבילדעטער בורזשואַזיע „גיבן צו“ קימאַט אַלעמאָל צו זייער אייגענער אָפּלייקונג פון די רעליגיעזע פאָרורטיילן אַזעלכע בקירעס, וועלכע דעמאַסקירן זיי טייקעף אַלס אידייאישע קנעכט פון דער בורזשואַזיע, אַלס „דיפּלאָמירטע לאַקייען פון פּאָפּאָווטשינע“.

צוויי ביישפּילן. דער פּראָפעסאָר כ. י. וויפּער האָט אַרויסגעגעבן אין 1918 יאָר אַ ביכעלע: „די אַנטשטייאונג פון קריסטנטום“. דערציילנדיק די הויפּט רעזולטאַטן פון דער היינטיקער וויסנשאַפט, איז ניט נאָר וואָס דער אַווטאָר קעמפט ניט מיט די פאָרורטיילן און דער אָפּנאַרעריי, וואָס זיינען אַ געווער פון דער קירכע, אַלס אַ פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, ניט נאָר וואָס ער פאַרשווייגט דיזאָזיקע פראַגן, נאָר ער ווייזט אַרויס אַ פּאַשעט לעכערלעכע און רעאַקציאָנערסטע פּרעטענזיע אויפצוהייבן זיך העכער פון ביידע „עקסטרעמקייטן“: סיי דער אידעאַליסטישער, סיי דער מאַטעריאַליסטישער, דאָס הייסט אונטערלעקן זיך דער הערשנדיקער בורזשואַזיע, וואָס גיט אויס אַף צו שטיצן די רעליגיע אַף דער גאַנצער וועלט הונדערטער מיליאָנען רובלס פון דעם רעוועך, וואָס זיי פּרעסן אַרויס פון די אַרבעטנדיקע.

דער באַרימטער דייטשישער געלערנטער אַרטור דרעווס וואַרפט אָפּ אין זיין בוך: „דער מיטוס וועגן קריסטוס“, די רעליגיעזע פאָרורטיילן און מאַיסעס און באַווייזט, אַז קיין שום קריסטוס איז ניט געווען, און אין סאָף פון בוך זאָגט ער זיך אַרויס פאַר רעליגיע, נאָר פאַר אַ באַנייטע, אַ צוגעפּוצטע, אַ געפילפולטע, וואָס זאָל קאָנען ביישטיין קעגן „דעם נאַטוראַליסטישן שטראָם, וואָס ווערט אַלץ שטאַרקער פון טאָג צו טאָג“... דאָס איז אַן עמעסער רעאַקציאָנער, אַ באַוואוסטזיניקער, וואָס העלפט אָפן די עקספּלואַטאַטאָרן צו פאַרבייטן די אַלטע און צעפוילטע רעליגיעזע פאָרורטיילן מיט נייענקע, נאָך מער פּאַסקודנינקע און נידערטרעכטיקע פאָרורטיילן.

(„וועגן דעם באַטייט פון קריגערישן מאַטעריאַליזם“. זשורנאַל: „Под знаменем Марксизма“ 1922 г. № 3)

## קעגן יעדער פאַרפיינערטער רעליגיע. קעגן גאָטזוכעריי און גאָט-בויעריי

...אין די פרייסטע לענדער, אין אַזעלכע לענדער וואו עס פּאַסט גאָר ניט דער רוף צו „דעמאָקראַטיע, צום פאָלק, צו דער געזעלשאַפטלעכקייט און וויסנשאַפט“ (ד. ה. דאָרט, וואו די דעמאָקראַטיע עקזיסטירט קלוימערשט מ. א.), — אין אַזעלכע לענדער פאַרטעמפּט מען דאָס פאָלק באַזונדערס פלייסיק טאַקי מיט דער אידייע פון אַ רייניקן, גייסטיקן גאָטינקע, וואָס מע בויט אים אויף. טאַקי דערפאַר, וואָס יעדע רעליגיעזע אידייע, יעדע אידייע וועגן יעדן גאָטינקע, יעדע קאָקעטעריי אַפילע מיט אַ גאָטינקע איז דאָס גרעסטע פּאַסקודסטווע, צו וועלכער די דעמאָקראַטישע בורזשואַזיע באַ-

צוט זיך באַזונדערס מאָלעראַנט, — טאַקי דערפאַר איז עס די געפערלעכסטע פאַסקודסטווע, די סאַמע עקלהאַפטע „זאַראַזע". א מיליאָן פ י ז י ש ע אַווײרעס, געוואַלעס, גוואַלדטאַטן און זאַראַזעס ווערן אַסאַך לייכטער אויפגעדעקט פונם האַמוין, און זיינען דערפאַר ווייניקער געפערלעך, איידער די א יי ד ע ל ע, גייסטיקע אידייע וועגן אַ גאָטינקע, וועלכע פוצט זיך צו אין די שענסטע „אידייאישע" קליידער. אַ קאַטוילישער גאַלעך, וואָס פאַרגוואַלטיקט מיידלעך (וועגן וועלכן איך האָב ערשט צופעליק געליענט אין אַ דייטשישער צייטונג) איז אַ ס אַ ך ו וי נ י ק ע ר געפערלעך גראָד פאַר דער „דעמאָקראַטיע" *, איידער אַ גאַלעך אָן אַ ריאַסע, איידער אַ גאַלעך אָן אַ מעגושעמדיקער רעליגיע, איידער אַ גאַלעך אַ אידייאישער און דעמאָקראַטישער, וואָס פרײדיקט צו שאַפן און בויען אַ גאָטינקע. ווייל דעם ערשטן גאַלעך קאָן מען לייכט דעמאַסקירן, פאַרורטיילן און אַרויסטרייבן, און דעם צווייטן ק אָ ן מ ע ן נ י ט אַרויסטרייבן אַזוי פּאָשעט. אויפדעקן זיין עמעסן פאַרצעף איז אין טויזנט מאָל שווערער, „פאַרורטיילן" אים וועט זיך קיין איין „איידעלינקער און ראַכמאָנעסדיק וואַקלדיקער" בירגער ניט איינשטימען...

יעדער מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט גאָטבויעריי, אָדער וואָס דערלאָזט אַזאַ בויעריי, באַשפייט זיך אַפן ערגסטן אויפן. אָנשטאָט „טאַט" פאַרנעמט ער זיך ט אַ ק י מיט זעלבסטבאַטראַכטונג, מיט זעלבסטליבע, דערביי „באַטראַכט" אַזאַ מענטש די סאַמע שמוציקע, טעמפע, קנעכטישע שטריכן אָדער שטריכעלעך פון זיין „איך", וואָס ווערן פאַרגעטערט דורך גאָטבויעריי...

(פון לענינס אַ בריוו צו גאָרקין אין 1913 י. Ленинский сборник I)

## רעליגיעזע סיגע — א געווער אין די הענט פון דער בורזשואַזיע

די רעאַקציאָנערע בורזשואַזיע האָט אַלעמאָל געזאָרגט און הויבט אָן אויך בײַ אונז איצטער צו זאָרגן וועגן דעם, ווי צו פאַנאַנדערברענגען די רעליגיעזע סיגע, קעדיי אָפּצוציען אין אַ זייט די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַסן פון די ווירקלעך וויכטיקע און איקערדיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראַגן, וועלכע עס לייזט איצט פּראַקטיש דער אַלרוסלענדער פּראָלעטאַריאַט, וואָס פאַראייניקט זיך אין זיין רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אָט די רעאַקציאָנערע פּאָליטיק פון צעברעקלען די פּראָלעטאַרישע קרעפטן, וואָס דריקט זיך היינט אויס אין שוואַרצמייעדיקע פּאָגראָמען, קאָן מאָרגן עפשער צוטראַכטן אויך וועלכע ניט איז אַנדערע איידעלערע רעפאָרמען...

(סאָציאַליזם און רעליגיע ב. VII ט. I. 1905 יאָר).

## אין וואָס פאַר א זין איז רעליגיע א פּריוואַט־זאַך **)

„רעליגיע דאַרף ווערן דערקלערט פאַר אַ פּריוואַט זאַך" — מיט דיזאָזיקע ווערטער איז געוויינלעך אָנגענומען אויסצודריקן די באַציאונג פון סאָציאַליסטן צו רעליגיע. מע דאַרף אָבער גענוי באַשטימען די באַדייטונג פון דיזאָזיקע ווערטער, זיי זאָלן ניט

* לענין האָט דאָ אין זינען די עמעסע דעמאָקראַטיע. מ. א.

* פונם אַרטיקל „סאָציאַליזם און רעליגיע", וואָס איז געשריבן אין 1905 יאָר

קאָנען אַרויסרופֿן קיין שום מיספֿאַרשטייעניש. מיר פֿאָדערן, אַז די רעליגיע זאָל זיין אַ פּריוואַט=זאַך בענוגייע צו דער מעלוכע. מיר קאָנען אָבער בעשומאויפֿן ניט רעכענען די רעליגיע ווי אַ פּריוואַט=זאַך בענוגייע צו אונזער אייגענער פּאַרטיי. די מעלוכע טאָר ניט האָבן קיין שייכעס צו רעליגיע. רעליגיעזע געזעלשאַפֿטן דאַרפֿן ניט זיין פֿאַרבונדן מיט דער מעלוכע=מאַכט. יעדערער דאַרף זיין אינגאַנצן פֿריי צו האַלטן זיך פֿאַר וואָס אַ רעליגיע ער וויל, אָדער ניט אַנערקענען קיין שום רעליגיע, ד. ה. זיין אַן אַטעאיסט, ווי עס איז געוויינלעך יעדער סאָציאַליסט. קיינע אונטערשיידן צווישן בירגער אין זייערע רעכטן, אָפּהענגיק פֿון זייערע רעליגיעזע גלויבונגען — זיינען אַבסאָלוט ניט דערלאָזבאַר. אין די אָפֿיציעלע דאָקומענטן דאַרף אומבאַדינגט אָפּגעשאַפֿט ווערן יעדער זייכער וועגן דעם אָדער יענעם גלויבן פֿון די בירגער. קיינע מעלוכע=סומען טאָרן ניט ווערן אַרויס=געגעבן פֿאַר קירכלעכע און רעליגיעזע געזעלשאַפֿטן, וועלכע דאַרפֿן ווערן אינגאַנצן פֿרייע, אומאָפּהענגיקע פֿון דער מאַכט פֿאַרבאַנדן פֿון גלייכדענקענדיקע בירגער...

*פֿאַר דער פּאַרטיי פֿונם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט איז רעליגיע ניט קיין פּריוואַט=זאַך. אונזער פּאַרטיי איז אַ פֿאַרבאַנד פֿון באַוואוסטזיניקע, פֿאָרגעשריטענע פֿאַר דער באַפֿרייאונג פֿונם אַרבעטער=קלאַס. אַזאַ פֿאַרבאַנד קאָן ניט און דאַרף זיך ניט באַציען גלייכגילטיק צו אומוויסנ=הייט, פֿינצטערניש און אָבסקוראַנטיזם אין דער פֿאָרם פֿון רעליגיעזע גלויבונגען.* מיר פֿאָדערן אינגאַנצן אָפּטיילן די קירך פֿון דער מעלוכע, קעדיי צו קעמפֿן מיטן רעליגיעזן נעפּל דורך אַ ריין אידייאיש און בלויז אידייאישן געווער, דורך אונזער פּרעסע, דורך אונזער וואָרט. נאָר מיר האָבן געגרינדעט אונזער פֿאַרבאַנד, די רסדאַ״פּ *, אַגעוו, טאַקי צוליב אַזאַ מין קאַמף קעגן יעדער רעליגיעזע אָפּנאַרעריי פֿון די אַרבעטער. *פֿאַר אונז איז דער אידיי=אישער קאַמף ניט קיין פּריוואַטע, נאָר אַן אַלגעמיין פּאַר=טייאישע און אַלגעמיין פּראָלעטאַרישע זאַך...*

אונזער פּראָגראַם איז אינגאַנצן געבויט אַף דער וויסנשאַפֿטלעכער, נעמלעך, אַף דער מאַטעריאַליסטישער וועלטאַנשויאונג: אין דער דערקלערונג פֿון אונזער פּראָגראַם ווערט אַף אַ נויטווענדיקן אויפֿן איינגעשלאָסן אויך דאָס דערקלערן די עמעסע היסטאָ=רישע און עקאָנאָמישע וואָרצלען פֿון רעליגיעזן נעפּל. אונזער פּראָפּאַגאַנדע שליסט אין זיך איין אַף אַ נויטווענדיקן אויפֿן אויך די פּראָפּאַגאַנדע פֿון אַטעאיזם. אַרויסגעבן די אַנטשפּרעכנדיקע וויסנשאַפֿטלעכע ליטעראַטור, וועלכע איז ביז איצט געווען שטרענג פֿאַרבאָטן און פֿאַרפֿאָלגט דורך דער זעלבסטהערשערישער=לייבאייגנטימערישער מע=לוכע מאַכט, דאַרף איצט ווערן איינער פֿון די צווייגן פֿון אונזער פּאַרטיי אַרבעט. אונז וועט אויסקומען, מיסטאָמע, אויסצופֿירן ענגעלסעס אייצע, וואָס ער האָט אַמאָל גע=געבן די דייטשישע סאָציאַליסטן: איבערזעצן און ברייט פֿאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן

* אין 1905 יאָר, ווען לענין האָט געשריבן דעמדאָזיקן אַרטיקל האָט זיך אונזער פּאַרטיי נאָך גערופֿן ס״ד. (באָלשעוויקעס). מ. א.

די פראַנצויזישע אויפקלערערישע און אַטעאיסטישע ליטעראַטור פון XVIII יאָרהונדערט.

מיר דאַרפן אָבער בעשום אויפן ניט אַראָפּקריכן דערביי אַף דער אַבסטראַקטער אידעאַליסטישער שטעלונג פון דער רעליגיע-פראַגע „אַלפּי סייכל האַיאָשאָר“, אויסער דעם קלאַסנקאַמף, אַזוי ווי עס טוען אָפּט די בורזשואַזע ראַדיקאַלע דעמאָקראַטן. עס וואָלט געווען אַן אומזין צו מיינען, אַז אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אַף אומענדלעכער אונטערדריקונג און פאַרגרעבטקייט פון די אַרבעטער-מאַסן, קאָן מען מיט אייגע דראָשעס צעשטרייען די רעליגיעזע פאַרורטיילן. עס וואָלט געווען אַ בורזשואַזע באַגרענעצטקייט צו פאַרגעסן, אַז דער דרוק פון רעליגיע אַף דער מענטשהייט איז בלויז אַ פּראָדוקט און אַן אָפּשפּיגלונג פונם עקאָנאָמישן דרוק אין דער געזעלשאַפט. קיינע ביכלעך און קיינע דראָשעס וועלן ניט אויפקלערן דעם פּראָלעטאַריאַט, אויב ער וועט ניט ווערן אויפגעקלערט דורך זיין אייגענעם קאַמף קעגן די פינצטערע קויכעס פונם קאַפּיטאַליזם. די איינהייט פונם ווירקלעכן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וואָס דער אונטערדריקטער קלאַס פירט אַף צו באַשאַפן אַ גאַניידן אַף דער ערד, איז פאַר אונז וויכטיקער, איידער די מיינונגס-איינהייט פונם פּראָלעטאַריאַט וועגן גאַניידן אַפן הימל...

דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט וועט זיך דערשלאָגן דערצו, אַז רעליגיע זאָל ווירקלעך ווערן אַ פּריוואַט-זאַך פאַר דער מעלוכע. און אין דער דאָזיקער אָפּגערייניקטער פון מיטלאַלטערלעכן שימל געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג וועט דער פּראָלעטאַריאַט פירן אַ ברייטן אָפענעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון עקאָנאָמישער פאַרשקלאַפונג — אָט דעם עמעסן קוואַל פון פאַרפינצטערן דעם מענטשן דורך רעליגיע.

(לענין. סאָציאַליזם און רעליגיע. ב. VII. טייל I).

## אונזער אטעאיסטישע פּראָפּאגאנדע דארף דינען אונזער הויפּט אויפגאבע — אנטוויקלען דעם קלאסנקאמף פון די עקספּלואטירטע מאסן קעגן די עקספּלואטאטאָרן

...מיר דאַרפן קעמפן קעגן רעליגיע. דאָס איז דער אַלעפבייז פונם גאַנצן מאַטעריאַליזם און, בעמיילע, אויך פונם מאַרקסיזם.

גאָר דער מאַרקסיזם איז ניט קיין מאַטעריאַליזם, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם אַלעפבייז, דער מאַרקסיזם גייט ווייטער. ער זאָגט: מע דאַרף קאָנען קעמפן קעגן רעליגיע. מע דאַרף צוליב דעם מאַטעריאַליסטיש דערקלערן דעם קוואַל פון גלויבן און פון רעליגיע באַ די מאַסן. מע קאָן ניט באַגרענעצן דעם קאַמף קעגן רעליגיע מיט אַבסטראַקט-אידעאָלאָ-

גישע דראָשעס. מע דאַרף דעמדאָזיקן קאַמף שטעלן אין פאַרבינדונג מיט דער קאָנקרעטער פראַקטיק פון דער קלאַסן־באַוועגונג, וועלכע איז געריכטעט אַף צו באַזייטיקן די סאָציאַלע וואָרצלען פון רעליגיע...

קיין אויפקלערונגס־ביכל וועט ניט אויסוואָרצלען די רעליגיע בײַ די מאַסן, וואָס זיינען דערשלאָגן דורך דער קאַפּיטאַליסטישער קאַטאָרגע, וואָס זיינען אָפּהענגיק פון די בלינדע צעשטערנדיקע קויכעס פון קאַפּיטאַליזם, קאָלזמאַן דידאָזיקע מאַסן וועלן זיך ניט אויסלערנען פאַראייניקט, אָרגאַניזירט, פּלאַנמעסיק, באַוואוסטזיניק צו קעמפן קעגן דעמדאָזיקן וואָרצל פון רעליגיע, קעגן דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל אין אַלע פאָרמען.

צי דרינגט דערפון אַרויס, אַז אַן אויפקלערונגס־ביכל קעגן רעליגיע איז שעדלעך אָדער איבעריק? ניין. עס דרינגט אַרויס דערפון גאָר ניט דאָס. עס דרינגט אַרויס, אַז די אַטעאיסטישע פּראָפּאַגאַנדע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע * דאַרף זיין אונטערגעוואָרפן איר גרונט־אויפגאַבע: דער אַנטוויקלונג פונם קלאַסנקאַמף פון די עקספּלואַטירטע מאַסן קעגן די עקספּלואַטאָרן...

לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל. לאָמיר נעמען אַ געוויסן געביט אָדער צווייג פון אינדוסטריע. דער פּראָלעטאַריאַט טיילט זיך דאָרט, לאָמיר זאָגן, אַף אַ פאָרגעשריטענעם טייל פון גאַנץ באַוואוסטזיניקע ס.־ד., וואָס זיינען, פאַרשטייט זיך, אַטעאיסטן, און אַף גאַנץ אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, וואָס זיינען נאָך פאַרבונדן מיטן דאָרף און מיטן פּויערטום און וואָס גלויבן אין גאָט, גייען אין קירך, אָדער געפינען זיך אַפילע אונטערן דירעקטן איינפלוס פונם אָרטיקן גאַלעך, וועלכער אָרגאַניזירט, לאָמיר זאָגן, אַ קריסטלעכן אַרבעטער־פאַריין. לאָמיר זיך ווייטער פאָרשטעלן, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף אין אַזאַ אָרט האָט געבראַכט צו אַ שטרייק. פאַר אַ מאַרקסיסט איז אָבליגאַטאָריש דעם ערפאָלג פון דער שטרייק־באַוועגונג אַוועקצושטעלן אַפן ערשטן פּלאַן. ער דאַרף אַנטשיידן זיך ווידערשטעלן קעגן פאַנאַנדערטיילן די אַרבעטער אינם דאָזיקן קאַמף אַף אַטעאיסטן און קריסטן. די אַטעאיסטישע פּריידיקונג קאָן בײַ אַזעלכע באַדינגונגען זיך אַרויסווייזן אי איבעריק, אי שעדלעך — ניט פונם שטאַנדפּונקט פון באַלעבעסלדיקע וואָרעם וועגן ניט אָפּשרעקן די אָפּגעשטאַנענע שיכטן, וועגן פאַרלירן אַ מאַנדאַט בײַ די וואַלן א. א. וו., נאָר פון שטאַנדפּונקט פון ווירקלעכן פּראָגרעס פון קלאַסנקאַמף, וועלכער קאָן אין הייגטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אין הונדערט מאָל גיכער ברענגען די קריסטלעכע אַרבעטער צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און אַטעאיזם, איידער אַ היילע אַטעאיסטישע דראָשע. אַ פּריידיקער פון אַטעאיזם וואָלט אין אַזאַ מאָמענט און בײַ אַזאַ מין לאַגע בלויז געהאָלפן דעם גאַלעך און די גאַלאָכים, וועלכע ווילן דורכאויס פאַרטוישן די צעטיילונג פון די אַרבעטער לויט זייער אָנטייל אין שטרייק אַף דער צעטיילונג לויט דעם גלויבן אין גאָט. אַן אַנאַרכיסט, וואָס פּריידיקט אַ מילכאָמע קעגן גאָט בײַ אַלע אומשטענדן, וואָלט אינדערעמעסן געהאָלפן די גאַלאָכים און דער בורזשואַזיע (ווי די אַנאַרכיסטן העלפן אַלעמאָל אינדערעמעסן דער בורזשואַזיע). אַ מאַרקסיסט דאַרף זיין אַ מאַטעריאַליסט, ד. ה. אַ סוינע פון רעליגיע. ער דאַרף אָבער זיין אַ דיאַלעקטישער מאַטעריאַליסט, ד. ה. ער דאַרף שטעלן דעם קאַמף מיט רעליגיע ניט

* געשריבן אין 1909 יאָר, ווען אונזער פּאַרטיי האָט זיך נאָך גערופן ס.־ד. (באָלשעוויקעס).

אַבסטראַקט, ניט אַפּן באָדן פון אַבסטראַקטער, ריין טעאָרעטישער פּריידיקונג, נאָר, קאָנקרעט, אַפּן באָדן פון קלאַסנקאַמף, וואָס קומט פאָר אין דער ווירקלעכקייט און וואָס דערציט די מאַסן מער פאַר אַלץ און בעסער פאַר אַלץ. אַ מאַרקסיסט דאַרף דיסקאָנטירן די גאַנצע קאָנקרעטע לאַגע, ער דאַרף שטענדיק קאָנען געפינען דעם גרענעץ צווישן אַנאַרכיזם און אָפּאָרטוניזם (דערדאָזיקער גרענעץ איז אַ פאַרהעלטנישמעסיקער, אַ באַוועגלעכער, אַ זיך בייטנדיקער, אָבער ער עקזיסטירט). ער דאַרף ניט אַריינפאַלן אין אַבסטראַקטן, ווערטלעכן און אינדערעמעסן פוסטן „רעוואָלוציאָנאַריזם“ פונם אַנאַרכיסט, און ניט אין דער באַלעבעסלדיקייט און אָפּאָרטוניזם פונם קלייַנבירגער אָדער ליבעראַלן אינטעליגענט, וואָס ציטערט פאַרן קאַמף מיט רעליגיע, פאַרגעסט וועגן דערדאָזיקער אויפגאַבע זייַנער, מאַכט שאָלעם מיטן גלויבן אין גאָט, גייט אַרויס ניט פון די אינטערעסן פון קלאַסנקאַמף, נאָר פון דעם קלייַנלעכן, מיזערן כעשבנדל: ניט באַלייַדיקן, ניט אָפּשטויסן, ניט אָפּשרעקן, פון איבערקלוגעטשקן קלאַל: „לעב און לאָז אַנדערע לעבן“ א. א. וו. א. ד. גל.

(לענין. וועגן דער באַציאונג פון דער אַרבעטער פאַרטיי צו רעליגיע. ב. XI ט. I. 1909 יאָר).

## פראגן צו איבערכאזערן

1. פארוואָס טרעט ארויס דער ארבעטער קעגן רעליגיע?
2. פארוואָס האלט זיך די רעליגיע בא די אָפּגעשטאנענע שיכטן פונם שטאָטישן פראָלעטאריאט און בא די פּויערים?
3. דערווייזט די ריכטיקייט פון דעם געדאנק, אז די בורזשואזע געלערנטע זיינען לאקייען פון רעליגיע פארוואָס איז עס אזוי?
4. פארוואָס איז א פארפייגערטע רעליגיע שעדלעכער ווי ניט קיין צוגעפוצטע?
5. פארוואָס איז לענין אזוי שארף ארויסגעטראָטן קעגן גאָטזוכעריי און גאָטבויעריי?
6. ווי נוצט אויס די בורזשואזיע די רעליגיע צוליב אירע אייגענע צילן?
7. צי קאָן א קאָמוניסט זאָגן, אז רעליגיע איז א פריוואט-זאך און דעריבער קאָן ער זיין רעליגיעז?
8. וואָס פאר אַ ציל שטעלן מיר זיך, ווען מיר פירן אנטירעליגיעזע פראָפּאגאנדע?

## קאַפּיטל 14

# ווי דאַרף מען פירן אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע

### דער קוואַל פון עמונע און רעליגיע בײַ די מאַסן

„רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק, — דערדאָזיקער אויסדריק פון מאַרקסן איז דער ווינקלשטיין פון דער גאַנצער מאַרקסיסטישער וועלטאַנשויאונג אין דער פראַגע וועגן רעליגיע. דער מאַרקסיזם באַטראַכט שטענדיק אַלע היינטיקע רעליגיעס און קירכעס, אַלע און יעדע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, אַלס אָרגאַנען פון בורזשואַזער רעאַקציע, וואָס דאַרפן פאַרטיידיקן די עקספּלואַטאַציע און אָפּנאַרן דעם אַרבעטער־קלאַס...

„מיר דאַרפן קעמפן מיט רעליגיע. דאָס איז דער אַלעפבייז פונם גאַנצן מאַטע־ריאַליזם און, הייסט עס, פונם מאַרקסיזם. נאָר דער מאַרקסיזם איז ניט קיין מאַטעריאַ־ליזם, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם אַלעפבייז. דער מאַרקסיזם גייט ווייטער. ער זאָגט: מע דאַרף קענען קעמפן מיט רעליגיע, און דעריבער דאַרף מען מאַטע־ריאַליסטיש דערקלערן דעם קוואַל פון עמונע און רעליגיע בײַ די מאַסן. דעם קאַמף מיט רעליגיע טאָר מען ניט באַגרענעצן מיט אַבסטראַקט־אידעאָלאָגישע דראָשעס, מע טאָר דעם קאַמף ניט אויסלאָזן בלויז צו אַזעלכע דראָשעס; דעמדאָזיקן קאַמף דאַרף מען אַוועקשטעלן אין פאַרבינדונג מיט דער קאָנקרעטער פּראַקטיק פון דער קלאַסן־באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו באַזייטיקן די סאָציאַלע וואָרצלען פון רעליגיע. פאַרוואָס האַלט זיך די רעליגיע אין די אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון דעם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט, אין די ברייטע שיכטן פונם האַלב־פּראָלעטאַריאַט און אויך אין דער פויערים־מאַסע? צוליב דער אומוויסנקייט פון פאָלק — ענטפערט דער בורזשואַזער פּראָגרעסיסט, דער ראַדיקאַל אָדער דער בורזשואַזער מאַטעריאַליסט... אַזאַ קוק איז אַן אויבערפלעכלעכע, בורזשואַזי־באַגרענעצטע קולטורטרעגעריי. אַזאַ קוק דערקלערט ניט גענוג טיף, ניט מאַטעריאַ־ליסטיש, נאָר אידעאַליסטיש, די וואָרצלען פון רעליגיע. אין די מאָדערנע קאַפּיטאַליס־טישע לענדער זיינען דידאָזיקע וואָרצלען דערהויפּט סאָציאַלע. די סאָציאַלע צו־געשטיקטקייט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, די קלוימערשט פולע מאַכטלאָזיקייט זייערע קעגן די בלינדע קויכעס פונם קאַפּיטאַליזם, וואָס ברענגט די פּאָשעטע אַרבעט־מענטשן יעדן טאָג און יעדע שאָ טויזנט מאָל שרעקלעכערע ליידן און יעסורים, איידער די פאַרשיידענע אויסערגעוויינלעכע געשעענישן, ווי לעמאָשל, מילכאָמע, ערדציטערנישן א. א. וו. — אָט וואו עס ליגט דער היינטיקער טיפסטער וואָרצל פון רעליגיע. „די מוירע האָט באַשאַפן די געטער“. די מוירע פאַר דער בלינדער קראַפט פונם קאַפּיטאַל, וואָס

איז בלינד דערפאַר, ווייל די פּאָלקסמאַסן קענען זי ניט פּאָרויסזען; אַף יעדן שריט פונם פּראָלעטאַריער און קליינעם באַלעבעסל דראָט זי צו ברענגען און ברענגט אים אַ „פּלוצלינגדיקן“, „אומדערוואַרטן“, „צופעליקן“ כורבן און מאַכט אים פאַר אַן עוויען, אַ בעטלער, אַ פּראָסטיטוטקע, ברענגט אים אַ הונגער-טויט — אָט דאָס איז דער וואָרצל פון היינטיקער רעליגיע. אָט אים דאַרף שטענדיק האָבן אין אויג דער מאַטעריאַליסט, אויב ער וויל ניט בלייבן קיין מאַטעריאַליסט פון צוגרייטונג-קלאַס. קיין שום אויפקלערונג-ביכל וועט ניט אויסוואָרצלען די רעליגיע פון די מאַסן, וואָס זיינען דערשלאָגן דורך דער קאַפּיטאַליסטישער קאַטאָרגע, וואָס זיינען אָפּהענגיק פון די בלינדע צעשטערנדיקע קרעפטן פונם קאַפּיטאַליזם, קאָלזמאַן די דאָזיקע מאַסן וועלן זיך אַליין ניט אויסלערנען פאַראייניקט, אָרגאַניזירט, פּלאַנמעסיק, באַוואוסטזיניק קעמפן קעגן דעם דאָזיקן *וואָרצל* פון דער רעליגיע, קעגן דער *הערשאַפט פונם קאַפּיטאַל* אין אַלע זיינע פאָרמען“ — אַזוי האָט לענין געשריבן אין 1909 יאָר. (לענין. באַנד XI, טייל 1. זייט 259. רוסישע אויסגאַבע).

קעמפן קעגן רעליגיע און ניט קעמפן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג קאָן מען ניט. מיט ביכלעך *אַליין*, מיט רעדעס בלויז קאָן מען ניט אויסוואָרצלען די רעליגיע.

„צי איז דערפון געדרונגען, אַז אַן אויפקלערונגס ביכל קעגן רעליגיע איז שעדלעך אָדער איבעריק? ניין“. — ענטפערט לענין — „ניט דאָס איז דערפון געדרונגען. דערפון איז געדרונגען, אַז די אַטעאיסטישע (אַפּיקאָרסישע) פּראָפּאַגאַנדע פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע * דאַרף זיין *אונטערגעוואָרפן* איר הויפט ציל: אַנטוויקלען דעם קלאַסן-קאַמף פון די עקספּלואַטירטע מאַסן קעגן די עקספּלואַטאָרן“.

דער קלאַסן-קאַמף קעגן די עקספּלואַטאָרן שטעלט זיך אָבער ווידער אַ הויפט-ציל: אַראָפּוואַרפן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג און אויפבויען די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט.

## דער קאַמף קעגן רעליגיע בא דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט

די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָט אין רוסלאַנד די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג אַראָפּגעוואָרפן און בויט דעם סאָציאַליזם. אַפן געביט פונם בויען דעם סאָציאַליזם האָט דער פּראָלעטאַריאַט פון פסס״ר דערגרייכט קאָלאָסאַלע דערפאָלגן. איז עפשער דערפאַר איבעריק געוואָרן דער קאַמף קעגן דער רעליגיע? זיינען עפשער אינגאַנצן אויסגעריסן געוואָרן די וואָרצלען פון דער רעליגיע, און זי וועט שוין איצט פון זיך אַליין פאַרוועלקן? ניין. די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט איז בא אונז טאַקע אַראָפּגעשליידערט, אין פסס״ר ווערט טאַקע געבויט דער סאָציאַליזם; דער קאַפּיטאַליזם גופא איז אָבער אין פסס״ר נאָך ניט אויסגעריסן מיטן וואָרצל; דער סאָציאַליזם בויט זיך — ער איז אָבער נאָך ניט אויסגעבויט. אין פסס״ר — אין דעם לאַנד פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור — קומט דעריבער נאָך פאָר אַ העפטיקער קלאַסן-קאַמף. דער סאָציאַליזם קעמפט דאָ נאָך קעגן דעם

* דעמאָלט האָבן זיך נאָך די באָלשעוויקעס גערופן סאָציאַל-דעמאָקראַטן.

קאַפּיטאַליזם. דער סאָציאַליזם גרייפט אָן אַף די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין לאַנד, די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן שטעלן זיך אַנטקעגן, ראַנגלען זיך, פּרוּוון זיך אַריבער־גיין צו קאָנטר־אַטאַקעס. אַט די־דאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן קומט צו הילף זייער אַלטע דינערן — די רעליגיע. זי העלפט דעם קאַפּיטאַליזם אָנגרייפן אַפן סאָציאַ־ליזם, זי קעמפט אַקטיוו קעגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, זי איז איינע פון די הויפּט קרעפטן אינם לאַגער פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע.

אונזער געזעלשאַפט אין פסס"ר איז אַ געזעלשאַפט פון אַן איבערגאַנג־עפּאָכע. דיק־טאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז דער איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום קאָמוניזם. „דער־דאָזיקער איבערגאַנג־פּעריאָד מוז זיין — זאָגט לענין — אַ פּעריאָד פון קאַמף צווישן דעם שטאַרבנדיקן קאַפּיטאַליזם און דעם קאָמוניזם, וואָס ווערט געבאָרן, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, צווישן דעם באַזיגטן, אָבער ניט פאַרניכטעטן קאַפּיטאַליזם און דעם געבאָרענעם, אָבער נאָך שוואַכן קאָמוניזם".

די קאָמאַנדע־הויכן געפינען זיך בא אונדז אין לאַנד אין די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט. די גרויס־אינדוסטריע, דער טראַנספּאָרט, דער אויסערלעכער האַנדל און קימאַט דער גאַנצער אינערלעכער האַנדל (מער ווי אַף 80 פּראָצענט) — געהערט דער פּראָלעטאַ־רישער מעלוכע. די מאַכט איז אין די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט. דאָס אַלץ איז נויטיק און גענוג, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל קאָנען אויפבויען דעם סאָציאַליזם, אויב ער זאָל איינהיטן זיין בונד מיטן פּויערטום. דאָס אַלץ שאַפט די נויטיקע באַדינגונגען פאַר בויען דעם סאָציאַליזם. דאָס באַזייטיקט אָבער ניט די געפאַר פון קאַפּיטאַליזם בא אונדז אין לאַנד.

„קאַלזמאַן מיר לעבן אין אַ קליין־פּויערש לאַנד איז פאַרן קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד פאַראַן אַ שטאַרקערע עקאָנאָמישע באַזע, איידער פאַרן קאָמוניזם. דאָס מוז מען געדענקען. יעדער, וואָס האָט אויפמערקזאַם אַכטונג געגעבן אַפן לעבן פונם דאָרף, אין פאַרגלייך מיטן לעבן אין שטאָט, ווייס, אַז מיר האָבן די וואָרצלען פונם קאַפּיטאַליזם ניט אַרויס־געריסן און דעם פונדאַמענט, די באַזע האָבן מיר בא דעם אינערלעכן סוינע, ניט אונטער־געריסן. דער סוינע האַלט זיך אַף דער קליינער ווירטשאַפט, און קעדיי אונטערצוּרייסן אים איז פאַראַן איין מיטל — אַריבערפירן די ווירטשאַפט פון לאַנד, אַריינגערעכנענדיק אַהער אויך די לאַנדווירטשאַפט, אַף אַ אַ גייער טעכנישער באַזע, אַף דער טעכנישער באַזע פון דער מאָדערנער גרויס פּראָדוקציע". (לענין ב. XVII, ז. 427). דעריבער קומט בא אונדז נאָך פאַר אַ קלאַסן־קאַמף. „די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט — זאָגט ווייטער לענין — איז אַן אַקשאָנעסדיקער קאַמף, אַ בלוטיקער און אָן בלוט, אַ גוואַלט־זאַמער און אַ פרידלעכער, אַ מיליטערישער און אַ ווירטשאַפטלעכער, אַ אידעאָלאָגישער און אַן אַדמיניסטראַטיווער, קעגן די קרעפטן און טראַדיציעס פון דער אַלטער געזעל־שאַפט". (לענין. ב. XVII ז. 135).

די רעליגיע איז אַ שטאַרקע קראַפט פון דער אַלטער געזעלשאַפט, זי איז די עלטסטע, איינגעוואָרצלטסטע טראַדיציע פון דער אַלטער געזעלשאַפט, און דעריבער מוזן מיר מיט איר קעמפן, אויב מיר ווילן בא אונדז, אין פסס"ר, באַזיגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, אויב מיר ווילן אויפבויען דעם סאָציאַליזם. מיר קאָנען ניט זאָגן: „די רעליגיע וועט באַם סאָציאַליזם אָפּשטאַרבן בעמיילע, און דעריבער איז ניטאָ וואָס צו קעמפן קעגן איר".

די רעליגיע איז אַ שטערונג פאַר דעם בויען פונם סאָציאַליזם, — דאַרפן מיר דידאָזיקע שטערונג בייקומען. די רעליגיע לעבט בײַ אונז צוזאַמען מיט די רעשטן פונם קאַפּיטאַליזם אין דעם עקאָנאָמישן בוי פון לאַנד. דער קאַמף, וואָס מיר פירן פאַר אַריבערפירן די הויפּט-מאַסע פונם פויערטום אַף סאָציאַליסטישע רעלסן איז אַ פרידלעכער קאַמף בעווייגיע דערדאָזיקער הויפּט-מאַסע. די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן — דער קולאַק, דער נעפּמאַן, ווייל אָבער ארויסרייסן דעם אָרעמען און מיטל-פויער פון אונטער אונזער פּראָלעטאַרישער ווירקונג, זיי ווילן צעשטערן דעם בונד צווישן פּראָלעטאַריאַט און פויערטום. דאָ קומט אונז אויס אָפּט צו פירן דעם קאַמף אויך מיט האַרבערע, אַמאָל ניט גאָר פרידלעכע מיטלען. דער הויפּט-שליאַך צום סאָציאַליזם פאַרן אָרעמען און מיטעלן פויערטום איז די קאָאָפּעראַציע. בלויז אַף דעמדאָזיקן וועג איז מעגלעך אויפצוהויבן אויך די לאַנדווירטשאַפט אַף אַ הויכער טעכנישער באַזע. צוליב דעם איז אָבער נויטיק אַ קולטורעלע רעוואָלוציע.

„אונזערע קעגנער האָבן אונז ניט איין מאָל געזאָגט, אַז מיר נעמען זיך פאַר אַן אומזיניקער זאַך איינצופלאַנצן דעם סאָציאַליזם אין אַ ניט גענוג קולטירעלן לאַנד, זיי האָבן אָבער אַ טעות געהאַט אין דעם, אַז מיר האָבן אָנגעהויבן ניט פון יענעם עק, ווי עס קומט אויס לויט דער טעאָריע (פון פארשיידענע פעדאַנטן), אין אַז בײַ אונז האָט זיך די פּאָליטישע און סאָציאַלע איבערקערעניש אַרויסגעוויזן אַלס פאָרגייער פון יענער קולטורעלער איבערקערעניש, פון יענער קולטור-רעוואָלוציע, פאַר וועלכער מיר שטייען פונדעסטוועגן איצט.

„פאַר אונז איז איצט גענוג אָט די קולטור-רעוואָלוציע, כדי צו ווערן אַ פולקום סאָציאַליסטיש לאַנד. נאָר דידאָזיקע קולטור-רעוואָלוציע שטעלט פאַר אונז פאָר אומגעהויערע שוועריקייטן סײַ פון ריין קולטורעלן מין (ווייל מיר זײַנען אַנאַלפאַבעטיש), סײַ פון דער מאַטעריעלער זײַט (ווייל צוליב דעם, אַז מע זאָל זײַן קולטורעל, איז נויטיק אַ געוויסע אַנטוויקלונג פון די מאַטעריעלע פּראָדוציר-מיטלען, איז נויטיק אַ געוויסע מאַטעריעלע באַזע)“ (לענין. ב. XVIII, ט. 2. ז. 145).

דער קאַמף קעגן רעליגיע איז אַ טייל פונם קאַמף פאַר דער קולטור-רעוואָלוציע און איז אין דערזעלבער צײַט אַ קאַמף קעגן דער קאָנטר-רעוואָלוציע, אַף וויפל די קלייקוידעש נוצן אויס די רעליגיע אַלס מיטל פון קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע דאַרף דעריבער זײַן אַ מיטל פון אונזער גאַנצער קולטור-אַרבעט, אַ טייל פון אונזער רעוואָלוציאָנערן קאַמף און סאָציאַליסטישן בויען. זײַן אַן אַנטירעליגיעזער טוער הייסט זײַן אַן אַקטיווער קעמפער פאַר סאָציאַליזם; זײַן אַן אַנטירעליגיאָזניק הייסט זײַן אַן אַקטיווער בויער פון סאָציאַליזם, אַן אַקטיווער קעמפער קעגן דעם באַלעגוף, קעגן נעפּמאַן און זייערע העלפער; זײַן אַן אַנטירעליגיעזער טוער הייסט אַקטיוו קעמפן קעגן דער ווירקונג פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע אַפן אַרבעטער-קלאַס און באַפרייען די אַרבעטנדיקע ביכלאַל פון אונטער דערדאָזיקער ווירקונג. דעריבער מוז דער קאַמף קעגן רעליגיע אײַנגעשלאָסן ווערן אין אַלגעמיינעם קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם, אין אַלגעמיינעם קאַמף פאַר סאָציאַליסטישער בויאונג.

די גאַנצע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע אונזערע דאַרפן מיר פירן אַרויסגייענדיק פון אונזער רעוואָלוציאָנער-מאַרקסיסטישער וועלט-אַנשויאונג. מיר טאָרן בעשום-אויפן „ניט

אַראָפּקריכן אַף דער אַבסטראַקטע, אידעאַליסטישע, שטעלונג פון דער רעליגיעזער פראַגע „פון סייכל האַיאָשאָר“, אויסער דעם קלאַסן־קאַמף, אַ שטעלונג, וועלכע עס גיבן אָפּט די ראַדיקאַלע דעמאָקראַטן פון דער בורזשואַזיע“. (לעגין).

די אָרגאַניזאַציע פון דער רעליגיע איז אַן אַלטע, אן איינגעפונדעוועטע. די רעליגיע אַליין הערשט נאָך איבער די מויכעס פון צענדליקער מיליאָנען מענטשן אַפילע באַ אונז אין לאַנד, אינגם לאַנד פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. מעוואַטל זיין די רעליגיע דורך אַ דעקרעט קאָן מען ניט. כאָרעוו מאַכן די אָרגאַניזאַציע פון דער רעליגיע בלויז מיט אַדמיניסטראַטיווע מיטלען קאָן די פּראָלעטאַרישע מעלוכע ניט, האַגאַם די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז אַן אויסגעשפּראָכן קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע. דאָס, וואָס מיליאָנען מענטשן געפינען זיך נאָך אונטער דער ווירקונג פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע, לאָזט אונז ניט צעשטערן די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע מיט איין מאָל. די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, זי האָט באַ איר אַרויסגעריסן אַסאַך קלייזאַיען, מיט וועלכע זי האָט אויסגעפירט איר פינצטער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע ראָל. קיין שום רעליגיע באַקומט ניט פון אונזער מעלוכע קיין געלט־שטיצע. די דינער פון קולט האָבן ניט באַ אונז אין לאַנד קיין וואַלרעכט. אין דער סאָוועטישער שול איז פאַרבאָטן צו לערנען רעליגיע. עס זיינען פאַרווערט קירכלעכע שולן, עס זיינען פאַרווערט כאַדאָרים.

ניט אַלע געזעצן פון דער סאָוועטן־מאַכט ווערן אָבער געניג אָפּגעהיט מיצאַד די קלייקוידעש. זיי זוכן מיטלען ווי צו ברעכן אונזערע געזעצן. זיי אָרגאַניזירן טאַלמעטוירעס, כאַדאָרים, יעשיוועס. זיי אָרגאַניזירן פאַרשיידענע כעוורעס, וואָס לויט זייערע אָפיציעלע צילן זיינען זיי לעגאַל, אָבער אין דערעמעסן העלפן זיי פאַרשטאַרקן די רעאַקציאָנערע קויכעס. כוצדעם האָבן זיי נאָך געניג לעגאַלע מעגלעכקייטן. עס פאָרן אַרום לעגאַל פון שטאָט צו שטאָט, פון שטעטל צו שטעטל גאַנצע מאַכנעס מאַגידים, מעשולאָכים, כאַזאָנים, וואָס שטעלן זיך די אויפגאַבע אָוועקנעמען די יוגנט פון אונטער דער ווירקונג פון קאָמיוג, פאַרפעסטיקן דעם גלויבן אין גאָט און זיינע מעשאָרסים באַ די האָרעפאַשניקעס, צובינדן שטאַרקער די פרוי צו אַלטע דינים און מינהאָגים. די אַגיטאַציע פון די קלייקוידעש, וואָס איז לעפאָנים בלויז אַ פריידיקונג פון גאָטס געבאָטן, איז אין דערעמעסן אָפּט אַ זייער שלעכט פאַרשלייערטע אַגיטאַציע קעגן דער ראַטן־מאַכט. אונזער קאַמף קעגן דער רעליגיע קאָן אָבער ניט באַשטיין בלויז אין קאַמף קעגן די קלייקוידעש — קעגן דעם קלעריקאַליזם. מיר קעמפן ניט נאָר קעגן גאָטס דינער, נאָר קעגן גאָט אַליין, ד. ה. קעגן דער רעליגיע גופע. און די וואָרצלען פון דער רעליגיע ליגן, ווי מיר ווייסן שוין, אין דער „שווערער אָפּהענגיקייט פון דער נאַטור, און וועלכער די פּוירים האָבן זיך געפונען אין מעשעך פון דוירעס“, אין די קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטענישן, וואָס רופן אַרויס די פאָרשטעלונג וועגן אומבאַוואוסטע געהיימע קויכעס, וואָס ווירקן אַפן מענטשן און אַף דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

# דער זנבירעליגיעזער קאַמף איז אַ טייל פון אונזער קאַמף פאַר סאָציאַליזם

אין דער פּראָגראַם פון אַלק״פּ(ב) לייענען מיר: די רק״פּ(ב) איז איבערצייגט, אַז נאָר די פאַרווירקלעכונג פון דער פּלאַנמעסיקייט און פון דער באַוואוסטזיניקייט אין דער גאַנצער געזעלשאַפטלעך־ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די מאַסן וועט ברענגען מיט זיך דאָס פולקומע אָפּשטאַרבן פון די רעליגיעזע פאָרורטיילן. די פּאַרטיי שטרעבט צו דער פולקומער צעשטערונג פונם צוזאַמענבונד צווישן די עקספּלואַטירטע קלאַסן מיט דער אָרגאַניזאַציע פון רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, און דערמיט מיטהעלפן די אַרבעטנדיקע מאַסן פאַקטיש צו באַפרייען זיך פון די רעליגיעזע פאָרורטיילן און צו אָרגאַניזירן די ברייטסטע אויפקלערונגס־וויסנשאַפטלעכע און אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. דערביי אָבער מוז מען זאָרגן ניט צו באַליידיקן די געפילן פון די גלויביקע, ווייל דאָס קאָן בלויז פירן צו דער פאַרשטאַרקונג פון דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם“.

„פאַרווירקלעכן די פּלאַנמעסיקייט און באַוואוסטזיניקייט אין דער גאַנצער געזעלשאַפטלעך־ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט פון די מאַסן“ — הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אויפבויען דעם סאָציאַליזם. בויען דעם סאָציאַליזם איז דער גרונטלעכסטער קאַמף קעגן רעליגיע. און בעעמעס אַ שלעכטער, זייער אַ שלעכטער אַנטירעליגיעזער טוער וואָלט געווען יענער פּאַרטיי־מאַן, יענער קאָמיוניסט, יענער אומפּאַרטייאישער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס איז אַף דער פאַבריק, אַפן זאַוואָד, אין סאָוכאָז, אין קאָלעקטיוו ניט קיין מוסטערהאַפטער, איבערגעגעבענער, פינקטלעכער, דיסציפּלינירטער, געוויסנהאַפטער אַרבעטער. אַן אַרבעטער, וואָס קעמפט קעגן רעליגיע און קעמפט ניט קעגן דיסציפּלינלאָזיקייט, קעגן שיכרעס, קעגן נאַכלעסיקער באַציאונג צו דער אַרבעט, איז אַ שלעכטער אַנטירעליגיעזניק. קיין אַרבעטער, קיין פּויער וועט ניט גלויבן און דאַרף ניט גלויבן דער אויפריכטיקייט פון אַזעלכע פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן, וועלכע זיינען אַליין ניט קיין מוסטערהאַפטע, איבערגעגעבענע בויער פונם סאָציאַליזם. דאָס אָרט פון רעליגיע דאַרף פאַרנעמען דאָס באַוואוסטזיניקע בויען דעם סאָציאַליזם. אַ מוסטער פון באַוואוסטזיניקייט מוז זיין יעדער קעמפער קעגן רעליגיע. דער קאַמף קעגן רעליגיע, האָבן מיר געזאָגט, איז אַ באַשטאַנדטייל פון דעם קאַמף פאַר דער קולטור־רעוואָלוציע. דעריבער מוז דער עצעם אַנטירעליגיעזער קאַמף זיין העכסט קולטורעל, פּלאַנמעסיק און באַוואוסטזיניק. בלויז דער אַרבעטער, וואָס באַציט זיך באַוואוסטזיניק, קולטורעל צו זיין ווארשטאַט און היט אים אָפּ ווי אַן אייגנס פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, וואָס באַציט זיך באַוואוסטזיניק צו זיין אַרבעט־צייט, און גיט זי אָפּ אינגאַנצן דער פּראָדוקטיווער אַרבעט אין פאַבריק, אונטערנעמונג, אַנשטאַלט, וואָס גיט די אַנדערע כאַוויירים זיינע אַ ביישפּיל פון סאָציאַליסטישער דיסציפּלינירטקייט — בלויז

אַזאַ אַרבעטער קאָן זיין אַ גוטער קעמפער פאַר דער קולטור=רעוואָלוציע, אַ גוטער אַנטי=
רעליגיעזניק. אַן אַנטירעליגיעזניק, וואָס האַלט פלאַמעדיקע דראָשעס פאַר באַפרייען די
פרוי פון די רעליגיע=קייטן און האַלט אַליין געשמידט זיין פרוי אין באַלעבעסלשע, קליינ=
בירגערלעכע קייטן, איז אַ שלעכטער פראָפּאַגאַנדיסט קעגן רעליגיע. אַ קאָמיוניסט, וואָס
מאַכט קאַוואַלעריע=אָנגריפן אַף גאָט און פאַרשווייגט, ווען זיין ברודערל לערנט באַ אַ מע=
לאַמעד, איז ווערט אַ צעבראָכענעם דרייער. אַן אַגיטאַטאָר, וואָס שיט פעך און שוועבל
אַף דער אומסאַניטאַרישקייט פון מיקווע, פון מילע, פון מעציצע, און וואַשט אַליין ניט
ווי געהעריק די הענט, האַלט ניט זויבער זיינע קליידער, איז אַ שלעכטער אַגיטאַטאָר.
ער קאָן ניט געווינען דעם צוטרוי פון די, וועלכע ער אַגיטירט.

## די אַנטירעליגיעזע אַרבעט איז א טייל כון אונזער גאַנצער קולטור-בויאונג

בויען די אַנטירעליגיעזע אַרבעט אונזערע אָן דער זייט פון גרויסן שליאַך פון אונזער
קולטור=בויאונג קאָן מען ניט. גוט אַוועקשטעלן די אַלגעמיינע בילדונג=אַרבעט, די אַל=
געמיינע אויפקלער=אַרבעט — איז שוין אַ גרויסער טייל פון אַנטירעליגיעזער אַרבעט.
מע קאָן ניט פירן מיט דערפאָלג קיין אַנטירעליגיעזע אַרבעט צווישן אַנאַלפאַבעטן. ליק=
ווידירן אַמעראַצעם איז אַ פאָרבאַדינג פאַר דערפאָלגרייכער אַנטירעליגיעזער אַרבעט. מע
קאָן ניט אָפּקעמפן דעם אַרבעטער, דעם פויער, דעם קוסטאַר באַ דעם בעסמעדרעש,
באַם מאַגיה, באַם כאַזן, אויב מע זאָל זיי ניט געבן אַ קלוב, אַ לייען=שטיבל, אַ כאָר, אַ
דראַמקרייז, אַ צייטונג אין אַ ליכטיקן, רייגעם, וואַרימען צימער, אַ אינטערעסאַנטע
לעקציע; אויב מיר זאָלן אים ניט אויסלערנען פאַרגעמען זיך מיט פיזקולטור, מיט נוצ=
לעכע קולטורעלע פאַרווייליונגען. דער XII=טער צוזאַמענפאָר פון אַלק"פ(ב) זאָגט אין
זיין באַשלוס וועגן אַנטירעליגיעזע פראָפּאַגאַנדע:

„בלויז די געהעריקע אָרגאַניזירונג פון דער שול און די צוגרייטונג פון דעם שול=
לערער, די פאַרשפּרייטונג פון אַ ברייטער נעץ פון פאָליט=אויפקלער אנשטאַלטן, קוידעם=
קאָל לייען=הייזלעך, אַ סיסטעמאַטיש און פּלאַנמעסיק באַזאָרגן דאָס דאָרף מיט אַ סאָ=
וועטישער צייטונג און מיט אַ ביכל און די פולשטענדיקע, ענדגילטיקע ליקווידירונג פונם
אַנאַלפאַבעטיזם, צוגלייך מיט די דערפאָלגן פון דער סאָוועטן=מאַכט אין דעם איגיען פון
הויבן די לאַנדווירטשאַפט און די אינדוסטריע, — נאָר זיי וועלן באַשאַפן אַ באָדן פאַר
דער ענדגילטיקער און פולשטענדיקער אויסוואָרצלונג פון די רעליגיעזע פאָרורטיילן אין
די מויכעס פון צענדליקער מיליאָנען בירגער פון אונזערע רעפובליקן". דעמדאָזיקן באַ=
שלוס פון אונזער פאַרטיי מוז מען נעמען פעסט אין אַכט אין אונזער גאַנצער אַנטירע=
ליגיעזער אַרבעט. אויספילן דעמדאָזיקן באַשלוס איז אַ מוז פאַר דער אָרגאַניזירונג פון
אונזער אַנטירעליגיעזער פראָפּאַגאַנדע.

# ווי אָבער שטעלט מען אַוועק די אנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע גופע, די דירעקטע אנטירעליגיעזע אַרבעט?

דער XIII־טער צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי זאָגט וועגן דעם:

„מע מוז אַנטשלאָסן ליקווידירן יעדן פּרוואוו צו קעמפן מיט רעליגיעזע פאָרורטיילן דורך ריין־אַדמיניסטראַטיווע מיטלען, ווי, לעמאָשל, פאַרמאַכן קלויסטערס, מעטשעטן, באָטעמעדראָשים, קאָסטיאָלן און א. וו. די אָנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע אין דאָרף מוז טראָגן אויסשליסלעך אַ כאַראַקטער פון אַ מאַטעריאַליסטישער דערקלערונג פון די נאַטור־דערשיינונגען און די דערשיינונגען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, מיט וועלכע דער פויער טרעפט זיך. דערקלערן פון וואַנען נעמט זיך אַ האָגל, אַ רעגן, טריקעניש, געוויטער, פון וואַנען נעמען זיך שעדיקער, דערקלערן די אייגנשאַפטן פון באָדן, ווי עס ווירקן די באַמיסטיקונגען און א. וו. — איז דער בעסטער אויפן פון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. פאַרן צענטר פון אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע דאַרף מען מאַכן די שול, דאָס לייען־שטיבל אונטער דער אָנפירונג פון די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס“.

מע דאַרף ניט אויסטייטשן דעמדאָזיקן באַשלוס, אַז מע טאָר ביכלאַל ניט פאַרמאַכן, כאָלילע, קיין קלויסטער, קיין בעסמעדרעש. אויב אַ גרויסע מאַסע אַרבעטער, פויערים, קוסטאַרן פאָדערן צו פאַרמאַכן אַ וועלכע עס איז שול (סינאַגאָגע), קעדיי אויסנוצן די געביידע צוליב אַ בילדונג־אַנשטאַלט, אָדער פאַר אַ אַרטעל, קאָנען מיר, פאַרשטייט זיך, זייער פאָדערונג באַפרידיקן. ס'ראָוו האַנדלט זיך וועגן אָפּנעמען איינע פון די פיל שולן, וואָס עס זיינען פאַראַן אין שטאָט. מיט דעם, וואָס מיר פאַרוואַנדלען די געביידע פון איין בעסמעדרעש אין אַ קלוב, לעמאָשל, נעמען מיר ניט אָפּ די מעגלעכקייט באַ די גלויבנדיקע צו דאַווענען, אויב זיי ווילן, איז אַן אַנדער בעסמעדרעש. מיר האָבן אַסאַך פאַלן, ווען די אַרבעטער מאַסן, די קוסטאַרן האָבן געפאָדערט פון דער רעגירונג אָפּצוגעבן אין זייער רעשוס די געביידע פון אַ שול און זייער פאָדערונג איז פון דער רעגירונג באַפרידיקט געוואָרן. עס איז ניטאָ קיין איין גרויסע שטאָט, וואו שולן און קלויסטערס זאָלן ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין קלובן. אין מינסק, וויטעבסק, כאַרקאָוו, קיעוו, אָדעס, סמאָלענסק און אין נאָך אַסאַך אַנדערע שטעט זיינען די קאָרשולן אָפּגעגעבן געוואָרן די אַרבעטער פאַר קלובן און קולטור־הייזער. די ראַטן־רעגירונג וועט, פאַרשטייט זיך, ניט פאַרווערן צו פאַרוואַנדלען אין אַ נוצלעכן קולטור־אַנשטאַלט אַפילע דעם איינציקן בעסמעדרעש אָדער קלויסטער אין אַ שטעטל, לאָמיר זאָגן, אָדער אין אַ דאָרף, אויב דאָס וועט זיין דער באַשלוס פון דער אַלגעמיינער דאָרף־פאַרזאַמלונג. אויב די סאָוועטן־מאַכט באַפרידיקט די פאָדערונג פון ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן, הייסט עס שוין ניט, אַז די שול איז פאַרמאַכט אַף אַן אַדמיניסטראַטיוון אויפן. צוליב דעם איז אָבער נויטיק אַ *װירקלעכע* מאַסן־באַוועגונג פון די אַרבעטנדיקע. אַזאַ באַוועגונג קאָן אָבער זיין נאָר דאַן, ווען צווישן די אַרבעטנדיקע ווערט געפירט אַ שטענדיקע אויפקלער־אַרבעט. די וויכטיקייט פון אַזאַ קאַמפּאַניע ליגט ניט אַזוי אין דעם פאַקט פון אָפּנעמען די שול, ווי אין דער *אַנטירעליגיעזער מאַסן־באַוועגונג*. דער שווערפּונקט פון אונזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט מוז זיין אַ סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע. ניט דורך ריין־אַדמיניסטראַטיווע מיטלען, נאָר דורך געדולדיקער,

טאָג=טעגלעכער, אויסגעהאַלטענער אויפקלער=אַרבעט; דורך וויסנשאַפטלעכן דערקלערן די נאַטור=דערשיינונגען, די געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען; דורך אויפדעקן דעם קלאַסן=מעהוס פון דער רעליגיע, די קאָנטר=רעוואָלוציאָנערע ראָל פון די גאָטס סטראַפּטשעס; דורך דערקלערן, ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען די רעליגיע, די רעליגיעזע דינים און מינהאָגים און זייער איצטיקע רעאַקציאָנערע ראָל — נאָר אַזוי דאַרפן מיר באַפרייען די אַרבעטנדיקע פון זייערע רעליגיעזע פאָרורטיילן, נאָר אַף אַזאַ אויפן וועט אונזער אַנטירעליגיעזע אַרבעט האָבן אַ דערפאָלג, בלויז אַף אַזאַ אויפן וועלן מיר פאַרבייטן די רעליגיעזע שטימונגען פון די אַרבעטנדיקע מיט אַנטירעליגיעזן באַוואוסטזיין, מיט דער מאַטעריאַליסטישער וועלטאַנשויאונג.

קעדיי די אַנטירעליגיעזע אַרבעט זאָל ווירקלעך געפירט ווערן סיסטעמאַטיש און לויט דער ליניע, וואָס עס איז אָנגעמערקט פון דער פאַרטיי, איז נויטיק, אַז עס זאָל זיין אַ שטענדיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך מיט דערדאָזיקער אַרבעט פאַרנעמען. אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז דער פאַרבאַנד פון די קריגערישע אַפיקאָרסים אין פסס"ר. וועגן די צילן פון דעמדאָזיקן פאַרבאַנד און וועגן די מיטלען צו פאַרווירקלעכן דידאָזיקע צילן לייענען מיר אין די ערשטע פיר פונקטן פון זיין סטאַטוט אָט וואָס:

פונקט 1. דער פאַרבאַנד פון די קריגערישע אַפיקאָרסים אין פסס"ר איז אַ פרייוויליקער פאַרבאַנד פון די קעגנערס פון אַלע רעליגיעס.

פונקט 2. אונטער דער פאָן פון קריגערישער אַפיקאָרסעס פירט דער אַפיקאָרסים=פאַרבאַנד אַן אַקטיוון קאַמף פאַר דער פולער באַפרייאונג פון די אַרבעטער פון רעליגיעזער פאַרפינצטערונג, אויפדעקנדיק די סאָציאַלע וואָרצלען פון רעליגיע. צווישן פויערים ווערט דידאָזיקע פראָפאַגאַנדע הויפטזעכלעך געפירט אין דער פאָרם פון דערקלערן נאַטור=וויסנשאַפטלעכע פראַגן און פון אויפדעקן אַפן סמאַך פון קאָנקרעטע פאַקטן דעם קלאַסן=אינהאַלט פון דער רעליגיע.

פינקט 3. אין דער אויפגאַבע פונם אַפיקאָרסים=פאַרבאַנד גייט אַריין אָנצואווייזן זיינע מיטגלידער, אַז עס איז ניט צוועקמעסיק אָנצואווענדן אַזאַ מין מאַסאָווע אַנטירעליגיעזע אַגיטאַציע, וועלכע באַליידיקט שאַרף לויט איר אינהאַלט און פאָרם און רירט אָן די געפילן פונם עמעס=גלויבנדיקן טייל פון דער באַפעלקערונג, באַזונדערס פון די פויערים. „דעם קאַמף קעגן רעליגיע דאַרף מען פירן מיט געשיקטקייט“ — אָט דעמדאָזיקן לענינישן לאָזונג דאַרף פעסט געדענקען יעדער מיטגליד פון אַפיקאָרסים=פאַרבאַנד.

פונקט 4. קעדיי צו פאַרווירקלעכן זיינע צילן, עפנט דער אַפיקאָרסים=פאַרבאַנד זיינע קעמערלעך אַף די פאַבריק=זאַוואָדישע אונטערנעמונגען, אין די דערפער, אין רויטאַרמייאישע טיילן און א. וו.; פירט דורך סיסטעמאַטיש און שטיצט מיט אַלע מיטלען די פאַרשיידענע מינים אַנטירעליגיעזע אַרבעט: אַנטירעליגיעזע קרייזלעך, סעמינאַרן, לעקציעס, אָוונטן, ווינקלען, קאַמפאַניעס און אַז. וו. דורך זיין צענטראַל=אָרגאַן „בעזבאָזשניק“ וויקלט דער פאַרבאַנד פאַנאַנדער אַ ברייטע טעטיקייט אַפן געביט פון אַרויסגעבן און פאַרשפרייטן אַנטירעליגיעזע, נאַטורוויסנשאַפטלעכע און אַנדערע מאַרקסיסטישע ליטעראַטור, אָרגאַניזירט לייענזאַלן, ביבליאָטעקן און דאָס גלייכן און העלפט מיט אַריינצוריגען דעם אַפיקאָרסישן לעבנסשטייגער. זיין גאַנצע אַרבעט פירט דער אַפיקאָרסים=

פאַרבאַנד דורך אין פולן קאָנטאַקט און העסקעם מיט די אָרטיקע פּאַרטייאישע און קאָמ־יוגישע אָרגאַניזאַציעס, מיט די פּאָליטאויפקלער־אָרגאַנען און מיט די קולטאַפּטיילן פון די פּראָפאַריינען.

אין דידאַקטיק פיר פונקטן זיינען קלאָר אָנגעוויזן די צילן און מיטלען פון אַפּיקאָרסים־פאַרבאַנד. פון זיי זעען מיר שוין, אַז אַ מיטגליד פון פאַרבאַנד קאָנען זיין בלויז קענער פון אַלע רעליגיעס, דאָס הייסט, שוין פּאַרטיקע אַפּיקאָרסים, וואָס זיינען גרייט אַקטיוו צו פירן אַנטירעליגיעזע אַרבעט צווישן אַנדערע.

## אַרבעט אַף דריי ליניעס

די קעמערלעך פונם אַפּיקאָרסים־פאַרבאַנד דאַרפן פירן זייער אַרבעט אַף דריי ליניעס: 1. פאַרטיפערן די קענטעניש פון די מיטגלידער פונם קעמערל גופא, מאַכן זיי פאַר עמעסע אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטן, וואָס זאָלן קאָנען פירן אַן אויסגעהאַלטענע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע צווישן אַנדערע. 2. העלפן יענע אַרבעטער, פויערים, קוסטאַרן, אָנגעשטעלטע, וואָס זיינען געשטימט קעגן רעליגיע און זיינען אָבער נאָך ניט גענוג באַוואוסטזיניקע קעגנער פון רעליגיע, צו ווערן באַוואוסטזיניקע מאַטעריאַליסטן־מאַרקסיסטן, אַקטיווע אַנטירעליגיעזניקעס. 3. באַפרייען פון רעליגיעזן אַבערגלויבן די נאָך גלויבנדיקע מאַסע אַרבעטער, פויערים, קוסטאַרן. די לעצטע אויפגאַבע איז, פאַרשטייט זיך, די וויכטיקסטע און די שווערסטע. קעדיי מיט ערפאָלג אויסצופילן זי, מוז דאָס אַפּיקאָרסים־קעמערל אָבער אָפּגעבן גענוג אַכט אויך די ערשטע צוויי אויפגאַבן, ווייל נאָר אַף אַזאַ אויפן קאָן געשאַפן ווערן אַ ברייטער אַקטיוו פון טעטיקע אַנטירעליגיעזניקעס.

די אַרבעט צווישן די מיטגלידער פון אַפּיקאָרסים־פאַרבאַנד און די אַנטירעליגיעז געשטימטע אַרבעטער, פויערים, קוסטאַרן, אָנגעשטעלטע, לערער, דאַרף געפירט ווערן אין קרייזלעך. ווי אַזוי די אַרבעט אין די קרייזלעך דאַרף געפירט ווערן איז אָנגעוויזן אין דער בראָשור „אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע — פּראָגראַם פאַר אַנטירעליגיעזע קרייזלעך און מעטאָדישער בריוו“, אַרויסגעגעבן פון צענטראַטנאַצמינד פון פאָלקאָמבילד פון רספּס״ר. דורך דעם צענטרפאַרלאַג פון פסס״ר — מאָסקווע.

## אַנטירעליגיעזע אַרבעט צווישן פאַרשיידענע קלאַסן, סאָציאַלע שיכטן, צווישן דער יוגנט און פרויען

די דאַנקבאַרסטע סוויווע פאַר אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע איז די יוגנט. זי איז דערצויגן געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס אונטער דער ווירקונג פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקייט. די רעליגיעזע פאָרורטיילן זיינען בא דער יוגנט ניט אַזוי טיף איינגעוואָרצלט, ווי בא די עלטערע מענטשן; די יוגנט איז נאָך ניט דורכגעדרונגען מיט פאַנאַטישער פאַרשמאָלצנקייט; די יוגנט איז אויפנעמפעאיקער צו אַלעם נייעס. די אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער יוגנט דאַרף דעריבער פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין אונזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט. מיר דאַרפן די יוגנט מאַכן פאַר דעם אַוואַנגאַרד אין קאַמף קעגן רעליגיע אַפן פאַבריק, אין זאַוואָד, אין דאָרף און שטעטל. דער אַוואַנגאַרד מוז אָבער

זיין גוט באַוואָפנט מיטן מאַרקסיזם-לעניניזם. אין קאַמף קעגן רעליגיע דאַרף דער אַוואַנגאַרד באַשטיין פון שווערער אַרטילעריע און ניט פון לייכטער קאַוואַלעריע. אַריינציען וואָס מער יונגע אַרבעטער, פויערים און קוסטאַרן אין אַפּיקאָרסים-פאַרבאַנד, אין די אַנטירעליגיעזע קרייזלעך איז די ערשטע אויפגאַבע פון אונזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט.

דער שטאָטישער אַרבעטער איז אין אַ באַדייטנדיקן טייל געשטימט אַנטירעליגיעז. דער אַרבעטער פון פאַבריק און זאַוואָד איז ביכלאַל דער אויפנעמפעאיקסטער פון אַלע קלאַסן צו אַפּיקאָרסעס, ווייל דער מאַטעריאַליזם, דער מאַרקסיזם-לעניניזם איז די אידעאָלאָגיע פונם פּראָלעטאַריאַט. מע דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז ניט אַלע פּראָלעטאַריער זיינען דורכגעדרונגען מיט פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע, און דעריבער איז פאַר דער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער, צום באַדויערן, פאַראַן נאָך אַ ברייטער פּלאַץ. אין קאַמף קעגן דער ווירקונג פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע אַפן פּראָלעטאַריאַט דאַרף די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע פאַרנעמען איינעם פון די בעקאָוועדיקסטע ערטער. דאָ, אַפן פאַבריק און זאַוואָד, קאָן גראָד דער אַלטער אַרבעטער, דער עמעסער פּראָלעטאַריער, וואָס האָט אַקטיוו געקעמפט קעגן דעם קאַפּיטאַליזם, וואָס ווייס פון דער אייגענער ערפאַרונג די ראָל פון דער רעליגיע אין קאַמף קעגן דער אַרבעטער-באַוועגונג, קעגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, שטיין אין די ערשטע רייען פון קאַמף קעגן דער רעליגיע און די קלייקוידעש. אים צו הילף דאַרף קומען די יוגנט.

אַמשווערסטן איז צו פירן די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע צווישן דעם פויערטום, צווישן אַ גרויסן טייל קוסטאַרן, צווישן פרויען. דאָ מוזן מיר זיך באַוואָפענען מיט געדולד און האַרטנעקיק, טאָג איין טאָג אויס, אויספירן אונזער אַנטירעליגיעזע אַרבעט. אַריבערפירן דאָס פויערטום אַף סאָציאַליסטישע רעלסן איז אַ האַרבער איניען. אַ האַרבער איניען איז באַפרייען אים פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. באַ דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט זיינען אָבער ביידע זאַכן מעגלעך. און צוליב דעם ערשטן איז אומבאַדינגט נויטיק דאָס צווייטע.

באַפרייען אַ האַלבע מענטשהייט, בלויז די מענער, קאָן מען ניט — מיר דאַרפן, מיר מוזן באַפרייען פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע, פון רעליגיעזע פאָרורטיילן אויך די צווייטע העלפט — די פרויען. די הערשאַפט פון די עקספּלואַטירנדע קלאַסן האָט געמאַכט די פרוי פאַר דער אונטערדריקטסטער און קאָנסערוואַטיווסטער. דאַרפן מיר מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט, מיט אַ באַזונדערער אויסגעהאַלטנקייט, מיט אַ באַזונדערן געדולד און אַקשאָנעס פירן אונזער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער אַרבעטערן, דער פויערטע, דער קוסטאַרקע.

מיר דאַרפן זיך ניט יאָגן צו פירן אונזער אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דעם טייל באַפעלקערונג, וואָס איז אונז פיינטלעך. עס האָט קיין שום זין ניט אַריינצולאָזן זיך אין דיסקוסיעס מיט אַ נעפּמאַן, מיט אַ באַלעגוף וועגן רעליגיע. אַזאַ „אינדיווידועלע“ אַגיטאַציע איז אינגאַנצן אַן איבעריקע. אַזעלכע דיסקוסיעס נעמען בלויז אָפּ צייט און ענערגיע און קענען אונז קיין נוצן ניט ברענגען, ווייל אונזער אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע טראָגט אַן אויסגעשפּראָכענעם קלאַסן-כאַראַקטער, און עס איז דעריבער אַן אומזין צו מיינען, אַז מיר וועלן דעם נעפּמאַן, דעם קולאַק מאַכן פאַר פריינט פונם אַרבעטער-קלאַס, פאַר בויער פונם סאָציאַליזם.

די גאַנצע אַנטירעליגיעזע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע אונזערע דאַרפן מיר צופּאַסן, סײַ צו דער אַנטוויקלונג=הויך פון די, צווישן וועלכע מיר אַרבעטן, סײַ צו זייער סאָציאַלן באַשטאַנד. עס מוז זיין אַן אונטערשייד אין אונזער אַרבעט צווישן אַרבעטער, פּויערים, קוסטאַרן, פּונקט ווי עס זיינען פאַרשיידן די סיבעס, וואָס רופן אַרויס בײַ זיי רעליגיעזע שטימונגען.

פאַר דעם אַרבעטער פון פאַבריק און זאַוואָד זיינען ניט קיין נייס די דערגרייכונגען פונם מענטשן אַפן געביט פון טעכניק. די „וואונדער“ פון דער נאַטור קאָן ער ניט זעלטן פאַרגלייכן מיט די „וואונדער“ פון דער טעכניק. ער זעט אָפט, אַז דער מענטש מאַכט „וואונדער“. עלעקטריע, ראַדיאָ, טעלעפאָן, טעלעגראַף, די פאַרוואַנדלונג פון איין מין ענערגיע אין דעם אַנדערן — דאָס אַלץ זעט ער טאָג=טעגלעך. מיר דאַרפן אים נאָר שטויסן צו מאַכן אויספירן פון דעם אַלץ, וואָס ער זעט, פאַרטראַכטן זיך ווי שטימט עס אַלץ מיט די באָבע=מאַיסעס, וועלכע עס האָבן אים דערציילט און דערציילן נאָך אויך איצט די שטיצער פון רעליגיע. די פראַגן וועגן נאַטור=דערשיינונגען פאַרנעמען בײַ דעם אַרבעטער ניט אַזאַ אָרט ווי בײַ דעם פּויער, בײַ וועלכן דאָס גאַנצע לעבן איז אָפּהענגיק פון דער נאַטור: רעגן, האָגל, זונען=שיין, טריקעניש, פרעסט — זיינען באַם פּויער עמעסע לעבנס=פראַגן. צווישן די אַרבעטער זיינען, עמעס, פאַראַן ניט ווייניק אַזעלכע, וואָס זיינען נאָך ענג פאַרבונדן מיט לאַנדווירטשאַפט. בענויגייע די אידישע אַרבעטער איז עס אַן אויסנאַם=דערשיינונג. דעם צענטראַלן פונקט בײַ די אַרבעטער פאַרנעמען די געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען: די אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, די אַנטוויקלונג פון אידעאָלאָגיעס, אין דעם — די אַנטוויקלונג פון רעליגיעס, די אַנטוויקלונג פון דעם מענטשן און פון זיין גייסטיקן לעבן און אַז. וו. דאָס הייסט קלאַל ניט, אַז דעם אַרבעטער אינטערעסירט ניט די פראַגע: פון וואַנען נעמט זיך רעגן, האָגל, טריקעניש און אַז. וו. עס איז וויכטיק אָבער פעסטצושטעלן, וועלכע זיינען די צענטראַלע פראַגן, אַף וועלכע מיר דאַרפן שטעלן דעם טראָפּ אין אונזער אַרבעט, פון וועלכע פראַגן עס איז וויכטיק אָנצוהויבן, צונויפבינדנדיק זיי מיט די דערשיינונגען, וואָס זיינען אמבעסטן באַקאַנט די אַרבעטער.

דער פּויער, ווידער, אינטערעסירט זיך אויך מיט דער פראַגע, ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען דער גלויבן אין גאָט, ווי אַזוי האָבן זיך אַנטוויקלט די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. די ברענענדיקסטע, די אינטערעסאַנטסטע פראַגע פאַרן פּויער איז אָבער אָן אַ סאָפעק די „נאַטור=פראַגע“, און העריבער דאַרפן מיר פון איר אָנהויבן און דערנאָך שוין איבערגיין צו די אַנדערע פראַגן.

דער קוסטאַר „ליידט“ פון דער נאַטור, אַף וויפל זי לאָזט זיך פילן אינם לעבן פונם פּויער. דער פּויער איז אין אַ גרויסער מאָס דער געברויכער פונם קוסטאַרס פּראָדוקציע, און דעריבער קוקט אָפט דער שטעטלדיקער קוסטאַר אַפן הימל צוזאַמען מיטן פּויער. דער קוסטאַר, אַלס פּראָדוצירער פון סכוירעס פאַרן מאַרק, פילט אַף זיך די געזעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און מיינט, אַז דאָס זיינען גאָטס געזעצן, אַז דאָ ליגט גאָטס האַשגאָכע פּראָטיעס. אָרעם און רייך, הערשער און קנעכט—פראַגן פון געזעלשאַפטלעכן סיידער באַרירן אים אומיטלבאַר. פאַרשטייט זיך, אַז מיר דאַרפן, ווי אין אַלע פראַגן, מאַכן אַן אונטערשייד צווישן דעם אָרעמען קוסטאַר—

דעם יאָכיד און דעם רייכן קוסטאַר — דעם עקספּלואַטאַטאָר. דער לעצטער, ווי מיר האָבן אויבן געזאָגט, פּאַלט אַרויס אַלס אָביעקט פון אונזער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע.

## „אין אייגן ווינקל"

די אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע מוז האָבן איר אייגן „ווינקל". אַ שטענדיק אָרט אין קלוב, אין לייען-שטיבל, אין דער וואַנט-צייטונג מוז אָפּגעגעבן ווערן פאַר אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. אין דעמדאָזיקן אַפּיקאָרסישן ווינקל, קאָנצענטרירט דאָס אַפּיקאָרסים-קעמערל זיין שטענדיקע אַרבעט. דאָ איז אַ שטענדיקע אויסשטעלונג, דאָ ווערן דורכגעפירט סיסטעמאַטישע שמועסן, דאָ ווערן אַרויסגעלאָזן פון צייט צו צייט ספּעציעלע אַפּיקאָרסישע נומערן פון דער וואַנט-צייטונג, דאָ געפינט זיך אַ פּאָפּולערע אַנטירעליגיעזע ביבליאָטעק.

אַ „ווינקל" הייסט, פאַרשטייט זיך, ניט בלויז אַ שטיקל אָרט אין צימער. אין אַ קלוב, וואו עס זיינען פאַראַן אַסאַך צימערן, וועט דערדאָזיקער ווינקל פאַרנעמען אַ גאַנצן צימער; אין דאָרפישן לייען-שטיבל וועט דאָס מוזן זיין טאַקע אַ ווינקל מאַמעש.

די אַרבעט אין דעם אַפּיקוירעס-ווינקל קאָן זיך בעשום אויפן ניט באַגיין בלויז מיט דער אַרבעט פון אַפּיקאָרסים-קעמערל אַליין. צו דערדאָזיקער אַרבעט מוזן צוגעצויגן ווערן אַלע אַנדערע קרייזלעך, וואָס אַרבעטן אין קלוב, אין דאָרפס-הויז, אין לייענשטיבל. עס מוזן אויך צוגעצויגן ווערן די קולטור-אַנשטאַלטן, וואָס אַרבעטן אויסער די ווענט פונם קלוב אָדער לייענשטיבל. אין דאָרפס-הויז אָדער אין לייענשטיבל אַרבעט, לאָמיר זאָגן, אַ נאַטור-וויסנשאַפטלעכער קרייזל. דאָסדאָזיקע קרייזל אַרבעט דורך, לויט זיין פּראָגראַם, די פראַגע וועגן פעלד-שעדיקער. דאָרט ווערט געלערנט: וואָס פאַר אַ סיבעס רופן אַרויס דעם אָדער יענעם שעדיקער, ווי אַנטוויקלט זיך דער שעדיקער, אין וועלכער צייט פון יאָר איז ער אַמערסטן פאַרשפּרייט, וואָס פאַר אַ שאָדן דער שעדיקער ברענגט, ווי קעמפט מען מיט אים, וואָס פאַר אַ מיטלען נעמט מען די סאָוועטן-מאַכט אָפּ צו באַקעמפן די שעדיקער. די מיטגלידער פון דעמדאָזיקן נאַטור-וויסנשאַפטלעכן קרייזל גרייטן צו פּלאַקאַטן, וואו עס ווערט געמאָלט אָדער קורץ באַשריבן דער ענטפער אָף דידאָזיקע פראַגן. די פּלאַקאַטן ווערן אויסגעהאַנגען אין אַפּיקאָרסים-ווינקל. איבער די אַלע פּלאַקאַטן הענגט אויס דאָס אַפּיקאָרסים-קעמערל אַזאַ מין אויפשריפט, לעמאָשל:

„דער ראָוו טאַינעט, אַז שעדיקער זיינען אַ שטראָף פון גאָט; טפילעס און מיצוועס איז אַ מיטל קעגן זיי. זעט ווי מע דאַרף בעעמעס אַליין באַקעמפן די שעדיקער".

דאָס פּאָליט-קרייזל, לעמאָשל, לערנט וועגן אימפּעריאַליזם: די אונטערדריקונג פון פעלקער, די אומענטשלעכע עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטער, די סיבעס פון די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, דער קאָרבאָנעס, דער פּאַראַט פון די מענשעוויקעס, דער קאַמף פון די באָלשעוויקעס קעגן אימפּעריאַליזם, די פּאַרוואַנדלונג פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע אין אַ בירגער-קריג, די באַפרייאונג פון די אונטערדריקטע פעלקער און אַזוי ווייטער.

אייניקע פּלאַקאַטן דאַרפֿן געבן אַ בוילעטן און קורצן ענטפֿער דורך דיאַגראַמען און אויפֿשריפֿטן אַף די הויפּט=פֿראַגן. דער אַפּיקאָרסים=קרייז פֿאַרייניקט די אַלע פּלאַקאַטן מיט איין אָדער צוויי אויפֿשריפֿטן, ווי לעמאָשל:

„גאָט פֿירט אָן מיט דער וועלט. אָרעם און רייך, האַר און קנעכט, וועט אייביק זיין. גאָט שטראָפֿט מיט מילכאָמעס פֿאַר די זינד פֿון די מענטשן — אַזוי לערנט די רעליגיע. די קלייקוידעש העלפֿן די וועלט-גאַזלאָנים“.

„ניין, קיינער וועט אונז ניט באַפֿרייען.
ניט גאָט אליין און ניט קיין העלד.
מיט אונזער אייגענעם קלייזאַיען
אַ רעטונג ברענגען מיר דער וועלט“.

„פֿאַר די אָפּהענגיקע און שוואַכע נאַציעס איז ניטאָ קיין רעטונג אויסער אין אַ פֿאַרבאַנד פֿון סאָוועטישע רעפּובליקן“.

דאָס געזערד“=קרייזל, דאָס פּאָליט=קרייזל לערנט, וועלכע מאָסמיטלען נעמט אָן די סאָוועטן=מאַכט פֿאַר געזונטמאַכן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג, די קולטור=בויאונג אין דער אידישער סוויווע און אַז. וו. ווידער עטלעכע פּלאַקאַטן מיט דיאַגראַמען, אויפֿשריפֿטן. ווידער אַן אַנטירעליגיעזע אויפֿשריפֿט, לעמאָשל:

„מאָשיאַך וועט אויסלייזן דאָס פֿאָלק איסראָעל—טאַינען גאָטס סטראַפּטשעס. באַלפֿור איז אַ „זאָם“ באַ מאָשיעכן. ענגלישע פּאָליציסטן און שפּיאָנען ציאָניסטן זיינען גאָטס קויהאַנים אין פּאַלעסטינע“.

„אָט ווי עס קומט פֿאָר די עמעסע באַפֿרייאונג באַ דער סאָוועטן-מאַכט— באַ דער דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט“.

דאָס קרייזל פֿאַר „לויפֿנדיקער פּאָליטיק“ אָדער דאָס פּאָליט=קרייזל פֿאַרנעמט זיך מיט דער פֿראַגע וועגן די איבערוואַלן אין די ראַטן. דאַרף אויסגענוצט ווערן דער מאַטעריאַל וועגן דער טעטיקייט פֿון די קלייקוידעש אַלס העלפֿער די נעפּליט, די קולאַקן, די ציאָניסטן.

פֿון די צייטונגען ווייסן מיר, אַז אין אַ באַשטימטן טאָג, לעמאָשל, וועט זיין אַ זונפֿינסטערניש אָדער לעוואָנע=פֿינסטערניש. דאַרף דער אַנטירעליגיעזער קרייזל אָדער דער נאַטור=וויסנשאַפֿטלעכער קרייזל צוגרייטן מאַטעריאַל פֿאַרן „ווינקל“ וועגן דערדאָזיקער נאַטור=דערשיינונג. עס קומט פֿאָר ערגעץ אַן ערדציטערניש, מוז אויך דידאָזיקע דערשיינונג באַלויכטן ווערן באַ די אַפּיקאָרסים. אין אַזאַ צייט פֿאַרינטערעסירט זיך דער עולעם מיט אַזעלכע פֿראַגן, דאַרף דער אַפּיקאָרסים=קרייז אויסנוצן עס פֿאַר אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע.

עס ווערט געפֿירט אַ קאַמפּאַניע פֿאַר צושטעלן פּאָקן, דאַרף זי אויסגענוצט ווערן צוליב אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. די וויסנשאַפֿט דאַרף קעגנגעשטעלט ווערן דער רעליגיע, דעם אָבערגלויבן.

אַזוי בייט זיך אָפּט די אויסשטעלונג אינם אַפּיקוירעס=שטיבל: מע טאָר ניט דערלאָזן אַז דער אַפּיקוירעס=ווינקל זאָל ווערן אַ דירע פֿאַר שפּינען: מע מוז אים שטענדיק באַפֿרישן מיט נייעם מאַטעריאַל. אַלס שטענדיקער מאַטעריאַל אינם „ווינקל“ קאָנען בלייבן בלויז אַ פּאָר פּאָפּולערע ציטאַטן פֿון מאַרקסן, ענגעלסן, לענינען וועגן רעליגיע, וועלכע דאַרפֿן בילדן אַ מין ראַם פֿאַר דער אויסשטעלונג, און אַ פּאָר בילדער.

די אויסשטעלונג איז אָבער ניט דער איינציקער מאַטעריאַל פאַרן ווינקל. זי איז בלויז אַ טייל פון דער גאַנצער אַרבעט פונם ווינקל. און די אַרבעט דאַרף געטאָן ווערן לויט אַ באַשטימטן פּלאַן, וואָס ווערט אויסגעאַרבעט פונם אַפּיקאָרסים=קעמערל. דערדאָזיקער פּלאַן, ווי מיר האָבן געזעען, מוז קאָנטאַקטירט ווערן מיט די אַלע אַנדערע קרייזלעך, וואָס אַרבעטן אין קלוב אָדער לייענשטיבל און דאַרף צוגעפּאַסט ווערן צו די פאַרשיידענע יאָנטויווים, צייטן פון יאָר און אַז. וו.

די וואַנט=צייטונג דאַרף זיין איינע פון די ווירקזאַמסטע מיטלען פון פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער רעליגיע און קלעריקאַליזם. אין דער וואַנט=צייטונג קאָנען געגעבן ווערן קורצע, אָבער וויסנשאַפטלעך אויסגעהאַלטענע אַרטיקלעך צו פאַרשיידענע אַנטירעליגיעזע קאַמפּאַניעס, רעזולטאַטן פון דער אַרבעט פון אַנדערע קרייזלעך שוין ניט אין דער פאָרם פון דיאַפּלאַקאַטן בלויז, ווי פאַר דער אויסשטעלונג, נאָר אויך אַלס אַרטיקלען, בילדער, דיאַגראַמען א. אַז. וו. אַ באַזונדער אָרט דאַרף דאָ פאַרנעמען דער קאַמף קעגן קלעריקאַליזם: אויפדעקן די פאַרשיידענע פינסטערע מאַיסים פון די קלייקווידעש, זייער בונד מיט די נעפּמאַנעס און קולאַקעס, קאָנקרעטער קאַמף קעגן כיידער, יעשיווע, פאַרשיידענע רעליגיעזע כעוורעס. די אַפּיקאָרסישע וואַנט=צייטונג דאַרף פירן אַן אַגיטאַציע קעגן יאָנטעוו=רו, זי דאַרף באַשרייבן די באַזוכער פון בעסמעדרעש, אָפּגעבן אַ רעכטן „מאַזלטאָוו“ אַן אַרבעטער, וואָס איז מאַל זיין זון, וואָס האָט כאַסענע קעדאַם מוישע וועאיסראָעל. דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, דאַרף געטאָן ווערן קאָרעקט, קעדיי ניט אָפּצושטויסן פון זיך דעם אָפּגעשטאַנענעם אַרבעטער, פּויער אָדער קוסטאַר, נאָר שטויסן אים אָפּן וועג פון באַוואוסטזיניקן קאַמף פאַר סאָציאַליזם, מאַכן אים פאַר אַ באַוואוסטזיניקן קעגנער פון רעליגיע. קאָרעקט, אָבער ניט פאַרשמירן, פאַרגלעטן. די פאַרשיידענע אַבערגלויבן, פאָרורטיילן, פינסטערע מינהאָגים דאַרפן באַקעמפט ווערן אין דער וואַנט=צייטונג. אָבער, ווידער, לויט אַ פּלאַן, צו דער געהעריקער צייט. עס איז זייער וויכטיק, אַז אין וואַנט=צייטונג זאָלן אַריינגעצויגן ווערן וואָס מער קאָרעספּאָנדענטן פון די אַרבעטער, לערער, פּויערים, אַגראָנאָמען, דאָקטוירים, קוסטאַרן און אַז. וו.

אין דעם „אַפּיקוירעס=ווינקל“ דאַרף עטלעכע שאָ אין וואָך זיין אַ כאַווער, וואָס זאָל קאָנען געבן ערקלערונגען, אָנווייזונגען, וואָס צו לייענען, פירן אינדיווידועלע שמועסן מיט די באַזוכער פונם ווינקל, און אויב מעגלעך, אויך מיט גרופּעס אַרבעטער, קוסטאַרן, פּויערים, יוגנט, פּיאָנערן.

## אויסערן „ווינקל“

כוץ דער שטענדיקער אַרבעט אינם „ווינקל“ דאַרף דאָס אַפּיקוירעס=קעמערל, אָדער אַפּיקוירעס=קרייזל פירן אַ שטענדיקע אַנטירעליגיעזע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע אין דערהיים, אין פאַבריק, אין זאַוואָד, אין קלוב, אין לייענשטיבל און אַז. וו. דידאָזיקע אַרבעט, דאַרף זיך אויסדריקן אין סיסטעמאַטיש אָרגאַניזירטע לעקציעס, שמועסן, קינסטלערישע אָוונטן, קאַמפּאַניעס, רויטע בריסן, אַ רויטן סיידער און אַז. וו. די אַלע אונטערנעמונגען מוזן אָבער גוט צוגעגרייט ווערן. דער פאַרטרעגער, אויב ער איז אַ מיטגליד פון אַפּיקאָרסים=קרייז, דאַרף אין קרייז צושטעלן זיינע טעזיסן, קעדיי דער

קרייז זאָל זיי קאָנען באַהאַנדלען, אויסבעסערן, באַטראַכטן די מעגלעכע פראַגן, וואָס קאָנען פאָרגעבן ווערן דעם פאָרטראָגער, און די ענטפערן, וואָס דאַרפן אַף די פראַגן געגעבן ווערן. מע דאַרף פאַרשטיין זיך, צוציען וואָס מער לעקטאָרן, פאָרטראָגער פון דער זייט: דעם דאָקטאָר, דעם אַגראָנאָם, דעם לערער. דער קרייז דאַרף אָבער פאָרויס וויסן, צי זיינען דער דאָקטאָר, דער אַגראָנאָם, דער לערער און ד. גל. ווירקלעכע מאַטעריאַליסטן, ווייל נאָר אַף אַזעלכע קאָנען מיר זיך פאַרלאָזן.

איינאָרדענען דיספוטן מיט פאַרשטייער פון די קלייקווידעש איז ניט ווינשנסווערט. די דערפאַרונג האָט באַוויזן, אַז די דיאַזיקע פאָרם פון אַנטירעליגיעזער אַגיטאַציע קאָן אויסגענוצט ווערן זייער זעלטן, ווען מע האָט אַ העכסט קוואַליפיצירטן אַנטירעליגיעזניק, אַ געבילדעטן מאַרקסיסט. אָבער אויך אין אַזעלכע פאַלן איז דער דערפאָלג אַ צווייפלהאַפטער, ווייל דאָך גיבן מיר די קלייקווידעש די מעגלעכקייט צו באַנוצן אונזער טריבונע און דורך פאַרשיידענע סכאָלאַסטישע קונצן פאַרפּלאָנטערן די פראַגן און אַרויסרופן באַ אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, קוסטאַרן און פויערים. אַ פאַרשטעלונג, אַז זייערע קליינע מויכעס זיינען ניט פעאיק צו באַגעמען אַזעלכע הויכע מאַטעריעס.

## קאַמפּאַניעס

די אַנטירעליגיעזע קאַמפּאַניעס אין פאַרבינדונג מיט דעם אָדער יענעם רעליגיעזן יאָנטעוו (פּייסעך, יאָמים־נעראָים) מוזן טראָגן אַ פּלאַנמעסיקן כאַראַקטער און ווי געהעריק צוגעגרייט זיין. דער רויטער סיידער, דער קאָלנידרע־אָוונט דאַרף פאַרענדיקן די קאַמפּאַניע, אָבער ניט זיין דער איינציקער אַקט אירער. אין שטאָט דאַרפן אין משך פון אַ פּאָר וואָכן פאַרן יאָנטעוו געמאַכט ווערן פאָרטראָגן אַף די פאַבריקן און זאַוואָדן, באַ די קוסטאַרן, און אין פאַרבינדונג מיט די פאָרטראָגן דאַרף פאַרשאַרפט ווערן די ווערבירונג פון מיטגלידער אין די אַפּיקאָרסים־קעמערלעך אַף די אונטערנעמונגען גופא. אין קלוב דאַרף באַצייטנס צוגעגרייט ווערן דער אַפּיקוירעס־ווינקל, די וואַנט־צייטונג. מיר שטרייכן אונטער „באַצייטנס“, ווייל דאָסראָוו ווערט דאָס אַלץ געטאָן אייליק דירעקט פאַרן פייערלעכן אָוונט. אין קלוב דאַרפן דורכגעפירט ווערן שמועסן וועגן דעם טאָך פון דעם יאָנטעוו, זיין אָפּשטאַמונג, זיין רעאַקציאָנערן טאָך. אויב מע זאָל אַף אַזאַ אויפן דורכפירן די קאַמפּאַניע, קאָן שוין דער פייערלעכער אָוונט זיין הויפּטזעכלעך אַ קינסטלערישער פאַרווייַלונגס אָוונט מיט אַן אַנטירעליגיעזן אינהאַלט. דער טראַדיציאָנעלער פאָרטראָג אַף אַזעלכע אָוונטן קאָן דאַן באַגרענעצט ווערן מיט אַ קורצער (15—20 מינוט) אַריינפירונגס־רעדע צום אָוונט. די דערפאַרונג באַווייזט, אַז אַף אַזעלכע מאַסן־אָוונטן, וואו דער עולעם וואַרט אַף אַ פאָרשטעלונג, אַף אַ קאָנצערט, ווערן לענגערע פאָרטראָגן ניט אויפמערקזאַם אויסגעהערט. דאָס אַלץ איז אָבער גערעדט, אויב עס איז פ אַ ר ן אָוונט דורכגעפירט אַ גענוגנדיקע אויפקלערונגס־אַרבעט אין די אונטערנעמונגען, אין קלוב.

די טעמעס פאַר פאָרטראָגן טאָרן ניט זיין קיין טראַפאַרעטע „קאָמוניסטישע האַגאָדע“ וועגן יעציעס מיצראַים, וועגן יאָמקיפּער, וואָס ווערט איבערגעכאַזערט פון יאָר צו יאָר. די טעמעס דאַרפן זיין לעבעדיקע, וואָס האָבן אַ שייכעס צו היינטיקן טאָג. מע דאַרף זיי-

אָבער פאַרבינדן מיט רעליגיע, און קלעריקאַליזם. די פראַגן פון סאָציאַליסטישן בויען, פונם קלאַסן־קאַמף באַ אונז אין לאַנד, פונם קלאַסן־קאַמף אין די קאַפּיטאַליסטישע לענ־דער, דער קאַמף פון די קאָלאָניעס און אונטערדריקטע פעלקער פאַר זייער באַפרייאונג דאַרף פאַרבונדן ווערן מיט דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער ראָל פון דער רעליגיע, פון די קלייקווידעש קעגן דעם סאָציאַליזם, קעגן דעם קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט, קעגן דעם באַ־פרייאונגס־קאַמף פון די אונטערדריקטע פעלקער. דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער טאַך פונם שאָוויניזם, אַנטיסעמיטיזם דאַרף אויפגעדעקט ווערן אין ענגער פאַרבינדונג מיט דער ראָל פון רעליגיעס אין שפּייזן און פאַרשפּרייטן דידאָזיקע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע שטי־מונגען.

אין דאָרף און אין שטעטל דאַרף די קאַמפּאַניע קאָנצענטרירט ווערן אין דאָרפס־הויז, אין לייען־שטיבל, אין שול. אויך דאָ דאַרפן איינגעאָרדנט ווערן פאָרטראָגן, שמועסן אין מעשעד פון אַ פּאָר וואָכן פאַרן יאָנטעוו, עס דאַרף צוגעגרייט ווערן אַן אויסשטעלונג, אַ וואַנט־צייטונג. אויב צו דער אַרבעט פון אַפּיקוירעס־ווינקל ביכלאַל דאַרפן צוגעצויגן ווערן אַלע אַנדערע קרייזן פון קלוב, פון לייענשטיבל, איז עס באַזונדערס גוטיק באַם דורכפירן קאַמפּאַניעס. כוצן נאַטור־וויסנשאַפטלעכן, פּאָליטישן, סאַניטאַרן קרייזל, מוזן דאָ צוגעצויגן ווערן די קינסטלערישע קרייזלעך: דער דראַמקרייז, דער כאָר־קרייז, דער ליטעראַרישער קרייז און אַז. וו. צו די קאַמפּאַניעס קאָנען און דאַרפן נאָך צוגעצויגן ווערן די שול־שילער, דער פּיאָנערן־אָטריאַד. ווי אין דער גאַנצער אַרבעט פון אַנטירעליגיעזן קרייז, פון אַפּיקאָרסים־קעמערל, מוזן אויך דאָ אַקטיוו אָנטייל נעמען דער לערער, דער אַג־ראָנאָם, דער דאָקטער. קעדיי אַריינציען וואָס מער פרויען אינם קרייז פון דער ווירקונג פון דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט דאַרף דאָס אַפּיקאָרסים־קעמערל זיך פאַרבינדן מיטן פרויען־אָפּטייל, אויסנוצן דעם דעלעגאַטקעס־אינסטיטוט. קאָאָרדינירן מיט אים אַרבעט, איינאָרדענען ספּעציעלע אַנטירעליגיעזע פאָרטראָגן פאַר פרויען אויף די דעלעגאַטקעס־פאַרזאַמלונגען און אַז. וו. פאַרשטייט זיך, אַז אויף אַזעלכע פאַרזאַמלונגען, שמועסן דאַרף אַ באַזונדער אַכט געלייגט ווערן אויף אויפצוקלערן די ראָל פון דער רעליגיע אין דער פאַרקנעכטונג פון דער פרוי, אין דער איינהיטונג פון איר שקלאַפן־ראָל, אויף אויפצוקלערן (אָבער העכסט קאָרעקט!) די נאַרישקייט פון די פאַרשיידענע אַבערגלויבונגען, פאָרור־טיילן, רעליגיעזע מינהאָגים. דאָס אַפּיקאָרסים־קרייזל דאַרף פאַר יעדער אַזאַ לעקציע, פאָרטראָג, שמועס באַזונדערס געניי באַאַרבעטן דעם מאַטעריאַל, צוקלייבן אָרטיקן מאַ־טעריאַל, ביישפּילן, אָרטיקע לעגענדעס און באַלייכטן זיי פּאָפּולער פון אונזער מאַרק־סיסטישן שטאַנדפּונקט, צוגרייטן אַנטשפּרעכנדיקע דערציילונגען פון דער שיינער לי־טעראַטור און פאָרלעזן זיי און אַז. וו.

די דערפאַרונג פונם ערשטן אַנטירעליגיעזן „וואָסקרעסניק", וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן ראָשעשאָנע 1929 יאָר, באַווייזט, וואָס פאַר אַ וויכטיק אָרט אָט דער מין פּראַקטישער קאַמף קעגן רעליגיע דאַרף באַ אונז פאַרנעמען. ער האָט אַ באַזונדער באַדייטונג. ווייל ער איז ענג פאַרבונדן מיטן קאַמף פאַר סאָציאַליסטישער בויאונג.

## קאַמף קעגן רעליגיעזן שטייגער

דער קאַמף מיטן רעליגיעזן שטייגער דאַרף פאַרנעמען אַ באַזונדער בעקאָוועדיקן אָרט אין אונזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט. אַלס איינע פון די מיטלען אין דעמדאָזיקן קאַמף דאַרף זיין — איינאָרדענען רויטע בריסן, רויטע כאַסענעס. צו דעם מוזן צוגעצויגן ווערן די פאַבריק=זאַוואָדישע קאָמיטעטן אין די אונטערנעמונגען, דאָס פאַרטייאישע קעמערל, דאָס קאָמיוגישע קעמערל, דער פיאָנער=אָטריאַד, מיט איין וואָרט אַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. דאָס אָרט פון ראָוו, פונם שויכעט, כאַזן, שיינעם באַלעבאָס דאַרף פאַרנעמען די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע. דאָס אָרט פון בראָנפן — קינסטלערישע פאַרוויילונג. דאָ מוז מען וואָרענען פון איין פעלער, וואָס ווערט געמאַכט באַ אַזעלכע פייערלעכקייטן — פון נאָכמאַכן פונקט באַ פונקט די גאַנצע צערעמאָניע פון רעליגיעזן שטייגער, נאָר אַף אַן אַנדער אויפן. עס דאַרף ניט זיין קיין „רויטער קוואַטער“, קיין „רויטער סאַנדעקע“, קיין „רויטער אונטערפירער“. פון די אַלע שאַלעמייזן דאַרף מען זיך אָפזאָגן.

## אַגיטאַציע דורך קונסט

ווירקן אַפן גלויביקן קאָנען מיר ניט בלויז מיטן וואָרט. אַ גרויסע ראָל אין אונזער אַנטירעליגיעזער אַרבעט קאָן שפּילן די אַגיטאַציע דורך קונסט. שוין אָפגערעדט דערפון, וואָס דער טעאַטער, קינאָ, קאָנצערט ציט אָפּ דעם אַרבעטער, דעם קוסטאַר, דעם פויער, באַזונדערס די יוגנט, פון בעסמעדרעש, פון כאַזן, פון מאַגיד — קאָנען די אַלע פאָרמען פון קונסט אויסגענוצט ווערן צוליב דירעקטער אַנטירעליגיעזער אַגיטאַציע. אַ פיעסע מיט אַן אַנטירעליגיעזן אינהאַלט אָדער אַן אינסצענירונג פון אַ דערציילונג ווירקן אַפן צושויער ניט ווייניקער, נאָר אָפטמאָל אַסאַך שטאַרקער איידער אַ טרוקענע דראָשע. צו די קונסט=פאָרמען פון אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע דאַרף מען נאָך צוגעבן דעם געמעל, פּלאַקאַט, די דערציילונג, דיאַפּאָזיטיוון א. אַז. וו. די אַלע פאָרמען פון אַנטירעליגיעזער אַגיטאַציע האָבן נאָך יענע מאַילע, וואָס זיי ציען אַריין אין אַקטיווער אַפּיסאָרסישער טעטיקייט אַ ברייטן קרייז יוגנט.

## רעליגיע, נאַציאָנאַליזם, שאָוויניזם

צום סאָף שטרייכן מיר נאָכאַמאָל אונטער, אַז אונזער אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע קאָן מען ניט אָפּטיילן פון אונזער שטענדיקן קאַמף קעגן נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם. דער לאָזונג „קאָל איסראָעל כאַווייִרים“, וואָס ווערט ווידערגעשטעלט דעם קלאַסן=קאַמף, דאָס איינפלאַנצן סינע צום „גאָי“, די „אַטאָבעכאַרטאָנו“=אידייע — דאָס זיינען אין דער גלייכער מאָס באַשטאַנדטיילן סאַי פון קאָנטר=רעוואָלוציאָנערן ציאָניזם, סאַי פון דער אידישער רעליגיע. דער נאַציאָנאַליזם און רעליגיע דערגאַנצן איינס דאָס אַנדערע, באַדינען איינס דאָס אַנדערע, ווייל זייער טאַך איז באַ אונז איינער און דערזעלבער — קאָנטררעוואָלוציע.

# אינהאלט

זייט